# אפנ וויסנשאפטלעכנ פראָנט

ביולעטענ פונ אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור
בא דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט-אקאדעמיע

פעריִאָדישע אויסגאבע

№ 6—5

מ י נ ס ק — 1 9 3 4

## אקאדעמיקער ס. וואָלפסאָנ

# די ראסנ־טעאָריעס פונ פאשיזמ אונ דער קלאסנקאמפ

די בורזשואזע וויסנשאפט, האָבנדיק א ציל טעאָרעטיש צו פארהייליקנ די קאפיטאליסטישע אָרדענונג, האָט שוינ פונ לאנג אָנ געפרווט „נאטוראליזירנ" דעמ געזעלשאפטלעכנ פראָצעס. די דאָזיקע פרווונ באשטייענ אינ אידענטיפיצירנ די נאטור אונ געזעלשאפטלעכע געזעצמעסיקייטנ, אינ אונטערווארפנ די נאטור אונ די געזעלשאפט אונטער איינע אונ די זעלביקע געזעצנ. דאָס „נאטוראליסטישע" פארשטיינ די געשיכטע שטעלט פאר זיכ פולשטענדיק קלאָרע אונ באשטימטע קלאסנ־צילנ, וועלכע מארקס האָט שוינ אויסשעפלעכ דעמאסקירט אינ זיינ „קאפיטאל" אונ אינ אנדערע ארבעטנ. „זאָגנדיק, אז די עקזיסטירנדיקע באציִונגענ, ד. ה., די באציִונגענ פונ דער בורזשואזער פראָדוקציע, זיינענ נאטירלעכע, ווילנ די עקאָנאָמיסטנ מיט דעמ זאָגנ, אז בא די דאָזיקע פראָדוציר־באציִונגענ קומט פאָר די פראָדוקציע פונ רייכטימער אונ די אנטוויקלונג פונ די פראָדוציר־קויכעס לויט די געזעצנ פונ דער נאטור. דערפאר זיינענ די אָנגעוויזענע באציִונגענ זעלבסטנאטירלעכע געזעצנ, אומאָפהענגיקע פונ דער ווירקונג פונ צייט" (מארקס־ענגעלס, געז. ווערק, ב. 5, ז. 373).

אינ די דאָזיקע ווערטער פונ די גרונטלייגער פונ וויסנשאפטלעכנ קאָמוניזמ זיינענ דייטלעכ אויפגעדעקט געוואָרנ די סטימוליר־סיבעס, וועלכע צווינגענ די בורזשואזע געלערנטע פונ די פארשיידנסטע וויסנשאפטלעכע געביטנ צו באנייענ מיט א באזונדערער אקשאָנעס אונ איינגעשפארטקייט, אינ די סאמע פארשיידנארטיקע פאָרמעס, די פרווונ פונ „נאטוראליסטישער" אויסטייטשונג פונעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ. עס איז גענוג צו דערמאָנענ זיכ וועגנ מאלטוסנ מיט זיינ אוניווערסאלנ אונ אבסטראקטנ געזעצ פונ באפעלקערונג, ווי דער דאָמינירנדיקער פרינציפ פונעמ גאנצנ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, וועגנ הערבערט ספענסערנ אונ דער גאנצער ספענסערישער שול, וואָס איז ניט אוועק ווייטער פונ א ווולגאר־מעכאניסטישער אנאלאָגיע צווישנ דער געזעלשאפט אונ אנ אָרגאניזמ, וועגנ דער גאנצער פלעיאדע סאָציאלע דארוויניסטנ מיט אָטאָ אמאָנענ אינדערשפיצ, וועלכע ווארפנ אונטער דעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ אונטער דעמ אלצ ארומכאפנדיקנ געזעצ פונ קאמפ פאר עקזיסטענצ אונ נאטירלעכנ אָפקלייב, וועגנ די אָנהענגער פונעמ געאָגראפישנ פאקטער, וועלכע פירנ ארויס ווי ראטצעל, אשטייגער, די געזעלשאפטלעכע באציִונגענ דירעקט פונ געאָגרא-

פישע באַדינגונגען, וועגן די פּרוּוון צוגיין צו דער געזעלשאַפט פון די פּאָזיציעס פון באָגדאַנאָווס „סאָציאַלער ענערגעטיק" אָדער בעכטערעווס „קאָלעקטיווער רעפּ-לעקסאָלאָגיע", וועגן די סאָציאַל-פּאַשיסטישע פאַלסיפיקאַציעס פון היסטאָריש" מאַטעריאַליזם „לויט דאַרווינען"—פון וואָלטמאַנען ביז קאַוטסקין...

וואָס פאַרייניקט די דאָזיקע פאַרשיידנפאַרביקע קאַמפּאַניע „נאַטוראַליזאַ-טערן" פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועלכע פּרוּוון דערפירן אים צום ביאָלאָגישן, געאָגראַפישן, ענערגעטישן און אַנדערע „נאַטור"-פּרינציפּן?

ענטפערן אַף דעם איז ניט שווער: „אַזאַ מין פאַרופן זיך, דוכט זיך, פאַר א „וויסנשאַפטלעכע" און שלעפּערט אויסגעצייכנט אייַן דעם קליינבירגער, פאַרשטעלנדיק דאָס וויכטיקע און גרונטלעכע: די צעשפּאַלטונג פון דער געזעל-שאַפט אַף אומקאָמפּראָמיסלעך-פייַנטלעכע קלאַסן" (לענין, ב. 14, ט. 2, ז. 303).

די בורזשואַזיע האָט עפּשער קיינמאָל ניט געמאַכט אַזעלכע קאָנוווּלסיווע פּרוּוון צו פאַרטונקלען „דאָס וויכטיקע און גרונטלעכע" אין היסטאָרישן פּראָ-צעס, ווי איצטער, ווען די וועלט געפינט זיך אַפן שוועל פון צווייטן טור פון מילכאָמעס און רעוואָלוציעס. און דערפאַר איז גאַנץ געזעצמעסיק, וואָס דאַפקע איצטער „נאַטוראַליזירט" זי מיט אַזאַ אומבאַצוימטקייַט אַלע דערשייַנונ-גען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. די אידעאָלאָגן פון פוילנדיקן קאַפּיטאַליזם לייגן זיך אין דער לענג און אין דער ברייט צו דערווייַזן, אַז דעם שליסל צום פאַרשטיין אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט גיט די ביאָלאָגיע, אַז קעגן דעם „מאַרקסיסטישן סאָציאָלאָגישן מיפּ" וועגן קלאַס און קלאַסנקאַמפּ שטייען די אומגעוואַקלטע ביאָלאָגישע אייניהייטן פון פאַמיליע און ראַסע, די דאָזיקע גרונטלעכע טרייַב-פאַקטאָרן פון געזעל-שאַפטלעכן פּראָצעס.

מיר שטויסן זיך דאָ אָן אַף אַזאַ דערשייַנונג: די געלערנטע פון פוילנדיקן קאַפּיטאַליזם זוכן אויף אין אַרסענאַל פון דער בורזשואַזער וויסנשאַפט דאָס אַלטע, שוין לאַנג מיט ראָסט באַדעקטע טעאָרעטישע געווער פון די פאַרגאַנ-גענע יאָרצענדליקער און באַמיען זיך צופּאַסן עס צו די באַדערפעניש[ן] פון קאַפּיטאַליזם, וועלכער לעבט איבער זייַן אַלגעמיינעם קריזיס. אָט פאַרוואָס עס זייַנען אַזוי ווינציק אָריגינעל און דורכ און דורכ עקלעקטיש די אַלע „פאָר-שונגען" פון די געלערנטע אַפּאָלאָגעטן פון אָפּשטאַרבנדיקן קאַפּיטאַליזם. דאָס איינציקע, וואָס טיילט זיי אָפּ פון זייערע „פּראָטאָטיפּן" איז א גרעסערע שטופּע וווּלגאַריזאַטאָרישקייַט און אומפאַרשעמטע סאָציאַלע דעמאַגאָגיע, וואָס פּלעכט זיך איבער מיט אָפענעם אונטערלעקן זיך צו די עקספּלואַטאַטאָרן. אין דעם אויסשליסלעך באַשטייט די „נייַקייַט" זייערע.

די שרייַבעכצן פון די מאָדערנע בורזשואַזע „נאַטוראַליזאַטאָרן" און „ביאָ-לאָגיזאַטאָרן" פון געזעלשאַפטלעכן לעבן גיבן פאַר דעם באַזונדערס בוילעטע מוסטערן.

ווען מע בלעטערט דורך „די נייַסטע" פאָרשונגען פון אַזאַ זייַל פון פאַ-שיסטישער ראַסן-קענטעניש, ווי האַנס גיונטער, פילט מען, ווי אונטערן האַנט רוישן די בלעטלעך פון „אַרישער וועלט-באַנעמונג", פון די „פּאָליטישע אידעאַלן" און די אַנדערע „קלאַסישע" ווערק פון גאָוסטאָן טשעמבערלענ...

די „מאָדישע" בקירעס פון עדוואַרד איסט באַשטייען אין איבערכאַזערן אַף א נייַעם „פאַקטישן מאַטעריאַל" די אַלטע אַרגומענטאַציעס פון אַמאָן. ווי

טעמפּע ביכער־מײַז קומען די אַלע פּליאַטעס, לענצס און כאַזערנ איבער די אויסגעדראָשענע ספּעקולאַטיווע טעאָריעס וועגן היי'ליקער אומבאַרירלעכקייט פונעם נאַטור־אָפּקלײַב און וועגן דער פאַרברעכערישקייט פון קעגנשטעלן זיך קעגן אים. די גאַנצע פאַשיסטישע און פאַשיזירנדיקע „וויסנשאַפט וועגן באַפעלקערונג־וווּקס" שטעלט מיט זיך פאָר ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַן אייגנאַרטיק־איבערגעניצעוועטער מין מאַלטוזיאַניזם, אַ פּרווו רעסטאַווריִרן און ענדערן אין העסקעס מיט די באַדינגונגען פון פוילנדיקן קאַפּיטאַליזם די „טיפע נידערטרעכטיקייט", ווי עס האָט געזאָגט מאַרקס, פון די מאַלטוזיאַנישע אידייעס...

די הויפּט־אויפגאַבע, וועלכע עס לייזן די מאָדערנע „נאַטוראַליזאַטערן" פון דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס, איז דאָס קעגנשטעלן דער מאַרקסיסטישער טעאָריע פון קלאַסנקאַמפּ דעם טעזיס וועגן ביאָלאָגישער ניטגלײַכווערטיקייט פון באַזונדערע גרופּעס און שיכטן פון דער מענטשהייט (שפּעטער וועלן מיר געניויער אָנווײַזן, ווי די פאַשיזירנדיקע געלערנטע שטעלן זיך פאָר די דאָזיקע שיכטן און גרופּעס). מאָדערניזירנדיק און „פאַרטיפערנדיק" די אַרגומענטן, וועלכע עס האָבן אַנטוויקלט וואָלטמאַן, באַגרינדנדיק זײַן „פּאָליטישע אַנטראָפּאָלאָגיע" און שאַלמייער אין זײַן „נאַציאָנאַלע ביאָלאָגיע", דערווײַזן זייערע פאַשיסטישע יאָרשים (גיונטער, לענץ, פּלעטוס און אַז. וו.), אַז די ביאָלאָגישע ניטגלײַכווערטיקייט פון איינצלנע גרופּעס פון דער באַפעלקערונג איז דער אַרויסגאַנג־פּונקט אַפילו צו פאַרשטיין דעם גאַנצן היסטאָרישן פּראָצעס. צודעקנ־דיק זיך מיט דעם מאַנטל פון געלערטערישער פּראַזעאָלאָגיע, אַנטוויקלען זיי יענע פילאָסאָפיע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס עס האָט אָן קיינע דריידלעך פאָרמולירט דער פירער פון דער יאַפּאַנישער מיליטעריש־פאַשיסטישער באַוועגונג, דער גענעראַל אַראַקי אין זײַן מעמאָראַנדום „די אויפגאַבעס פון אַפּאָניע אין דער עפּאָכע פון סיאָווו" (סאַדאַאָ אַראַקי — „די אויפגאַבעס פון יאַפּאָניע אין דער עפּאָכע פון סיאָווו". בײַלאַגע צום בוך פון טאַנין און יאָהאַן „די מיליטעריש־פאַשיסטישע באַוועגונג אין יאַפּאָניע", פאַרטפּאַרלאַג, 1933 י., זז. 251—262). אין דעם דאָזיקן מערקווירדיקן דאָקומענט טרעט אַרויס דער פירער פון די יאַפּאַנישע פאַשיסטן קעגן דער „פאַלשער פילאָזאָפיע וועגן דער אָפּוועזנהייט פון אונטערשיידן", וועלכער ער ווידמעט אַ גאַנצן קאַפּיטל אין זײַן מעמאָראַנדום.

און ווירקלעך: „... עס איז ניטאָ קיין איין זאַך פון דעם, וואָס עס עקזיסטירט אין קאָסמאָס, אַז עס זאָל ניט האָבן זײַן ציל: אויך די זון, די לעוואָנע, די אָנצאָליקע שטערן און דער ערדקויל — זיי אַלע האָבן אַ באַשטימטן ציל. דאָס זעלביקע קען מען זאָגן אויך וועגן אונדזער וועלט. פּונקט ווי באַם מענטשן זײַנען פאַראַן כאַראַקטעריסטישע פאַר אים מענטשלעכע אייגנשאַפטן און באַזונדערקייטן, אַזוי האָט אויך יעדער כײַע, יעדער געוויקס זײַנע אייגנשאַפטן. נאָר דאָרטן, וווּ עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד ווערט געשאַפן אַ ווירדיקייט... ...אַ שפּיר־הונט און אַ פּודעל זײַנען ביידע הינט. עס איז דאָך אָבער פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד צווישן זיי... דאָס זעלביקע האָבן מיר אויך אין דער מענטשן־וועלט. אויב דאָ איז ניטאָ קיין גרויסער אונטערשייד צווישן די מענטשן אין זייער אויסערלעכקייט, זײַנען דאָך פאָרט פאַראַן אונטערשיידן, וועלכע ווערן באַשטימט דורך דער ראַסן־אָנגעהעריקייט

און באציִאָנאליטעט. בא אונדז, יאפּאָנער, זײַנען פאראנ אונדזערע אייגענע אייגנשאפטנ און אונדזער ציל, און בא די כינעזער זייערע באזונדערקײַטנ.. די אידייע וועגנ דער אָפּוועזנהײַט פונ אונטערשיידנ קענענ מיר ניט אָנערקע־נענ".

מיט איינ וואָרט, די קלוגע, הייליקע צוועקמעסיקײַט, וואָס איז באזונגענ געוואָרנ נאָכ פונ העגעליכ היינע: די אָקסנ זײַנענ באשאפנ געוואָרנ, קעדיי צו מאכנ פונ זיי בוליאָנ, די אייזלענ זײַנענ באשאפנ געוואָרנ, קעדיי אָנלאָדנ אפ זיי מאסע און מענטשנ זײַנענ באשאפנ געוואָרנ, קעדיי צו עסנ בוליאָנ און ניט זײַנ ענלעכ אפ אייזלענ... אונטערנ צודעק פונ אזא פילאָזאָפיע איז די יאפּאָנער, וואָס „האָבנ זייערע אייגענע אייגנשאפטנ", גרינגער צו פארכאפנ און ראבעווענ כינעזישע ערדנ און די כינעזער, וועלכע האָבנ „זייערע באזונדערקײַטנ" איז גרינגער צו שקלעמ מאכנ מיט זייער גורל... מיט דער דאָזיקער פילאָזאָפיע איז פולשטענדיק אײַנשטימיק אויכ די אימ „נאָענטע" נעשאָמע פונ אלפרעד ראָזענבערג: „מיר גייענ אינ אָנגריפ קעגנ דעמ וועלט־באנעמ פונ די ליבעראלנ, פונקט אזוי, ווי קעגנ די מארקסיסטנ. פאר אונדז איז א נעשאָמע צו א נעשאָמע ניט גלײַכ, א מענטש צו א מענטשנ ניט גלײַכ. אונדזער ציל איז א שטארקער גערמאנישער מענטש". אזוי האָט געשריבנ ראָזענבערג אפ די זײַטלעכ פונ „פעלקישער בעאָבאכטער" איידער היטלער איז געקומענ צו דער מאכט... אפ צו בארעכטיקנ די ראָזענבערגיִאניש־אראקישע „פילאָזאָפיע פונ ניטגלײַכווערטיקײַט" גרײַפנ אָנ אפנ וויסנשאפטלעכנ פראָנט הונדערטער פאשיזירנדיקע ביִאָלאָגנ, סאָציִאָלאָגנ, מעדיקער, פילאָזאָפנ, עטנאָ־גראפנ, אנטראָפּאָלאָגנ פונ ראסיסטישנ שניט... זיי שרײַבנ „פונדאמענטאלע" מאָנאָגראפיעס, באגלייט מיט דער גאנצער אקאדעמישער אפאראטור, וואָס פאסט פאר אזוינע פאלנ, באזאָרגט מיט נאָמענ־ און קעגנשטאנד־אָנווײַזערס, וועלכע דערווײַזנ מיט דער גאנצער איבערצײַגטקײַט, אז דער אונטערשייד צווישנ א מענטשנ פונ איינ ראסע און דער צווייטער שטײַגט אריבער דעמ אונטערשייד צווישנ א מענטשנ און א כײַע, אז עס עקזיסטירנ ראסעס פונ פולווערטיקע אריסטאָקראטנ און עס עקזיסטירנ ראסעס פונ „אונטערמענטשנ", אז די גאנצע געשיכטע פונ דער מענטשהײַט ווערט באשטימט דורכ די „צווישנבאציִונגענ פונעמ בלוט", אז הערשנ הערשנ יענע, ווע מענ עס איז פאָרויסבאשערט אדאנק זייערע „העכערע" אייגנשאפטנ און דעמ געזעצ פונ סאָציִאלנ אָפּקלײַב, און אנדערע לײַדנ, גייענ אונטער און שטארבנ פונ הונגער אינ פולנ איינקלאנג מיט זייערע „נאטור-איינגשאפטנ", מיט זייער ביִאָלאָגישער און אנדערער ניטפולווערטיקײַט.

אזוי ווערט געשאפנ דאָס, וואָס עס טראָגט אפ דער שפראכ פונ די פא־שיסטישע טעאָרעטיקער דעמ נאָמענ „ביִאָלאָגישער וועלט־באנעמ".

קעדיי צו באגרינדנ דעמ „ביִאָלאָגישנ וועלט-באנעמ", איז די בורזשואזיע פונ פוילנדיקנ קאפּיטאליזמ גרייט צו אמניסטירנ אפילע טשארלז דארווינענ— „דעמ אלטיטשקנ, וואָס האָט אוועקגעגאנוועט גאָט בא דער מענטשהײַט". אָט פארוואָס די שווארצע אָבסקוראנטנ, וועלכע האָבנ געהעצט דארווינענ בייס זײַנ לעבנ, איז ניט נאָר וואָס זיי אָרגאניזירנ איצט מאלפּע-פּראָצעסנ, נאָר זיי פײַערנ אויכ די יובילייענ פונעמ געניִאלנ געלערנטנ. זיי דארפנ עס האָבנ, קעדיי צו באגרינדנ זייער „ביִאָלאָגישנ וועלט-באנעמ", צו ווײַזנ, אז סאָציִאליזמ איז אנ „אוטאָפּיִע", וועלכע פרוווט אָפּשאפנ די אומדערשיטערלעכע גזעצנ

פונ קאמפּ פאר עקזיסטענצ אונ נאטור-אָפּקלײַב. זיי דארפנ עס האָבנ, קעדיי צו דערווײַזנ, אז די מאָרגאנס, טיסענס אונ דעטערדינגס עקספּלואטירנ אונ פּאראזיטירנ פולשטענדיק „לויט דארווינענ", אז די מיליאָנענ ארבעטנדיקע שטארבנ פונ הונגער-טויט, פולשטענדיק „לויט דארווינענ". זיי איז דאָס נייטיק, קעדיי צו האָבנ א מעגלעכקייט צו ריידנ, אזוי ווי עס האָט געטאָנ דער אמעריקאנער ביאָלאָג קאָנקלינ וועגנ „שעפּעדרישנ זינענ" פונעמ מאָדערנעמ קריזיס, אינ רעזולטאט פונ וועלכנ עס וועלנ אפּ א „נאטור-אויפנ" אונטערגייענ די ניט-צוגעפּאסטע אונ עס וועלנ בלײַבנ לעבנ די אמערסטנ ווערטפולע עקזעמפּליארנ פונ מענטשלעכנ שטאמ...

די אָנהענגער פונ „ביאָלאָגישנ וועלט-באנעמ" פארשפּרייטנ די טעאָריע וועגנ דעמ, אז דער איצטיקער קריזיס איז א רעזולטאט פונ פארברעכערישנ קעגנשטעלנ זיכ דעמ סאָציאלנ אָפּקלײַב, וואָס דריקט זיכ אויס אינ די זאָרגנ פונ דער געזעלשאפט וועגנ די אומויסהײלבאר-קראנקע, דעפעקטיווע, וועגנ די אינוואלידנ אונ אנדערע „מינדערווערטיקע" עלעמענטנ. די מאסנ, וואָס שמאכטנ אונטערנ יאָכ פונ עקספּלואטאציע, אָרעמקײַט אונ ארבעטלאָזיקײַט, וועלכע זײַנענ ארויסגעשטויסנ געוואָרנ פונ דער נאָרמאלער מענטשלעכער עקזיסטענצ, די זיכ דעקלאסירנדיקע קלײנבירגער, די מענטשנ, וואָס ווערנ פארוואנדלט אינ פּאופּערס „דערקלערט" מענ דעמאגאָגיש, אז אלע זייערע צאָרעס זײַנענ באדינגט דורכ די „קעגננאטירלעכע זאָרגנ וועגנ דעמ אָפּפאל פונ מענטשלעכנ געשלעכט, וועגנ די אלע יענע קאליקעס, אינוואלידנ אונ דעמ אנדערנ מענטשלעכנ באלאסט, וואָס איז פארווארטײלט צומ אונטערגאנג דורכ די אײַזערנע געזעצנ פונ סאָציאלנ אָפּקלײַב. וועגנ דעמ זאָגט איידעס די אָנפּנִיעסדיקע וויסנשאפט אינ פּערזאָנ פונ די אָרדינארע אונ עקסטרא-אָרדינארע פּראָפעסאָרנ. א גאראנטיע פאר דעמ איז דער גרויסער דארווינ אלײנ. די שפּאלטנ פונ די צײַטונגענ אונ די דיקע זשורנאלנ זײַנענ פול מיט שרײַענדיקע דיאגראמעס, מיט סטאטיסטישע טאבעלעס, מיט אופגערעגטע ארטיקלענ, וואָס דערווײַזנ וויפל „פאָלק-מיטלענ" ווערנ אומפּראָדוקטיוו אונ פארברעכעריש אויסגעגעבנ, קעדיי אײַנצוהיטנ דאָס לעבנ אונ דערציִענ די יעניקע, וועלכע דארפנ אונטערגייענ לויט די אומגעוואקלטע געזעצנ פונ סאָציאלנ אָפּקלײַב. אזוי פּרווט די בורזשואזיע „איבערשליסנ" די וואקסנדיקע אופרעגונג פונ די מאסנ דורכ דעמ אָפּווענדנ זייער דעמאגאָגיש אָנ א זײַט פונ די ווירקלעכע שולדיקע פונ זייערע צאָרעס. אינ אנ אנדער מאָדיפיקאציע דריקט זיכ דער זעלביקער שארלאטאנישער מעטאָד אויס, ווי מיר האָבנ געזענ, אינ דער העצע קעגנ דער „אנטיסאָציאלער" מאשינ.

ווי א דאָקומענט, וואָס זאָגט קלאָר איידעס וועגנ דעמ שוידערלעכנ קלאסנציניזמ, צו וועלכנ עס דערגייענ די פאשיסטישע אידעאָלאָגנ פונ „ביאָלאָגישנ וועלט-באנעמ", דארפ מענ אָנרופנ דעמ ארטיקל פונ א געוויסנ קיפּע „פארזוכ פונ א פילאָזאָפיע פונ מעדיצינ", פּובליקירט אינ דײַטשישנ זשורנאל „קלינישע וואָכנשריפט" (1930 י., נומ. 17, ז. 793). דער אווטער „דערווײַזט", אז די גרונט-סיבע פונ די איצטיקע צאָרעס איז די איבערבאפעלקערונג אפ דער גאנצער ערד, איבערהויפּט אינ די קולטורעלע לענדער. די סיבע פונ דער איבערבאפעלקערונג איז ניט אזויפיל די מענטשלעכע פרוכטבארקײַט, וויפל דער אקטיווער קאמפ קעגנ קראנק ווערנ אונ די דערפאָלגנ פונ דער מעדי-

צינישער טעכניק. די מענטשלעכע מאסע זעצט פאָר צו וואקסן און דאָס וועט ברענגען צו „אויסערגעוויינלעכע קאטאסטראָפעס". אין צוגרייטן די דאָזיקע קאטאסטראָפע ליגט א גרויסע טייל שולד אף די דאָקטוירים. אָנערקענענדיק גלייכע רעכט אף עקזיסטענץ סיי פאר די מינדערווערטיקע, סיי פאר די פול־ווערטיקע אינדיווידומען, האָט מען געבונדן די טעטיקייט פונעם „נאטור־אָפּקלייב". קעמפנדיק דערפאָלרייך מיט די עפּידעמיעס, פארניכטן די דאָקטוירים אויך די גוטע זייטן פון די דאָזיקע עפּידעמיעס, וואָס אזוינע קען מען אָנרופן דעם נאטירלעכן אָפּקלייב און די דעצימאציע (טויטן יעדן צענטן אלפּי גורל) פונעם איבערפלוס (des Zuviels). א לעבעדיקער אויסדרוק פון דאָזיקן איבערפלוס איז דער „איבערפלוס פון אלע פּראָפעסיעס און די ציפערן פון ארבעטלאָזיקע". דאָס פירט צו א קאטאסטראָפע, וואָס פילט זיך שוין „אין די אידייעס פון וועלט-רעוואָליוציע און אלוועלטלעכן אינטערנאציאָנאל". אָבער מעגלעך, אז דער שיקזאל וועט ארויסטרעטן אין אן אנדער פאָרמע — אין דער פאָרמע פון אן אויסראָטערישער מילכאָמע.

נאָך מיט 60 יאָר צוריק, דעם 12-טן נאָיאבער 1874, האָט פרידריך ענגעלס אין א בריוו צו פּ. לאווראָוו וועגן די פּרווון אריבערצוטראָגן די דארוויניסטישע פּרינציפּן פון דער נאטור אין דער געזעלשאפט, געשריבן: „אָבער אויב די פּראָדוקציע אין איר קאפּיטאליסטישער פאָרמע, אזוי ווי עס קומט פאָר איצטער, פּראָדוצירט אסאך א גרעסערע צאָל מיטלען פון עקזיסטענץ און אנטוויקלונג, איידער עס קען פארברויכן די קאפּיטאליסטישע געזעלשאפט, דערפאר וואָס זי באזייטיקט קינסטלעך א ריזיקע מאסע ווירקלעכע פּראָדוצירער פון באנוצן זיך מיט די דאָזיקע מיטלען פון עקזיסטענץ און אנטוויקלונג, אויב די דאָזיקע געזעלשאפט איז געצוווּנגען דורך איר אייגענעם לעבן־געזעץ צו פארברייטערן נאָכאנאנד די שוין אָן דעם אויך צופיל ברייטע פּראָדוקציע און איז דערפאר געצוווּנגען פּעריאָדיש, אלע צען יאָר, צו פארניכטן אליין ניט נאָר א מאסע פּראָדוקטן, נאָר אויך פּראָדוציר-קרעפטן, — איז וואָס פאר א זין קאָנען האָבן די רייד וועגן „קאמף פאר עקזיסטענץ"?... דער קאמף פאר עקזיסטענץ קען נאָך באשטיין אין דעם, וואָס דער פּראָדוצירנדיקער קלאס וועט אָפּנעמען די אָנפירונג מיט דער פּראָדוקציע און פארטיילונג בא דעם קלאס, אין וועמעס הענט די דאָזיקע אָנפירונג האָט זיך געפונען ביז איצטער, נאָר וועלכער איז שוין מער ניט פייִק עס פאָרצוזעצן, און דאָס וועט שוין זיין א סאָציאליסטישע רעוואָליוציע".

עס איז איבעריק צו ריידן וועגן דעם, אז טאקע די פּאנישע שרעק פאר דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע צווינגט איצטער דער בורזשואזיע און אירע טעאָרעטישע מעשאָרסים צו איגנאָרירן די ספּעציפישע געזעצמעסיקייט פון די געזעלשאפטלעכע דערשיינונגען, צו פאלסיפיצירן די געזעצן פון געזעלשאפטלעכן לעבן „לויט דארווינען" און אפן גרונט פון דער דאָזיקער פאלסיפיקאציע אויסטראכטן איר אייגענעם „ביאָלאָגישן וועלט-באנעם"...

דער אקס, וואָס ארום אים דרייט זיך דער גאנצער „ביאָלאָגישער וועלט-באנעם" איז, ווי עס איז באוווסט, די קאטעגאָריע — ראסע.

ווי־זשע פארשטייען די דאָזיקע קאטעגאָריע די טעאָרעטיקער פונעם „ביאָלאָגישן וועלט-באנעם"?

איכ וועל ברענגענ איינע פונ די סאמע פאנאנדערגעוויקלטע פאָרמולירונ-גענ: „ראסע איז א באגריפ פונ נאטורוויסנשאפטלעכער סיסטעמאטיק. ראסע איז א גרופּע פונ לעבעדיקע וועזנס, וועלכע האָט זיכ אנטוויקלט אינ איזאָ-ליאציע אדאנק דעמ נאטירלעכנ אָפּקלײַב פונ איינ אייגהײַטלעכנ אָפּשטאַמ אונ אָנ א צומיש פונ פרעמדשטאמיקע עלעמענטנ. די דאָזיקע גרופּע טיילט זיכ אָפּ פונ די אנדערע גרופּעס פונ דעמ דאָזיקנ שטאמ אדאנק דער מערהײַט פיזישע אונ גײַסטיקע יערושעדיקע סימאָנים, וואָס שאפנ אינ זייער פאריייניקונג א גע-וויסע איינהײַט, אונ אויכ אדאנק דער פאָרמע פונ זייער ארויסווײַזנ זיכ אינ דער אויסערלעכקײַט, אונ רעפּראָדוצירט שטענדיק נאָר זיכ גלײַכע. ראסע באצייכנט מיט דעמ גופע די „הארמאָניע", „לעבנסטיל" אונ „כאראקטער". ראסע, דאָס איז אַנ אונטערגרופּע פונ מינ" (Prof. D-r E. Reche. Das Begriff „Rasse". Volk und Rasse, 1933, № 7, S. 217).

די דאָזיקע מעטאפיזיש-אומענדערלעכע, איינמאָל פאר אלעמאָל געגעבענע, זאָאָלאָגישע געמיינשאפט, וואָס באזירט זיכ אפּ דער פאריייניקונג פונ „בלוט אונ כאראקטער", איז פונ שטאנדפּונקט פונ די פאשיסטישע טעאָרעטיקער דער גרונט-באוועגער פונ דעמ גאנצנ געזעלשאפטלעכנ לעבנ. דער היסטאָרישער פּראָצעס שטעלט זיכ זיי פאָר ניט אנדערש, ווי א רעזולטאט פונ געוויסע צווישנבאציִונגענ אונ צוזאמענשטויסנ פונ די ראסעס. די סומע פונ די אייגנ-שאפטנ פונ דער ראסע בילדעט איר נעשאָמע. ראסנ-נעשאָמע דאָס איז דער נאָמענ פונ דער פארבאָרגענער אונ אלצ דערקלערנדיקער מיסטישער קאטעגאָריע, וואָס באשטימט דעמ שיקזאל פונ די פעלקער.

„מיר גלויבנ אינ דער ראסנ-נעשאָמע, וועלכע פירט די אינעווייניק געזונטע נאציע אפנ אָנגעצייכנטנ וועג פאר איר. די גרויסע אנטוויקלונג, אָדער ריכטיקער, דאָס גרויסע גלויבנ פונ אונדזער צײַט באשטייט אינ דעמ, וואָס איצטער בא-טראכט מענ בלוט אונ כאראקטער ניט ווי צוויי פרעמדע באגריפנ, נאָר ווי עפּעס אנ אייהײַטלעכעס, וואָס געפינט פאר זיכ נאָר א פארשיידענעמ אויסדריק. אזא מינ גלויבנ האָט ניט קיינ מאטעריאליסטישנ כאראקטער, אָבער ער איז אויכ ניט פונ ספּיריטואליסטישנ שניט, ווײַל ער נעמט אופ דעמ פאקט פונ איינהײַט (פונ בלוט אונ כאראקטער), ווי אנ אָנפאנגלעכנ פענאָמענ אינ געטעס טראקטירונג, וואָס זוכנ א גרונט פאר אימ (פארנ פענאָמענ) דארפנ מיר ניט. ראסע איז, אפּ אזא אויפנ, די אויסערלעכע זײַט פונ נעשאָמע אונ נעשאָמע איז פארקערט אנ אינעווייניקסטע אָפּשפּיגלונג פונ דער ראסע... אייגנטלעכ גערעדט, איז ניטאָ קיינ אלוועלטלעכע געשיכטע, נאָר עס איז פאראנ בלויז א געשיכטע פונ פארשיידענע ראסעס אונ פעלקער, פונ פארשיידענע ראסנ-נעשאָמעס, וועלכע קעמפנ צווישנ זיכ אונ מיט זייער אייגענעמ געווער" (ראָזענבערג—„דער מיטוס פונ 20-טנ יאָרהונדערט").

פּראָקלאמירנדיק די ראסנ-נעשאָמע פאר א הייליקנ רעזערוואר פונ די פאר-באָרגענע אייגנשאפטנ פונעמ מענטשלעכנ מינ אונ די גאנצע געשיכטע פאר א רעזולטאט פונ צוציִונג אונ אָפּשטויסונג פונ די ראסעס, קאָנקורירנ צווישנ זיכ די טעאָרעטיקער פונ ראסיזמ מיט דער גאנצער ענערגיע, אפּ וועלכער עס זײַנענ פייִק נאָר קאָנקורירנדיקע צווישנ זיכ נאציאָנאליסטישע בורזשוא, פארנ פרימאט פונ דער „אייגענער" ראסע, פאר אירע העכערע אייגנשאפטנ, פאר אירע „נאטירלעכע פאָרצוגנ" אינ באצוג צו אלע איבעריקע ראסעס.

אָט ווי אזוי, צ. ב., דער אָנפירער פון די דײַטשישע ראסאָוויקעס מאָלט די נאטירלעכע העלדישקײַטן פון דער צאָפּן־ראסע: די אייגנשאפט פון דער צאָפּנ-בעשאָמע איז א רויִקער קוק, ציל־געווענדעטע רויִקײַט, אנטשיידנקײַט פון די טאטן... דאָס בלוט פון א צאָפּן־מענטש האָט ארופגעלייגט א ניטאָפּמערקבארן שטעמפּל אף דער גאנצער געשיכטע פון דער מענשהײַט. דאָס דאָזיקע בלוט פאָדערט אויסצופילן ספּעציִעלע אופגאבעס. וואָס מער עס איז געגעבן דעם צאָפּן-מענטשן, אלץ מער וועט פון אים אופגעפאָדערט ווערן. דאָס צאָפּן-בלוט פארפליכטעט"... (פּראָפ. האנס גיונטער—„די צאָפּן-אידייע").

ארויסגייענדיק פון אזעלכע „אײַנשטעלונגען", וואָס עס גיבן די טעאָרע-טישע פירער פון ראסיזם, דערפירן די ראסיסטישע פּאָפּוליאריזאטערן די דאָזיקע „אײַנשטעלונגען" ב־ז זייער לאָגישן קאָנסעקווענטן סאָף. איינער פון זיי, א געוויסער הערמאנ האוכ, צ. ב., פירט דורכ אינ זײַנ בוכ „נײַע פּרינציפּן פון ראסנ-וויסנשאפט" אזא גרענעצ צווישנ דער „צאָפּנדיקער" און דער איבעריקער „ניט-צאָפּנדיקער מענטשהײַט".

„בא א מענטשנ פון דער ניט-צאָפּנדיקער ראסע ליגנ די וואָרצלענ פון די ציי-נער אזוי ווי בא כײַעס. א מענטש פון דער צאָפּנדיקער ראסע קײַט איבער די שפּײַז מיט א פארמאכטנ מויל, מענטשנ פון אנדערע ראסעס קײַענ ווי כײַעס... רויטער קאָליר רייצט; די פּורפּור-רויטע ליפּנ פון א מענטשנ פון דער צאָפּנדיקער ראסע וועקט די ליבע און דעם ווילנ צו קושנ זיכ. בא א מענטשנ פון דער ניט־צאָפּנדיקער ראסע איז א ברייטער מויל און דיקע ליפּנ, וועלכע זאָגנ איידעס וועגנ גיריקער לײַדנשאפטלעכקײַט. אפ זייערע ליפּנ שפּילט ניט קיינ שמייכל, נאָר א בייזער צוויִעסדיקער כויזעק־שמייכל. דער ניט־צאָפּנדיקער מענטש טשמאָקעט כײַיש מיט די ליפּנ. דאָס איז זײַנער א כאראקטעריסטישער שטריכ. א מענטש פון דער ניט-צאָפּנדיקער ראסע איז אנ איבערגאנג־שטופּע פון א מענטשנ צו א כײַע: ער איז נעענטער צו א מאלפּע איידער צו א מענ-טשנ. מע קאָנ אים ניט אָנרופנ מענטש אינ פולנ זינענ פון דעם דאָזיקנ וואָרט".

די ראסיסטנ פון דער ניט-צאָפּנדיקער מענשהײַט בלײַבנ, פארשטייט זיכ, ניט הינטערשטעליק. מיר האָבנ שוינ ציטירט אינ איינ אָרט דעם פראנצויזישנ פּראָפ. זשאָרזש זשעראר, וועלכער דערקלערט די גערמאנער פאר א בלוט־דורכשטיקער ראסע פון לעפּישע פּרעסערישע מענטשנ, וואָס האָבנ שווערע געהירנ... אפנ גרונט פון די קאָנפליקטנ צווישנ די ראסיסטישע אידעאָלאָגנ קומענ אָפט אופ דיפּלאָמאטישע קאָמפּליקאציעס אפילע. און ווירקלעכ, אינ דער צײַט, וועגנ די יאפּאָנישע ראסיסטנ פּראָקלאמירנ, אז די יאפּאָנישע ראסע טראָגט פאר דער גאנצער וועלט גערעכטיקײַט, בארעמהערציקײַט און דרייסטקײַט, אז זי פארקערפּערט אינ זיכ די גרויסע אידעאלנ מיט א וועלט־באדײַטונג, אז זי איז דער „אפּאָסטאָל — פּריידיקער פון דער אימפּעראטארישער זיטלעכ-קײַט", אינ דער זעלביקער צײַט טראָגנ אָפּ אייניקע דײַטשישע ראסיסטנ אינ זייער קלאסיפיקאציע פון דער מענטשהײַט די יאפּאָנער צו די אונטערמענטשנ"... עס איז גאנצ נאטירלעכ, וואָס דאָס יאפּאָנישע אויסער-מיניסטעריום האָט זיכ וועגנ דעם געווענדעט צו דער דײַטשישער רעגירונג, און אינ רעזולטאט פון דעם איז געמאכט געוואָרנ אנ אָפיציִעלע דערקלערונג וועגנ דער „יאפּאָניש-דײַטשישער בעשאָמע־קרויוועשאפט" און וועגנ די הויכע ראסנ-אייגנטימלעכקײַטנ

פון די יאפּאָנער, וועלכע שטעלן זיך קעגן דעם רויטן אימפּעריאַליזם פון די סאָוועטן...

די גאַנצע געשיכטע פון דער מענטשהייט איז, ווי עס שטעלן פעסט די טעאָרעטיזירנדיקע פאַשיסטן, ניט מער ווי א געשיכטע פון ראַסן-קאַמף. און דער דאָזיקער קאַמף ווערט פאַרווירקלעכט לויט די געזעצן פון נאַטור־אָפּקלייַב: אין אים זיגן די שטאַרקע, פעסטע אַריסטאָקראַטישע ראַסעס. די ראַסע ווערט פאַרוואַנדלט אין אן אוניווערסאַלן שליסל, מיט וועלכן מע קען אַרייַנדרינגען אין די סאַמע פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון היסטאָרישן פּראָצעס, פאַרשטיין די אַלע דערשייַנונגען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָנהייבנדיק פון עקאָנאָמיק און ענדיקנדיק מיט קונסט.

דער ראַסן-פּרינציפּ (Das Rassenhafte) איז, אַפ אַזא אויפן, יענער לעבן-ווירקנדיקער פּרינציפּ, מיט וועלכן מיר באַגעגענען זיך אין אַלץ, וואָס דער מענטש טוט און טראַכט, וועלכער דרינגט דורך זייַן געבורט, זייַן קאַמף און רו, זייַן פאָרשונג-אַרבעט אַזוי, אַז מיר באַגעגענען זיך מיט אים אין אַלעם מענטשלעכן, זאָל דאָס זייַן דער לעבעדיקער מענטש גופא, אָדער זייַן שאַפונג

(K. F. Viergutz—„Rasse“ und „Volk“, Volk und Rasse, 1933, № 2, S. 91)

באַוואָפנט מיט אַזא „ראַסאָמעטער“ שטעלט פעסט דער געערטער ראַסיסטישער טעאָרעטיקער, לאָזנדיק אין גאַנג די אַנטשפּרעכיקע הייבערס און ווייַזערס, וואָס פאַר א ראַסיסטישע צוציִונגען און אָפּשטויסונגען עס האָבן באַדינגט דעם געגעבענעם היסטאָרישן פאַקט, וואָס פאַרא שטופע פון ראַסן-ריינקייַט האָט זיך אַרויסגעוויזן אין געגעבענעם נאַציאָנאַלן געני, וואָס פאַרא שטופע פון „פרעמדן“, „צוגעמישטן“ בלוט אַנטוועקטיקט די שאַפונג פון פאָעט א. אַז. וו.

אָט איז אן אילוסטראַציע פון דעם, וויאַזוי עס ווערן געלייזט מיט דער הילף פון א „ראַסאָמעטער“ פאַרשיידענע פּאָליטישע, היסטאָרישע, סאָציאָלאָגישע אויפגאַבעס.

מע דאַרף, צ. ב., אונטערפירן „אן אידעאָלאָגישע באַגרינדונג“ פאַר דעם בלאָק פון די דייַטשישע פאַשיסטן מיט די שוועדישע. צוליב דעם דאַרף מען פעסטשטעלן „א ראַסן־געמיינשאַפט“ צווישן די דייַטשן און די שוועדן. פּובליקירט איינער א ראַסיסטישער טעאָרעטיקער מיטן נאָמען טילאָ פאָן-טראָטא א „פאָרשונג“, ווו ער דערווייַזט שוואַרץ אַפ ווייַס, אַז דער טרעגער פון די שטריכן, וואָס זייַנען געווען אייגנטימלעך פאַר דעם גרונטלייגער פון דער שוועדישער מעלוכע גוסטאַוו וואַז איז אין דער נייַער געשיכטע געווען פּרייַסן, און פון פּרייַסן איז די „גייַסטיקע יערושע פון וואַז“ אַריבער צו דער באַוועגונג פון אַדאָלף היטלער. „אָבער דער גרויסער אומרו, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלע גערמאַנער, האָט ווידעראַמאָל באַהערשט די איצטיקע שוועדן: די דורשטיקע יונגע שוועדן קערט זיך אום באַוווסטזיניק צו דער פאַרגעסענער העראָיִשער יערושע פון וואַז, וועלכע איז דערגאַנגען צו איר גלענצנדיקער הייך אין דער פּערזאָן פון גוסטאַוו אַדאָלף, וואָס קען פּרעטענדירן אַפ אן אָרט אויך אין פּאַנטעאָן פון דער דייַטשישער געשיכטע“ (Thilo von Trotha, Volk und Rasse, 1934, № 4, S. 152).

א צווייטער נאָך בולעטערער בייַשפּיל:

מע דאַרף כאַראַקטעריזירן געטעס שאַפונג. געטע געהערט צו דער צאָל געניעס, וועלכע זייַנען אַרויסגערוקט געוואָרן דורך דער יונגער רעוואָלוציִאָ-

נערער בורזשואזיע און צו וועלכע די דעגענערירנדיקע בורזשואזיע פונ פוילנ־דיקנ קאפיטאליזמ פילט ניט קיינ באזונדערע סימפּאטיעס. אָט ווי עס ווערט דערפאר פארווירקלעכט די „ראסאָמעטערישע" אויספאָרשונג פונ זײַנ שאפונג.

אינ געטענ קרייצנ זיכ איבער א ריי „ראסנ-מאָמענטנ". די צאָפנ-ראסע האָט באשטימט די אלגעמיינע לעבנ-אופירונג געטעס, זײַנ ליבע צו אָרדענונג, צו דער באטור, זײַנ אינדיווידואליזמ, דאָס פעלנ פונ קינע, דאָס קענענ פאנאנ-דערקלײַבנ זיכ אינ ארומיקנ. די מיטללענדישע ראסע האָט באשטימט זײַנ אופ־רייצעוודיקײַט, זײַנ עראָטיש-באפארבטע פאנטאזיע, די אומפייִקײַט צו לעבנ אָנ פרויענ. דער צומיש פונ קליינ-אזיִאטישער ראסע (געטעס אורעלטערנ פונ דער מוטערס צאד שטאמענ פונ וועטעראו, וועלכע איז א צײַט געוועג באזעצט פונ די רוימער. די רוימישע סאָלדאטנ האָבנ אגיכ אינ דער צײַט פונ די אימ־פעראטערנ געשטאמט הויפּטזעכלעכ פונ קליינ־אזיע) דערקלערט די באזונדער-קײַטנ פונ געטעס שפּראכ, דאָס פעלנ פונ הומאָר, זײַנ קאָסמאָפּאָליטיזמ... אינ געטענ איז, אפ אזא אויפנ, פארווירקלעכט געוואָרנ דער סינטעז פונ עטלעכע ראסנ־ווירקונגענ. „עס ווערט אינ א געוויסער מאָס פארשטענדלעכ, אז געטע פאלט ארויס פונ דער ריי דײַטשישע געניעס" (D-r Walter Rauschenberger, Rassenmerkmale Goethes und seiner Nächsten Verwandten, Volk und Rasse 1933, № 1, S. 8).

ארויסגייענדיק אינ אלע זייערע אָפּהאנדלונגענ וועגנ לעבנ פונ דער געזעלשאפט פונ דער דורכ זיי געשאפענער מיסטישער אונ אוניווערסאלער קאטעגאָריע פונ ראסע, ווי א פערזאָנאָפיצירונג אונ פארקערפערונג פונ „מענטשלעכנ מינ", פראָקלאמירנ די ראסיסטישע טעאָרעטיקער, אז די וויכטיקסטע אופגאבע, וואָס שטייט פאר דער געזעלשאפט, איז דער קאמפ פאר „אויסבעסערנ די ראסע". זיי שמועסנ אײַנ דער מאסע, אז ניט אינ קלאסנ־קאמפ, ניט אינ ענדערנ די עקזיסטירנדיקע געזעלשאפטלעכע באציִונגענ אונ ניט אינ רעוואָליוציִאָנערנ איבערבויענ די געזעלשאפט ליגט דער אויסוועג פונ נויט, אָרעמקײַט אונ הונגער. דער אויסוועג איז אינ „אויסבעסערנ די ראסע"..

ווי-זשע ווערט פארווירקלעכט די דאָזיקע „אויסבעסערונג פונ דער ראסע"? מע דארפ, ערשטנס, פארזיכערנ די אורשפּרינגלעכע „ריינקײַט" פונ דער ראסע, שאפנדיק א פיקציע פונ א „ריינער ראסע". דערקלערנ די ראסיסטישע טעאָרעטיקער, אז די וויכטיקסטע אופגאבע פונ דער מעלוכע באשטייט אינ היטנ די דאָזיקע מיסטישע „ריינקײַט". היטנ די ריינקײַט פונ דער ראסע, הייסט ניט דערלאָזנ „פארשמוצנ" זי מיט פרעמדשטאמיקער, פרעמדראסעווער בלוט, אנ-דערש געזאָגט, מאכנ פאר אומעגלעכ געמישטע כאסענעס, וועלכע פארסאמענ די ריינ בלוטיקע ראסע פונ די געבאָרענע אריסטאָקראטנ מיט דער שלעכטער בלוט פונ אנדערע נידעריקערע ראסעס. אפ צו דערווײַזנ דעמ דאָזיקנ טעזיס גיבנ ארויס די געלערנטע סיקאָפאנטנ פונ דער מאָדערנער בורזשואזיע „פונ-דאמענטאלע" מאָנאָגראפיעס, פארפילנ די ביִאָלאָגישע, מעדיצינישע, סאָציִאָלאָגישע אונ, צולעצט, ספּעציִעל דער דאָזיקער פּראָבלעמ געווידמעטע, זשורנאלנ מיט פאָרשונגענ אפ דער טעמע וועגנ דעמ, וואָסערע אומצאָליקע אומגליקנ עס ברענגענ דער „ראסע פונ די אויסדערווײלטע" די כאסענעס פונ אירע פאָר-שטייער מיט ראסנ־פרעמדע עלעמענטנ. עס איז איבעריק צו זאָגנ, אז דער העכסטער אויסדרוק פונ אזעלכע מינימ „אנטינאציִאָנאלע", „אנטימעלוכישע",

פארברעכערישע כאסענעס איז די פארבינדונג פונ אנ „אריִער" מיט א „ניט־אריִער". אינ לעצטנ פאל גײט דאָס „וואָרט" אריבער פונ די פּראָפעסאָרנ דירעקט צו די שטורמאָוויקעס, וועלכע האָבנ אינ זײער רעשוס דעמ גאנצנ ארסענאל מיטלאלטערלעכע אופווירקונג־מיטלענ קעגנ די פארברעכערישע צעשטערער פונ דער צניִעסדיקער ראסנ־רײנקײַט. די קײט פונ די אנטשפּרעכיקע מאָסמיטלענ שליסט, ענדלעכ, דער קרימינעל־קאָדעקס פונ דער „דריטער אימפּעריע", וועלכער זעט פאָר אָפּנעמענ די פרײַהײַט פאר אזא מינ „ראסנ־פאראט"...

דער קאמפ מיטנ „ראסנ־פאראט" איז בלויז אײנער פונ די פּילצאָליקע אקטנ, וואָס כאראקטעריזירנ די פאשיסטישע ראסנ־קענטעניש. דער וויכטיקסטער טײל פונ דער „ראסנ־קענטעניש", וואָס ווערט קולטיווירט דורכ גיונטערנ אונ לענצנ, איז דער קאמפ קעגנ קינדערלאָזיקײַט אונ ווײניק־קינדערדיקײַט. דאָס לעצטע ווערט דערקלערט פונקט פאר אזא פארברעכנ, ווי ראסנ־פאראט. די פאשיזירנדיקע ראסנ־קענער אליארמירנ אומדערמידלעכ וועגנ דעמ „קאטאסטראָפישנ פאלנ פונ געבורטנ" אינ דײַטשלאנד, אינ פראנקרײַכ, אינ עסטרײַכ, אינ שוועדנ, אינ נאָרוועגיע, אינ שווייצ. „אינ 1910 י. איז אינ דײַטשלאנד אפ יעדער טויזנט אײַנוווינער אויסגעקומענ 28 געבורטנ, אונ אינ 1932 י. קומט אויס 15", „אינ 1890 י. האָט אײנע פונ 3 כאסענעגעהאטע פרויענ געבראכט דער מעלוכע א קינד, אינ 1910 י.—אײנע פונ פיר, אינ 1925 י. — אײנע פונ זיבנ, אינ 1890 י. — אײנע פונ אכט". „דאָס פאָלק, וועמעס פרויענ עס ווילנ מער ניט געבוירנ, דארפ אונטערגײנ". „שלעכט איז יענעמ פאָלק, וועמעס פרויענ עס האָבנ דערגרײכט צו אזא שטופּע פונ דעגענעראציע, אז זײ האָבנ פארלאָרנ דעמ ווילנ צו האָבנ קינדער". „דאָס פאָלק איז אינ געפאר" — אזוי שרײַענ היסטעריש אפ פארשײדענע אויפאנימ די אלטע העלמוטנ, בורגדערפער, שטערנבערגער, מאָליסאָנענ אונ די אנדערע העראָלדנ פונ דער „נאציאָנאל-עווגענישער דערציִונג".

אײנער פונ די אָנגעזעענסטע אידעאָלאָגנ פונ דער דאָזיקער „נאציאָנאל־עווגענישער" שארלאטאנערײַ, — דער דירעקטער פונ דער מעלוכישער סטאטיסטישער פארוואלטונג אינ דײַטשלאנד פרידריכ בורגדערפער, איז ארויסגעטראָטנ אפנ צווישנפעלקערלעכנ היסטאָרישנ קאָנגרעס אינ ווארשע מיט א פּאָרטראָג וועגנ דער „דינאמיק פונ דער אנטוויקלונג פונ דער באפעלקערונג אינ אײראָפּע אינ 19־טנ אונ 20־טנ י. ה.". דער פאשיסטישער געלערנטער האָט ארויסגערוקט פארנ קאָנגרעס ווי א „פּאָליטישנ פאקטער פונ ערשטנ ראנג" די געפאר פונ פאלנ פונ די געבורטנ בא די גערמאנער אונ דער וווּקס פונ געבורטנ בא די סלאווינ. „אינ 1810 י. האָבנ די גערמאנער באטראָפנ 31,6 פּראָצ., די ראָמאנער—33,7 פּראָצ., די סלאווינ—34,7 פּראָצ. אינ 1930 יאָר באטרעפנ די גערמאנער—30 פּראָצ., די ראָמאנער—24,4 פּראָצ., די סלאווינ—45,6 פּראָצ.". אויב עס וועט זיכ ציִענ ווײַטער די זעלביקע טענדענצ, וועלנ די גערמאנער צומ 1960 י. באטרעפנ אינ אײראָפּע 26,9 פּראָצ., די ראָמאנער—22,3 פּראָצ. אונ די סלאווינ—50,8 פּראָצ. די אײראָפּײִשע מענטשהײַט קענ געראטעוועט ווערנ פונ דער דאָזיקער דראָענדיקער פּערספּעקטיוו נאָר דעמלט, ווענ זי וועט זיכ שטעלנ אפנ וועג פונ „נאציאָנאל־עווגענישנ" באנדיטיזמ פונ די היטלערישע כעוורעלײַט. בורגדערפער האָט אָנ איבעריקע ווערטער געמאָלדנ די געלערנטע היסטאָריקער וועגנ דעמ דאָזיקנ אולטימאטומ, וואָס די געשיכטע האָט געשטעלט

פאר איירָאפּע: אָדער דעגענעראַציע, אָדער „עס קאָנ אָנקומענ א צײַט פונ פּאָליטישער, אינטעלעקטועלער, פסיכישער אופלעבונג, ווי דאָס לעבט איצט איבער דאָס דײַטשישע פאָלק און וואָס קענ אינ רעזולטאַט ברענגענ אויכ צו ביאָלאָגישער אופלעבונג״ (VII Congrès International des Sciences historiques. Rèsumés des communications. Varsovie, 1933, VII, p. 362).

אינעמ קאמפ פאר דער „ביאָלאָגישער אופלעבונג״ פונ די איטאַליענער פארוואנדלט מוסאָליני אינ א נאציאָנאלער העלדנ אונ באשענקט מיט אנ אָרדענ איינער א פויערטע, וואָס האָט געבראכט דער מעלוכע אינ מעשעכ פונ 10 יאָר צײַט 9 קינדער...

די פאשיסטישע טעאָרעטיקער ארבעטנ אינטענסיוו פאנאנדער א סיסטעמ פונ מאָסמיטלענ אפ צו סטימולירנ דאָס קינדער-האָבנ. עס קומענ אופ פארשיידענע פראָיעקטנ אפ סטימולירנ פילקינדערדיקײַט (פארגרעסערנ דעמ געהאלט, פארקלענערנ די שטײַערנ) אונ אפ קעמפנ קעגנ קינדערלאָזיקײַט (אזש ביז פראָיעקטנ פונ פארווערנ די מיטלענ, וואָס פארהיטנ פונ שוואנגערשאפט).

די נאציאָנאל-עווגעניש‏ע דערציִונג, וואָס באזירט זיכ אפ דעמ אבסטראקטנ געזעצ וועגנ באפעלקערונג־וווּקס, אפ דעמ געזעצ, וואָס איז אויסגעליידיקט פונ היסטאָרישע סימאָנימ אונ אידענטיפיצירט די מענטשלעכע געזעלשאפט מיט א כײַישער סטאדע, די דאָזיקע דערציִונג ווערט פארוואנדלט אינ איינעמ פונ די ווינקלשטיינער פונ דער גאנצער דערציִונג-סיסטעמ אינ די בורזשואזע מעלוכעס פונ פוילנדיקנ קאפיטאליזמ. אינ דער גאנצער שול־נעצ פונ דער היטלערישער דײַטשלאנד, אָנהייבנדיק פונ דער פאָלקשול אונ ענדיקנדיק מיט די העכערע לערנ-אנשטאלטנ, איז אײַנגעפירט געוואָרנ אנ אָבליגאטערישער אונטעריכט פונ אזעלכע דיסציפלינעס, ווי ראסנ-היגיִענע, לערע וועגנ באפעלקערונג־וווּקס, לערע וועגנ יערושעדיקײַט.

דער קאמפ פאר „אויסבעסערנ די ראסע״, וואָס עס פירט די בורזשואזע מעלוכע אינ די יאָרנ פונ קאפיטאליסטישנ אונטערגאנג, באגרענעצט זיכ ניט נאָר מיט אָפהיטנ די „ראסנ-ריינקײַט״ אונ מיט דער פראָבלעמ פונ פארגרעסערנ דאָס קינדער־האָבנ. אינ צענטער פונ דעמ דאָזיקנ קאמפ שטייט די אזוי־גערופענע פראגע וועגנ מינדערווערטיקער גענעראציע. אלס איינעמ פונ די צענטראלע, אויב ניט דעמ באשליסנדיקסטנ „נאציאָנאל־עווגענישנ״ מאָסמיטל ווערט פראָקלאמירט דאָס ניט דערלאָזנ אופקומענ אפ דער וועלט יערושעדיק־דעפעקטיווע. סטעריליזאציע אונ קאסטראציע ווערנ פראָקלאמירט אלס וווּנדערלעכע סגולעס, וואָס דארפנ איינמאָל פאר אלעמאָל באפרײַענ די מענטשהײַט פונ ביאָלאָגישנ אונ אינטעלעקטועלנ פסוילעס, פונ מענטשלעכנ באלאסט, וואָס וועלנ פאנאנדערלאָזנ דעמ מעלוכע-ביודזשעט פונ אומפראָדוקטיוונ פארווענדנ „פאָלק-מיטלענ״ אונ וועלנ ארויספירנ די וועלט פונ טעמפנ ווינקל פונעמ קריזיס... „נאָר דורכ אנ אָפּקלײַב, וואָס באגרענעצט די געבורטנ, וועט די וועלט קענענ געפינענ א וועג ווי צו ברענגענ אינ אָרדענונג איר צעשטערטע עקאָנאָמיק״ — אזוי האָט פראָקלאמירט אפנ 3־טנ צווישנפעלקערלעכנ עווגענישנ צוזאמענפאָר (1932 י.) איינער פונ די אמערסטנ פאנאטישע בורזשואזע עווגעניסטנ, דער אמעריקאנער פראָפעסער ג. פ. אָסבאָרי.

דער סאמע אײַנפלוסרײַכער אָרגאנ פונ די ענגלישע נאטורפאָרשער, דער זשורנאל „Nature“ טרעט די לעצטע צײַט אקטיוו ארויס פאר מעלוכישער

סטעריליזאציע, פאָרמולירנדיק אָפנ די קלאסנ-מאָטיוונ פונ דעמ דאָזיקנ מאָסמיטל. דער זשורנאל דערקלערט, אז סטעריליזאציע „שוואכט אָפ, פונ איינ זײַט, די לאסט פונ די שטײַערנ פאר די שטײַערנ-צאָלער, אונ, פונ דער צווייטער זײַט, איז עס א פראקטישער טריט אפ פארהיטנ זיכ פונ ווײַטערדיקער פארערגערונג פונ דער ראסע" (Eugenic Sterilisation in the U. S. A. „Nature“. Aug. 1933, p. 324).

דער זשורנאל פאָדערט לייזנ „די גרויסע עווגענישע פראָבלעמ", וואָס שטייט פארנ לאנד. „מע וואָלט געדארפט אפ א צוואנג-אויפנ אָנווענדנ, — דערקלערט „Nature“ — דעמ מאָסמיטל, וואָס עס רעקאָמענדירט מייער (דער דירעקטער פונ דער פסיכיאטרישער קליניק אינ ציוריכער אוניווערסיטעט, וואָס פארנעמט זיכ מיט פראָפאגאנדירנ סטעריליזאציע — ס. וו.) אינ באצוג צו אָרעמע פרויענ. די געזעלשאפטלעכע מיינונג פונ ענגלאנד וועט ניט גרינג אײַנגייַנ אפ דעמ, אָבער אויב די איבערוואנדערונג אונ די ארבעטלאָזיקײַט וועלנ זיכ ציִענ ווײַטער, וועלנ מיר געצווּונגענ זײַנ צו דעמ" (Human Sterilisation in Switzerland, „Nature“. Okt. 1933, p. 539)

די פראָבלעמ פונ סטעריליזאציע האָט אזוי שטארק באהערשט די געדאנקענ פונ די בורזשואזע געלערנטע, אז מיט איר האָט זיכ באשעפטיקט אפילע דער 7-טער צווישנפעלקערלעכער קאָנגרעס פונ היסטאָריקער, וואָס איז פאָרגעקומענ אינ 1933 י. אינ ווארשע, אונ וועלכער האָט אויסגעהערט, געווידמעט דער דאָזיקער פראָבלעמ, ספעציעלע פאָרטראָגנ פונ פראנצויזישנ געלערנטנ זאָוואָ אונ פונ בעלגישנ געלערנטנ ניזאָ. „סטעריליזאציע, אָנגעווענדעט צוליב עווגענישע צוועקנ, — האָט געזאָגט אינ זײַנ פאָרטראָג ניזאָ, — שטעלט מיט זיכ פאָר א פולשטענדיק נײַעמ מעטאָד. די אלצ וואקסנדיקע פארמערונג פונ פארשיידנארטיקע דעפעקטיווע (tarè) האָט צוגעצויגנ אינ מעשעכ פונ די לעצטע יאָרנ די אויפמערקזאמקײַט פונ די וויסנשאפט-לײַט, וועלכע זעענ אײַנ אינ דער יערושעדיקײַט איינעמ פונ די גרונט-פאקטערנ אינ פארשפרייטנ פיזישע אונ גײַסטיקע דעפעקטנ. די געלערנטע פארנעמענ זיכ מיט אויסזוכנ אמערסטנ ווירקזאמע מיטלענ אפ צו שטערנ די רעפראָדוקציע פונ אזעלכע עלעמענטנ" (VII Congrès International des Sciences historiques, (dysgèniques) N. T. Nisot. Historie internationale de la Stèrilisation humaine, p. 356).
דער פאָרטרעגער האָט, ריידנדיק וועגנ דער פראקטיק פונ אָנווענדנ סטעריליזאציע, פארזיכערט די געלערנטע היסטאָריקער, אז „אירע רעזולטאטנ ווײַזנ זיכ ארויס אפ הײַנטיקנ טאָג פאר באפרידיקנדיקע".

סטעריליזאציע ווערט שוינ פארווירקלעכט אונ סאנקציאָנירט אפ א געזעצגעבערישנ אויפנ אינ א ריי קאפיטאליסטישע מעלוכעס — אינ העכער פונ 20 שטאטנ אינ צאָפנ-אמעריקע, אינ איינִיקע פראָווינציעס פונ קאנאדע, שווייצ, פינלאנד, נאָרוועגיע, דײַטשלאנד... דער גרונט-מאָטיוו פאר פארווירקלעכנ סטעריליזאציע איז דער קאמפ פאר „געזינטער מאכנ די ראסע". וואָס פאר א ברייטע פעלד עס ווערט געעפנט דערבײַ פאר די הערנ „געזונטמאכער" קענ מענ זענ פונ דעמ, וואָס אינ די צאָפנ-אמעריקאנער פארייניקטע שטאטנ דערגרייכט די צאָל מענטשנ, וואָס דארפנ אונטערגעוואָרפנ ווערנ סטעריליזאציע צוליב זייער געפערלעכקײַט פאר דער ראסע, ביז א ציפער פונ... 10 מיליאָנ

מענטשן" (Popenol. Number of Eugenic Sterilisation. „Journal of heredity". 1928, № 19, p. 405—410).

א מוסטער פֿונ באזונדערס אָפֿענעמ אונ קלאסעװ־אנטבלױזטנ אָנװענדנ סטערילִיזאציע שטעלט מיט זיכ פֿאָר דער אנטשפּרעכיקער דײַטשישער געזעצ, װאָס איז ארײַנ אינ קראפֿט אינ 1934 י. לױט דעמ דאָזיקנ געזעצ דארפֿ מענ פּרוכטלאָז מאכנ 400 טױזנט מענטשנ. אײַנפֿירנדיק אָבליגאטאָרישע סטערילִיזאציע פֿאר 9 קאטעגאָריעס פֿונ דער באפֿעלקערונג (שװאכזיניקע, שיזאָפֿרעניקער, צירקולִיארער פּסיכאָז, עפּילעפּטיקער, כאָרײיע (пляска св. Вита), בעיערושע־דיקע בלינדע, טױבע, פֿיזישע קריפּלס אונ שװערע אלקאָהאָליקער). דער פֿא־שיסטישער געזעצ גיט די סאמע ברײטסטע מעגלעכקײַטנ די פֿאשיסטנ אָפּצו־רעכענענ זיכ אפֿנ סאמע ראפֿינירטנ. אונ אכזאָריִעסדיקנ אױפֿנ מיט זײערע סאָנימ. געבנדיק די פֿאשיסטישע עקספּערטנ אנ אומבאגרענעצטע מעגלעכקײַט פֿעסטצושטעלנ די „פּסיכישע מינדערװערטיקײַט", געבנדיק די שעפֿנ פֿונ די טפּיסעס דאָס רעכט צו פֿאָדערנ סטערילִיזאציע לױט זײער אײגענעמ אײַנזענ, איז דער דאָזיקער געזעצ מיט דער גאנצער שארפֿ געװענדעט קעגנ ארבעטער־קלאס אונ קעגנ די ארבעטנדיקע מאסנ.

עס איז גענוג אָנצוװײַזנ, אז אפֿילע דער ענגלִישער קאָנסערװאטיװער זשורנאל "Nature„, װעלכער איז באגײַסטערנדיק געשטימט צו סטערילִיזאציע, איז געצװוּנגענ געװענ צו דערקלערנ אינ א ספּעציִעלנ לײטארטיקל, אז דורכ דעמ גערמאנישנ געזעצ װעגנ סטערילִיזאציע איז „די פּאָליטיש־שטארקע גע־געבנ געװאָרנ די גרױזאמע מעגלעכקײַט אונטערצודריקנ די פּאָליטיש־אונטער־געדריקטע" (State Policies of Eugenic Sterilisation. „Nature", Aug. 1933, p. 221—222).

מיר װעלנ שױנ ניט רײדנ װעגנ דעמ, אז אינ גרונט פֿונ געזעצ װעגנ סטערילִיזאציע ליגט א פֿאלשע פּאָרהאנאָכע, װאָס באזירט זיכ אפֿ די פֿאלשע אײדעס פֿונ די פֿאשיסטישע פֿאלש־געלערנטע אװטאָריטעטנ װעגנ דעמ, אז א פּסיכישע קראנקײַט פֿונ אײנעמ פֿונ די עלטערנ גיט אומבאדינגט דעפֿעקטיװע קינדער (ניט אומזיסט װײַזט מענ אָנ די פֿאשיסטנ. אז װענ מע װאָלט דעמ דאָזיקנ געזעצ אײַנגעפֿירט מיט א יאָרהונדערט פֿריער, װאָלטנ זײַנע קאָרבאָנעס געװענ ניט װינציק פֿאָטערס אונ מוטערס, זײדעס אונ באָבעס פֿונ די גרעסטע געניִאלע געלערנטע, שרײַבער, ארטיסטנ פֿונ 19-טנ י. ה.)...

דאָס שטערט ניט, פֿארשטײט זיכ, היטלערס מיטהעלפֿער פֿונ געלערנטנ צעכ צו אנטװיקלענ די גרעסטע ספּעקולִיאציע װעגנ דעמ, אז דער געזעצ װעגנ סטערילִיזאציע שאפֿט א „נײַע ערע" אינ דער געשיכטע פֿונ דער דײַט־שישער ראסע אונ צו בראװירנ דעמאגאָגיש מיט דעמ, אז דער דאָזיקער געזעצ װעט ברענגענ דער „נאציע" אנ עקאָנאָמיע פֿונ 20 מילִיארד מארק יערלעכ (זע, צ.ב., L. S. Tirola Die Wirtschaftlichen Folgen des Sterilisierungsgesetzes, Volk und Rasse, 1933, Heft 5

מיר האָבנ כאראקטעריזירט א ריי גרונט־אײַנשטעלונגענ פֿונ די אידעאָלאָגנ פֿונ פֿױלנדיקנ קאפּיטאליזמ אינ דער פֿראגע װעגנ „ראסנ־רײנקײַט". זײ פֿירנ אונדז צו הארט צו דער אידײע, װעלכע באקרױנט, אזױ צו זאָגנ, דעמ גאנצנ „ביִאָלאָגישנ װעלט־באנעמ" אונ שטעלט מיט זיכ פֿאָר דעמ לאָגישנ אױספֿיר פֿונ די דאָזיקע אײַנשטעלונגענ.

קעדיי צו פארזיכערנ די אבסאָליוטע „ראסנ-רײנקײַט״ און די אנטשפּרע־כיקע אנטוויקלונג פונעמ „מענטשלעכנ מינ״, וואָס איז פארקערפּערט אינ דער געגעבענער ראסע, איז ניט גענוג צו פארווערנ געמישטע כאסענעס, פרעמירנ די, וואָס האָבנ אסאכ קינדער און קאסטרירנ עטלעכע הונדערט טויזנט „מינדער־ווערטיקע, מע דארפ אינ אלגעמײנ מאכנ א סאָפ צו דער „סטיכיע״ אינ קינדער־האָבנ און איבערגײנ צו א פּלאנמעסיקער „מענטשנצוכט״, אָרגאניזירט לויט אלע געזעצנ פונ דער ראסיסטישער וויסנשאפט...

דער פּוילישער ליטעראטער ספּאסאָווסקי האָט ארויסגעגעבנ אינ 1933 י. א דיקנ בוכ, וואָס אנטהאלט אינ זיכ א שארפע קריטיק פונ קאפּיטאליזמ און דריקט אויס סימפּאטיע דעמ לאנד פונ די סאָוועטנ און דער זאכ פונ לענינענ. אָבער זײַענדיק ווײַט פונ ווירקלעכנ פארשטײנ דעמ מארקסיזמ־לעני־ניזמ, פארבינדט דער אווטער זײַנע האָפענונגענ בענעגײע דער ענדערונג פונ דער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג מיטנ איבערגאנג... פונ סטיכיײשנ צומ פּלאנ־מעסיקנ קינדער־געבאָרנ. „די מאסנ,—דערקלערט ער,—הײבנ אָנ צו פארשטײנ, אז אדאנק דער אומאָרדענונג, פּלאנלאָזיקײַט, וואָס האָט ביז איצט געהערשט אינעמ אויפנ פונ פארמערנ זיכ, האָבנ זיכ אָנגעקליבנ אזויפיל פיזיש־דעגענע־רירטע, פארקריפּלטע, צעקאליעטשעטע, קרענקלעכע און שלעכטע טיפּנ, און די קאפּיטאליסטישע אָרדענונג האָט נאָכ דערצו זיי אזוי מאָראליש פארקריפּלט, אז דער פּאָנעמ פונ דער מענטשהײַט זעט איצטער אויס זייער פארקרימט״. א רעטונג צו די גרויזאמקײַטנ פונ דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג זוכט דער אווטער—דער טיפּישער קלײנבירגערלעכער אינטעליגענט און עקלעקטיקער—אפ די וועגנ... פונ פארווערנ כאסענע האָבנ יענע פּערזאָנענ, וועלכע „האָבנ ניט קײנ גענוגנדיקע קוואליפיקאציע אפ צו געבאָרנ געזונטע און פעסטע קינ־דער״. ער גלויבט אופריכטיק און נאַיִוו, אז גאָר אינגיכנ וועלנ פארווירקלעכט ווערנ די מאָסמיטלענ אפ אײַנצופירנ אנטראָפּאָטעכניק און „די געזעלשאפט וועט אײַנשטעלנ באדינגונגענ פאר ראציִאָנעלער קינדער־פארמערונג (plodzenie dzieci), באזירט אפ ביִאָלאָגישע, אנטראָפּאָלאָגישע און סאָציִאָלאָגישע האַ־נאָכעס״ (Wlad Spasowski. Wyswolenie Człowieke. Nakład F. Hoesicka, Warszawa 1933, p. 291.

דער דאָזיקער בײַשפּיל ווײַזט, וואָס פאר א גרויסע פארשפּרייטונג עס האָבנ אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער די אידייעלעכ פונ איבערגײנ צו פּלאנירטנ קינדער-האָבנ, אלס א מיטל אפ ארויסגײנ פונ קריזיס, אידייעלעכ, וואָס ווערנ זייער שטארק קולטיווירט אינ דער לעצטער צײַט דורכ דער בורזשואזיע.

די אידייע פונ „מענטשנצוכט״, וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר א דאנקבארע טעמע פאר א פעליעטאָניסט, האָט געקענט אופקומענ נאָר אינ די מויכעס פונ די עקספּלואטאטערנ, וועלכע פארלירנ דעמ באָדנ אונטער די פיס. נאָר אידעאָלאָגנ פונ קאפּיטאליסטישנ אונטערגאנג קאָנענ מיט דער גאנצער פּראָפעסע־רישער ערנסטקײַט שרײַבנ געלערנטע טראקטאטנ וועגנ דעמ. א ניט איבערגעשטיגענעמ מוסטער פונ אזעלכע ווערק שטעלט מיט זיכ פאָר דער בוכ פונ פּראָפעסער פונ פילאָסאָפיע אינ לייפּציגער אוניווערסיטעט ערנסט בערגמאנ „דערקענטעניש־גײַסט און מוטער־רעכט״ (Prof. D-r Ernst Bergmann, Erkenntnisgeist und Mutterrecht. Eine Soziosophie der Geschlechter, Verl. Hirt, Breslau, S. 448). דער אָרגאנ פונ דער שווערער רײנישער אינדוסטריע

„רײניש װעסטפאלישע צײַטונג" האָט װעגנ דעמ דאָזיקנ בוכ געשריבנ, אז אימ דארפ שטודירנ יעדערער, װעלכער איז בארופנ צו אָנטײלנעמענ אינ אופשטעלנ אונ ראטעװענ דאָס דײַטשישע פאָטערלאנד. מיר האָבנ דעריבער נאָכ מער גרונט עטװאָס גענױער צו באקאָנענ זיכ מיט די גרונט-אידײענ פונעמ דאָזיקנ בוכ.

די מאָדערנע מענטשהײַט געפינט זיכ אינ א צושטאנד פונ פארצװײפלטנ קאמפ, װאָס עס פירנ צװישנ זיכ די אָנצאָליקע „נאציאָנאלע אונ ראסעװע אינדיװידואליטעטנ" פונ דער ערד. דער דאָזיקער קאמפ, װעלכער איז אונטערגעװאָרפנ אלע געזעצנ פונ נאטור־אָפקלײַב, װעלכער צערוינירט ביזנ גרונט די רעליגיע אונ טויט אָפ די אילוזיעס פונ 19 י. ה. (religionszersterenden und illusionenmordenden den 19. Jahrhundert) האָט זיכ פאנאנדערגעפלאקערט מיט דער גאנצער ביאָלאָגישער שארפקײַט אונ נאטירלעכער אנטבלויזיקײַט. זיגנ אינ דעמ דאָזיקנ קאמפ װעט יענע ראסע, װעלכע װעט זיכ ארױסװײַזנ פאר א שטארקערער אונ רײנערער. פונ דעמ דאָזיקנ אומפארמײַדלעכנ פינאל װעט די מענטשהײַט ניט קענענ ראטעװענ ניט די פעלקער-ליגע, ניט פאנ־אײראָפע, ניט דער פאציפיזמ. אפ די רוינענ פונ דער װעלט װעט אװעקשטעלנ איר זיגבארע פאָנ יענע ראסע, װעלכע װעט זיכ ארױסװײַזנ פאר דער סאמע שטארקער, סאמע אײדעלער, סאמע געבילדעטער פאָלק-כײַע אפ דער ערד (das stärkste, edelste und intelligentenste Volkstier). דײַטשלאנד — דאָס הארצ פונ אײראָפע — האָט ניט בא איר איצטיקער לאגע (געשריבנ פאר דער „נאציאָנאלער רעװאָליוציע") קײנ אויסזיכטנ צו זײַנ דאָס זיגער־פאָלק. זי איז צעריסנ פונ די ברידערלעכע צװישנקאמפנ אונ פונ דער מילכאָמע צװישנ די װעלט-אנשױונגענ. זיגנ װעט דערפאר אנ אנדער פאָלק, מעגלעכ אפילע א ניט אײראָפײיִשעס, װאָס װעט פארװאנדלענ די גאנצע קולטורעלע װעלט אינ רויכ אונ אש. קעדײ דאָס זאָל ניט פאָרקומענ, דארפ מענ שאפנ א דאָר, װאָס איז פײִיק צו זיגנ אינ דער דאָזיקער אומבארעכמאָנעסדיקער מילכאָמע, װעלכע װיקלט זיכ שוינ פאנאנדער. דער דאָזיקער דאָר װעט קאָנענ אופקומענ, אויב מיר װעלנ זיכ זעגענענ מיט דער טראדיציאָנעלער אידײע פונ סטיכײיִשנ קינדער-געבורט אונ װעלנ אריבערגײנ צו אָרגאניזירטער מענטשנצוכט.

דער לײפציגער פראָפעסער לאכט בײַז אויס יענע נאיװע מענטשנ, װעלכע האלטנ אדאנק זײער נאיִװיטעט, אז קינסטלעכ פארמערנ קענ מענ נאָר טיול־פאנענ אָדער קאראקולענע שעפסלעכ. מע דארפ צעשטערנ די דאָזיקע גרויס־האלטערישע מײנונג װעגנ זיכ, װעלכע האָט קרעדיט צװישנ דער מערהײַט, „לעהײפעכ צו דארװינענ". מע דארפ איבערגײנ צו די זעלביקע מיטלענ אפ צו פארמערנ מענטשנ, װי דאָס װערט פראקטיקירט אינ באצוג צו טיולפאנענ אונ שעפסנ, װײַל א פאָלק, װאָס האָט אנ איבערפלוס פונ קינדערלאָזע פרויענ, פונ אלטע מוידנ, פראָסטיטוטקעס אונ אנטױשטע מענערארטיקע פרויענ, געפינט זיכ אפנ ראנד פונ אונטערגאנג. װײַל אויב א מוטער װערט פארװאנדלט אזוי װי ניאָבע אינ א שטײנ, װעט דאָס פאָלק ניט קענענ געראטעװעט װערנ ניט פונ קײנ דוטשע אונ ניט פונ קײנ גאָט. די אײנציקע רעטונג באשטײט אינ דעמ, אז די פרוי זאָל זיכ אומקערנ צו איר נאטירלעכנ בארופ — זײַנ א מוטער, אז די מעלוכע זאָל אריבערגײנ צו קינסטלעכער פארמערונג פונ מענטשנ לויט די אלגעמײנע פרינציפנ פונ זאָאָטעכניק. „דער מענטש האָט זיכ בא דער איצ־

טיקער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג פארנומענ מיט פיצוכט, אָבער ער האָט זיכ קיינמאָל ניט פארנומענ אונ האָט זיכ ניט געקענט פארנעמענ מיט מענטשנצוכט, כאָטש דאָס וואָלט אימ געווענ נייטיקער, איידער די פי, וואָס האָט צו אימ געהערט — וועגנ דעמ זאָגנ איידעס אונדזערע טורמעס, מעשוגאָימ־הייַזער, אונדזער גאנצע קולטור... איז וואָס־זשע, — וועלנ אנדערע אויסשרייַענ, — וועט דעמלט זייַנ מיט דער ליבע? — גאָט מייַנער, וואָס־זשע קומט מיט איר איצטער פאָר? ווו־זשע האָט מענ אינ אונדזער מאטעריאליסטישער צייַט כאסענע צוליב ליבע?...” (Ernst Bergmann, Op. cit. S. 443-4).

אזוי זעט אויס אינ זייַנ גאנצער פארענדיקטקייַט אונ לאָגישער קאָנסעקווענטקייַט דער „ביאָלאָגישער וועלט־באנעמ” פונ די מאָדערנע עפיגאָנענ פונ דער בורזשואזער פילאָזאָפיע, פאר וועמענ די מענטשלעכע געזעלשאפט איז נאָר א טשערעדע פונ א געוויסנ ארט פי. זייער „פי־אידעאָלאָגיע” פראָפאגאנדירט צו שאפנ אזא געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, וואָס אירע דרייַ זייַלנ זאָלנ זייַנ: א קאָנצענטראציע־לאגער, א קלויסטער אונ אנ אוניווערסאלער אופפאָרונג־פונקט פאר טיולפאנעס, שעפסנ אונ מענטשנ... די פאשיסטנ האָבנ שוינ זיכ דערשלאָגנ צו אייניקע דערגרייכונגענ אפנ וועג פונ פארווירקלעכנ דעמ דאָזיקנ אידעאל...

נאָר א בלינדער וועט ניט אייַנזענ אינ די דאָזיקע אלע פילאָזאָפיעס פונ מענטשנצוכט, הינטער דער דאָזיקער אמעראצישער אבראקאדאברא פונ די טעאָרעטיקער פונ „ביאָלאָגישנ וועלט־באנעמ”, דעמ קלאסנ־פאָנעמ פונ עקספלואטאטער, וועלכער האָט זיכ אפ טויט דערשראָקנ פאר דער אופשטייַגנדיקער רעוואָליוציאָנערער כוואליע אונ לאווירט, זוכנדיק א רעטונג...

ווי עס זאָלנ זיכ ניט אָנשטרענגענ די אידעאָלאָגנ פונ פוילנדיקנ קאפיטאליזמ צו דערווייַזנ, אז קלאסנ דאָס איז „א מארקסיסטישער מיפ”, אז די געשיכטע פונ דער מענטשהייַט איז „געשיכטע פונ קאמפ צווישנ ראסעס”, וויפל זיי זאָלנ ניט שרייַבנ וועגנ אנ „אייַנהייַטלעכער”, וועגנ א „טאָטאלער”, וועגנ א „מאָנאָליטער” ראסע, נעמענ זיי אליינ דאָס ניט ערנסט. אָפנארנדיק דעמאגאָגיש די מאסנ אונ דינענדיק מיט דעמ דעמ פינאנצ־קאפיטאל, פארגעסנ זיי קיינ איינ מינוט ניט, אז זייער בארימטע אייַנהייַטלעכע ראסע באשטייט פונ א „ראסע” פונ עקספלואטאטערנ אונ א „ראסע” פונ עקספלואטירטע, אז מע דארפ טעאָרעטיש דינענ דער ערשטער אונ מיט דעמ העלפנ פראקטיש צו אונטערדריקנ די צווייטע „ראסע”... אזוי פלאפלט אָפטמאָל מענ גאנצ אָפנ ארויס, ווי, צומ בייַשפיל, שפענגלער אינ זייַנ לעצטנ בוכ „יאָרנ פונ אנטשיידונג”, וואָס איז אפ דורכ אונ דורכ געדרונגענ מיטנ סאמ פונ פייַנטשאפט צו דער „ראסע” פונ פראָלעטאריאט: „אינ דער אָדער יענער שטופע זייַנענ דאָס אלע „אויסוואורפנ”, מענטשנ, בא וועמענ איר קאָנט קאָנסטאטירנ אָנשטאָט א ווירקלעכער ראסע נאָר בייזקייַט אונ נעקאָמע־געפיל. אינ קאָפ בא זיי זייַנענ פאראנ נאָר בייזע געדאנקענ וועגנ דעמ ניט געלונגענעמ לעבנ. פארנ סאמע וויכטיקנ טייל פונ קערפער האלטנ זיי די צונג. די דאָזיקע לומפנ פונ די גרויסע שטעט, דער דאָזיקער עמעסער פלעבס, די דאָזיקע ווירקלעכע נידעריקע שיכטנ פונ דער געזעלשאפט, וואָס פילנ א שטענדיקנ האס צו אלעמ גרויסנ אונ אונ אייִדעלנ אפ דער וועלט” (Osw. Spengler. Jahre der Entscheidung. Verl. Beck. München. 1933. S. 67.)

קעגן דער פלעבייִישער „ראסע" פון די פּראָלעטארישע „לומפּן" שטעלן די הערן שפּענגלערס ארויס די אריסטאָקראטישע „ראסע" פון זייערע באַלע־באטים, בא וועמען עס איז „אַן איידעלער אינטעליגענטער פּאָנעם, א שמאָלע פּוס, א שיינער גאנג". שפּענגלער האָט צו אָפּן ארויסגעזאָגט דאָס, וועגן וואָס עס טראכטן, אָבער עס באהאלטן צענדליקער אנדערע „ראסיסטישע" טעאָרע־טיקער. זייערע זאָרגן וועגן „ראסן-ריינקייט" באטייט נאָר זייער אומרו פארן גורל פון זייער קלאס. און דעם דאָזיקן אומרו גיט זיך זיי ניט איין צו באַ־האלטן... איינער פון די אָנפירנדיקע ראסיסטישע אָרגאנען, דער דייַטשישער זשורנאל „פאָלק און ראסע" גיט זייער בוילעט איבער דעם דאָזיקן אומרו־גע־פיל. „די צאָרע איז ניט אין דעם, וואָס עס פאלט דאָס קינדער־האָבן, — דערקלערט דער זשורנאל, — די צאָרע ליגט אין דעם, וואָס דאפקע אונדזערע פרויען, די פרויען פון דעם פולווערטיקן, פון קולטורעל-פירנדיקן, פון סאָציאַל-העכערשטייענדיקן געזעלשאפטלעכן שיכט... אָדער זיי געבאָרן גאָר קיין קינ-דער ניט, אָדער באגרענעצן זיך מיט געבאָרן ניט מער, ווי צוויי קינדער". די נידעריק-שטייענדיקע סאָציאַלע־שיכטן גיבן אָבער דער געזעלשאפט א גראנ-דיעזע סומע פון מינדערווערטיקע דעפעקטיווע דעגענעראטן (עס ווערט גע־בראכט „אַן אָביעקטיווע" סטאטיסטישע טאבעלע וועגן דעם, אז די היימען פאר שוואכזיניקע און די הילפ־שולן ווערן אָפּ 80% פארפילט מיט פּאָר־שטייער פון די „נידעריקע שיכטן", דערביי ווערט שווינדלעריש איגנאָרירט דער פאקט, וואָס די דאָזיקע „נידעריקע" שיכטן באטרעפן מער ווי 80% פון דער גאנצער באפעלקערונג, און אז די „פולווערטיקע, פירנדיקע העכערע שיכטן" האלטן ניט זייערע דעגענעראטן אין די געזעלשאפטלעכע היימען פאר אינוואלידן). און אליארמירן איז טאקע פאראן צוליב וואָס: „אויב די קולטורעלע און פירנדיקע שיכטן פון דייַטשישן פאָלק וועלן אין מעשעך פון די נאָענט-סטע יאָרן ניט ארויסברענגען און ניט אויסהאָדעווען גענוג קינדער, וועלן מיר, ניט געקוקט אף אלע אויסערלעכע און אינעווייניקסטע פּאָליטישע דערפאָלגן, און אף דעם גאנצן שייַנבארן קולטורעלן גלאנץ, אומפארמיידלעך אונטערגיין" (L. G. Tirola. Die biologische Erneuerung des deutschen Volkes. Volk und Rasse. 1933, № 3, S. 114—115).

דעם זעלבן אומרו פארן גורל פון זייַן קלאס האָט אויסגעדריקט די ארויס־טרעטונג פון באוווסטן ענגלישן ביִאָלאָג פּראָפּ. העקסלי.

„ווענדעט די אופמערקזאמקייַט אף דעם, וואָס עס קומט פּאָר אין אלע גרויסע לענדער, האָט געזאָגט העקסלי, די וואָס זייַנען אמנידעריקסטן געפאלן צוליבן פעלן פון מיטלען, האָבן די גרעסטע פאמיליעס. דאָס זייַנען די אמערסטן אָרעמע און אמווייניקסטן באגאבטע שיכטן. און אין דער זעלבער צייַט, ווען אנדערע שיכטן פון דער באפעלקערונג באגרענעצן די געבורטיקייַט, פארמערט זיך דער דאָזיקער קלאס מיט אן אומגעווייינלעכער גיכקייַט... מע דארף ניט דערלאָזן רעפּראָדוצירן מינדערווערטיקע מענטשן. פון דער צווייטער זייַט, דארף מען סטימולירן די רעפּראָדוקציע פון געלונגענע אינדיווידומען".

אזוי ווערן פאנאנדערגעשיפרירט די אלע פילצאָליקע שרייַבעכצן פון די טעאָרעטישע לאנד-קנעכט פון שטארבנדיקן קאפיטאליזם, וועלכע פּרוּוון אונ-טער דער פּויקערייַ פון דער פאשיסטישער ראסן-קענטעניש „ביִאָלאָגיש-באַ-נייַען" דעם קלאס פון זייערע באלעבאטים און, אריינגיסנדיק אין אים פרישע

בלוט, מאכן אים מער פייִיק צום קאמף קעגן פּראָלעטאריאט. דאָס זײַנען לעכערלעכע און נעבעכדיקע פּרוּוון פון די מעשאָרסים פון א קלאס, וואָס זײַן אונטערגאנג איז באַדינגט דורכן גאנג פון די היסטאָרישע געשעענישן, דורך די קויכעס־פאַרהעלטענישן אף דער איצטיקער פּאָליטישער ארענע!

די ראסן-פּראָפּאגאנדע פון פאשיזם האָט, ווי מיר האָבן שוין געזען, איי־ניקע גרונט-אײַנשטעלונגען, וואָס באַשטימען דעם כאראקטער אירן.

זי האָט, ערשטנס, א ציל „וויסנשאפטלעך" צו באַגרינדן און דערמיט סאנקציאָנירן די קאָלאָניזאטאריש-לײַבייגנטימערישע פּאָליטיק פון די אימפּע־ריאַליסטן. ווי עס איז באוווּסט, האָט טאקע די דאָזיקע אופגאבע באַדינגט מיט זיך דאָס אופקומען פון ראסיזם זעלבסט, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט אין די ארבעטן פון זײַנע גרונטלייגער — ראָבינאָ, טשעמבערלען, ליאפּוזש, קעדיי צו פארווירקלעכן די דאָזיקע אופגאבע, דערווײַזן די ראסיסטן, אז די פעלקערשאפטן, וועלכע זײַנען אן אָביעקט פון דער אימפּעריאַליסטישער עקספּלואטאציע, שטעלן מיט זיך פאָר נידעריקע פּרימיטיווע אומפייִיקע ראסעס, צוליב זייער בּיאָ־ראסעווג כאראקטער און דער קולטורעלער אנטוויקלונג, אז די דאָזיקע ראסעס זײַנען פאַרורטיילט צו געפינען זיך אין דער לאגע פון אָנגעפירטע דורך די העכערע „הערשנדיקע ראסעס". די דאָזיקע טעאָריע פון אײַנגעבאָרענער און ראסעווע־באַדינגנטער ווילדקײַט האָבן אין זייער צײַט שארף קריטיקירט די מער־ווייניקער געוויסנהאפטע געלערנטע, ווי, צ. ב., ראט־צעל, קעטנער, הערץ און אנד. דאָס שטערט אָבער ניט די מאָדערנע ראסאָ־לאָגן צו פארנעמען זיך מיט פּראָפּאגאנדירן זי.

די ראסן-פּראָפּאגאנדע פון פאשיזם האָט, צווייטנס, א ציל צו באַגרינדן „ביאָלאָגיש" דעם קריגערישן נאציאָנאַליזם פון פינאנץ-קאפּיטאל, זײַן אימפּע־ריאַליסטישע אגרעסיווקײַט. זי האָט א ציל צו דערווײַזן די פּאָרצוגן פון זייער „אייגענער" נאציע אין פארגלײַך מיט אנדערע, און פון דעם דארף ארויס־דרינגען די „גערעכטיקײַט" פון די רויבערישע מילכאָמעס, וואָס ווערן צו־געגרייט דורכן פאשיזם. טאקע די דאָזיקע שטרעבונג רופט ארויס די ראסיס־טישע פּלוידערײַען וועגן דער צאָפנדיקער ראסע, וועגן די פון גאָט אויסדער־ווײלטע אריִער און אנדערע, וועלכע מיר האָבן פריִער דעמאָנסטרירט. די ראסן־פּראָפּאגאנדע פון די פאשיסטן טראָגט א בוילעט-אויסגעדריקטן, אנטיסאָווע־טישן, אינטערווענציאָניסטישן כאראקטער.

די ראסן־פּראָפּאגאנדע פון פאשיזם האָט, דריטנס, א ציל צו דערווײַזן, אז אינעווייניק אין דער געגעבענער מעלוכע זײַנען פאראן „פּרעמדראסעווע" עלעמענטן, וואָס טוען אָן שאָדן דער מעלוכע, וואָס גראָבן אונטער איר מעכטיקײַט, וואָס ווירקן נעגאטיוו אף דער הערשנדיקער ראסע. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אן אַלטן מיטל פון פּרוּוון אָפּוועגדן די מאסן פון קלאסנקאמף. די אמעריקאנער ראסיסטן נוצן ברייט אויס פאר אזא „קלאסעווע דונער-אָפּציִער" די נעגערס, די דײַטשישע ראסיסטן—די ייִדן. אין אמעריקע ווערן ברייט פּאָפּולאריזירט די טעאָריעס פון גראנט און סטאָדארט וועגן דעם „געבאָרענעם פּרימיטיוויזם" פון די נעגערס, וועגן זייער „אינטעלעקטועלער ניט-גענוגנדיקײַט", וועגן דעם פעלן פון טאָרמאָזירונג, וועגן זייער פאטאלאָגישער סעקסואליטעט און אז. וו. אין דײַטשלאנד פארפלייצן לעגנדעס און גיוגטערס שווינדלערישע אויסטראכטע־נישן דאָס לאנד מיט א ברייטן שטראָם פון אנטיסעמיטישער, קלוימערשט,

װיסנשאַפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע. דער פּראָפ. לאַמאַנג האָט אין זײַן בוך „ביִאָלאָגיע און לעבן פֿון דער הײַנטצײַטיקײַט" מיט באַגײַסטערונג דערקלערט, אַז אויב אין דער צײַט פֿון זײַן יוגנט האָבן די שול־קינדער פֿאַרנומען זיך מיט לייענען קינסטלערישע װערק פֿון גרילהאַרצער אָדער בערנסאָן, זײַנען זיי איצטער פֿאַרטיפֿט אין לייענען און שטודירן די ראַסן־קענטעניש פֿון גיונטער (Rassenkunde des jüdischen Volkes von D-r Hans F. R. Günther. Lehmanns Verl. München 1930, S. 346). פֿון פּראָפ. גיונטערס ראַסן־קענטעניש דערװיסן זיי זיך, אַז די ייִדן קאָנען מען אפֿילו ניט האַלטן פֿאַר אַ ראַסע, װײַל זיי שטעלן מיט זיך פֿאָר „אַ ראַסן־געמיש" פֿון צװייטער אָרדענונג (Rassengemisch zweiter Ordnung). זיי דערלערנען די ספּעציפֿישע אייגנשאַפֿטן פֿונעם דאָזיקן „ראַסן־געמיש" מיט דער הילף פֿון סכעמאַטישע געמעלן פֿון „ייִדישן נאָז" און שטרענג־װיסנשאַפֿטלעכע כאַראַקטעריסטיקעס פֿון דעם ייִדישן „קײַלעכדיקן רוקן". זיי דערװיסן זיך פֿון פּראָפ. גיונטערס „װערק", װעלכע זײַנען אָבליגאַטאָרישע לערנביכער אין די מיטלשולן און הויכשולן און װערן אויך פּאָפּוליאַריזירט אין די מאַסן־שולן, אַז די ייִדן צייכענען זיך אויס מיט זייער נידעריקן װוּקס, מיט אַן אַראָפּהענגענדיקער אונטערשטער ליפּ, מיט אַן אַרויסטאַרטשענדיקן קין, מיט טאַרטשענדיקע אויערן, אַז עס עקזיסטירן ספּעציִעלע פֿאָרמעס פֿון „ייִדישער קערפּער־באַװעגונגען, אַז זייער ריידן צייכנט זיך אויס מיט זײַן שעפּעליאַװען (das mauscheln), אַז די ייִדן האָבן אַ ספּעציפֿישן גערוך (odor Judaeus), אַז זיי קרענקען װיניציקער פֿון אַנדערע אָפּ לונגען־אָנצינדונגען, טיפֿוס, מאַליאַריִע, טשומע, פּאָקן אָבער מער פֿון אַנדערע אָפּ האַרץ־קראַנקײַטן, קרעבס, גײַסטיקע קראַנקײַטן און פּראָגרעסיװן פּאַראַליטש. דאָרטן װערט אויך פֿעסטגעשטעלט, אַז די ייִדן האָבן אַן אײַנגעבאָרענע נייגונג צו סוטענערײַ, צו פֿרויען־האַנדל, צו פֿאַרשפּרייטן פּאָרנאָגראַפֿישע בילדער. דאָס אַלץ װערט אונטערגעטראָגן אונטער דער מאַסקע פֿון װיסנשאַפֿט און װערט אונטערגעשטיצט מיט פּילצאָליקע ציטאַטעס, דיִאַגראַמעס, טאַבעלעס. די סטודענטן דערלערנען לויטן פּאָרטרעט פֿון סטעפּאַן צװייג אַ פֿאָדער־אַזיִאַטישן טיפּ פֿון אַ ייִדן, לויטן פּאָרטרעט פֿון העינריך היינע — אַ צאָפֿן־מיזרעכדיקן ייִדישן טיפּ, לויטן פּאָרטרעט פֿון קאַרל ראַדעק — אַ מיזרעכדיקן ייִדישן טיפּ, לויט מעטשניקאָװס פּאָרטרעט — אַ טיפּ פֿון אַ האַלבן ייִדן. די װילדע פֿאַנטאַזיע פֿון די האַלב־גראַמאָטנע צאַרישע שװאַרצמייעניקעס שמאַקאָװ און זאַמיסלאָװסקי לעבן אויף אין די „װערק" פֿון די ראַסיסטן, װאָס גיבן זיי צו שװינדלערישע אַ קלוימערשט װיסנשאַפֿטלעכע פֿאָרמע. קעדיי צו געבן אַ קלאַסעװע כאַראַקטעריסטיק די דאָזיקע „װערק", איז ניט אומינטערעסאַנט צו אָנװײַזן, אַז עס עקזיסטירט, פֿונדעסטװעגן, איין טייל פֿונעם ייִדישן „ראַסן־געמיש", װעגן װעלכן די ראַסיסטן ריידן אין גאַנץ מיטפֿילנדיקע, אפֿילו װאַרעמע טענער... דער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיט גיונטער רעדט מיט באַגײַסטערונג װעגן דעם, אַז „אַ װירדיקע לייזונג פֿון דער ייִדישער פֿראַגע ליגט אין דעם, אַז די ייִדן זאָלן זיך אָפּטיילן פֿון די ניט־ייִדן, װי דאָס פֿאָדערט דער ציִוניזם (Hans Günther. Rassenkunde Europas, S. 73).

אַ צװייטער געלערנטער פֿאַגראָמטשיק פֿרידריך לענץ דערקלערט, אַז ער האַלט „פֿאַר ניט אומעגלעך, אַז די ציִוניסטישע באַװעגונג, װעלכע װיל אין גרונט פֿון דער אַלגעמיינקייט פֿונעם שיקזאַל שאַפֿן אַן אַלגעמיינקײַט פֿון די ייִדן לויט דער אָפּשטאַמונג און בלוט, זאָל ברענגען אַ רעטונג פֿאַרן ייִדנטום"

(Prof. D-r Fr. Lenz. Menschliche Auslese und Rassenhygiene, S. 143). אָט איז ווירקלעכ א קלאסישער מוסטער פונ קלאסעווער סאָלידאריטעט צווישנ די עקספלואטאטערנ, וואָס עס קענ ניט פארשטעלנ קיינ שום ראסיסטישע פלאפלערײַ...

די ראסנ־פראָפאגאנדע פונ פאשיזמ שטעלט זיכ, פערטנס, אזא אופגאבע, וואָס די לעצטע צײַט הייבט זי אָנ אָפנעמענ אסאכ ענערגיע בא די ראסיסטנ. דאָס איז, בעמלעכ, דערווײַזנ, אז די סאָציִאל־דיפערענציִאציע פונ דער געזעלשאפט איז באדינגט פונ דער ראסעווער דיפערענציִאציע. אנדערש גערעדט, אז די ראסנ־פולווערטיקע עלעמענטנ זײַנענ „געזעצמעסיק” די אָנפירנדיקע, הערשנדיקע, אונ די ראסעווע מינדערווערטיקע „צווייטראנגיקע” עלעמענטנ געפינענ זיכ פונקט אזוי געזעצמעסיק אינ א לאגע פונ אונטערדריקטע... מיט איינ וואָרט, די ראסיסטנ פרוּװנ אופלעבנ אפ זייער וויסנשאפטלעכנ זשארגאָנ די טעאָריעס פונ אריסטאָטעלנ, וועלכער האָט באהויפטעט, ווי עס איז באוווּסט, אז די שקלאפערײַ איז באגרינדעט אפנ געזעצמעסיקנ אונטערוואָרפנ די מינדערווערטיקע ווארווארנ צו די פולווערטיקע עלינער... דעמ דאָזיקנ געדאנק האָט אינ זײַנ צײַט אונטערגעכאפט איינער פונ די „גרונטלייגער” פונ ראסיזמ—ליאפוזש, וועלכער האָט דערוויזנ, אז דער הויפטלעכער סאָציִאלער געזעצ באשטייט אינ אונטערוואָרפנ די מינדערווערטיקע צו די פולווערטיקע. די מאָדערנע גיונטערס, לענצס אונ באזלערס דערווײַזנ אומדערמידלעכ, אז אינ די אויבערשטע „אָנפירנדיקע” שיכטנ פונ דײַטשישנ פאָלק האָט זיכ „די צאָפנ־בלוט” אײַנגעהיט אינ אסאכ א גרעסערער שטופע, איידער בא די נידעריקערע שיכטנ. לענצ, צ. ב., דערקלערט, אז די פאָרשטייער פונ די העכערע שיכטנ צייכענענ זיכ אויס מיט א העכערנ וווּקס, אונ אז „דאָס הענגט אומבאדינגט אָפ ניט פונ א בעסערער דערנערונג אינ דער יוגנט, נאָר טיילווײַז פונ א גרעסערנ אָנטייל פונ דער צאָפנדיקער ראסע”. דער גרויסער פארנעמ פונ קאָפ, מער שמעלערע באקנביינער, וויניקער ארויסטארטשענדיקע קינביינער—די דאָזיקע אלע סימאָנימ פונ דער צאָפנדיקער ראסע באגעגענענ זיכ בא די נידעריקערע שיכטנ פיל זעלטענער איידער בא די העכערע. די העכערע שיכטנ זײַנענ, אדאנק זייערע צאָפנ-ראסעווע אייגנשאפטנ, כאראקטעריסטיש מיט זייער רויִקייט, אויסגעהאלטנקייט, ציל־געוועגדטקייט. וואָס איז שייעכ די איבעריקע שיכטנ, איז אדאנק דעמ, וואָס די דאָזיקע אייגנשאפטנ פעלנ בא זיי, צייכענענ זיי זיכ אויס מיט זייער אומפאָרזיכטיקייט. „אדאנק דער דאָזיקער גײַסטיקער קאָנסטיטוציע, וועלכע קענ פאר קיינ פאל ניט געענדערט ווערנ דורכ דערציִונג, ווערנ אזעלכע מענטשנ שטענדיק אנ אָביעקט פונ עקספלואטאציע, זאָל עס זײַנ פונ קאפיטאליסטנ אָדער דעמאגאָגנ. געפינענדיק זיכ אונטער דער ווירקונג פונ מאָמענט, פארבלענדעטע פונ מיראזש אונ אונטערגעקויפטע פונ ווערטער, דערמאָנענ זיי מיט זייער אופירונג די דאָרעמדיקע אור-ראסעס” (דאָרטנ, ז. 87—88).

אָט וויִאזוי עס ווערט פארווירקלעכט די „ראסעווע” באגרינדונג פונ קלאסנ-הערשאפט פונ די עקספלואטאטערס. די עקספלואטאטערנ ווערנ פראָקלאמירט פאר די טרעגער פונ אלע פיזישע אונ גײַסטיקע צאָפנ־ראסעווע אייגנשאפטנ, די עקספלואטירטע מאסנ ווערנ באטראכט, ווי אינפאנטילע, האלב-

ווילדע, אור-ראַסעווע, וואָס נייטיקנ זיכ אינ אופזיכט. אזא אופזיכט איז, נאַטירלעכ, דער פאשיזמ.

די ביִאָלאָגישע מינדערווערטיקײַט פונ די „נידעריקערע שיכטנ" ווערט דערוויזנ דורכ די ראַסיסטנ מיט דער הילפ פונ א גאנצנ ארסענאל פארשיידנ-ארטיקע מאָטיוונ. מיר האָבנ דאָ סײַ אנטראָפּאָלאָגישע אויסמעסטונגענ, מיט וועמעס הילפ עס באַווײַזט, צ. ב., ניצעפאָראָ, אז דער פארנעמ פונ קאָפּ פונ 12-יאָריקע קינדער בא פארמעגלעכע עלטערנ דערגרייכט ביז 53,5 סאַנטימעטער אונ בא ניט-פארמעגלעכע — 52,5 סאַנטימעטער (Niceforo. Antropologie der nichtbesitzenden Klassen, ציטירט לויט לענצ, אָנגעוויזענע ווערק, ז. 68). לויט באַזלערנ איז באמ העכערנ קלאַס „א מער איידעלער געבוי פונ די ביינער".
מיר האָבנ דאָ אויכ א באַווײַז, אז די קינדער פונ ניט-פארמעגלעכע עלטערנ זײַנענ אינטעלעקטועל אָפּגעשטאנענ. לענצ, צ. ב., שטעלט פעסט, אז אינ די אומזיסטע שולנ בלײַבנ אפ א צווייטנ יאָר 3 מאָל מער קינדער, איידער אינ די שולנ, ווו מע צאָלט. דער זעלבער לענצ פראָקלאמירט פײַערלעכ, אז צווישנ די קינדער פונ די אומזיסטע שולנ, וועלכע ער האָט אויסגעפאָרשט, האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ 2,9 פראָצ. צוגעפאסטע אפ איבערצוגיינ אינ דער מיטלשול, אינ דער צײַט, ווענ אינ די שולנ, ווו מע צאָלט, דערגרייכט דער דאָזיקער פראָצ. ביז 11,5 אונ אז. וו. מיט אנ ענלעכער סטאטיסטיק פארנעמט זיכ אויכ הארטנאק אינ זײַנ ביכל „וועגנ די נאטירלעכע גרענעצנ פונ בילדונג". דאָ געפינענ מיר סײַ א נידעריקנ פראָצענט פונ אָרעמע קינדער אינ די שולנ פאר באַגאבטע, סײַ דאָס איידעס-זאָגנ פונ די פראָפעסאָרנ, אז פאר בעסערע סטודענטנ ווײַזנ זיכ ארויס זינ פונ עלטערנ, וואָס פארנעמענ א הויכע לאגע אונ אז. וו.
מע ארגומענטירט אויכ ברייט מיט דעמ, וואָס די „נידעריקערע שיכטנ" שטעלנ צו א מאקסימאלנ פראָצענט פארברעכער אונ פראָסטיטוטקעס, אופלעבנדיק, אפ אזא אויפנ, לאָמבראָזאָס טעאָריע וועגנ געבאָרענע פארברעכער, וועגנ געבאָרענע פראָסטיטוטקעס אונ אז. וו. דערבײַ ווערט די פארברעכערישקײַט באַטראכט ווי א ווײַזער פונ „ראַסע-מינדערווערטיקײַט", פונ „ראַסנ-אטאוויזמ" אונ אז. וו. אינעמ טיפּ פונ א פארברעכער, באהויפּטעט לענצ, באגעגענענ זיכ אָפּט שטריכנ פונ א נעאנדערטאלישנ מענטשנ אונ פונ אנדערע פרימיטיווע ראַסעס — מאסיווע קינביינער, א פלאטשיקער שטערנ אונ אז. וו. (לענצ, ציטירטע ווערק, ז. 93). דער דאָזיקער גרעסטער טעאָרעטיקער פונ ראַסיזמ דערקלערט טיפּזיניק די פארברעכערישקײַט מיט דעמ, וואָס צווישנ דער מאָדערנער באַפעלקערונג זײַנענ פארשפּרייט יערושעדיקע עמבריִאָנענ (Erbanlagen) פונ די אורעלטערישע (פרי-דיוליוויאלע) ראַסעס, אונ אז די טרעגער פונ די דאָזיקע עמבריִאָנענ טרעטנ גרינג ארײַנ אינ ווידערשפּרוכ מיט די פאָדערונגענ פונ סאָציִאַלנ לעבנ. אויספילנדיק די באַשטעלונג פונ זייערע באַלעבאַטימ, באמיִענ זיכ די פאשיזירנדיקע ראַסיסטנ צו ז'ערווײַזנ די ביִאָלאָגישע „צוריקגעשטאנענקײַט" פונ ארבעטער-קלאַס, זיי דיפערענצירנ אפנ ראַסנ-שטייגער דעמ ארבעטער-קלאַס גופע, קעדיי צו דערווײַזנ די ביִאָלאָגישע פאָרצוגנ פונ דער ארבעטער-אריסטאָקראטיע אינ פארגלײַכ מיט די ברייטע ארבעטער-מאסנ. אזוי, צ. ב., דערווײַזט גריונדעל אפ די זײַטנ פונ „ארכיוו פונ ראַסעווער אונ געזעלשאפטלעכער ביִאָלאָגיע", אז צווישנ די ארבעטער זײַנענ פאראנ פונ יערושעדיק-ביִאָלאָגישנ שטאנדפונקט צוויי פולשטענדיק-פארשיידענע קאטעגאָריעס: אינ-

טעליגענטע, באוועגלעכע, סאָציִאַל־ארופשטרעבנדיקע ארבעטער, וועלכע בילדן א ווערטפולן סקעלעט פון אינדוסטריעלן פּראָלעטאריאט, און האָפענונגלאָז־אומפייִקע, טעמפּע, אומאָרגאַניזירטע ארבעטער-מאסן E. Günther—Gründel.) Die Bevölkerungsproduktion in der modernen Volkswirtschaft. Archiv für .(Rassen und Geselschaftbiologie, B. 23, S. 45

דער דאָזיקער אווטאר באמיט זיך דערווייַזן, אז די שטופע פון קוואַליפיקאַציע פון ארבעטער העגנט איין גרונט אָפּ פון זייַנע ביִאָ-יערושעדיקע סימאָנים, און אז דער „אינטעלעקטועלער אָפּגרונט, וואָס טיילט אָפּ פארשייַדענע שיכטן ארבעטער איינע פון די אנדערע, איז עקאָנאָמיש אומדערקלערבאַר. ער איז באדינגט פון סיבעס ביִאָלאָגישע.

די פאשיסטישע געלערנטע „ראסן-קענער״ שטעלן זיך אויך ניט אָפּ פאר דעם צו דערקלערן דעם קלאסנקאמף, ווי א קאמף פון ראסעס. באזונדערס קלאָר רעדט וועגן דעם, צ. ב., לענץ, וועלכער באהויפּטעט, אז אין א בירגערקריג שיידן זיך די קעמפנדיקע צדאָדים אונטער אין ראסן-זין פיל מער איינע פון די אנדערע, איידער אין דער צייַט פון א מילכאָמע צווישן באזונדערע מעלוכעס (לענץ, ציטירטע ווערק, ז. 63).

* * *

צו דעם ראסן-שאָוויניזם פון דער בורזשואזיע פון פוילנדיקן קאפיטאליזם שליסן זיך ענג אָן די סאָציִאַל-פאשיסטן. אויך אין דער דאָזיקער פראגע, פונקט ווי אין אַלע אַנדערע, שטייט דער צווייטער אינטערנאציִאָנאל אפ אַנטימארקסיסטישע, אנטיפּראָלעטארישע פּאָזיציִעס.

נאָך אין די בעסטע צייַטן פון צווייטן אינטערנאציִאָנאל האָט אזא אָנגעזעענער טעאָרעטיקער זייַנער, ווי ליודוויג וואָלטמאַן, אנטוויקלט אידייעס, וואָס אסאך פון זיי זייַנען אריין אין „אייַזערנעם אינווענטאר״ פון דער בורזשואזער ראסן־קענטעניש און פונעם „ביִאָלאָגישן וועלט-באנעם״ פון די מאָדערנע פאַשיסטן. וואָס מער דער סאָציִאַליסטישער רעפאָרמיזם פון צווייטן אינטערנאַציִאָנאל איז אריבערגעוואקסן אין פּאָליציייִשן סאָציִאַליזם, אלץ מער האָבן זיך זייַנע טעאָרעטיקער אין די פראגעס וועגן ראסן אראָפּגעקייַקלט אפ די ראסיסטישע פּאָזיציעס פון קריגערישן בורזשואזן נאציִאָנאליזם. „די קריטיק״ פון ראסיזם, מיט וועלכער עס זייַנען ארויסגעטראָטן מאקס אדלער און קארל קאוטסקי, איז מער ניט, ווי א פארוואלירטער צוזאמענשלוס מיט די ראסנשאָוויניסטן. דיסקוטירנדיק אקאדעמיש מיט די פאשיזירנדיקע ראסיסטן, סאָלידאריזירן זיך פאקטיש אדלער און קאוטסקי מיט זייערע גרונט-אייַנשטעלונגען. ווי אפ א כאראקטעריסטישן שטריך קאָן מען אָנווייַזן אפ דעם, וואָס מאקס אדלער פּאָלעמיזירט מיט די ראסן-טעאָריעס פון פאשיזם מיט דער הילף פון די ארויסזאָגונגען פון באוווסטן אנטיסאָוועטישן אינטערווענציִאָניסט יעזויִט מוקערמאן, וועמען ער ציטירט מיט מיטגעפיל Max Adler. Lehrbuch) der materialistischen Geschichtsauffasung, 2 Band, Laubsche Buchhandlung .(Berlin, 1932, S. 115, 116, 118

מאכנדיק אן אָנשטעל, אז ער קעמפט, קלוימערשט, קעגן פאשיסטישן ראַסיזם, קאפּיטולירט אדלער אין דערווירקלעכקייַט פאר אים, אריינרעכענענ־

דיק אינ דער צאָל פונ די נאטור-פאקטערנ פונ היסטאָרישער אנטוויקלונג די ראסנ-קאָנסטיטוציע, וועלכע איז „אינ דער ערשטער ליניע א פיזיאָלאָגיש-באגרינדעטע, אלזאָ, א נאטור-זאכ" (דאָרטנ, ז. 92).

קאוטסקי האָט ארויסגעוויזנ אנ אָפּנייג צום ביאָלאָגיזם נאָכ אינ זײַנ ארבעט „די פארמערונג אונ אנטוויקלונג אינ דער נאטור אונ געזעלשאפט". אינ זײַנ בוכ „יידנטום אונ ראסע" טרעט שוינ דער ביאָלאָגיזם ארויס אינ אָפּנ ראסיסטישע פארבנ. אינ זײַנ „מאטעריאליסטישער געשיכטע-אויפאסונג" האָט ער שוינ דירעקט אויסגעשטרעקט א האנט די ראסיסטנ. דער דורכ אונ ווידערשפרעכלעכער, פונ דער ערשטער ביז דער לעצטער שורע עקלעקטישער, ערשטער אָפּטייל פונעם 3-טנ בוכ פונ דער דאָזיקער ענציקלאָפּעדיע פונ רענעגאטערײַ, איז אויסערלעכ געווענדעט, קלוימערשט, קעגנ דעמ בורזשואזנ ראסיזם, אינ טאָכ אָבער איז ער געווידמעט דער פארטיידיקונג פונ די פּאָזיציעס פונ ראסיזם. צוזאמענשליסנדיק זיכ מיט די ראסיסטנ, באהויפּטעט קאוטסקי, אז „דער ארט ווירקונג פונ א באשטימטער סוויווע אפּ דער ראסע... הענגט אָפּ ניט נאָר פונ דער דאָזיקער סוויווע, נאָר אויכ פונ די אײַנגעבאָרענע אייגנשאפטנ פונ ראסנ-כאראקטער (K. Kautsky—Materialistische Geschichtsauffasung. Verl. Dietz. Berlin 1927, B. I, S. 489). אינ אוניסאָנ מיט די ראסיסטנ שטרײַכט ער באזונדערס אונטער, אז „איינע אונ די זעלביקע סוויווע ווירקט פארשיידנ אפּ פארשיידענע געיארשנטע אייגנשאפטנ אונ, הייסט עס, אפּ פארשיידענע ראסעס" (דאָרטנ, ז. 490). ער סאָלידאריזירט זיכ מיט די שרײַבעכצנ פונ די אויסגעשפּראָכענע זאָאָלאָגישע ראסנ-קענער וועגנ גערוכנ, וואָס זײַנענ אייגנטימלעכ די ראסעס, אונ איז אײַנשטימיק מיט דעמ, אז, „נאטירלעכ, קענ מענ ניט אָפּלייקענענ, אז אייניקע ראסעס האָבנ א ספּעציפישנ גערוכ", צוגעבנדיק צו דער דאָזיקער געמיינער פלאפּלערײַ ניט ווינציקער געמיינע דערציילונגענ וועגנ פאקטנ פונ זײַנ אייגענער פּראקטיק" (דאָרטנ, ז. 515). אינ פוס מיט די ראסיסטישע אפּאָלאָגעטנ פונ קאָלאָניזאטארישער שקלאפערײַ, ווײַזט אָנ קאוטסקי אינ קעגנזאצ צו די פילצאָליקע פאקטנ, וואָס ער אליינ האָט געבראכט, אז דעמ טאָכ פונ דער לערע וועגנ דער אנטוויקלונג „אנטשפּרעכט דער געדאנק, אז עס עקזיסטירנ לויט דער נאטור ראסעס אינטעלעקטועל-נידעריקערע אונ אינטעלעקטועל-העכערע" (דאָרטנ, ז. 518, אונטערגעשטראָכנ פונ אונדז — ס. וו.). איבערופנדיק זיכ מיט די פאשיסטנ, דערקלערט ער, אז „פארשיידענע ראסעס זײַנענ פארשיידנ באגאבט אינ פארשיידענע הינזיכטנ".

קאוטסקי באמיט זיכ אפּ אלע אויפאנימ צו פארווישנ די שפּורנ פונ זײַנ אײַנשטימענ מיט די קריגערישע בורזשואזע ראסיסטנ. דערפאר זײַנענ אלע זײַנע בקיעס וועגנ ראסע געבויט לויט די פּרינציפּנ פונ אָנצאָליקע אויסרייַדענישנ, דורכגעדרונגענע מיט סאָפיסטישע סוואָרעס אונ זנוסארטיקע שטיק. אָבער זײַנ גאנצע טאקטיק אונ סטראטעגיע קענענ ניט פארבאהאלטנ יענעמ באשליסנדיקנ פאקט, אז דער טעאָרעטישער פירער פונעמ צווייטנ אינטערנאציאָנאל טרעט ארויס, ווי א מיטקעמפער פונ די סאמע אויסגעשפּראָכענע פּראָפּאגאנדיסטנ פונ ראסנ-שאָוויניזמ.

די בורזשואזיע פונ פוילנדיקנ קאפּיטאליזם פּרוווט אויסנוצנ אויכ אייניקע נאטורוויסנשאפטלעכע פאקטנ, פאלסיפיצירנדיק זיי אונ מעכאניש ארי-

בערטראָגנדיק זיי אינ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, קעדיי שאפנ א מיסטיק וועגנ ראסע, א מיסטיק, וואָס אינ דער זאכ פונ אָפנארנ די מאסנ אונ פארפינצטערנ זייער קלאסנ-באוווסטזייַנ ווערט איר אָפגעגעבנ די ראָליע, וואָס האָט דווירעסלאנג געהערט דער אונטערגייענדיקער רעליגיע.

די ראסע, וואָס איר מיסטישער קולט ווערט געשאפנ דורכ די פאשיסטנ, שטעלט מיט זיכ פאָר אנ אומענדערלעכע, שטאנדהאפטיקע, איינמאָל פאר אלע־מאָל געגעבענע געמיינשאפט. מיר ווייסנ אונ דערווייַזנ, אז די דאָזיקע מעטאפיזישע קאטעגאָריע איז א פראָדוקט פונ אנטיוויסנשאפטלעכע, שארלאטאנישע אויסטראכטעכישנ פונ אייניקע בורזשואזע טעאָרעטיקער.

דער מארקסיזמ—לעניניזמ לייקנט ניט אָפ די עקזיסטענצ פונ ראסעס. ס'וואָלט געווענ א פארפלאכערישקייַט אונ „לינקאטשערייַ“ צו זאָגנ, אז צווישנ דער מענטשהייַט זייַנענ ניטאָ קיינ ראסנ-אונטערשיידנ — א פאקט, אפ וועלכנ עס האָבנ ניט איינמאָל אָנגעוויזנ די גרונטלייגער פונ וויסנשאפטלעכנ קאָמוניזמ אונ אויכ לענינ אונ סטאלינ. עס איז באוווסט, אז מארקס האָט גערעכנט די ראסע פאר איינער פונ די נאטור-פאקטערנ, וועלכע פארורזאכנ די אנטוויקלונג פונ געזעלשאפטלעכער פראָדוקציע. „אויב מיר זאָלנ זיכ אבסטראהירנ פונ דער גרעסערער אָדער קלענערער אנטוויקלונג-שטופע פונ דער געזעלשאפטלעכער פראָדוקציע, זאָגט מארקס אינ „קאפיטאל“, וועט די ארבעט-פראָדוקטיווקייַט ארויסווייַזנ זיכ פארבונדנ מיט די נאטירלעכע באדינגונגענ. די דאָזיקע לעצטע קענענ אינגאנצנ דערפירט ווערנ (sind alle zurückführbar) צו דער נאטור פונ דעמ מענטשנ אליינ, צו זייַנ ראסע אונ אז. וו. אונ צו דער נאטור, וואָס רינגלט אימ ארומ“ (Karl Marx. Das Kapital. Zehnte Auflage. Hamburg. Meissners Verl. Erster Band, S. 476). מיר האָבנ, אפ אזא אויפנ, באשטימטע אָנווייַזונגענ פונ מארקסנ, אז ראסע איז אנ אויסדרוק פונ נאטור פונעמ מענטשנ אונ שטעלט מיט זיכ פאָר איינע פונ די נאטירלעכע באדינגונגענ פאר דער אנטוויקלונג פונ געזעלשאפטלעכער פראָדוקציע. אינ 3-טנ באנד „קאפיטאל“ שטרייַכט מארקס אונטער די באדייַטונג, צווישנ אנדערנ, אויכ פונ דעמ דאָזיקנ באדינג פונ געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג. ער זאָגט: „איינער אונ דער זעלביקער, ענלעכער לויט די הויפט-באדינגונגענ, ווירטשאפטלעכער באזיס קאָנ זיכ אויסדריקנ, אדאנק די פארשיידענע עמפירישע אומשטענדנ, נאטור-באדינגונגענ, ראסנ-אייגנשאפטנ, היסטאָרישע ווירקונגענ, וואָס ווירקנ פונ אויסנ, אינ אָנצאָליקע ענדערונגענ אונ איבערגאנגענ, וועלכע מע קענ פארשטיינ נאָר, אנאליזירנדיק די דאָזיקע אומשטאנדנ“. וועגנ דער זעלבער זאכ איז אויכ פאראנ אנ אויסערגעווייינלעכ-וויכטיקע אָנווייַזונג פונ ענגעלסנ אינ זייַנ באוווסטנ בריוו צו שטארקענבערגנ פונעמ 25-טנ יאנואר 1894 יאָר. „מיר האלטנ — שרייַבט ענגעלס אינעמ דאָזיקנ בריוו — אז די עקאָנאָמישע באדינגונגענ פארורזאכנ אינ לעצטער רעכענונג די היסטאָרישע אנטוויקלונג, אָבער די ראסע איז אליינ אנ עקאָנאָמישער פאקטער“. מיר זעענ, אז די גרונטלייגער פונ וויסנשאפטלעכנ קאָמוניזמ האָבנ פאר קיינ פאל ניט איגנאָרירט דעמ פאקט פונ ראסנ-אונטערשיידנ אינ דער מענטשהייַט אונ די ראָליע פונ דער ראסע אינ דער אנטוויקלונג פונ ווירטשאפטלעכנ לעבנ, נאָר דער מארקסיסטישער צוגאנג צו דער ראסע איז א צוגאנג א דיאלעקטיש-מאטעריאליסטישער, א קאָנקרעט-היסטאָרישער. די ראסע איז אנ אויסדרוק פונ דער

מענטשלעכער נאטור, אָבער אופווירקנדיק אפ דער אויסערלעכער נאטור, ענדערט דאָכ דער מענטש אויכ זײַנ אייגענע נאטור. דער קעסיידער זיכ ענדערנדיקער פראָדוציר-אויפנ ענדערט דעמ געזעלשאפטלעכנ מענטשנ אליינ. נײַע געזעלשאפטלעכע באציִונגענ רופנ ארויס נײַע אייגנשאפטנ באמ מענטשנ. די דאָזיקע באציִונגענ אָבער ענדערנ זיכ צוזאמענ מיט דער אנטוויקלונג פונ די פראָדוציר־קרעפטנ. דעמ אָרט פונ פאסיווער ביאָלאָגישער צופאסונג צו דער נאטור, אזוי ווי עס קומט פאָר בא אלע כײַעס, פארנעמט בא א מענטשנ די אקטיווע אונ טעכנאָלאָגישע צופאסונג. דעריבער, אויב א כײַע, וויבאלד זי האָט זיכ צוגעפאסט צו דער ארומיקער שטאנדהאפטיקער נאטור־סוויווע, שטעלט מיט זיכ פאָר א רעליאטיוו-באשטנדיקע גרייס, באשטייט דער פרינציפיִעלער קוואנטיטאטיווער אונטערשייד פונ דער מענטשלעכער ראסע אינ דעמ, וואָס די לעצטע איז א גרייס א פארענדעלעכע, וועמעס אנטוויקלונג, זינט דער מענטש איז ארויס פונ אורעלטערלעכנ צושטאנד, ווענ ער איז, לויט מארקס באוווסטנ אויסדריק, געגאנגענ אפ גאנגבענדער בא דער נאטור, ווערט באשטימט דורכ די געזעלשאפטלעכע באציִונגענ. די ראסנ, וועלכע די פאשיסטנ שילדערנ ווי עפעס א היסטאָריש-שטאנדהאפטיקע, אומענדערלעכע, סטאטישע קאטעגאָריע שטעלנ מיט זיכ אינ דער ווירקלעכקײַט פאָר א פארענדערלעכע געמיינשאפט, וועמעס דינאמיק פונ ענדערונג איז באדינגט פונ דער אנטוויקלונג פונ די געזעלשאפטלעכע באציִונגענ. דער דאָזיקער פאקט אליינ איז גענוג אפ צו צעשטערנ די גאנצע געבײַדע פונ דער פאשיסטישער ראסנ־קענטעניש, ווײַל טאקע די ראסנ-שטאנדהאפטיקײַט, וואָס גייט איבער בעיערושע, איז דער ווינקלשטיינ פונ דער דאָזיקער געבײַדע.

מארקס אונ ענגעלס ווײַזנ אָנ, אז „די ערשטע פאָרהאנאָכע פונ דער מענטשלעכער געשיכטע איז, נאטירלעכ, די עקזיסטענצ פונ לעבעדיקע מענטשלעכע אינדיווידוומענ. דער ערשטער קאָנקרעטער פאקט, וואָס דארפ פעסטגעשטעלט ווערנ, איז די קערפערלעכע אָרגאניזאציע פונ די דאָזיקע אינדיווידוומענ אונ זייערע געזעלשאפטלעכע באציִונגענ צו דער איבעריקער נאטור"
(Marx—Engels. Gesamtausgabe. Erste Abteilung, Band 5. Moskau—Leningrad, 1933, Die Deutsche Ideologie, S. 10).

די ראסע שטעלט מיט זיכ פאָר א נאטירלעכ-אופגעקומענע געמיינשאפט פונ מענטשנ, וועלכע האָבנ ענלעכע אינ גרונט אייגנשאפטנ פונ דער קערפערלעכער אָרגאניזאציע. אינ דער הינזיכט איז פאראנ א פרינציפיִעלער אונטערשייד צווישנ ראסע אונ אזא היסטאָרישער קאטעגאָריע, ווי נאציע. אָט פאר וואָס דער כ׳ סטאלינ האָט אינ זײַנ ארבעט „מארקסיזמ אונ די נאציִאָנאלע פראגע" באזונדערס אונטערגעשטראָכנ, אז „נאציע איז ניט קיינ ראסעווע אונ ניט קיינ שטאמיקע, נאָר א היסטאָריש-אופגעקומענע געמיינשאפט פונ מענטשנ". אָבער וועגנ דער ראסע, ווי א נאטירלעכ אופגעקומענע קאטעגאָריע, קאָנ מענ דרייסט זאָגנ די ווערטער פונ כ׳ סטאלינ, וועלכע ער האָט געזאָגט וועגנ באגריפ „נאציִאָנאלער כאראקטער", אז די דאָזיקע קאטעגאָריע „איז ניט עפעס אנ איינמאָל פאר אלעמאָל געגעבענע, נאָר זי ענדערט זיכ צוזאמענ מיט די באדינגונגענ פונ לעבנ". מיט דער אנטוויקלונג פונ די געזעלשאפטלעכע באציִונגענ, מיטנ אופקומענ פונ קלאסנ אונ מיט דער פארוואנדלונג פונ דער געשיכטע פונ דער מענטשלעכער געזעלשאפט אינ א געשיכטע פונ קלאסנ-

קאמפ טרעטנ ארויס די ראסנ־אייגנשאפטנ, ווי א גרייס, וואָס איז אונטער־געוואָרפנ דעמ פּריגציפּ פונ ספּעציפישער געזעלשאפטלעכער געזעצמעסיקײַט. די אינעווייניקסטע געזעצמעסיקײַט פונ די געזעלשאפטלעכע באציִונגענ איז פונ איצט אָנ א קראפט, וואָס באשטימט די גאנצע היסטאָרישע אנטוויקלונג. אינ דער דיִאלעקטישער איינהײַט פונ דער נאטור אונ געזעלשאפט געהערט די אָנפירנדיקע ראָליע דער געזעלשאפט, דעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, די געזעלשאפטלעכע געזעצמעסיקײַטנ. עס ווערט פארווירקלעכט דאָס, וואָס מארקס אונ ענגעלס רופנ אָנ אינ דער „דײַטשישער אידעאָלאָגיע" „געשיכטלעכע מאָדיפיצירונג פונ דער נאטור" (דאָרטנ, ז. 20). אינעמ געביט, וואָס אונדז אינטערעסירט איצטער, הייסט עס, אז די נאטירלעכע ראסנ־אייגנשאפטנ פונ באשטימטע מענטשלעכע גרופּעס אלײנ קאָנענ ניט דערקלערנ די היסטאָרישע אנטוויקלונג פונ די דאָזיקע גרופּעס. ווי באלד די ראסע שטעלט מיט זיך טאקע פאָר יענע שטאנדהאפטיקע געמיינשאפט פונ פיזישער אונ אינטעלעקטועלער געמיינשאפט, וואָס ווערט איבערגעגעבנ בעירושע, אזוי ווי עס שילדערנ עס די בורזשואזע ראסיסטנ, איז מיט וואָס ווערנ דעמלט דערקלערט די ענדערונגענ, וואָס כאראקטעריזירנ דעמ היסטאָרישנ גורל פונ דער געגעבענער ראסע, מיט וואָס קענ דערקלערט ווערנ די גאנצע דינאמיק פונ איר היסטאָרישער אנטוויקלונג? די פאשיסטישע ראסנ־קענער קענענ אפ דער דאָזיקער פראגע קיינ אנדער ענטפער ניט געבנ, ווי איבערכאזערנ דעמ פארשימלטנ ענטפער פונ זייערע דירעקטע פאָרגייער, וואָס האָט קיינ שום רעאלנ אינהאלט ניט: „דאָס ווערט דערקלערט מיט די אייגנשאפטנ פונ דער ראסע". אָבער דער דאָזיקער ענטפער איז פונקט אזוי איבערצײַגנדיק אונ וויסנשאפטלעך באגרינדעט, ווי דאָס אלטע פארופנ זיך אפ גאָטס ווילנ.

באהויפּטנ, אז דער היסטאָרישער פּראָצעס אנטוויקלט זיך ניט אינ דער אָפּהענגיקײַט פונ כאראקטער פונ דער געזעלשאפטלעכער ארבעט, אז ער הענגט ניט אָפּ פונ צושטאנד פונ די פּראָדוציר־קרעפטנ, פונ די פּראָדוציר־באציִונגענ, וואָס קומענ אויפ אפ זייער גרונט, אז ער איז ניט באדינגט דורכנ גאנג פונ קלאסנקאמפ, נאָר אז ער איז באדינגט פונ די ראסנ־אייגנשאפטנ, מאטעריאליזירטע אינעמ בלוט אונ ספּערמע פונ די ראסעס, הייסט זײַנ אָדער אנ אמאָרעצ אָדער א שווינדלער. צווישנ די פאשיסטישע ראסיסטנ איז פאראנ געגנוג אי די, אי יענע. ניט זעלטנ פארייניקנ זיי אינ זיך די דאָזיקע ביידע ווײַט ניט ראסעווע „אייגנשאפטנ". זיי זײַנענ אָנמעכטיק צו געבנ כאָטש א וויפל עס איז ארטיקולירטנ ענטפער אפ דער איינפאכער אונ דײַטלעכער פראגע: אויב דער דאָזיקער ראסע זײַנענ „פונ געבאָרנ אָנ" אייגנטימלעך די אָדער יענע פיזישע אונ אינטעלעקטועלע אייגנשאפטנ, וואָס באשטימענ דעמ גאנצנ היסטאָרישנ גורל אירנ, איז מיט וואָס קענ מענ דערקלערנ, וואָס די ראסנ, וועגנ וועלכע איר זאָגט, אז זיי זײַנענ „לויט דער נאטור אומפייִק" צו באהערשנ די קולטור, אז זיי זײַנענ „מינדערווערטיק לויט דער נאטור" אונ אז. וו., האָבנ אפ באשטימטע שטופּעס פונ היסטאָרישער אנטוויקלונג געשאפנ א גראנדיִעזע אונ ווערטפולע ציוויליזאציע? וועגנ דער „געלער" אָדער שווארצער ראסע, צ. ב., קענענ דאָס ניט לייקענענ אפילו אײַערע אייגענע קלאסנברידער, די בורזשואזע היסטאָריקער"?

אָנשטאָט אנ ענטפער פּרווונ די פאשיסטישע ראסיסטנ צו ספּעקולירנ אפ

דער דורך זיי אליין געשאפענער מעטאפיזישער פיקציע פון „ריינער ראסע". אפ וויפל מיסטיש און אומבאגרייפלעך די דאָזיקע „ריינע ראסע" איז, ווײַזט אונדז דער פאקט, וואָס די ראסיסטן זײַנען ניט אימשטאנד צו שאפן א מער-ווייניקער אלגעמיין-אָנגענומענע אפילע אין זייער סוויווע, סיסטעמאטיק און קלאסיפיקאציע פון ראסעס. דערפאר זײַנען פאראן קימאט אזויפיל מיינונגען וועגן דער צאָל פון „ריינע ראסעס", וויפל עס זײַנען פאראן בורזשואזע געלערנטע, וואָס זאָגן ארויס די דאָזיקע מיינונגען. לויט קוויע, צ. ב., זײַנען פאראן דריי ראסעס, לויט סענט-אילער — 4 ראסעס, לויט ברינטאָן און בלומענבאך —5 ראסעס, לויט ערענריי — 7, לויט העקעלן — 12, לויט דעמוליען — 16, לויט דעניקער — 30 און אז. וו. וועגן דער דאָזיקער מיינונג-פארשיידנ-הייט בענעגייע דער צאָל פון ראסעס און וועגן די פארשיידנארטיקע שטרייטן אפ צו באגרינדן עס, קען מען דערמאָנען דאָס בייזע וואָרט פון בורזשואזן ראסנ-פאָרשער לושאן, וועלכער האָט געזאָגט, אז זיי זײַנען פונקט אזוי וויסנשאפטלעך, ווי די שטרייטן פון די מיטלאלטערלעכע סכאָלאסטן, וועגן דער צאָל שיידים, וואָס קענען זיצן אפ א שפיץ נאָדל... די היסטאָרישע אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט האָט באדינגט די סאמע ברייטע צונויפ-מישונג פון פארשיידענע ראסנ-טיפן. די מאסעווע איבערקרייצונג פון די ראסעס אין פראָצעס פון זייערע ווירטשאפטלעכע קעגנזײַטיקע באציִונגען, אין פראָצעס פון מילכאָמעס, אין פראָצעס פון דער אלץ פארשטארקנדיקער אינטערנאציִאָ-נאליזאציע פון די וועלט-פארבינדונגען, האָט פארוואנדלט דעם באגריף „ריינע ראסע" אין א פיקציע. דאָס קענען אפילע ניט לייקענען די בורזשואזע געלערנטע, ווען זיי ריזיקירן ניט ארויסטרעטן אין דער ראָליע פון באוווסטזיניקע שווינדלער. דערפאר זײַנען סײַ וועבער, סײַ טאָפינאר, סײַ גערץ געצווונגען געווען עפנטלעך צו אָנערקענען, אז א „ריינע ראסע" איז שוין לאנג ניט קיין רעאל-עקזיסטירנדיקע קאטעגאָריע. דאָס איז א מיסטישע קאטעגאָריע, וואָס די אילוזיע, אז זי עקזיסטירט און האָט אן אויסשליסלעכע באדײַטונג פארן היסטאָרישן פראָצעס, ווערט באוווסטזיניק געפלאנצט אין די אינטערעסן פון פינאנצ-קאפיטאל דורך זײַנע טעאָרעטישע באדינער.

אויפדעקן די וולגאר-ביִאָלאָגישע מעטאפיזיק פון די ראסנ-שאָוויניסטן און זייערע מיטהעלפער — איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבעס פון אונדזער קאמף אפן אידעאָלאָגישן פראָנט.

די דאָזיקע אויפגאבע פאָדערט אונדזער שטענדיקע אויפמערקזאמקייט, אפ וויפל דער באגריף „ראסע" ווערט דאָס וויכטיקסטע געווער אין קריגערישן בורזשואזן נאציִאָנאליזם, אפ וויפל די אמערסטן אגרעסיווע עלעמענטן פון פינאנצ-קאפיטאל באנוצן זיך ברייט מיט ראסנ-פראָפאגאנדע צוליב זייערע אינעווייניקסטע און אויסערלעכע פאָליטישע צילן, אפ וויפל די דאָזיקע פראָפא-גאנדע דינט די צילן פון גרויסהערשערישן שאָוויניזם און אָרטיקן נאציִאָ-נאליזם.

די אויפגאבע צו דעמאסקירן ברייט און קאָנקרעט די פאשיסטישע אידעאָלאָגיע פאָדערט פון אונדז אונטערוואָרפן א טיפער און פארניכטנדיקער מארקסיס-טיש-לענינישער קריטיק די פאשיסטישע ראסנ-טעאָריע.

י. רובין

# די ייִדישע בורזשואַזיע אפֿן שוועל פֿון 1905 יאָר

(עטיודן)

## I

אין דער רעוואָליוציע פֿון 1905 י. זײַנען, ווי לענין שטרײַכט אונטער, אַלע קלאַסן אַרויסגעטראָטן אָפֿן, האָבן זיך באַוויזן אין טאַט, אַנטפּלעקט וואָס זײַנען זייערע שטרעבונגען, פֿאַרוואָס זיי קענען קעמפֿן און אויף וויפֿל שטאַרק, אײַנגעשפּאַרט, ענערגיש זיי זײַנען פֿײַיִק צו קעמפֿן. בענעגיי ׳ ער בורזשואַזיע האָט די רעוואָליוציע פֿולשטענדיק באַשטעטיקט דעם דיִאַגנאָז, וואָס לענין האָט געשטעלט נאָך אין 1894 יאָר, אַז אין רוסלאַנד איז דער קאַפּיטאַל „באַזונדערס גענויגט צו מאַקריוו זײַן מיט זײַן דעמאָקראַטיזם, אַרײַנצוטרעטן אין אַ בונדן מיט די רעאַקציאָנערן, קעדיי צוצושטיקן די אַרבעטער“.[1] די רעוואָליוציע פֿון 1905 יאָר האָט „אומבאַשטרײַטבאַר באַוויזן די פֿולסטע וואַקלדיקײַט און קאָנטר-רעוואָליוציאָנערישקײַט פֿון אונדזער בורזשואַזיע“,[2] אַנטבלויזט די קאָנטר-רעוואָליוציאָנערישקײַט פֿונעם רוסלענדישן בורזשואַזן ליבעראַליזם, וועלכע איז געוואַקסן אײַנײַנעם מיט דעם, ווי דער פּראָלעטאַריאַט, די הויפּט - באַוועגנדיקע קראַפֿט אין דער רעוואָליוציע, שטייענדיק אינדערשפּיץ פֿון צוויי באַזונדערע לויט זייער כאַראַקטער סאָציאַלע מילכאָמעס, האָט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער לענינישער פּאַרטיי אײַנגעשפּאַרטער, ענערגישער געפֿירט זײַן קאַמף פֿאַר פֿאַרניכטן דעם צאַריזם, פֿאַר דערפֿירן ביזן סאָף די בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעוואָליוציע צוליב דעם טײַקעפּדיקן איבערוווּקס פֿון דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע אין אַ סאָציאַליסטישער. די נאַציאָנאַלע בורשואַזיע האָט בא אַלע באַזונדערקײַטן פֿון איר לאַגע אין גרונט פֿאָרגעשטעלט ניט מער ווי אַ באַשטאַנד-טייל פֿון אַלגעמײנעם פּראָנט פֿון דער רוסלענדישער בורזשואַזיע. אין פֿעריִאָד פֿון דער רעוואָליוציע האָט „די ליבעראַלע בורזשואַזיע קיינמאָל און קיין איין מאָל ניט געהאָלפֿן דעם רעוואָליוציאָנערן

[1] לענין, ב. 1, ז. 187.
[2] לענין, ב. 14, ז. 65.

קאמף, זוכנדיק „אײַנשטילן" די פּויערים און „שאָלעם מאכן" זיי מיט די פּריצים און צאר".[1] די ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט „סיסטעמאטיש און אומופּהערלעך פאַראַטן די פּויערים, אריבערוואַרפנדיק זיך אין טאָג אַפ דער זײַט פון די פּריצים און צאריזם קעגן די קעמפנדיקע פּויערים".[2] די זעלבע פאַרעטערישע פונקציע האָט די ליבעראַלע בורזשואַזיע פון אַלע מינים אויסגעפּילט אויך אין באַצוג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע. באַטראַכטנדיק די פּאָזיציע פון דער ייִדישער בורזשואַזיע אַפ די גרונט-ווענדפּונקטן פון דער רעוואָליוציע, פעסטשטעלנדיק, אַפ וויפל די דאָזיקע בורזשואַזיע, זוכנדיק אַ פּשאָרע מיטן צאריזם אַפן כעזשבן פון די אונטערגעדריקטע ייִדישע—ווי ניט ייִדישע—אַרבעטנדיקע מאַסן, האָט צוזאַמען מיט דער גאַנצער בורזשואַזיע פאַרהאַנדלט דעם לײַבייגנטימער „די פאָלק-רעכטן און פאָלק-פרײַהײַטן" (לענין), העלפנדיק דערשטיקן דעם באַפרײַונג-קאַמף פון די זעלביקע מאַסן — וועלן מיר קענען אויך דאָ אָנשוילעך זען, ווי ווײַט ריכטיק עס איז דער פאַקט, אַז אויך בענגייע דער נאַציאָנאַל-באַפרײַערישער באַוועגונג איז אין דער רעוואָליוציע אַרויסגעטראָטן אַלס ווירקלעכער העגעמאָן נאָר דער פּראָלעטאַריאַט, אַפ וויפל נאָר ער, דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט, וואָס פאַרבינדט זײַן קאַמף קעגן יעטווידער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג מיטן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, וואָס פאַרבינדט דעם קאַמף פאַרן זיג פון דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע מיטן אריבערוואַקס פון דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע אין דער סאָציאַליסטישער, האָט אין אומבעראַכמאָנעכדיקן קאַמף קעגן געמיינזאַמען פראָנט פון די לײַבייגנטימער און דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער בורזשואַזיע געקאָנט ברענגען די אַרבעטנדיקע מאַסן און די אונטערגעדריקטע פעלקער צו זייער ווירקלעכער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרײַונג.

דאָ וועלן מיר פרוון געוויסערמאַסן אויפקלערן די פיזיאָנאָמיע פון דער ייִדישער בורזשואַזיע,—קאָנקרעט—ווי זי דערשײַנט אין אירע צווישנבאַציִונגען מיטן צאריזם אומיטלבאַר ערעוו דער רעוואָליוציע. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אַפן פּעריאָד צווישן אָנהייב פון דער רוסישער-יאַפּאָנישער מילכאָמע ביז דעם 9-טן יאַנוואַר, ד. ה. אַפ דעם פּעריאָד, וואָס קומט אַלס דירעקטע פּרעליודיע פון 1905 י. דאָס וועט לאָזן בעסער דערקענען דעם ווירקלעכן מעהוס פון דער ייִדישער בורזשואַזיע צום מאָמענט פון אויסברוך פון דער רעוואָליוציע און וועט בוילעטער מאַכן דעם הינטערגרונט און די באַוועג-מאָטיוון פון די פּאָליטישע זיגזאַגן און קאָליר-„מעטאַמאָרפאָזעס", צו וועלכע עס וועט שוין גוירעם זײַן שפּעטער די פאַנאַנדערוויקלונג פון דער רעוואָליוציע...

צום אָנהייב פון 20-טן י. ה. האָבן זיך שוין, ווי באַוווּסט, פולקאָם דײַטלעך אָנגעצייכנט די קאָנטורן פון דער אָנוואַקסנדיקער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד. דער טיפער אינדוסטריעלער קריזיס אין אָנהייב פון די 900-ער יאָרן, די פאַרערגערונג פון דער שווערער לאַגע פון אַרבעטער-קלאַס, פון די פּויערים-מאַסן ברענגט צום מעכטיקן אופשטײַג פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין לאַנד. עס ברויזן אוף אומצאָליקע פּאָ-

[1] לענין, ב. 15, ז. 13.

[2] דאָרט, ז. 12.

ליטישע דעמאָנסטראציעס, עס הייבט זיכ אופ א כוואליע שטרײַקנ, וואָס נעמענ אָנ אלצ א מער פּאָליטישע באַפארבונג. עס צעוואקסט זיכ די מאסנ-כוואליע פונ דער פּויערימ-באַוועגונג. דער צאריזמ ענטפערט אפ דעמ מיט בלוטיקע עקזעקוציעס, מיט זובאַטאָווישער פּראָוואָקאציע, מיט פארשטארקנ די נאציאָנאלע אונטערדריקונג (פּוילנ, פינלאנד, קאווקאז א. א. וו.), וואָס ווערט באַגלייט מיט דער אָרגאניזאציע פונ יידישע פּאָגראָמענ (קישעניעוו, האָמעל). אָבער בא דעמ אלצ שטייט רוסלאנד סאָפּ 1903 י. נעענטער, ווי ווענ עס איז פריער, פאר דעמ רעוואָליוציאָנערנ קריזיס. דער צאריזמ פילט עס זייער גוט אונ האָפט צו געפינענ אַנ אויסוועג אינ דער קאָלאָניאַלער אַוואַנטיורע, וואָס ער האָט שוינ לאנג געגרייט אפנ ווײַטנ מיזרעכ, שטרעבנדיק צוגלײַכ מיט יאפּאָניע אונ די איבעריקע אימפּעריאליסטישע מעלוכעס אָפּצורײַסנ פאר זיכ וואָס א גרעסערנ ביילעק פונ כינע אונ דעראָבערנ די העגעמאָניע אפנ שטילנ אָקעאַנ. דאָס פארכאַפּנ נײַע טערי־טאָריעס האָט לויט דעמ לײַבייגנטימערישנ כעזשבנ באַדארפט אָפּשוואכנ דעמ קריזיס אינ לאנד. אינ דער נײַ־געשאַפענער „געל־רוסלאנד" (לויט קוראָפּאַט־קינס פּראָיעקט), ווו דער לײַבייגנטימער וואָלט איינצײַטיק מיטנ באַראַבעוועג נײַע מאסנ „אינאָראָדצעס" פארכאַפּנ נײַע שטיקער ערד, וואָלט מענ קענענ אריבערפירנ ערדלאָזיקע פּויערימ אונ דורכ דעמ פאנאנדערלאָדנ אינ רוסישנ דאָרפ די אָנגעגליטע רעוואָליוציאָנערע אטמאָספער. די בורזשואזיע האָט פול־שטענדיק אונטערגעהאלטנ די פארכאַפּערישע פּלענער פונ צאריזמ. די פארכאַ־פונג־פּאָליטיק פונ צאריזמ, אלס וויכטיקסטער אָנהאַלט פונ דער פּריצישער דיקטאטור,[1] שטיצנדיק זיכ אינ גרונט אפנ לײַבייגנטימער, האָט אָפּגעשפּיגלט אויכ די אינטערעסנ פונ דער אימפּעריאליסטישער בורזשואזיע. „וועמענ איז גינ־סטיק די פּאָליטיק, וואָס דער צאריזמ פירט אינ כינע? — האָט לענינ געשריבנ בײַסנ אָנפאל פונ די אימפּעריאליסטישע מעלוכעס — באַמ געמיינזאַמענ אָנטייל פונ רוסלאנד אונ יאפּאָניע — אפ כינע אינ 1900 י. — זי איז גינסטיק פאר א הײַפל קאפּיטאליסטנ — טוזנ, וואָס פירנ זייערע האנדל-געשעפטנ מיט כינע, א הײַפל פאבריקאנטנ, וואָס שאפנ סכוירע פארנ אזיאטישנ מארק, א הײַפל פּאָדריאדטשיקעס, וואָס לעבנ זיכ איצט אָנ מעשוגענע פּראָפיטנ אפ די דרינ־גענדיקע מיליטערישע באַשטעלונגענ... אזא פּאָליטיק איז גינסטיק פאר דעמ הײַפל אדל, וואָס פארנעמט הויכע ערטער אינ דער ציווילער אונ מיליטער־דינסט..."[2] די אינטערעסנ פונ מיליטעריש-פעאָדאלנ אימפּעריאליזמ האָבנ זיכ ענג צונויפגעפלאָכטנ מיט די אינטערעסנ פונ קאפּיטאליסטישנ אימפּעריאליזמ. בא דער שמאָלקײַט פונ רויבעריש־אויסגעצערטנ אינערלעכנ מארק (באַזונדערס נאָכ אינ די באַדינגונגענ פונ עקאָנאָמישנ-קריזיס) האָט די בורזשואזיע זשעדנע

[1] „די מעגלעכקײַט צו אונטערדריקנ אונ רויבנ פרעמדע פעלקער פארשטארקט די עקאָנאָמישע אָפּגעשטאנענקײַט, ווײַל אנשטאָט צו אנטוויקלענ די פּראָדוציר-קרעפטנ איז דער מאָקער פונ האכ־נאָסעס אָפּט די האלב-פעאָדאלע עקספּלואטאציע פונ די „אינאָראָדצעס" (לענינ, ב. XVIII, 199). באַרויבנ־דיק מיט דער הילפ פונ אויסלענדישנ פינאנצ-קאפּיטאל אונ רוסישער בורזשואזיע זײַנע קאָלאָ־ניעס, האָט דער צאריזמ, פארהאלטנדיק די אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ אינ דער טיפ, אײַנגע־האלטנ די לײַבייגנטימערישע לאטיפונדיע, אונ „די לײַבייגנטימערישע לאטיפונדיעס אונ די הערשאָפט פונ קאבאלע אינ דער לאנדווירטשאַפט באַטײַט אויכ אנ אנטשפּרעכנדיקנ פּאָליטישנ איבערבוי, די הערשאפט פונ שווארצמײַיקנ פּאָרעצ אינ דער מעלוכע" (לענינ, ב. IX, ז. 383).

[2] לענינ, ב. IV, ז. 62.

אויסגעקוקט אפ פארכאפנ אויסערלעכע מערק — אפ מערק פאר די רוסישע
סכוירעס, אפ פלאצ פאר קאפיטאל־עקספאָרט. זי האָט געדורשט נאָכ קאָלאָ־
ניאלע פארכאפונגענ אונ... צו א „מילכאָמע־קאָניונקטור“, אפ וויפל די עצעמ
מילכאָמע, די צוגרייטונג צו איר האָט געגעבנ די קאָלאָסאלסטע „פארדינסטנ“
(געניג צו דערמאָנענ די סיבירער אײַזנבאנ, וואָס איז געווענ די צוגרייטונג
צו פארכאפנ מאנדזשוריע, קאָרייע, צאָפנ־כינע אונ אדאנק וועלכער ס׳איז אויסגע־
וואקסנ א גאנצע ריי אײַזנ-אויסארבעטנדיקע זאוואָדנ). דערפאר איז ניט קיינ
כידעש, ווענ באמ אויסברוכ פונ דער מילכאָמע מיט יאפאָניע האָבנ א ריי
זעמטסוועס אונ שטאָט-דומעס געענטפערט מיט פאטריאָטישע מאניפעסטאציעס,
אונ אינײנעמ מיט דעמ, ווי דער ראט פונ מאָסקווער אוניווערסיטעט האָט
דעקלארירט, אז די רוסישע רעגירונג (די רעגירונג פונ פלעווע, הייסט עס)
„שטרעבט אינ איר אויסערלעכער פאָליטיק אומופהערלעכ צו דער פארווירק-
לעכונג פונ זיטלעכע אידעאלנ“ — האָט סטרווע גערעטנ די סטודענטנ שרײַענ
„זאָל לעבנ די ארמיי“ אונ זיכ אָפזאָגנ „פונ מער שארפע לאָזונגענ“. אינ נאָר
דאנ, ווענ די „קלײנינקע זיגרײַכע מילכאָמע“, דורכ וועלכער פלעווע האָט גע-
פלאנט צו „אײַנהאלטנ די רעוואָליוציע“,[1] האָט זיכ פארוואנדלט אינ א קריג־
קאטאסטראָפע, ווענ דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט זיכ ניט נאָר ניט פאר־
לײַכטערט אינ צוזאמענהאנג מיט דער מילכאָמע, נאָר טיפער געוואָרנ, די רע-
וואָליוציאָנערע יוירונג איז געוואקסנ, — האָט די ליבעראלע בורזשואזיע, זיכ
אנטוישנדיק אינ דער מיליטערישער קראפט פונ צאריזמ, גענומענ פרעפלענ
אירע אָפאָזיציאָנעלע טײַנעס...

וואָס אָנבאלאנגט דער יידישער בורזשואזיע, דערשײַנט זי דאָ אינ איר נאַ־
טירלעכער געשטאלט, ווי א טייל פונ דער אלרוסלענדישער אימ-
פעריאליסטישער בורזשואזיע. זײַענדיק דורכ אונ דורכ אײַנגעשפרינקלט אינ
דער קאפיטאליסטישער עקאָנאָמיק פונ לאנד, איז די יידישע בורזשואזיע בא
אלע קעגנזײַטיקע ווידערשפרוכנ געווענ מיט טויזנטער פעדעמ פארקניפט מיט
דער גאנצער בורזשואזיע פונ לאנד אונ אויסגעבונדנ מיט דער פרי־
ציש-ביוראָקראטישער מעלוכע. אויב די זעלבסטהערשונג האָט בא איר
גאנצנ לייבייגנטימערישנ וועזנ „פונ לאנג אָנ געכאָוועט די בורזשואזיע, אונ די
בורזשואזיע פלעגט פונ לאנג אָנ זיכ דורכשלאָגנ מיטנ רובל סײַ א צוטריט צו די
„שפיצנ“, סײַ א ווירקונג אפ דער געזעצגעבונג אונ פארוואלטונג, סײַ צו ערטער פא־
ראלעל מיטנ ווילגעבוירענעמ אדל“,[2] האָבנ די ייד. „טוזנ“ אפ דעמ אָדער יענעמ
אופנ באקומענ דאָ אויכ זייער אָרט. אויב אפנ „בארימטנ“ האנדל-אינדוסטריעלנ
צוזאמענפאָר אינ ניזשני אינ 1896 יאָר, וואָס איז צונויפגערופנ געוואָרנ די־
רעקט דורכ דער רעגירונג אונ ווו די רוסישע בורזשואזיע האָט מיט אזא
פאָמפע דעמאָנסטרירט איר אויסגעוואקסענע עקאָנאָמישע טקיפעס, אויסדריקנ־
דיק איר טרײַ-אונטערטעניקלעכקײַט דעמ צאר אונ „די טראדיציעס פונ די

---

[1] „צוליב אָפהאלטנ די רעוואָליוציע איז אונדז בייטיק א קלײנינקע זיגרײַכע מילכאָמע“ (פלע־
ווע צו קוראָפאטקינענ — לויט С. Ю. Витте. Воспоминания, I, 239.

[2] לענינ, ב. XIV. ז. 28.

אָוועס",[1] טרעפן מיר אויך ביז 30 ייִדישע בורזשוא[2]—איז עס אזוי גוט סימפּטאָמאטיש פארן צונױפוווּקס פון דער ייִדישער בורזשואזיע מיט דער גאנצער בורזשואזיע פון לאנד, ווי סימפּטאָמאטיש עס איז פאר דער פארבינדונג פון די ייִדישע קאפּיטאליסטישע „טוזן“ מיט דער צארישער ביוראָקראטיע דער פאקט, ווען באראָן גינצבורג, אשטייגער, ווערט איַינגעלאדן „פון די רעגירונג-אנשטאלטן צו אָנטיילנעמען אין די געזעצגעבערישע קאָמיסיעס (וועגן איבערקוקן די געזעצן וועגן בירזשעס און אקציאָנערע קאָמפּאניעס"),[3] אָדער ווען דער באנק־„טוז" א. ראָטשטיין טרעט ארויס ווי וויטעס העלפער באַם דורכפירן די וואליוטע־רעפאָרמע און דער ציִעניסט ב. בראנדט — אלס איינער פון וויטעס נאָענטסטע ראטגעבער אין פינאנציניאָנים...[4] די צארישע רעגירונג, וואָס האָט זיך „שטענדיק פילבאר צוגעהערט צו דער שטים פון די אינדוסטריִעלער און סאָכרימשאפט" (לויטן ארויסדרוק פון פאָרשטייער פון פינאנצ-מיניסטעריום קאָבעקאָ), האָט דאָך אין דער אָדער יענער פאָרמע ניט ארויסגעלאָזן אויך די ייִדישע בורזשוא. די סיסטעם פון שוצ-טאריפן, מעלוכע־סובסידיעס, „פּרעמיעס", קרעדיטן (אפן כעזשבן פון די האלוואָעס, גענומענ פון אויסלענדערישן פינאנצ־קאפּיטאל און גרויזאמען בארויבעווען די ארבעטנדיקע באפעלקערונג), קאזיאָנע באשטעלונגען, וואָס האָבן — כוצ דעם געמיינזאמען ציל שטיקן די ארבעטער-באוועגונג—פארבונדן בא אלע קעגנזיַיטיקע ווידערשפּרוכן די רוסישע בורזשואזיע מיטן צאריזם, האָט אין דער אָדער יענער פאָרמע און מאָס אָנגעהערט אויך דער ייִדישער בורזשואזיע. אויב „געהיימראט" פּאָליאקאָוו אָדער די באראָנען גינצבורג און אנדערע פון זייער מין האָבן באקומען די מיליאָניקע האלוואָעס און סובסידיעס דורך דער מעלוכע־קאסע לויטן דירעקטן אדרעס, האָבן זייערע „ברידער" פון „צווייטן גראד" באקומען זייער כיילעק — אין ערגסטן פאל — דורך דער הינטער־טיר אָדער דורך א „צווייטער האנט" מיט דער אָדער יענער „צוגאָב-הויצאָע", וואָס מע האָט זיך שוין געזען—מיט צארישן „גענאָד"—קאָמפּענסירן דורך דעם „צוגאָב"-בארויבן פון די ייִדישע ארבעטנדיקע, וואָס זיַינען געווען

[1] לויט П. А. Берлин, „Русская буржуазия в старое и новое время", стр. 138.

[2] צווישן זיי טרעפן מיר אזוינע, ווי לאזאר פּאָליאַקאָוו, ס. פּאָליאַק (פון די נעפט־„שפּיצן"), א. ראפאלאָוויטש (פּאָרזיצער פון „בעסאראביש־טאווערישן באנק"), א. פעלדמאן (ראָסטאָווער בירזשע-קאָמיטעט), לוריע (פאבריקאנט פון פּינסק), וויַינשטיין (אָדעסער פאבריקאנט), שמעלקין (דירעקטער פון „מאָסקווער אינטערנאציאָנאלן האנדל־באנק") א. א. וו. „Труды высочайше учрежденного всероссийского торгово-промышленного с'езда 1896 г. в Н.-Новгороде", т. I.

[3] „Восход". 1903—№ 5.

[4] Левин, И. И. „Акционерные комерческие банки в России" П-гд. 1917, ч. I, стр. 28.

ווען דער צוויאק וויטע, דער טריַיער דינער פון צאר „אָנערקענט", אז „די גאנצע שווערקיַיט פון דער אנטי־ייִדישער געזעצגעבונג האָט זיך געלייגט אפן אָרעמסטן קלאס" און פירט אויס—„וואָס דער ייִד איז ריַיכער, אלץ לייַכטער קויפט ער זיך אָפּ" און אז די ריַיכע ייִדן „ניט נאָר זיי פילן ניט די שווערקיַיטן פון אונטערדריקונגען, נאָר, אדערבע, אין א געוויסער מאָס פארנעמען זיי אן אָנפירנדיקע ראָליע, זיי האָבן א ווירקונג אפ די העכערע טשינעס פון דער אָרטיקער אדמיניסטראציע" (С. Ю. Витте, „Воспоминания", ч. I, стр. 174)—איז ער בענעגייע דער „ווירקונג-ספערע" פון די „ריַיכע ייִדן" ניט אינגאנצן גערעכט: זייער „ווירקונג" האָט געגרייכט ניט נאָר ביז די טשינעס פון דער „אָרטיקער אדמיניסטראציע"—זי האָט ניט אויסגעמיטן אויך וויטען זעלבסט...

געשמידט צום טכום, אינ קלעמ פונ דער צארישער אונטערדריקונג-פאָליטיק,
אונטערנ קנאפל פונ דער ייִדישער פּלוטאָקראטיע...

די ייִדישע „מאגנאטנ פונ פינאנצ-קאפּיטאל" האָבנ פארנומענ גאָרניט דעמ
לעצטנ אָרט אינ רוסישנ קאפּיטאליסטישנ אימפּעריאליזמ. אויב צומ 1903 יאָר
האָבנ, אשטייגער, 25 פּראָצ. פונ אלע רוסישע אקציאָנערע אונטערנעמונגענ,—
ס'הייסט אונטערנעמונגענ מיט דער פאָרמע פונ מאָדערנעמ פינאנצ-קאפּיטאל—
מיט 19,2 פּראָצ. פונ אלגעמיינעמ אקציאָנערנ גרונט-קאפּיטאל זיכ עפּנטלעכ
געפונענ אונטער דער שותּפעסער קאָמאנדע פונ ייִדישע אונ ניט-ייִדישע בור-
זשוא, [1] האָט דאָכ די אנאָנימע פאָרמע פונ אקציאָנערנ קאפּיטאל מאסקירט דעמ
אָנטייל פונ דער ייִדישער בורזשואזיע אויכ דאָרט, ווו די אָדער יענע יורידיש-
רעכטלעכע באגרענעצונגענ האָבנ איר געקענט שטערנ צו פיגורירנ „אָפנ"—מעגנ
עס די בורזשואזע אפּאָלאָגעטנ, אינ זייער שטרעבונג צו שאפנ דעמ מארטיראָלאָג
פונ דער „אָרעמער", „געפּלאָגטער" ייִדישער בורזשואזיע, אויסבאהאלטנ וויפל זיי
ווילנ. אויב אינ סאכאקל פונ דער רויבערישער „גרינדערײַ" פונ דעמ נאָכרע-
פאָרמישנ פעריאָד האָבנ אינ 53 פּראָצ. פונ די רוסישע אקציאָנערע בענק דעמ
דאָמינירנדיקסטנ אָרט פארנומענ ייִדישע פינאנצ-קאפּיטאליסטנ, [2] רעדט עס
שוינ גאנצ אומצווייפלדיק וועגנ אָרט פונ דער ייִדישער פינאנצ-בורזשואזיע
צווישנ רוסישנ מאָנאָפּאָליסטישנ קאפּיטאל, אינ „פּאראזיטישנ אָדער פארפוילנ-
דיקנ קאפּיטאליזמ", [3] די עלעמענטנ פונ וועלכנ ס'האָבנ זיכ שוינ אויסגעפּאָר-
מירט אינ רוסלאנד צומ סאָפ פונעמ יאָרהונדערט. דער „ייִדישער קאפּיטאל",
ווי א באשטאנד-טייל פונעמ אלרוסלענדישנ קאפּיטאל, איז מיט טויזנ-
טער פעדעמ געווענ געקניפּט מיט דער רוסישער בורזשואזיע אונ צוזאמענ מיט
איר — מיט דעמ אויסלענדישנ פינאנצ-קאפּיטאל, איז געווענ צונויפגעבונדנ
(אונטער אלערליי אייגענע אונ „פרעמדע" נעמענ) מיטנ פּריצישנ ערד-באזיצ אונ
האָט דורכ הונדערטער „רערנ" געזויגנ זײַנ כייִלעק פונ די פאנטאסטישע „פּראָ-
פיטנ", וואָס ס'האָבנ געגעבנ די קאזיאָנע זאקאזנ, פּאָדריאדנ, פּאָסטאווקעס אונ
די בארויבונג פונ די צארישע קאָלאָניעס. „די מאָנאָפּאָל פונ מיליטערישער
קראפט פונ ניט ארומנעמבארער טעריטאָריע אָדער באזונדערער באקוועמקײַט צו
ראבירנ די אינאָראָדצעס, כינע אונ אנדערע—טיילווײַז דערפילט, טיילווײַז פאר-
בײַט אינ יאפּאָניע אונ רוסלאנד די מאָנאָפּאָל פונ מאָדערנעמ נײַסטנ פינאנצ-
קאפּיטאל". [4]

די רוסישע בורזשואזיע האָט גוט אויסגענוצט פאר זיכ די דאָזיקע „אייגנ-
שאפט" פונ רוסישנ אימפּעריאליזמ אונ שטיצנדיק זיכ אפ דער מיליטערישער
קראפט פונ לײַבייגנטימער אָנטיילגענומענ אינ ראבירנ די „ניט ארומנעמ-
בארע טעריטאָריע", די „אינאָראָדצעס", אונטערהאלטנדיק פונ איר זײַט דעמ
„נעסט פונ יעטווידער אונטערדריקונג" — גענומענ אינ איר „סאמע או-

[1] С. О. Марголин. „Участие евреев в акционерной промышленности“.
„Новый Восход“ № 20—1900.

[2] דאָרט.

[3] לענינ, XIX, 172.

[4] לענינ, דאָרט, ז. 309.

מענטשלעכער און בארבארישער פאָרמע".[1] די יידישע בורזשואזיע, אלס באַשטאנד־טייל פון דער גאנצער אימפעריאַליסטישער בורזשואזיע, האָט אין דעמ געהאט איר כיילעק; אויכ זי האָט אפ פארשיידענע אויפאנימ באטייליקט זיכ אינ ראבירנ די צארישע קאָלאָניעס, אונטערהאלטנדיק אפ איר אויפנ די פארכאפונג-פּאָליטיק פונ מיליטעריש־פעאָדאלנ אימפעריאַליזמ, מיט וועלכער עס האָבנ זי צוזאמענ מיט דער איבעריקער בורזשואזיע געבונדנ די אינטערעסנ פונ פאראזיטיש־רויבערישער עקזיסטענצ.

איינִיקע ביישפילנ: אשטייגער, די פּאָליאקאָווישע פינאנצ-גרופּע. די דאָזיקע גרופּע האָט געהאלטנ אינ אירע הענט בעשוטפעס מיט א ריי רוסישע פינאנצ-מאגנאטנ — איינצייטיק מיט פארשיידענע סטראכיר- אונ טראנספּאָרט-אונטערנעמונגענ—א ריי וויכטיקסטע בענק, ווי, אשטייגער, אָרלאָווער קאָמערצ־באנק, מאָסקווער אינטערנאציאָנאלער האנדל־באנק, מאָסקווער ערד-באנק (דער דאָזיקער באנק האָט זיכ דורכויס צונויפגעבונדנ מיטנ פּריצישנ ערד־באזיצ), פּעטערבורג-מאָסקווער קאָמערצ־באנק,[2] האָט קאָנטראָלירט דעמ „מינסקער פּריוואטנ קאָמערצ-באנק"[3] א. א. די דאָזיקע פּאָליאקאָווישע גרופּע האָט איינצייטיק מיט א ריי אנדערע פּונקטנ ארומגעכאפּט דורכ א גאנצער נעצ אָפּטיילונגענ דעמ ראיאָנ פונ „טכומ" (צ.ב. אָרלאָווער באנק האָט געהאט אָפּטיילונגענ: אינ האָמעל, ווילנע, קאָוונע, קרעמענטשוג, אָרשע א. א. וו.), זי האָט קאָנקורירט—איינצייטיק זיכ איבערפלעכטנדיק—מיט פארשיידענע אנדערע רוסישע, פּוילישע, דייטשישע, יידישע פינאנצ־גרופּנ, אויפלעכטנדיק זיכ (דורכ דער סיסטעמ פונ קרעדיט, „אָנטייל") מיט דער אָרטיקער האנדל־אינדוסטריעלער בורזשואזיע פונ אלע מינימ אונ געמיינזאמ באראבעוועט די אונטערגעדריקטע ארבעטנדיקע באפעלקערונג פונ די „מייַרעוו־ראנדנ", מיטהעלפנדיק דעמ צאריזמ אויסצערנ זיינע קאָלאָניעס, האלטנ זיי אינ עקאָנאָמישער אָפּגעשטאנענקייט אונ פארשקלאפטקייט.[4] דער פּאָליאקאָווישער „ספּרוט",

---

1 „די צארישע רוסלאנד איז געווענ דער נעסט (очаг) פונ יעטווידער ארט אונטערדריקונג — סיי קאפּיטאליסטישער, סיי קאָלאָניאלער, סיי מיליטעריסטישער — גענומענ אינ איר סאמע אומענטשלעכער אונ בארבארישער פאָרמע" (סטאלינ—„פּראגעס פונ לעניניזמ"—8).

2 „Указатель действующих в империи акционерных предприятий за 1903 г."

3 דער מינסקער פּריוואטער קאָמערצ־באנק (אינ פארוואלטונג זיינענ אריינ לוריע, סירקינ, סירווינד, פירשט דרוצקי-ליובעצקי) מיט אָפּטיילונגענ אינ האָמעל, פּינסק, ליבאווע, זשיטאָמיר, ראָמני אילוסטרירט בוילעט דעמ אָנוווקס פונ די אָרטיקע עלעמענטנ פונ פינאנצ־קאפּיטאל, וואָס וואקסנ אריינ אינ סיסטעמ פונ די עלעמענטנ פונ אלגעמיינעמ פינאנצ־קאפּיטאל, ווערנדיק סובאָרדינירט אונ קאָנטראָלירט פונ קאפּיטאל פונ דער מעטראָפּאָליע. פירנדיק ברייטע אָפּעראציעס פונ „מאָדערנער וואָכערייַ", וואָס איז געווענ אזוי פּראָפּיטבאר אינ דער קאָלאָניאלער אומגעבונג, פארכאפּט דער מינסקער קאָמערציעלער באנק פאר זיכ אלצ א מער ברייטערנ פּלאצ אזוי, אז אינ א געוויסנ מאָמענט דערפילט ער זיכ אפילע געפּעגטעט מיט זיינ שטאנד פונ אנ „אָרטיקנ באנק" אונ ער איז זיכ מישטאדל וועגנ איבערמאכנ דעמ נאָמענ „מינסקער באנק" אפ „מייַרעוו־רוסישנ דיסקאָנט־באנק", העיויס „דער באנק פארלירט זיינ אָרטיקנ כאראקטער", אנטוויקלט זיינע געלט־אָפּעראציעס,—„די דיסקאָנט־וועקסלענ אונ אנדערע פארפליכטונגענ וועב אדאנק דער געלט־רעפאָרמע איבערדיסקאָנטירט אונ אָפּגעזעצט אינ אויסלאנד" (И. И. Левин—Акц. ком. банки и т. д. ibid. стр. 291.

4 „דער קאפּיטאליזמ, וואָס האָט זיכ אנטוויקלט פונ קליינעמ וואָכער-קאפּיטאל, ענדיקט זיינ אנטוויקלונג מיט דער גיגאנטישער אנטוויקלונג פונ וואָכער־קאפּיטאל" (לענינ, ב. 19, ז. 113,) אונ אינ רוסלאנד, ווו „דער נייסטער קאפּיטאליסטישער אימפּעראליזמ איז איבערגעפלאָכטנ מיט א געדיכטער נעצ פּאָרקאפּיטאליסטישע באציונגענ" (דאָרט, ז. 136), ווערנ די פּאָליאקאָווס אינ קאָמבינאציע מיטנ קאפּיטאל פונ אלע מינימ אויפגעפלאָכטנ מיטנ לייבייגנטימער צומ געמיינזאמענ אויסזויגנ דעמ מארכ פונ די פארשקלאפטע ארבעטנדיקע מאסנ אינ די קאָלאָניעס אונ אינ מעטראָפּאָליע.

וואס ציט זיך פון מעטראפאליע אפ „מײַרעוו״, ציט זיך אײַנצײַטיק אויך צו די צארישע מיזרעכ-קאלאניעס, אשטייגער, די פאליאקאווישע „געזעלשאפט פאר האנדל מיט פערסיע און מיטלאזיע״ מיטן רוסישן מיליאנער נאסקאוו בע-ראש... [1] אײַנצײַטיק דערשײַנען די פאליאקאווס אין דער אנגרײַפנדיקער קא־לאנע פון רוסישן פינאנצ־קאפיטאל אין פערסיע, אין דאזיקן וויכטיקסטן רויב־אביעקט פון רוסישן אימפעריאליזם, ווו די צארישע אויסערן-פאליטיק האט שוין אין סאפ XIX י. ה. אזוי בוילעט אנטפלעקט די שטריכן פונעם מאדער-נעם קאפיטאליסטישן אימפעריאליזם און ווו דער רוסישער אימפעריאליזם האט געפירט דעם העפטיקסטן קאמפ מיטן ענגלישן פאר זײַנע „אייגענע מאנאפא-ליעס״, פאר א פלאצ פון קאפיטאל־עקספארט און „ווירקונג־ספערן״. אין 1893 יאר דערשײַנט דא פאליאקאוו אלס „וועג־בויער״, שאפט די „פערסישע סטראכיר־און טראנספארט־געזעלשאפט״, באקומט פון שאך א קאנצעסיע (אונ-טער דער דראונג פון צארישע באגנעטן און א דאנק דעם רובל) אפ א שא-סיי־וועג צווישן ענזעלי און טעהעראן [2] (א וועג פאר די מאראזאווס, בראדס-קיס, וויסאצקיס, פערלאווס...). דער אקציאנערער קאפיטאל פון דער געזעלשאפט איז אנדערהאלבן מיליאן רובל, „די צארישע רעגירונג קויפט אײַן פריער אפ 5,2 מיליאן רובל ווערט־פאפירן פון דער געזעלשאפט און אין צוגאב צו דעם פאר 5,5 מיליאן רובל אקציעס, וואס יענע לאזט ארויס... דער וועג דארפ זײַן לאנג 150 וויארסט, דרייט מען אים אויס אפ 500. [3] די בויונג ווערט גע-טריבן אין די העכסטע פרײַזן, און ס׳פליסן פעטע מיליאנען אין זי פאליאקאווישע קעשענעס (פארשטייט זיך, ניט אויסמײַדנדיק די גנייווישע הענט פון זײַנע „הויכגעשטעלטע״ פראטעזשיר׳ער...). מיליאנען פליסן אין די פאליאקאווישע באנק־קאנאלן און אונטערנעמונגען, שמעלצן זיך איבער אין נײַע „אינוועסטיציעס״ און וואקסן ארומ מיט נײַע קאלאניאלע פראפיטן. [4] דער וואכערניק —

Указатель ib. [1]

אלס אילוסטראציע פארן אנטייל אויך פון יידישע מאגנאטן פון קאפיטאל און אונטערנעמונגען, וואס זײַנען געווען די קאנאלן פאר דער עקספאנסיע פון רוסישן אימפעריאליזם, קען דינען אויך די פינאנצ־קליקע פון „אזאווסקי־דאנסקאי באנק״, דער אנפירער פון וועלכן, „קאמערצ־ראט״ קאמענקא, איז אײַנצײַטיק געווען פארוואלטונג־מיטגליד פון דער „רוסלענדישער געזעלשאפט פון קאלאניאלן האנדל״ (צוזאמען מיט קוירע, אנטימאנאוו, דוטיקאוו, טשערניאווסקי) און פון פארוו. פון דער „רוסלענדישער געזעלשאפט פאר „ארויספיר־האנדל״ (צוזאמען מיט פעלדמאן, יעגאראוו) א. א. ווי׳

[2] אין קאמפ מיט די אויסלענדישע קאנצעסיאנערן האט רוסלאנד, זײַענדיק ארעם אין אייגענע קאפיטאלן, געצוווּנגען דעם שאך צו אן אפמאך וועגן פארבאטן אין פערסיע אפ א לאנגן טערמין אײַזנבאן־בויונג.

И. Х. Озеров. Как расходуются в России народные деньги. Москва [3]
1907 г. стр. 32—33

[4] צו פאליאקאוון האט אויך געהערט די קאנצעסיע אפ דער שאסיי-ליניע קאזווין־כאמאדאן און קאזווין־טעהעראן. אין 1904 יאר באקומט די דאזיקע „בויונג״ 3800 טויזנט. ר. פון דער רעגירונג („Красный архив“ т. 53. 1932 г. ст. 34)

אין דער „פרוכטבארער״ פארבינדונג צווישן דעם מעלוכע־אפאראט און די פאליאקאווס פון אלע מינים האבן, פארשטייט זיך, געווירקט די יעניקע הויכגעשטעלטע טשינאווניקעס, וואס זײַנען אײַנצײַ-טיק ארויסגעטראטן, ווי פײַשטשיקעס־שוטפים, „באאבאכטער״ אין די אקציאנערע אונטערנעמונגען און אז. וו. אשטייגער, איינער פון די אנגעזעענסטע באאמטע פון פינאנצ־מיניסטעריום איז, זײַענדיק פארוואלטער פון פעטערבורגער אפטייל פון מעלוכע־באנק, געווען אײַנצײַטיק אין ראט פון מעלוכע־באנק, פארזיצער פון פעטערבורגער פאנדן־בירזשע, אין דער פארוואלטונג פון דיסקאנט־און לײַ־באנק פון פערסיע (דאס איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע עקאנאמישע פארפאסטן פון דער צארישער

גיגאַנט שפּינט אזוי זײַנ שפּינוועבס פאר די ארבעטנדיקע—יידישע ווי ניט־יידישע—מאסנ אינ לאנד און אפ יענער זײַט גרענעצ אינ פולער אופגעבונדטקײַט מיטנ צאריזם.

א פארענדיקטנ מוסטער פונ אופגעפלאָכטנקײַט פונ די יידישע קאפּיטאליסטישע „פּנײַ" מיט לײַבנגנטימערישנ רעזשימ גיט אויכ די צווייטע אָנגעזעענסטע גרופּע פונ די יידישע פינאנצ-מאגנאטנ—די גינצבורגס. דאָ האָבנ מיר באנק־אונטערנעמונגענ (לעכאטכילע—„באנק־הויז י. גינצבורג"—„פאר דעפּאָזיטנ פונ דער הויכער אריסטאָקראַטיע", [1] ווײַטער—„קיעווער פּריוואטער קאָמערצ־באנק" צוזאמענ מיט בראָדסקי, וו. טאָלי, גראפ אדאמ רזשעוווסקי, מ. שעסטאקאָוו...), [2] שיפ־געזעלשאפטנ, „וואָלגא־קאספּישע נעפט-געזעלשאפט", קאָלאָסאלע מאיאָנטקעס (פּאָדאָל, בעסאראביע, טאווריע), צוקער־זאוואָדנ (אינײנעמ מיט בראָדסקינ) און... די בלוטיק־בארימטע לויט דער שכיטע איבער די ארבעטער אינ 1912 יאָר „לענער געזעלשאפט פאר גאָלד־פּראָדוצירונג" בעשותפעס מיט באראָנ יוראנגעל, [3] גראפ שוואלאָוו, [4] פּיאָטר דורנאָוואָ, [5] פּרינצ פונ באטענבערג (שוואָגער פונ דער קייסערינע...) און אנדערע „שטערנ" פונ דער הויכער אריסטאָקראַטיע, [6] וואָס דערשײַנענ דאָ אלס בוילעטסטע פארקערפּערונג פונ דעמ, ווי באמ קאפּיטאליזמ (באזונדערס אינ זײַנ אימפּעריאליסטישער סטאדיע) פלעכט זיכ „דער גרעסטער אדל" ענג איבער „מיט דער גרעסטער בורזשואזיע" [7] צומ געמײנזאמענ מערווערט אויספּרעסנ. „די קאפּיטאליסטנ און פּריצימ ווילנ, אומ וואָס עס זאָל ניט זײַנ, פאנאנדערשיידנ די ארבעטער פונ באזונדערע נאציעס, און אלײנ לעבנ זײ זיכ, די דאָזיקע מעכטיקע פונ דער וועלט, אויסגעצײכנט צונויפ אינײנעמ אלס אקציאָנערנ פונ די „פּראָפּיטבארע" מיליאָניקע „געשעפטנ" (ווי, אשטײגער, די לענער גאָלד־גרובנ),—סײַ פּראוואָסלאווגע און יידנ, סײַ רוסנ און דײַטשנ, סײַ פּאָליאקנ און אוקראַינער—אלע, בא וועמענ עס איז פאראנ קאפּיטאל, עקספּלואטירנ אינײנעמ די ארבעטער פונ אלע נאציאָנאליטעטנ". [8] אלזאָ, אויכ די יידישע פינאנצ-באראָנענ האָבנ געזויגנ דעמ „ראָזשעק" פונ לײַבײגנטימערישנ גנאָד, צו וועלכנ עס זײַנענ אזוי געווינט געווענ זייערע רוסישע קאָלעגנ. [9] ווי די צארישע מאכט האָט „געכאָוועט" אויכ די גינצבורגס, קאָלאָניאלער פּאָליטיק. מיט אימ זײַנענ געווענ ענג פארבונדנ די מאכינאציעס פונ די פּאָליאקאָווישע און אנדערע אונטערנעמונגענ פונ רוסישנ אימפּעריאליזמ אינ פּערסיע), א פארוואלטונג־מיטגליד פונ ענזעלי־טעהעראנער וועג פונ דער פּערסישער סטראכיר-און טראנספּאָרט־געזעלשאפט (בעראָש מיט פּאָליאקאָווגנ) און אינ דער פארוואלטונג פונ דער רוסיש־כינעזישער באנק... (Озеров, ib.)

[1] ה. סליאָזבערג. באראָנ האָראַצי גינצבורג. פּאריזש. 1933.

[2] Указатель—ibid.

[3] דאָרט.

[4] סליאָזבערג—ibid. גראפ שוואלאָוו—צארישער דיפּלאמאט ברודער פונ שעפ פונ הויפ־גווארדיע.

[5] דאָרט. פּ. דורנאָוואָ—פריער שעפ פינ פּאָליציי דעפּארטאמענט—שפּעטער געהילפ פונ אינערנ-מיניסטער. בארימטער „קאזנאקראד". פּינצטערער רעאקציאָנער און בלוטיקער הענקער פונ די רעוואָליוציאָנערע מאסנ—באזונדערס בארימט פונ 1905 י.

[6] Г. Слиозберг „Дела минувших дней". Париж. 1933.

[7] לענינ, ב. 17, ז. 355.

[8] לענינ, ב. 16, 390־389.

[9] „אונדזערע סאָכרימ און אינדוסטריעלער, וואָס זײַנענ פונ לאנג אָנ צוגעוווינט געוואָרנ צו זויגנ דעמ ראָזשעק" א. א. וו. לויט П. Берлин, ibid. — „Промышленный мир" 1900. № 47.

איז צו זענ כאָטשבי פונ דער צענמיליאָניקער סובסידיע, וואָס איז בייסנ קריזיס־אינ 1902 י. צוגעטראָגנ געוואָרנ פונ מעלוכע־קאסע דער לענער „געזעלשאפט"[1] (פּאָליאקאָוו, אגעוו, האָט דאנ באקומענ אויכ ניט קיינ קליינע „מאטאָנע"). שיצנדיק די ווילדסטע גינצבורגיש־וורנגעלישע עקספּלואטאציע פונ לעבעדיק־באגראָבענעמ „פארענדערלעכנ קאפּיטאל", האט די רעגירונג אונטערנ אויסרייד פונ „אלמעלוכישנ אינטערעס" ניט אופגעהערט צו זיכערנ דורכ האלוואָעס אונ סובסידיעס דעמ דאָזיקנ געשעפט פונ הויכע „פּראָפיטנ" (שפּעטער, אשטייגער, אינ 1910 י., האָט די „געזעלשאפט" — אפ יעדער הונדערטרובלדיקער אקציע געצאָלט 56% „דיווידענד"...). דער צאר האָט געכאָוועט די גינצבורגס, די גינצבורגס האָבנ אונטערגעהאלטנ זייער באשיצער.[2] ווענ דער „באראָנ", דערשלאָגנדיק זיכ „דורכנ רובל" זיינ דוואָריאנישנ טיטול אונ דוואָריאנישע גיטער, דערלאנגט אנ „אלאונטערטעניקסטע" ביטע וועגנ ארייַנטראָגנ אימ אינ דוואָריאנישנ רייעסטער, לייגט ניקאָליי ארופ א רעזאָליוציע וועגנ זיינ פולשטענדיקנ אנערקענענ גינצבורגס „פארדינסטנ".[3] צומ יובילֵיי פונ לעצטנ, וואָס איז מיט פּאָמפּע געפייַערט געוואָרנ פונ דער גוויריש־ראבאָנישער וועלטל אינ 1903 י., באגריסט אימ די רעגירונג „אינ דער פּערזאָנ פונ פינאנצ־מיניסטער וויטע", וואָס „באגנעדיקט" אימ מיט א „הויכנ אָרדענ" (דערבייַ האָט וויטע איבער־

---

Озеров, ib [1]

[2] ווענ איינער פונ די באטענבערגס איז געוואָרנ פירשט פונ בולגאריע, האָט ער אפילע
פארשפּראָכנ גינצבורגנ א קאָנצעסיע אפ באנ־בויונג אינ בולגאריע. די געשיכטע פונ דער דאָזיקער
קאָנצעסיע קענ דינענ, אגעוו, אלס א בײַשפּיל פאר דער צונויפבינדונג פונ די שפּיצנ פונ דער בורזשואזיע (אינ דעמ אויכ פונ דער יידישער) מיט דער צארישער אויסערנ־פּאָליטיק. ווי באוווסט,
האָט אינ דער צארישער פּאָליטיק אינ בולגאריע אינ די 80־עד יאָרנ א באשטימטע ראָליע שוינ
געשפּילט דער קאמפּ פאר קאפּיטאל־עקספּאָרט. דאָס איז געווענ פארבונדנ מיטנ קאמפּ ארומ דער
אײַזנבאנ־בויונג. צווישנ די באלאָנימ אפ דעמ דאָזיקנ געשמאקנ ביסנ זײַנענ געווענ צוזאמענ מיט
גינצבורגנ אויכ פּאָליאקאָוו, גענעראל סטרוווע אונ אנד. דער רוסישער דיפּלאָמאטישער אגענט
כיטראָוואָ האָט זיכ דערשלאָגנ, אז די דאָזיקע בויונג זאָל איבערגעגעבנ ווערנ גינצבורגנ. (אלעקסאנדער
דער 2-טער האָט שוינ פריער פארעקאָמענדירט גינצבורגנ פאר דעמ פירשט).
М. Н. Покровский. „Дипломатия и войны царизма XIX в. стр. 321 и „Русская старина" СПБ. 1886. сен.
מע האָט אָבער ניט געקענט דורכקומענ מיט די בולגארישע קאָנסערוואטערנ, וועלכע
זײַנענ געווענ פארבונדנ מיטנ „בארימטנ נאדוונ" באראָנ הירש (הירש האָט שוינ דעמלט געבויט
אײַזנבאנענ אפנ באלקאנ אונ פונ זײַנע מיליאָניקע פארדינסטנ באוויזנ צו געבנ גרויסע סומענ דעמ
פּרינצ פונ אָרלעאנ אפ אופשטעלנ די מאָנארכיע אינ פראנקרײַכ אונ אויכ דער שפּאנישער קעניגנ
איזאבעלא אפ אופצושטעלנ דעמ רעאקציאָנערנ רעזשימ אונ אז. וו.). דער רוסישער גענעראל סאָבאָליעוו האָט אינ אופרעגונג אפ דער אײַנגעשפּארטקײַט פונ די בולגארישע מיניסטאָרנ אפילע פּאָרגעוואָרפנ דעמ מיניסטער וואָלקאָוויטש, אז יענער איז „הירשס א באפולמעכטיקטער"... גינצבורג—פּאָליאקאָוו—סטרוווע אונ אנד. האָבנ ניט באקעמפט זייערע ענגליש־עסטרײַכיש־דײַטשישע קאָנקורענטנ,
אונ די בולגארישע אוואנטיור האָט זיכ אויסגעלאָזנ מיט גאָרנישט, אלנפאלס, האָבנ די גינצבורגס
אונ קאָמפּ. ניט געהאט זיכ צו קלאָגנ אפ שוואכער אופמערקזאמקײַט צו זייערע אינטערעסנ מיצאד
דעמ צאר... איז טאקע דער צאר גינצבורגנ „געווענ אזוי טײַער" (סליאָזבערג .ib) אונ ער איז אפילע
ארײַנ אינ דער שווארצמייַיקער „סוויאשטשאָנאיא דרוזשינא"—דער פּאָרגענגערנ פונ „סאָיוז רוסקאָוואָ
נאראָדא"—צו באשיצנ דעמ צאר, שטיצנדיק דערבײַ דעמ אָרגאנ פונ דער „דרוזשינא", דעמ „מאָסקאָווסקי טעלעגראַפ" (אזוי גוט, ווי ער האָט, זײַענדיק רעדלפירער פונ דער „כאָשעווער" „אָפּע"
אונ פּעטערבורגער קעהילע, געשטיצט די אָרגאנענ פונ דער יידישער גרויס־בורזשואזיע—דעמ
„רוסקי יעוורײ" אָדער „ראסוועט"...).

Слиозберг ibid. [3]

געגעבן „א באגריסונג פערזענלעכ פונ צאר" [1]). פונ זײַנ זײַט שיקט גינצבורג נאָכ דער דערמאָרדונג פונ פּלעווענ א מיטגעפיל־טעלעגראמע דער אלמאָנע, ווו ער דערמאָנט די „לעצטע טויוועס" פונעמ פארשטאָרבענעמ... [2] דערגאנצנ מיר די „הארציקע ליבע" צווישנ „אָבער־פּארנעס" מיטנ אָבער־פּאָגראָמשטשיק מיט אזוינע „אינטימע פרײַנט" פונ גינצבורגס „הויז", ווי גראפ מוראוויאָוו־אמורסקי [3] (דער „אײַנעמער" פונ אמור אונ אוסורי־קאנט) אָדער ווי דער גענעראל באָבריקאָוו [4] (בארימטער הענקער פונ פינלאנד) אונ מיר באקומענ די „פארברידערונג" צווישנ די ייִדישע קאפּיטאליסטישע „שפּיצנ" מיט דעמ מיליטעריש־פעאָדאלנ אימפּעריאליזמ אינ איר לעבעדיקסטער רעפּרעזענטאציע...

נאָכ אייניקע בײַשפּילנ. אינ דער צוקער־אינדוסטריע, ווו די בארויבונג פונ דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג דורכ דעמ זיכ אויספאָרמירנדיקנ מאָנאָפּאָליסטישנ קאפּיטאל האָט שוינ דאנ באקומענ די ברוטאלסטע פאָרמע, האָט די ייִדישע בורזשואזיע פארנומענ איינע פונ די אָנגעזעענסטע ערטער (די בראָדסקיס, האָראָוויצעס, זײַצעווס, מארגאָלינס, קאהאנס, האלפּערינס, פעלדמאנס, מאראנצס א. א. וו.). אפ די בראָדסקיס אליינ איז אויסגעקומענ איינ פערטל פונ דער גאנצער ראפינאד־פּראָדוקציע. 60—70 פּראָצ. פונ צוקער־האנדל איז געווענ אינ די הענט פונ די ייִדישע האנדל־קאפּיטאליסטנ. [5] די רעגירונג, וואָס האָט באזונדערס פּראָטעזשירט די צוקער־אינדוסטריע, וועלכע איז געווענ אפנ ענגסטנ אויפנ אופגעבונדנ מיט דער פּריצישער ווירטשאפט, האָט לויטנ פארלאנג פונ צוקער־סינדיקאט ספּעציעל נאָרמירט די צוקער־אויסארבעטונג פארנ אינערלעכנ מארק (געזעצ פונ 20־טנ נאָיאבער 1895 יאָר), אונ קעדיי אײַנצוהאלטנ אפ דער רעכענונג פונ מאסנ־געברויכ די העכסטע פּראָפיטנ פאר די פאבריקאנטנ, געגעבנ פּרעמיעס אונ להאָטעס באמ ארויספירנ דעמ צוקער קיינ

1 פּליאָזבערג—ib.

2 „איכ בעט אײַכ אָנצונעמענ מײַנ מיטגעפיל פונ גאנצנ הארצנ, וואָס איז פארבונדנ מיט דער דערינערונג וועגנ די לעצטע טויוועס. בּאראָנ גינצבורג" („דער פרײַנט" נומ. 79, 1905 י.).

3 סליאָזבערג—ib.

4 דאָרטנ.

סליאָזבערג—גינצבורגס יאָרנלאנג־טרײַער לאקיי—האליוציצינירנדיק אינ דער ווײַטער עמיגראציע וועגנ אנ אנטיסאָוועטישער אינטערווענצ, דערשרײַבט זײַנע „לעצטע שורעס" וועגנ „פארלאָרענעמ גאנײדנ" פונ זײַנע פּאטראָנעס. עס גייט אימ איבער די סמאהע, ווענ ער רעסטאווּרירט די „ליבע־פּאנאָראמע" צווישנ ייִדישנ „שטאדלענ־פּאטראָנ" גינצבורג אונ דער „הויכער אריסטאָקראטיע". גינצבורג, זאָגט ער „האָט געהיט די ייִדישע רעליגיעזע מינהאָגימ". „די דאָזיקע טרײַהײַט דער טראדיציע האָט אימפּאָנירט" (די „סראָרעס"). די „הויכ־געשטעלטע" פּערזאָנענ „האָבנ געהאלטנ פאר א קאָוועד אײַנגעלאדנ צו ווערנ צומ סיידער בא גיגצבורג" א. א. וו. דעמ באראָנס לאקיי אָבער איז אויכ ניט אבי ווער. אָט, אשטייגער, איז אינ פרײַנטשאפט מיט גינצבורגנ געשטאנענ גענעראל אבעלסאָנ, דער פּעטערבורגער קאָמענדאנט, „א ייִד לויט זײַנ אָפּשטאמונג" אונ „א קאָרעוו פונ די סליאָזבערגס..." צוואנציק יאָר—דערציילט סליאָזבערג,—האָט ער געגאָסנ פונ האָראצי גינצבורגס „ריינ פּאָטערלעכער פרײַנטשאפט" אונ ער ווייס צו ענדיקנ מיט דעמ, אז די פּאריזשער יאָרשימ פונ „באראָנ" שטיצנ זייער ווארעמ די ייִדיש־רוסישע עמיגראציע, וואָס האָט „געפונענ א מאָקעמ־מענוכע אינ פראנקרײַכ". די „גאָלדענע ליבע" מיט די פּלעוועס ציט זיכ צו די שקוראָס, די „דערינערונג פונ די לעצטע טויוועס" שליסט זיכ מיטנ טרוימ וועגנ דער פארלאָרענער „גאָלד־גרוב"—די לענער בלוט־בעדער מיט די דעניקינישע שכיטעס. די „טרײַהײַט דער טראדיציע" האָט זיכ ניט איבערגעריסנ...

5 Т. Гейликман. Евреи в России. Б. С. Э. т. XXIV.

אויסלאנד.[1] אויב „דער רוסישער פּראָצענט איז געווען דער גרעסטער אין אייראָפּע",[2] איז עס קוידעמקאָל שייַעך געווען דעם צוקער-געביט. צום דאָזיקן קוואל פון אומגעוויינלעך הויכע רעוואָכים האָבן זיך טאקע פון אָנהייב אָן מיט א באזונדער כיישעק געצויגן די יידישע קאפּיטאליסטן.[3] די יידישע „צוקער-קעניגן" זייַנען צוגלייַך מיט זייערע ניט יידישע שומפים (און קאָנקורענטן) געווען דורכויס פארינטערעסירט אין דער אימפּעריאליסטישער פּאָליטיק פון צאריזם, אין גענאָד פון וועלכן זיי האָבן געמערט זייערע קאפּיטאלן און דורך וועמענס באגנעטן זיי האָבן ארויסגעקוקט צו באקומען פאר זיך נייַע מערק, פּרעמיעס און להאָטעס...[4]

נעמען מיר די גרעסטע צארישע קאָלאָניע — סיביר, ווו די יידישע אָרעמשאפט האָט „געמעגט" קומען נאָר אין קייטן, האָבן אויך דאָרט געפירט „ברייטע געשעפטן" א ריי יידישע קאפּיטאליסטישע וואלפיש, מיטהעלפנדיק דאָרט דעם צארישן קאָלאָניזאטער צו שטיקן די אָרטיקע „אינאָראָדצעס" ניט מיט ווייניקער פלייַס ווי אף די „מייַרעוו ראנדן", פארנעמענדיק זייער אָרט אינעם פּאָר-פּאָסט פון רוסישן אימפּעריאליזם אפן ווייַטן מיזרעך. אויב די גינצבורגס בע-שוטפעס מיט די ווראנגעלס האָבן זיך צעלייגט איבער די שטאָכים פון יאקו-

---

[1] Энциклопедический словарь Брокгауз-Эфрон-Сохор. די פארבינדונג מיט די פּאָרשטייער פון דער מאכט, וואָס איז אזוי בוילעט געווען אין דער צוקער־אינדוסטריע, ווו דער אָנטייל פון אדל איז געווען באזונדערס שטארק, האָט געגעבן די זא־וואָדטשיקעס אירע „פרוכט". אזוי, צ. ב., באפרידיקן דער פארוואלטער פון קיעווער קאָנטאָר פון מעלוכע־באנק און דער דירעקטער פון איר דיסקאָנט־אָפּטייל אלע באקאָשעס פון דער פארוואלטונג פון סטאראָ־קאָנסטאנטינאָווער צוקער־זאוואָד, אין וועלכן דער ערשטער איז געווען א מיטגליד פון פארוואלטונג (צוזאמען מיט „איסאק לעאָנטיעוויטש שפּיגעל", אפאנאסיעוו און אז. וו.) און דער צווייטער — זייַן פארטרעטער... (Озеров, ib.)

[2] М. Покровский. „Русская история в самом сжатом очерке", ч. III, стр. 88.

[3] „די הויכע פרייַזן באדינגען הויכע רעוואָכים פאר די צוקער־פאבריקאנטן און ציִען צו דער צוקער־אינדוסטריע נייַע קאפּיטאלן" (Брокгауз, ib.). ווען, אשטייגער, דער דייַטשישער עקאָנאָמיסט יידעלס רעדט וועגן די פּראָפיט־אפּעטיטן פון די דייַטשישע קראָסין־קעניגן, זאָגט ער: „די דייַטשישע קראָסין־קעניגן האָבן פּאָרגע-פילט גיגאנטישע רעוואָכים, וואָס טרעטן ניט אָפּ פאר די רעוואָכים פון די רוסישע צוקער־זאוואָדטשי־קעס" (לענין, ב. 19, ז. 128). לויט די באריכטן פון די צוקער-זאוואָדן פארן 1901 יאָר האָט זייער רעווע דערגרייכט 66 פּראָצ. פונעם גרונט־קאפּיטאל (לויט А. Ерманский. „Крупная буржуазия до 1905"—„Общ. движ. в России", т. I

די דערקלערונג פון כ׳ היילִיקמאן וועגן אריַינדרינגען פון יידישן אקציאָנערן־קאפּיטאל אין דער צוקער-אינדוסטריע, וואָס באגרענעצט זיך מיט דער אָנוויַיזונג, אז בא דער אקציאָנערער פּאָרמע „איז לייַכטער געווען צו ארומגיין די יידישע רעכט־באגרענעצונגען, הויפּטזעכלעך באם קויפן ערד"— איז דאָ ניט גענוגנדיק.—Б. С. Э.

[4] די פאבריקאנטן „האָבן זיך באנוצט מיט זייער מאָנאָפּאָל, קעדיי אייַנצוהאלטן די טעכניש־אומפולקאָמענע זאוואָדן" — אָנערקענט דער ליבעראלער עקאָנאָמיסט פון דעם עפראָן-בראָקהאוז־ענ־ציקלאָפּעדיע. די צוקער־אינדוסטריע, וואָס האָט ווירקלעך געטראָגן דעם רויבערישסטן כאראקטער, איז אין גרונט ארויסגעפּאָרן אף דער גרויזאמסטער עקספּלואטאציע פון פארענדערלעכן קאפּיטאל, פאר וועלכער דער פארשקלאפטער דאָרף (דערצו נאָך אין קאָלאָניאלער אומגעבונג...) האָט געגעבן די בעסטע מעגלעכקייַט. נאָר די נאציאָנאל־פאשיסטישע אפּאָלאָגעטן פון דער יידישער בורזשואזיע, זוכנדיק אף אלע אויפאנים צו בארעכטיקן די עקזיסטענץ פון דער בורזשואזיע און פירנדיק זייער קאָנטררעוואָליוציאָנערע פּראָפּאגאנדע קעגן סאָוועטנפארבאנד, פּרווון שאפן א לעגענדע וועגן „טעכנישן פּראָגרעס", וואָס ס׳האָבן, קלוימערשט, אריַינגעבראכט די יידישע קאפּיטאליסטן אין דער צו-קער־אינדוסטריע אף אוקראַינע (זע ה. לאנדוי „דער אָנטייל פון די יידן אין דער רוסיש־אוקראַיני־שער צוקער־אינדוסטריע"—„עקאָנאָמישע שריפטן פון „ייִוואָ", ב. 1).

טיע, שפּאַרנ אָנ קאַמפּאַניעס פונ ייִדיש-רוסישע קאָלאָניאַלע אונטערנעמערס ביז אַמור אונ קאַמטשאַטקע (אַשטייגער, די „אַמורער שיפ־אונ האַנדל-געזעלשאַפט" מיט דער פאַרוואַלטונג אינ באַשטאַנד פונ די ייִדישע קאַפּיטאַליסטנ. ע. ס. מאַנדעל,[1] מ. לונצ, מ. שעפּטעל, צוזאַמענ מיט די רוסישע קאַפּיטאַליסטנ בובנאָוו, באַזשענאָוו, באַמ פאָרשטייער פונ פינאַנצ־מיניסטעריום — קאַזי... אָדער — „קאַמטשאַטקער האַנדל-אינדוסטריעלע געזעלשאַפט" באַמ אָנטייל פונ דערמאָנטנ מאַנדעל אונ רוסישע קאַפּיטאַליסטנ פּראָזאַראַוו, סאַוויטש). דעריבער איז צו פאַרשטייִנ די פרייד פונעמ לייטאַרטיקל אינ זשורנאַל „בודושטשנאָסט" וועגנ דער דערלויבעניש, וואָס איז געגעבנ געוואָרנ דער ייִדישער בורזשואַזיע אינ 1903 יאָר צו באַזעצנ זיכ אינ דאַלני, ד. ה. אינ דעמ האַפנ, וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרנ באַ כינע אונטערנ שילד פונ קאָמערצ-אַרענדע אונ האָט באַדאַרפט דינענ אַלס קאַנאַל צומ אַרײַנדרינגענ פונ רוסישע האַנדל קיינ כינע. זינגענדיק שוואָכימ דעמ צאַריזמ, ר״מט דער דאָזיקער ציאָניסטיש-אַרטיקער אָרגאַנ די ייִדישע הענדלער אינ סיביר, ווו זיי טרעטנ אַרויס, אַלס טעטיקע פאַרמיטלער אינ עקספּאָרט פונ די אָרטיקע פּראָדוקטנ"[2] (לייענ: אינ עקספּאָרט פונ די פּראָדוקטנ, וואָס דער טשינאָווניק אונ קאַפּיטאַליסט האָבנ אָוועקגערויבט אונ אויסגעשווינדלט באַ די אונטערדריקטע סיבירער פעלקער). „דערפאַר טאַקע — פירט אויס מיט גדולה דער אַרטיקל — איז אינ דער נײַער שטאָט דאַלני אָנערקענט געוואָרנ אַלס צוועקמעסיק צו געבנ די ייִדנ וווינרעכט אונווירטשאַפט־רעכט". אונ מיט א יאָר פאַר דעמ האָט דער סיבירער האַנדל-באַנק, וועמעס הויפּט־אָפּעראַציעס עס זײַנענ געווענ צו פינאַנסירנ דעמ עקספּאָרט אונ אינדערשפּיצ פונ וועלכנ עס איז געווענ דער ייִדישער באַנקיר מ. סאָלאָווייטשיק (צוזאַמענ מיט מ. לונצ פונ דער פריִער דערמאָנטער „אַמורער האַנדל־געזעלשאַפט" אונ די רוסישע קאַפּיטאַליסטנ אָשורקאָוו, סאַוויטש אונ אַנד.), געבעטנ א דערלויבעניש צו עפענענ אַנ אָפּטייל פונ דעמ באַנק אינ דאַלני אָדער פּאָרט-אַרטור.[3] אינ דער אייגענער צײַט זעענ מיר דעמ פריִער דערמאָנטנ באַנקיר א. ראָטשטיינ צוזאַמענ מיטנ פירשט אוכטאָמסקי, פּאָקאָטילאָוו, ווישנעגראַדסקי... דאַווידאַוו, פּאַראַלעל מיט די פאָרשטייער פונ פראַנצויזישנ

---

[1] גלײַכצײַטיקער פאַרוואַלטונג-מיטגליד פונ אַזאָווער שיפ־געזעלשאַפט (צוזאַמענ מיט די רוסישע קאַפּיטאַליסטנ גוואָזדיאָוו. אַלכינ, סלאַנסקי) קורצ גערעדט,— מיטנ זעלבנ אימפּעריאַליסטישנ פּאָנעמ צומ באָענטנ אונ ווײַטנ מיזרעכ...

[2] „Будущность"—9. 1903.

[3] И. И. Левин „Акц. Ком. банки и т. д. стр. 288.

די „סיבירער האַנדל-באַנק" ווי דער „רוסישער באַנק פאַר אויסערנ האַנדל" איז, ווי לעניג ווײַזט אָנ, אַפנ גרונט פונ די יעדיִעס פונ דײַטשישנ באַנק-טוער ריססער, אַרײַנ אינ דער סיסטעמ פונ די אַכט בענק פונ ערשטנ גראַד אָפּהענגיקײַט, וואָס זײַנענ אונטערגעאָרדנט דעמ „דײַטשישנ באַנק". מיר האָבנ קיינ גרונט ניט צו טראַכטנ, אַז דאָס געהערט ניט צומ באַטראַכטנ פעריאָד, אונ אַפ אַזא אויפנ דערשײַנט דער דאָזיקער באַנק אייִנצײַטיק אויכ אַלס דורכפירער פונ דײַטשישנ פינאַנצ־קאַפּיטאַל אינ סיביר אונ אַפנ ווײַטנ מיזרעכ. עמעס, אַפ דער ביטע פונ סיבירער האַנדל־באַנק האָט וויטע געלייגט א רעזאָליוציע — דער פינאַנצ־מיניסטעריומ איז פאַר דערלויבנ אינ פּ.־אַרטור די טעטיקײַט פונ „רוסישנ באַנק פאַר אויסערלעכנ האַנדל" דער דאָזיקער באַנק איז שוינ געווענ וויטעס „פאַרוואַריט". דער זעלבער „רוס. באַנק פאַר אויס. האַנדל" איז פונ זײַנ זײַט דורכ געמיינזאַמע אָנטיילנעמער („געהיימראַט" נ. סושטשאָוו) געווענ פאַרבונדנ, אַשטייגער, מיטנ פּעטערבורגער אינטערנאַציאָנאַלנ קאָמערצ־באַנק, אינ פאַרוו. פונ וועלכנ ס׳איז אַרײַנ לאַזאַר בראָדסקי אונ אַדאָלף ראָטשטייִנ...

פינאנצ-קאַפּיטאל — איִנ פּאַרוואַלטונג פונ רוסיש־כינעזישנ באנק — אינעמ דאָזיקנ הויפּט-קאנאל פאר דער עקספּאַנסיע פונ רוסישנ אימפּעריאַליזמ — בעשוט־פעס מיטנ פראנצויזישנ פינאנצ־קאַפּיטאל, מיט וועמעס הילפ דער באנק איז אופגעקומענ — אפנ ווײַטנ מיזרעכ. באמ אימפּעריאַליזמ אנטוויקלט זיכ „די פּערסאָנעלע אוניע פונ די בענק מיט די גרעסטע אונטערנעמונגענ פונ אינדוסטריע אונ האנדל, די צונויפגיסונג פונ די אונ יענע דורכנ געמיינזאמענ באזיצנ אקציעס, דורכנ אריַינטרעטנ פונ די באנק־דירעקטאָרנ אלס מיטגלידער פונ די באַאָבאכט-ראטנ (אָדער פאַרוואַלטונג) פונ די האנדל-אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ אונ צוריק” (לענינ, ב. 19 ז). זעענ מיר טאקע דעמ זעלבנ ראָטשטייִנ אייִנציַיטיק איִנ פּאַרוואַלטונג פונ רוסיש־כינעזישנ באנק,[1] אינ פּעטערבורגער אינטערנאציאָנאלנ קאָמערצ־באנק, איִנ פּאַרוו. פונ דער „רוסלענדישער געזעלשאפט פונ גאָלד-אינדוסטריע” (צוזאמענ מיט ל. יעפּראָנ אונ באראָנ וורּאַנגעל), איִנ פּאַרוו. פונ דער „נאפט-פּראָדוציר־נדיקער אונ האנדלס־געזעלשאפט „מאזוט” (צוזאמענ מיט מ. עפרוסי., י. דײַטש, ס. פּאָליאַק), אינ דער „געזעלשאפט פונ טולער קופער אונ קוילנ זאוואָד” (צוזאמענ מיט יעפימ גריגאָריעוויטש שײַקעוויטש, מיטנ דײַטש קאָכ, מיטנ רוס פּאנאפידינ, מיטנ פּויל יאַניקאָווסקי אונ מיטנ פּאַרוואַלטונג־פּאָרזיצער פּאָנ-הילענשמידט), אינ „ניקאָפּאָל־מאַריופּאָלער בארג-אונ מעטאל-געזעלשאפט” א. אנד. ראָטשטיינ איז דאָכ אויכ וויטעס נאָענטסטער ראטמאנ אונ... עס קאָמבינירנ זיכ — ראָטשטיינס באנק — „דיווידענדנ” מיט א „רער” צומ קאסע פונ מעלוכע-באנק, צו מיליטערישע זאקאזנ אונ קאזיאָנע פּאָסטאווקעס...[2] אזוי אז ווענ מע זאָל ראָטשטייִנ-שײַקעוויטש-פּאָנ הילענשמידטס פּאטראָנעס דערגענצנ, לאָמיר זאָגנ, מיט דער „אקציאָנערער געזעלשאפט פונ דאָרעמ־רוסישנ פּולווער-זאוואָד צו אויסארבעטנ פּולווער אונ אנדערע אופרײַס־שטאָפנ” פונ א. ד. מארגאָלינ אונ מארקס סאָלאָמאָנאָוויטש בראָדסקי (מיטנ אָנטייל פונ וו. טאָלי פונ „קיעווער פּריוואטנ קאָמערצ־באנק”), וועלנ מיר באקומענ א „וועזנטלעכנ באוויַיז” פאר דעמ, ווי ווײַט אויכ דער יידישער עלעמענט פונ דער רוסלענדישער אימפּעריאליסטישער בורזשואזיע האָט געקענט זײַנ „גלײַכגילטיק” צו די „אונטערנעמונגענ” פונ מיליטעריש-פּעאָדאלנ אימפּעריאליזמ, וואָס האָט, שטיצנדיק זיכ אפנ אויסלענדישנ אונ רוסישנ קאפּיטאל געזוכט מיטנ רוסישנ (פּליוס יידיש-פּויליש-דײַטשישנ א. א. וו.) „שטאָל אונ פּולווער” אויכ דורכלייגנ וועגנ פאר פּוטילאָווס לאָקאָמאָטיוונ צומ „פּרעמירטנ” ראפינאד פונ לאזאר איזראַיליעוויטש בראָדסקי, אזוי גוט ווי פאר די ציס-

---

[1] אלס איינע פונ די וויכטיקסטע פונקציעס, וואָס וויטע האָט געשטעלט פארנ באנק, איז געווענ אונטערהאלטנ דעמ רוסישנ האנדל אינ כינע. ווי א בײַשפּיל האָט ער געבראכט דעמ טיי־האנדל, וואָס צוליב דער אָפּוועזנהײַט פונ א רוסישנ באנק, קומט אויס די טיי־הענדלער צו פאנאנדערצאָלנ זיכ דורכ דער פּארמיטלונג פונ אויסלענדישע בענק (לאָנדאָנ) אונ דערבײַ טראָגנ גרויסע הויצאָעס (זע M. Покровский. Японская война „Сб. 1905“, т. 1. стр. 530). פארשטייט מענ, אז די דאָזיקע פונקציע פונ רוסיש-כינעזישנ באנק איז געווענ גוט צומ הארצנ, ניט נאָר די פּאָפּאָווס אונ פּערלאָווס, נאָר אויכ די וויסאָצקיס...

[2] דער איזשאָרסקער זאוואָד (א קאזיאָנער) האָט אויסגעארבעט פּאנציר-שטאָל צו 4,5 ר. א פּוד. דאָכ האָט מענ דורכנ יאמ־מיניסטעריומ איבערגעגעבנ א באשטעלונג אפ א פיל גרעסערער סומע דעמ מאריופּאָלער זאוואָד (דעמ אויבנדערמאָנטנ) צו 9 ר. 90 קאָפּ. א פּוד: א פּאָשעטע זאכ. די ראָטשטיינס האָבנ „געשמירט” אונ באקומענ זייערע „באשטעלונגענ”, „געשמירט” אונ ווידער באקומענ...

טערנעס פון „רוסיש-באלטישן וואגאָנען-זאוואָד" מיט ראָטשילד-דעמבאָ-ראָט־שטיינס נעפט—קרעדיטירט פון רוסיש-כינעזישן באנק...[1]

ניט שטעלנדיק זיך דאָ די אופגאבע צו אופדעקן דעם אָרט פון דער ייִדי־שער בורזשואזיע אינגאנצן גענומען—אין אלע באזונדערע שיכטן אירע—אין דער פאר־רעוואָליוציאָנערער עקאָנאָמיק, גענויער אופצודעקן דעם קנופּ באציִונ־גען צווישן דער ייִדישער בורזשואזיע און צאריזם צווישן דער ייִדישער און דער ניט - ייִדישער בורזשואזיע, ווי אויך אנאליזירן די אלע פאָרמעס, דורך וועלכע די ייִדישע בורזשואזיע האָט עקספּלואטירט די אונטערגעדריקטע ייִדישע מאסן (מיר וועלן זיך אין דער אָדער יענער מאָס צו דער פראגע אומקערן אין א ריי באזונדערע צוזאמענהאנגען),—דעמאָנסטרירן שוין די געבראכטע בײַשפּילן גענוג אָנשוילעך, ווי ווײַט די ייִדישע פּלוטאָקראטיע איז געווען—באם גאנצן קאָמפּלעקס קעגנזײַטיקע ווידערשפּרוכן—אופגעפלאָכטן מיט די הערשנדיקע קלאסן אין לאנד, פאר־בונדן מיטן הערשנדיקן רעזשים, וואָס האָט, האלטנדיק אין דער שווידער־לעכסטער פארשקלאפונג די אונטערדריקטע פעלקער, געזיכערט דער בורזשו־אזיע—אין דעם אויך דער ייִדישער—די מעגלעכקײַט צו בארויבן די ניט־ייִדישע ווי די ייִדישע ארבעטנדיקע. דאָס וועט מוזן מיטהעלפן באם אופ־קלערן די רעאקציאָנערישקײַט און פאכדאָנישקײַט פון דער ייִדישער בורזשואזיע אין איר באציִונג צום צאריזם; דאָס וועט מיטהעלפן פארשטיין די פּאָזיציע אויך פון דער דאָזיקער בורזשואזיע בענעגייע דער אויסערלעכער פּאָליטיק פון מיליטעריש־פעאָדאלן אימפּעריאליזם און וואָס א בײַשפּיל דערפון זעען מיר דאן אין דער רוסיש־יאפּאָנישער מילכאָמע.[2]

---

[1] דעמבאָ א. און אי. ווײַנבערג (צוזאמען מיט בודאנאָוו, פּרעזשיסעצקי) — פּאַרוואלטונג פון דער „נעפט־אינדוסטריעלער האנדל-געזעלשאפט „פעטראָל", אָ. דעמבאָ צוזאמען מיט טאָביאס אין דער נאפט־געזעלשאפט „קאווקאז". דער דאָזיקער באנק (דער רוסיש-כינעזישער ה. ד.), האָט פּראָיעקטירט וויטע, וואָלט געקאָנט מיטהעלפן דעם ארײַנפּיר פון רוסישן קעראָסין אף די כינע־זישע מערק, ווו אים קומט אויס אויסצוהאלטן א קאָנקורעץ מיטן אמעריקאנישן" (М. Покровский— „Японская войн"а. ib,—стр· 530.

[2] אין פּראט פון אלזײַטיק אופדעקן מארקסיסטיש דעם אָרט פון דער ייִדישער בורזשואזיע—פון אלע באזונדערע שיכטן אירע— אין דער עקאָנאָמיק פון לאנד—באם אָנהייב 20־טן י. ה., אין פּראט פון אופדעקן דעם סכום באציִונגען (אין זייער איבערפלעכט פון מיטארבעט און קעגנזײַטיקע סטירעס) צווישן דער דאָזיקער בורזשואזיע און דעם צאריזם, צווישן איר און דער איבעריקער בורזשואזיע (פון איין זײַט מיט דער גרויסרוסישער, פון דער צווייטער—מיט דער אוקראַיִנישער, ווײַסרוסישער א. אנד.), צווישן באזונדערע גרופּן פון דער ייִד. בורזשואזיע גופא — איז ביז איצט אזוי ווי גאָרניט אופגעטאָן געוואָרן. און דאָס איז איינע פון די אופגאבן, וואָס שטייען פאר אונ־דזערע היסטאָריקער און עקאָנאָמיסטן.

די אויבנגעבראכטע פאקטן געהערן גראָד צו דער קאטעגאָריע, וואָס די אפּאָלאָגעטן פון דער ייִדישער בורזשואזיע האָבן שטענדיק געזוכט צו פארלייקענען אָדער פארקריפּלען. אין פלאן פון קולטיווירן די „אידייע" פון דער „איינהײַטלעכער נאציע" און געמיינזאמע „נאציאָנאלע אינטערעסן" האָבן די דאָזיקע אפּאָלאָגעטן פאבריצירט אין פארשיידענע וואריאנטן די „טעאָריע" וועגן אן „אָרעמער" „אונטערגעדריקטער" ייִדישער בורזשואזיע, וואָס „לײַדט" מיט „אלע ייִדן גלײַך", און אז די ייִדישע מאסן עקזיסטירן נאָר אין „גנאָד" פון דער דאָזיקער בורזשואזיע, וועלכע פירט שוין זיי צו „אויסלייזונג". די ייִדישע ארבעטנדיקע טאָרן ניט דעריבער פירן קיין קלאסנקאמף קעגן קאפּיטאל, קעדיי ניט אונטערײַסן זייערע „אָרעמע" „באלעטויוועס"... דער דערמאָנטער וואָס־כאָדישער עקאָנאָמיסט מארגאָלין (איינצײַטיק דער עקאָנאָמיסט פון די בונדישע אָרגאנען), זוכנדיק

II

די רוסישע בורזשואזיע (אונ די ייִדישע צוזאמענ מיט איר) האָט, ווי געזאָגט, פונ אָנהייב אָנ אונטערגעהאלטנ די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק פונ צאַריזמ אפנ ווײַטנ מיזרעכ. נאָכ בײַס דעמ יאפּאָניש-כינעזישנ קריג אינ 1895 יאָר האָט דער ליבעראל גאָלצעוו אינ דער ארכי־ליבעראלער „רוסקאיא מיסל“ דערקלערט, אז „אונדזער פּאָטערלאנד האָט איצט די מעגלעכקײַט צו דעראָבערנ א ניט־פארפרירנדיקנ האפנ אינ שטילנ אָקעאנ אונ פולשטענדיק פארפעסטיקנ אונדזער פּאָליטישע אונ עקאָנאָמישע לאגע“. די ליבעראלע „נאָוואָסטי“, דער רופאָר פונ דער בירזשע, וואָס איז אינ פערזאָנ פונ איר רעדאקטער נאָטאָוויטש דורכויס־צונויפגעבונדנ געווענ מיט דער ייִדישער באנקאָקראטיע, האָט דאנ נעשריבנ — „איצט איז פאראנ א פולשטענדיק־גינסטיקער צופאל מיט איינ מאָל אונ אָנ זאָרגנ מאכנ א סאָפ מיט כינע, צעטיילנדיק זי צווישנ די גרויסע מעלוכעס — דורכלאָזנ אזא מאָמענט איז די גרעסטע אוולע: „China delenda est“ [1]. אינ די לעצטע טעג, ערעוו דעמ אויסברוכ פונ דער מילכאָמע מיט יאפּאָניע, טרעט ארויס די „הצפירה“ מיט א ריי ארטיקלענ, ווו דער דאָזיקער אָרגאנ פונ דער ציִעניסטישער בורזשואזיע, באַרעכטיקנדיק פולשטענדיק די פארכאפּערישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פונ צאַריזמ, רעקלאמירט מיט גרויס פּאַטאָס די „פרידלעכקײַט“ פונ ניקאָלײַס רעגירונג אונ רימט די ציוויליזאטערישע ראָל פונ צאַריזמ אינ טענער, קעגנ וועלכע דער „פּראַוויטעלסטווענ וועסטניק“ זעט אויס לאכלוטנ ניט „אָריגינעל“. „בא איר גאנצער ליבע אונ איבערגעגעבנקײַט צומ שאָלעמ — דעקלארירט דאָרט נאָכעמ סאָקאָלאָוו“ [2] — קענ רוסלאנד ניט לאָזנ אפּ העפקער איר אייגנס“. „רוסלאנד מוז האָבנ א גרויסנ פּלאַט אינ שטילנ אָקעאנ“. „רוסלאנד וועט ניט קענענ לאָזנ מאנדזשוריע“, אָדער לאָזנ דאָרט נאָר א קליינע מיליטער־וואכ, טאָמער ברעכט

---

מיט אלע מיטלענ צו פארמינערנ דעמ אָרט פונ דער ייִדישער בורזשואזיע אינ די אקציאָנערע געזעלשאפטנ (ווענג ניט אָפיציעלנ אָנטייל פונ דער ייִד. בורזש. אינ די לעצטע מאכט ער זיכ גלאט, ארויס צו ריידנ), „באגרינדעט די רעכטלאָזיקײַט פונ דער ייִדישער בורזשואזיע מיט דעמ פאקט, וואָס ייִדנ נעמענ אָנטייל „ניט מער“ ווי אינ 25% פונ אלע אקציאָנערע געזעלשאפטנ... (די ציִניסטישע „טעאָרעטיקער“ פירנ דורכ זייער שווינדל אפּ אזא אופנ: בא „אונדז“ זײַנענ דאָ נאָר „אָרעמע קאפּיטאליסטנ אונ קאפּיטאליסטנ-אָרעמעלײַט“. — כ. ד. הורוויטש א. א וו.). ווי ווײַט אקטועל עס איז אויכ אינ אונדזערע טעג דער קאמפּ מיט די דאָזיקע בורזשואז־אפּאָלאָגעטישע טעאָריעס, באווײַזט כאָטשבי דאָס, וואָס טעאָריעס פונ דעמ מינ האָבנ נעקענט דורכגעפירט ווערנ אינ ביכער וואָס זײַנענ ארויס אינ סאָוועטנפארבאנד. אשטייגער, די בורזשואז־נאציאָנאליסטישע „טעאָריע פונ ע. טשערניאווסקי ווענג דעמ, אז דער צאַריזמ פלעגט צוציִענ די קאפּיטאלנ פונ דער „אינאָראָדטשעסקער בורזשואזיע“ (אהער פארעכנט ער די פּאָליאקאָווס, די גינצבורגס אונ זאקס) „אויסשליסלעכ אינ די אינטערעסנ פונ די גרויסרוסישע פּריצימ אונ קאפּיטאליסטנ“. ריכטיקער געזאָגט, די ייִדישע בורזשואזיע ווערט דאָ פארוואנדלט אינ „רעכטלאָזיקע“ „אינאָראָדצעס“, „שטיפקינדער“ פונ צאַרי וואָס פונקציאָנירנ „אויסשליסלעכ“ צוליב די גרויסרוסישע פּריצימ אונ קאפּיטאליסטנ. שוינ די פאקטנ, וועלכע מיר האָבנ אויבנ געבראכט אונ וואָס פירנ ארויס די אלע גינצבורגס אונ פּאָליאקאָווס אפּ דער אָפענער שײַנ, דעקנ אופּ, פונ זייער זײַט, גאנצ אָנשוילעכ די פאלשקייט פונ דאָזיקע ארט בורזשואז־אפּאָלאָגעטישע „טעאָריעס“.

1 לויט A. Попов. „Первые шаги русского империализма на Дальнем Востоке“ — „Красный архив“ т 52,

2 „הצפירה“, 22, 1904

דאָרט אויס אַנ אופשטאַנד, וועט אַזאַ מיליטער ניט זײַנ בעקויעכ זיכ צו ראַ-
טעווענ פונ דער איבערקערעניש". „רוסלאַנד וועט ניט איבערגעבנ איר קאָרייע".
„די גאַנצע אינדוסטריע, דער גרויסער מיסכער פונ רוסלאַנד איז געווענדעט
צומ ווײַטנ מיזרעכ... די סיבירער אײַזנבאַנ איז געבויט געוואָרנ ניט צוליב
סיביר אַלײנ, נאָר באַזונדערס צוליב כינע, צוליב קאָרייע, צוליבנ שטילנ אָקעאַנ."
„פונ אַלע אײראָפּײִשע מעלוכעס איז רוסלאַנד די אײנציקע, וואָס איר אָנטייל
אינ דער מילכאָמע מיט כינע (ד. ה. דער רויבער־אָנפאַל אַפ כינע אינ 1900
יאָר — י. ר.) איז געווענ אַ זאַכ פונ רעאַלקײַט. ניט קײנ שווערדנ-פּאָכערײַ,
נאָר אַנ אויסגערעכנטע זאַכלעכע פּאָליטיק, וואָס באַזירט זיכ אַפ צענדליקער־
טויזנט-געשעפטנ שוינ אופגעטאָנאָנע אונ פאָרשטײענדיקע". אונ דערגרייכנדיק
צו סוואָרינס פּאַטאָס, רופט סאָקאָלאָוו אויס: „ענגלאַנד איז געקומענ קײנ
עגיפּעט ניט אַפ באַזעצנ זיכ, נאָר צו ווינענ, אָבער אופטועדיק דאָרט געשעפטנ
אונ אַרײַנלײגנדיק קאַפּיטאַל... קענ זי דאָכ ניט גײנ לאָזנ איר רײַכקײַט אַפ
העפקער אונ אַוועק". „ס'איז אַ טאָעס, אַז רוסלאַנד האָט געוואָלט אײַנעמענ
מאַנדזשוריע... דאָס איז געווענ אַ מוז־זאַכ". מאַנדזשוריע פירט אויס דער ציוִ-
ניסטישער פּאַלצעט צומ „נאָוואָורעמיע"נישנ באַס, — איז אַ כינעזיש לאַנד נאָר
לויט דער מעסוירע, אָבער אַ רוסישע לויט די פאַקטישע אונ פאָרשטײענדיקע
טאַטנ".[1] דידאָזיקע ציניִשע פּראָפּאַגאַנדע פונ דער צאַרישער פאַרכאַפּונג-פּאָ־
ליטיק אַנטבלויזט געגוג אָנשוילעכ די אַפּעטיטנ אויכ פונ דעמ ייִדיש ציוִניס-
טישנ טייל פונ דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע צומ אָנהײב פונ דער
מילכאָמע...

פאַר דער מילכאָמע-אָריענטאַציע פונ דער ייִדישער בורזשואַזיע איז גע־
נוג כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, ווענ אַפנ איבערײַס פונ די רוסיש-יאַפּאָנישע
באַציִונגענ, האָט די אָדעסער בירזשע, ווו די דאָמינירנדיקסטע ווירקונג האָבנ

[1] „הצפירה" נומ. 24, 1904. דאָס זעלבע, וואָס עס זינגענ די יאַפּאָניש־פאַשיסטישע „ניכאָנס"
אויכ אינ אונדזערע טעג, ווענ דער יאַפּאָנישער אימפּעריאַליזמ האָט, אײַנשלינגענדיק קאָרייע, פאַר־
כאַפּט מאַנדזשוריע, פאַרמעסטנדיק זײַנ בלוטיקנ פויסט קעגנ סאָוועטנפאַרבאַנד. כאַראַקטעריסטיש,
אַגעוו, אַז אינ זײַנ מילכאָמע-שטרעבונג, דורכ וועלכער די יאַפּאָנישע עקספּלואַטאַטערס ווילנ, ווי
דער צאַריזמ בעשײַטע. אַראָפּרײַסנ די אָנוואַקסנדיקע רעוואָליוציע פונ די יאַפּאָנישע אַרבעטער אונ
פּויערימ, באַקומט דער זעלבער יאַפּאָנישער אימפּעריאַליזמ דעמ מיטגעפיל אויכ פונ דעמ ייִדישנ
טייל פונ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער בורזשואַזיע אונ אירע לאַקייענ. אינ זעלבנ סטיל ווי די סאָ־
קאָלאָווס האָבנ באַזונגענ די צאַרישע קאָלאָניאַלע רויבערײַ מיט 34 יאָר צוריק, שרײַבט זשיטלאָוו־
סקי אינ 1932 יאָר, אַז יאַפּאָניע „מוז... מיט נוואַלד דעראָבערנ אַ פרײַעמ צוטריט צו דעמ פאַר איר
נאָענטנ כינעזישנ מאַרק... זי מוז אויכ מיט דער זעלבער גוואַלט אוועקרײַסנ מאַנדזשוריע אונ אָנ-
הײבנ זי צו קאָלאָניזירנ". דערבײַ דערציילט ער, אַז ווענ די „באַבושקאַ" ברעשקאָ-ברעשקאָווסקאַיאַ איז גע־
פאָרנ קײנ אַמעריקע אַגיטירנ פאַר קאָלטשאַקנ, האָט זי דערקלערט, אַז מיר מוזנ אָפּטרעטנ זיי (די יאַ־
פּאָנער) אַ חיפּשנ טייל פינ מיזרעכ־סיביר (דער מאָטיוו איז געווענ, קלוימערשט, „ראַכמאָנעס" צו
די יאַפּאָנישע מאַסנ, אינדערעמעסנ — אַלס באַלוינונג די יאַפּאָנישע אימפּעריאַליסטנ פאַר הילפ קאָל־
טשאַקנ קעגנ די באָלשעוויקעס). אונ זשיטלאָווסקי קאָמענטירט — „געהערט דענ ניט די גאַנצע אַמור־
געגנט געאָגראַפיש צו מאַנדזשוריע?" (לויט ל. ראָזנהויז: „די ייִד. סאָצ. פאַשיסטנ אינ דינסט פונ דעמ
אימפּעריאַליסטישנ פּאַציפיזמ". „שטערנ" 5—6, 1933). האַקלאַל, פאַרנ צאַריזמ — „רוסישער פּאַטריאָ־
טיזמ"; קעגנ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט איז יאַפּאָנישער אונ כאָטש וועלכער ניט איז בריטישער,
דײַטשישער פּאַטריאָטיזמ — אַבי רעסטאַווראַציע פונ קאַפּיטאַל. דאָס איז די ווירקלעכע געשיכטע פונ
דעמ „פּאַטריאָטיזמ" פונ דער רוסישער, ייִדישער אונ יעטווידער אַנדערער קאָנטר-רעוואָליוציאָנערער
בורזשואַזיע.

געהאט ייִדישע קאפּיטאליסטנ, געענטפערט אינ ערשטנ מאָמענט מיט א העכערונג פונ אלע ווערט-אונ האלוואָע-פּאפּירנ: „אפ דער „פּאָנד-בירזשע״ מעלדעט דער „הזמנ״ — איז אנ אופשטײַג אפ די ווערט-פּאפּירנ, איבערהויפּט אפ האלוואָע-פּאפּירנ... דער נאָכפרעג איז גרעסער פונ אָנבאָט. די פארקויפער האלטנ זיכ דערווײַל אָפּ, ווארטנדיק אפ בעסערע נײַעס פונ פעטערבורג״.[1] די זאכ ענדערט ניט, נאטירלעכ, דאָס, וואָס די נאָענטסטע „נײַעס פונ פעטערבורג״ האָבנ געקענט איבערקערנ די קאָניונקטור... דער דאָזיקער פאקט איז באזונדערס באדײַטונגספול דערמיט, וואָס די אָדעסער ייִדישע בורזשואזיע האָט גענומענ דעמ טעטיקסטנ אָנטייל אינעמ רוסישנ עקספּאָרט אפנ ווײַטנ מיזרעכ, אינ וועלכנ אָדעס האָט ביקלאל פארנומענ דעמ ערשטנ אָרט.[2] דעמ אויסקוק אפ דער מילכאָמע, ווי אפ אנ אויסוועג פונ קריזיס אונ א קוואל פונ „קריג-פּראָפיטנ״ אינ די ברייטערע שיכטנ פונ דער ייִדישער האנדל-אינדוסטריעלער בורזשואזיע, באשטעטיקט אפ זײַנ אויפנ דער ארטיקל פונ C. B. אינ „פרײַנד״. „מע האָט געקאָנט האָפנ, — לייענענ מיר דאָרט, — אז פונ דער מילכאָמע וועט ארויסקומענ א שטיקל טויווע פארנ מיסכער. אזא גרויסע ארמיי, ווי די מאנדזשוריער, ברויכט דאָכ פיל זאכנ, וועט דאָכ מעלוכע אליינ געבנ צו לייזנ מיליאָנענ מיט רובלס, וואָס וועלנ, פארשטייט זיכ, מערסטנטייל בלײַבנ אינ היגע געשעפטנ... לאָזט זיכ אויס, אז דער כעזשבנ איז געווענ ניט קיינ ריכטיקער״[3] (דאָס האָט זיכ שוינ געשריבנ אינ די טעג פונ „אנטוישונג״), אונ אינ די ערשטע כאדאָשימ פונ דער מילכאָמע, ווענ דער קריזיס האָט זיכ פארטיפט מיט יעדנ טאָג, פאראליזירנדיק אײנס נאָכנ צווייטנ די אינדוסטריע-געביטנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ געווענ מיטנ ברייטנ געברויכ, פירט דורכ דער „הצפה״ א ספּעציעלע אנקעטע צווישנ די ווארשעווער אונטערנעמער וועגנ ווירקונג פונ דער מילכאָמע אפנ האנדל אונ אינדוסטריע. דערבײַ ווערנ די אנקעטע-דורכפירונג מאָטיווירט מיט דעמ, וואָס ווענ אייניקע אונטערנעמער קלאָגנ זיכ אפ פארגליווערונג, זײַנענ אנדערע אָפּטימיסטיש, האָפנדיק, אז די מילכאָמע וועט ברענגענ אנ אופלעבונג אינ האנדל אונ אינדוסטריע.[4] ווענ די מילכאָמע איז אויסגעבראָכנ, האָט זיכ די ייִדישע בורזשואזיע געלייגט אינדערלענג אונ אינדערברייט צו ארויסווײַזנ איר „פאטריאָטיזמ״, איר גרייטקײַט צו שטיצנ די צארישע אוואנטיור.

---

1 „הזמנ״—24—1904—אינ דער אָפּטיילונג „ייִדישע נײַעס״...

2 אויסנוצנדיק די צונויפגעפּרעסטקײַט פונ די מאסנ ייִדישע ארבעטער אונ האנטווערקערישע אָרעמשאפט, וואָס זײַנענ געניויט געווענ צו ארבעטנ קימאט ווי אומזיסט, האָט די ייִדישע בורזשואזיע אינ אָדעס (ווי אינ „טכומ״ ביקלאל) פּראָדוצירט דורכ דער קאפּיטאליסטישער הויז-אינדוסטריע סכוירעס, וואָס האָבנ מיט זייער ביליקײַט קאָנקורירט אפילע מיט דער פאבריק ניט נאָר אינ לאנד, נאָר אויכ אינ אויסלאנד. אשטייגער, אינ דער פּראָדוקציע פונ פארטיקע קליידער, ווו ס'האָט געהערשט די שרעקלעכע „שוויצ-סיסטעמ״, האָט אָדעס פארנומענ דעמ ערשטנ אָרט (אנ ארבעטערנ האָט דאָ באקומענ 3—5 רובל א כוידעש). דערבײַ איז די דאָזיקע סכוירע געגאנגענ ניט נאָר קיינ קרימ, קאווקאז, פעטערבורג, נאָר „געשיקט געוואָרנ מיטנ יאמ-וועג אפנ ווײַטנ מיזרעכ״ („Будущность“—1902—18). דער ארויספיר פונ סכוירעס, וואָס זײַנענ באקומענ געוואָרנ דורכ אָט דער ארט פּראָדוקציע, האָט פארנומענ ניט דעמ לעצטנ אָרט אינ די עקספּאָרט-אָפּעראציעס פונ די ייִדישע קאפּיטאליסטנ.

3 „דער פרײַנד״ 79, 1904.

4 „הצפה״ 374, 1904.

אלס בײַשפּיל פאר דעמ, ווי די ייִדישע בורזשוא זײַנענ געשעפטלעכ געווענ פארבונדנ מיט די

אויב סטרוּווע האָט אָפּ די פּראָטעסטן קעגן זײַן רוף צום הורא־פּאַטריאָטיזם אָפּגעענטפערט—„מיר דאַרפן אַן אַלגעמיינעם באָדן מיט די, וועלכע פאַרשטייען נאָך אונדז ניט" (לייען—מיט דער צאַרישער ביוראָקראַטיע), האָט דער ייִדישער טייל, פון דער רוסלענדישער בורזשואַזיע ניט מיט ווייניקער פלײַס געזוכט דורך אַרויסווײַזן איר לאָיאַליטעט דעם זעלבן „אַלגעמיינעם באָדן"...

אופנעמענדיק די דעפּוטאַציע פון די ייִדישע פּניי מיטן באַראָן גינצבורג אינדערשפּיץ, וואָס איז געקומען גלײַך באַם אָנהייב פון דער מילכאָמע איבערגעבן אַ סומע געלט דער קייסערינע אַלעקסאַנדרע פיאָדאָראָוונע פאַרן שפּיטאָל, וואָס זי האָט פּאַטראָנירט, האָט פּלעווע דערקלערט: דער גרעסטער פּראָצענט „סאָנים פון פּאָטערלאַנד—סאָציאַליסטן—זײַנען ייִדן", איידער צו באַקומען רעכט „זאָלן די ייִדן פריער אויסבעסערן זייער אויפירונג... גראָד איצט, אַדאַנק דער מילכאָמע, האָבן די ייִדן אַ גוטע מעגלעכקײַט צו דערווײַזן זייער לאָיאַלקייט און אַרויסבאַווײַזן זייער פּאַטריאָטיזם".[1] אויב אָבער מע וועט ניט אײַנהאַלטן די יוגנט, וועט זײַן שלעכט... דער דאָזיקער „בלוטיקער שפּאַס", איז ניט געבליבן אָן אַ רעזאָנאַנס: דער פּאָגראָמשטשיק לויטן באַרוף האָט געוווּסט דעם באַרוף פון זײַנע קליִענטן. די „אויפירונג" פון די גינצבורגס האָט פּלעווען ניט געקימערט—.מיט זיי איז ער געווען זיכער און די פונקציע פון קאָהאַל-מאַסקאַראַד (די „ייִדן" סטאַם) האָט דאָ געמיינט: מיט דער איליוזיע פון „רעכט פאַר ייִדן" (אַלס געצאָלט פאַר בלוט...) און פּאָגראָם-דראָונג אָפּווענדן די מאַסן פון דער רעוואָלוציע, אײַנשפּאַנען זיי אין רײַטוואָגן פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, וואָס די בורזשואַזיע, פון איר זײַט, האָט אונטערגעהאַלטן. פאַר דער פּאָזיציע פון דער ליבעראַלער ייִדישער בורזשואַזיע אין

קריג־צוגרייטונגען פון צאַריזם, איז באַוויזבאַר, אַשטייגער, דאָס, וואָס „דער הויפּט-צושטעלער פון אַלע באַדערפעניש פאַר דער פּאָרט-אַרטורער און וולאַדיוואָסטאָקער עסקאַדרע איז איינער אַ וואַרשעווער ייִד" („דער טאָג" נומ. 60, 1905). „דער פּאָדריאַדטשיק, וואָס שטעלט צו פאַרשיידענע אַרטיקלען דעם רוסישן פלאָט אין פּאָרט־אַרטור און וולאַדיוואָסטאָק, איז אַ וואַרשעווער אַ געוויסער גינצבורג... די יאַפּאַנער האָבן קאָנפיסקירט זײַנע אייגענע 3 שיפן, גינצבורג האָט אָבער נאָך פריִער באַזאָרגט די רוסישע שיפן מיט גענוג שטיינקוילן" („דער פרײַנד" נומ. 75, 1904). און בייס דער מילכאָמע גופא האָבן פּאַראַלעל מיטן עקאָנאָמישן קריזיס, ניט ווייניק ייִדישע בורזשואַ ספּעקולירט און זיך אָנגעלעבט אָפּ דער קריג־סיטואַציע, אַשטייגער, „אַז עס זײַנען אָנגעקומען די ערשטע ידיִעס וועגן דער מילכאָמע, האָבן די וואַרשעווער ספּעקוליאַנטן—צווישן וועלכע דער „ייִדישער טייל" האָט פאַרנומען דעם „בעקאָוועדיקסטן אָרט"— אויפגעקליבן גרויסע זאַפּאַסן מעל, רעכענענדיק, אַז עס וועלן שטײַגן די מעקאָכים. די זאַפּאַסן זײַנען געווען אַזוי גרויס, אַז די טאָוואַרנע סקלאַדן פון הער מיזרעך־געזעלשאַפט אין פּראַגע זײַנען איבערפולט געווען דורך און דורך" („דער טאָג" נומ. 60). דער וואַרשעווער סויכער הורוויטש אָרגאַניזירט אַ געשעפט אַפּ צושטעלן זאַכן דעם מיליטער, איבערהויפּט די אָפּיצערן. „די ערשטע פּאַרטיע געקויפט אין לאָדזש־וואַרשע איז אָפּגעשיקט געוואָרן" („דער פרײַנד" נומ. 75). „איצט ווערט פאַרענדיקט אַ צווייטער טראַנספּאָרט, אַסאַך אַ גרעסערער פאַרן ערשטן" („דער טאָג") אַ. אַז. וו. פאַר די „געשעפטן" פון די צאַרישע טשינאָווניקעס אַרום די קריג־פּאָסטאַווקעס, וואָס פון דעם האָבן אָפּגעלעקט זייער ביינדל אויך די ייִדישע פּאָדריאַדטשיקעס, איז כאַראַקטעריסטיש די מײַסע מיט באַזאָרגן ראָזשדעסטווענסקיס עסקאַדרע מיט שטיינקוילן: מע האָט אײַנגעקויפט בײַ גינצבורגן 25 טויזנט טאָן שטיינקוילן צו 140 שילינג אַ טאָן און נאָך צוסימאַ, ווען די עסקאַדרע איז געלעגן אָפּן דעק פון יאַם, זײַנען די זעלביקע קוילן צוריק פאַרקויפט געוואָרן גינצבורגן (זיי זײַנען, אַפּאָנעם, לעכאַטכילע ניט גערירט געוואָרן פון סקלאַד) צו 30 שילינג אַ טאָן מיט אַ טערמין אָפּ אויסצאָלן—אין 1 יאָר. (Озеров, стр. 149).

[1] „Последние известия"—172—1904

-ענעמ מאָמענט איז כאַראַקטעריסטיש דער לײטאַרטיקל אינ „וואָס-כאָד“, געווידמעט דעמ אָנהייב פונ דער מילכאָמע.[1] מיטנ ציל צו פאַרשענערנ די ראָליע פונ דער ייִדישער בורזשואַזיע באַמ צאַריזמ, פּרווט אינ 1932 יאָר ש. דובנאָוו, דער געניטער לאַקיי פונ דער דאָזיקער בורזשואַזיע, אַנטשפּרעכנ-דיק „באַאַרבעטנ“ דעמ ו׳ערמאָנטנ וואָסכאָדישנ אַרטיקל דורכ פאַרשמירנ זײַנ עמעסנ טאָכ. „אַפנ צווייטנ טאָג נאָכ דער דערקלערונג פונ דער מילכאָמע,—שרײַבט דובנאָוו,—האָט דער אָרגאַנ פונ די רוסישע ייִדנ, דער „וואָסכאָד“ געשריבנ—„ס׳איז ניט די צײַט איצט צו צערײַצנ די אַלטע ווונדנ. לאָמיר זיכ סטאַרענ, אַפ וויפל ס׳איז נאָר אינ אונדזערע קויכעס, צו פאַרגעסנ וועגנ דעמ ניט לאַנג פאָרגעקומענעמ גײַרעש פונ פּאָרטאַרטור, וועגנ קישעניעווער אונ האָמ-ליער פּאָגראָמענ אונ פּיל, פּיל אַנדערע. ווי פּאָשעטע זעלנער וועלנ ייִדנ גיינ אינ שלאַכטנ אָנ האָפענונג אַפ אָפּיצערישע טשינעס, פּאָהאָנעס, געהאַלטנ“[2] אונ אַז. וו. דובנאָוו פאַרשוויַגט אָבער די שטעלנ פונעמ אַרטיקל, וואָס אַנטבלויזנ בײַזנ סאָפּ די פּיזיאָגנאָמיע פונעמ דאָזיקנ רופּאָר פונ דער ייִדישער ליבער. בורזשואַזיע, ווי, אַשטייגער, „רוסלאַנד איז אונדזער היימאַט אונ מיר אַלע ייִדנ, סאָלדאַטנ, דאָק-טוירימ, פעלשערס—אַלע ביזנ לעצטנ וועלנ הייליק אויספּילנ אונדזער כויוו פאַרנ היימאַט“... אונ... „מיט פופציק יאָר צוריק זײַנענ ייִדנ-סאָלדאַטנ העלדיש געשטאָרבנ פאַר דער שטאָט, ווו ייִדנ איז געווענ פאַרבאָטנ צו האָבנ אַנ-שטאַלטנ פאַר אָפּריכטנ די מינהאָגימ פונ זייער גלויבנ (דאָס מיינט סעוואַסטאָ-פּאָל) אונ זאָלנ אַנדערע ייִדנ נאָכטאָנ זייער ביישפּיל“.[3] אַלזאָ, דער צורופ צו „פאַרגעסנ“ קישעניעוו אונ האָמעל, צו „פאַרגעסנ“ אַלע צאַרישע פאַרפאָלגונגענ, וועלכע זײַנענ גראָד געפאַלנ אַפ דער אָרעמשאַפט, האָבנ באַקומענ דאָ א גאַנצ באַשטימטנ זינ. דאָס האָט באַדאַרפט אויס-פּילנ א גאַנצ קאָנקרעטע אופגאַבע—פּאַראַליזירנ דעמ פּראָטעסט פונ די אונ-טערגעדריקט ייִדישע אַרבעטנדיקע קעגנ דעמ צאַריזמ אונ זײַנע בורזשואַזע אונטערהעלפער, שאַפנ געהאָרכזאַמע פלייש פאַר קוראָפּאַטקינס האַרמאַטנ אונ ביינער, וואָס זאָלנ זיכ לייגנ פאַר א בריק צו נײַע אָביעקטנ פונ עקספּלואַטא-ציע אונ נײַע פּריווילעגיעס פאַר די ייִדישע „טוזנ“, אַפנ כעזשבנ פונ נאָכ גרויזאַמערנ פאַרקנעכטנ די אונטערגעדריקטע מאַסנ. האָבנ דאָכ בעשײַטע די גינצבורגס אונ קאָמפּאַניע, בעטנדיק די צאַרישע רעגירונג אָפּטיילנ די „ווייצ“ פונ דער „פּאָלאָווע“—די גווירימ אונ „געבילדעטע“ פונ „האַמויג“—„מיט א באַזונדערנ אינטערעס זיכ פאַרנומענ מיט דער פראַגע פונ מיליטער-פליכט“ אונ האָבנ דערבײַ געפּרײדיקט, אַז „ייִדנ קאָנענ באַקומענ רעכט נאָר דאַנ, אויב זיי וועלנ אַפ זיכ נעמענ אַלע מעלוכע-פליכטנ, אויכ די מיליטערישע“, אַז „דינענ אינ מילי-טער איז ביקלאַל דער כויוו פונ יעדער בירגער אינ לאַנד“.[4]

דאָס דעשיפרירט אינ דערמאָנטנ נומער „וואָסכאָד“ אויכ העסענס אַרטיקל צו די סעוואַסטאָפּאָלער פײַערונגענ, וואָס קומט גלײַכ (אונ ניט צופעליק) נאָכנ אויבנדערמאָנטנ לײטאַרטיקל. מיט 50 יאָר צוריק, דערציילט דער אווטער, בײַסנ פאַרטיידיקנ סעוואַסטאָפּאָל, האָבנ די ייִדנ-סאָלדאַטנ „אויסגעפּילט דעמ בירגער-

---

1 „Восход“ № 4—1904

2 С. Дубнов. „Евреи в России и западнай Европе“—ч. II. с. 55. 1923. г

3 „Восход“, ib.

4 סליאָזבערג, ib

פליכט: זיי האָבנ געקעמפט, זיי זײַנענ אומגעקומענ, פארטיידיקנדיק די שטאָט,—וואָס פאר אנ איראָניע פונ היסטאָרישנ שיקזאל—פונ וועלכע אלע ייִדנ זײַנענ פארטריבנ געוואָרנ". „נאָכ אינ 1859 יאָר האָט זיכ סעוואסטאָפּאָל צוריק געעפנט פאר די ייִדישע סאָכרימ". דאנ איז פאָרגעלייגט געוואָרנ שטעלנ א דענקמאָל אפ די קוואָרימ פונ די געפאלענע. „אינ 1864 יאָר איז לויטנ פּלאנ, וואָס איז באוויליקט געוואָרנ פונ יאמ-מיניסטעריומ, אופגעשטעלט געוואָרנ אפנ קייווער פונ די געהארגעטע ייִדנ-סאָלדאטנ א ווײַסער מירמעלנער אָבעליסק..." „מע דארפ קלערנ, אז עס וועט ניט בלײַבנ פארגעסנ דער מיליטערישער דענקמאָל אפנ ייִדישנ בייסוילעמ אינ סעוואסטאָפּאָל, דאָס איז נייטיק ניט פאר די טויטע, נאָר פאר די לעבעדיקע..." די ייִדישע סאָלדאטנ, די קאָרבאָנעס פונ דער ניקאָלײַישער רעקרוטשינע אונ קאָהאָל-ווילקיר, זײַנענ צוזאמענ מיט טויזנטער רוסישע, אוקראַינישע א. אנד. לײַבקנעכט אומגעקומענ פאר דער צארישער אימפּעריע (האָבנ אויסגעפילט „זייער בירגער-פליכט"—לויטנ בורזשואזנ אפּאָלאָגעט), זייערע ברידער אונ שוועסטער זײַנענ ווײַטער געפּײַניקט געוואָרנ אינ די גרויזאמע קייטנ פונ סאָציאלער אונ נאציאָנאלער פארשקלאפטקײַט, אינ קלעמ פונ „טכומ", אונטערנ פּויסט פונ די ייִדישע אונ ניט-ייִדישע „באלעטויוועס". פאר דער ייִדישער בורזשואזיע האָט אָבער דער צאריזמ גנעדיק געעפנט די פארבאָטענע שטאָט. די ייִדישע בורזשואזיע, פונ איר זײַט, האָט דעמאָנסטרירט איר „אויסשטײַער" מיט די קוואָרימ, וועלכע זי האָט געהאָלפנ שאפנ—אלס באווײַז פונ איר שטענדיקער דינסט-גרייטקײַט. דאָס איז נייטיק „ניט פאר די טויטע, נאָר פאר די לעבעדיקע"—סעוואסטאָפּאָל ווערט נאָר פארוואנדלט אינ פּאָרט-ארטור—העסענס היסטאָרישער סימוואָל באקומט זײַנ רעאלנ עקוויוואלענט...

דעמ רעקאָרד פונ פרעכהײַט אינ דער „פּאטריאָטישער" קאמפּאניע פונ דער ייִדישער בורזשואזיע האָבנ געשלאָגנ די ציוניסטנ. זייער פּאָזיציע פונ ערעוו דער מילכאָמע ווערט באקרוינט מיט זייער ראָליע נאָכדעמ, ווי זי איז אנטשטאנענ. „די מילכאָמע איז אויסגעבראָכנ—שרײַבט די „הצפירה" דעמ 9-טנ פעווראל—אונ אונדזערע ייִדישע ברידער, וואָס דינענ אינעמ רוסישנ מיליטער, פילנ אויס טרײַ זייער פליכט אונ גייענ צומ אָרט פונ געפאר, קעדיי צו ראטעווענ זייער פאָטערלאנד מיט זייער פלייש אונ בלוט. אפ די ראבאָנימ ליגט די פליכט קומענ צו די סאָלדאטנ מיט רייד, וואָס זאָלנ זיי באהערשנ (דברים כבושים)... אויב אינ אלע מילכאָמעס האָבנ זיי טרײַ געדינט זייער קייסער, איז איצט נאָכ מער די פליכט פונ די ראבאָנימ אופצוקלערנ דעמ מיליטער, אז זיי זײַנענ מעכויעוו אָפּצוגעבנ זייער לעבנ אפ „קידעש האשעמ"... די רייד פונ די ראבאָנימ וועלנ זײַנ ווי א לעבנ-טוי אפ די הערצער פונ דער אָפּפאָרנדיקע אפנ ווײַטנ מיזרעכ צו דערוועקנ אינ זיי האָפענונג, ביטאָכנ".[1] די דאָזיקע צאריסטישע מאניפעסטאציע, וואָס ברענט ווי אנ אייביקער שאנד-שטעמפּל אפנ ציוניסטישנ שטערנ, וואָס סימוואָליזירט דעמ גאנצנ קנעכט-הענדלערישנ מעהוס פונעמ ציוניזמ, באקומט זײַנ אפּאָפעאָז אינ דער דראָשע פונ דעמ ציוניסט-מיזראָכי,—מאָסקווער ראבינער מאזע (די דראָשע איז אָפּגעדרוקט געווענ אינ „רוסקי אינוואליד" אונ איבערגעדרוקט אינ „וואָס-

1 „הצפירה", 1904, № 34

כאָד״ [1]...) „איר גייט אינ שלאכט פארנ גאָטווירדיקנ מאָנארכ,— פריידיקט דער דאָזיקער צארישער כאָלאָפ פאר די אָפּפאָרנדיקע אפנ ווײַטנ מיזרעכ,— איר זײַט פארטיידיקער פונעם לאנד, ווו דער מעלוכע-סצעפּטער געהערט דעמ רוידעפ אכער האשאָלעמ—דעמ זונ פונ רוידעפ אכער האשאָלעמ (ס׳הייסט, ניקאָליי דעמ 2-טנ, דעמ זונ פונ אלעקסאנדער דעמ 3־טנ— י. ר.), אונ אויב דער דאָזיקער קייסער, דער שאָלעמזוכער, לויט דער יערושע, אונ דער הומאנער איניציאטער פונ אלגעמיינעמ שאָלעמ, איז געצווונגענ געוועג צו אנטבלויזנ דעמ שווערד, דארפ יעדערנ זײַנ פארשטענדלעכ, אפ וויפל די דאָזיקע מילכאָמע איז נייטווענדיק... זאָל אײַכ דער אויבערשטער פארהיטנ... זאָל ער דערווײַטערנ פונ אײַכ די, וואָס פירנ אראָפּ פונ וועג (דאָס הייסט די „קראמאָלע״—י. ר.). ביזנ לעצטנ אָטעמ זאָלט איר געדענקענ, ברידער, די ווערטער פונ דער הייליקער טוירע: האָב מוירע, זונ מיינער, פאר גאָט אונ פארנ קייסער... גלײַכ צו דער מוירע פאר גאָט... דארפ די מוירע פארנ קייסער אָפּגעהיט ווערנ פונ אײַער געוויסנ אפילע דאָרט, ווו איר בלײַבט אָנ א קאָנטראָל... אינ נאָמענ פונ דער... הימלשער הייליקײַט, פונ דער ערדישער מאכט רופ איכ אײַכ צו דערווײַזנ אפנ שלאכט-פעלד אײַער ליבע צומ קייסער מיטנ גאנצנ הארצנ, מיט דער גאנצער נעשאָמע, מיטנ גאנצנ אייגנס״. די דאָזיקע „טראָפּנס״ פונ סינאָדיש-ראבאָנישנ טוי, אָפּשפּיגלענדיק אינ זיכ די גאנצע געמיינהײַט פונ די ציָעניסטיש-קלעריקאלע מעשאָרסימ פונ צאר, זײַנענ ניט קײַנ „אוניקומ״. דאָ האָבנ מיר דעמ פאקטישנ ציָעניסטישנ קרעדאָ, צוגעטראָגנ נאָר אינ זײַנ גאנצער „געדיכטקײַט״.

אינ הינזיכט פונ באדינענ די אימפּעריאליסטישע פּאָליטיק פונ צאריזמ האָט דער ציָעניזמ זיכ אויסגעצייכנט שוינ פונ זײַנע ערשטע שריט אָנ. דער ציָעניזמ, ווי איינער פונ די רעאקציאָנערסטע אָטריאדנ פונ דער אימפּעריאליסטישער בורזשואזיע, האָט טרײַ אונטערגעהאלטנ דעמ שטארקסטנ אָנשפּאר פונ דער אייראָפּײַשער רעאקציע, דעמ רוסישנ צאריזמ—דעמ „וואכ־הונט פונ מײַרעוו־אייראָפּײַשנ אימפּעריאליזמ אינ מיזרעכ פונ אייראָפּע״ (סטאלינ). אפנ 3-טנ ציָעניסטישנ קאָנגרעס ווענדט זיכ הערצל מיט א וואָרענונג: „מיר האָבנ זיכ ניט אופגעקליבנ דאָ צוליב דעמ, קעדיי צו פארנעמענ זיכ מיט די אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטנ פונ די לענדער, בירגער פונ וועלכע מיר זײַנענ. יעדער פּרווו אינ דער ריכטונג וואָלט געווענ א גרויסער פעלער. דאָס וואָלט נאָר געדינט צו פארשפּרייטנ ניט קיינ ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגנ דעמ קאָנגרעס״ [2] (הערצל האָט גוט געוווּסט דעמ זינ פונ ציָעניסטישנ מיפ וועגנ דער „אלוועלטלעכ-איינהײַטלעכער״ „יידישער נאציע״ אונ „יידישער איינִיקײַט״ פונ ציָעניסטנ אונ האָט געגעבנ צו פארשטיינ, אז דער קאמפ ארומ די אימפּעריאליסטישע „אָנגעלעגנהײַטנ״ צווישנ די „ציָעניסטישע בירגער״ דארפנ בלײַבנ אפנ קאָנגרעס „יידישלעכ״ וואָלירט...). דערבײַ דערקלערט הערצל: ווי ווײַט די באזײַטיקונג פונ „אזוינע אלגעמיינע שווערִיקײַטנ״ „ דורכ א צווישנפעלקערלעכנ פרײַענ מיינונג-אויסטויש אנטשפּרעכט די מאָראלע יעסוידעס פונ דער מאָדערנער קולטורעלער געזעלשאפט״, קענ מענ זענ פונ דעמ, ווי „די גאנצע

„Восход“, № 9, 1904 [1]

„Еврейская жизнь“. СПБ. 1904, № 8, с. 134—5 [2]

וועלט האָט „באַגריסט דעמ פאָרשלאַג פונ זייַנ מאַיעסטעט דעמ רוסישנ צאַר“. „איכ געדענק, פירט ער אויס, מיר זייַנענ געווענ דאָ פאַרזאַמלט, ווענ דער דאָזיקער גרויסער פאָרשלאַג איז באַוווּסט געוואָרנ דער וועלט, אונ דער קאָנגרעס פונ די ציִעניסטנ (דער 2־טער קאָנגרעס — י. ר.) איז געווענ די ערשטע געזעלשאַפט, וואָס האָט אויסגעדריקט צו דעמ אירע באַגייַסטערטע געפילנ“. עס רעדט זיכ וועגנ ניקאָלייַס פאָרשלאַג צו די רעגירונגענ פונ 24-טנ אווגוסט 1898 יאָר וועגנ צונויפרופנ די „פרידנ-קאָנפערענצ“ אינ האַאַג. דער דאָזיקער „פרידנ“-פאָרשלאַג איז, ווי באַוווּסט, געקומענ, פונ איינ זייַט, צוליב דער שווערער פינאַנציעלער לאַגע פונ רוסלאַנד, פונ דער צווייטער, אַדאַנק דעמ פאַרלאַנג אָפּצושוואַכנ אינ מיליטערישער הינזיכט די קעגנער אונ צוגרייטנ מער גינסטיקע באַדינגונגענ פאַר דער רעאַליזירונג פונ די פאַרכאַפּונג-פּלענער פונ צאַריזמ אַפנ ווייַטנ מיזרעכ. אינ פּראָיעקט איז געווענ איבערבאַוואָפענענ די אינפאַנטעריע. ניט זייַענדיק אָבער פינאַנציעל אימשטאַנד נאָכצוהאַלטנ די גרויסע מעלוכעס, וואָס האָבנ דאַנ גענומענ אייַנפירנ שנעלשיסנדיקע האַרמאַטנ פונ א נייַער מאָדעל, האָט רוסלאַנד געוואָלט צונויפריידנ זיכ מיט עסטרייַכ וועגנ קעגנזייַטיקנ אָפּהאַלטנ זיכ אַפּ א געוויסנ טערמינ פונ איבערבאַוואָפענענ די אַרטילעריע. וויטע האָט דעמ דאָזיקנ מיינ אייַנגעוויקלט אינ „פייַגנבלעטל“ פונ א צווישנפעלקערלעכער פרידנ־קאָנפערענצ, וואָס זאָל וואַלירנ דעמ ווירקלעכנ מאָטיוו פונ ניקאָלייַס „שאָלעמזוכערייַ“ אונ דורכ פּאַציפיסטישער דעמאַגאָגיע גלייַכצייַטיק דינענ, ווי א „קעגנווירקונג“ צו דער רעוואָליוציאָנער-סאָציאַליסטישער אַנטימיליטאַריסטישער פּראָפּאַגאַנדע. ניקאָלייַס רעגירונג האָט אַזויפיל געקלערט וועגנ „אַנטוואָפענונג“, וויפל די בורזשואַזע „שאָלעמ-מאַכער“ מיט 35 יאָר שפּעטער. „וועגנ קיינ שומ אַנטוואָפענונג קענ גאָר קיינ רייד ניט זייַנ — האָט דאַנ דערקלערט קוראָפּאַטקינ דעמ פראַנצויזישנ פּרעזידענט. „אויב אַנ אָפּמאַכ וועגנ א פּראָגרעסיווער אונ פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרקירצונג קענ געבנ א קוואַנטיטאַטיוו איבערוואָג אינ פאַרגלייַכ מיט די אַרמייענ פונ די שכייניִמ, קאָנ מענ קעגנ דעמ גאָר ניט דערווידערנ“ — האָט ציניש דערקלערט די אייַנשטעלונג פאַר דער פּראָיעקטירטער קאָנפערענצ דער גרויספירשט אַלעקסיי אַלעקסאַנדראָוויטש, דער פאַקטישער שעפ פונ רוסישנ פלאָט.[1]

[1] דורכ דער קאָנפערענצ האָט די צאַרישע דיפּלאָמאַטיע געזוכט מיט א מאַנעווער פונ דערבענטערנ זיכ מיט דייַטשלאַנד ווירקנ, אַז ענגלאַנד זאָל זייַנ נאָכגיביקער בא די אונטערהאַנדלונגענ וועגנ די „כינעזישע איניאָנימ“ אונ ביקלאַל אָפּשוואַכנ די צווישנפעלקערלעכע פּאָזיציע פונ דעמ דאָזיקנ הויפּט־קאָנקורענט פונ רוסלאַנד אינ יענער צייַט. העיויס ענגלאַנד — האָבנ פּראָיעקטירט די צאַרישע דיפּלאָמאַטנ — וואָלט ניט וועלנ נעמענ אַפּ זיכ קיינע היסכייַוועסנ בענעגייע איר יאַמ-באַוואָפענונג, וואָלט דאָס אונטערגעשטראָכנ „די געמיינזאַמקייַט פונ די אינטערעסנ פונ די קאָנטינענטאַלע מעלוכעס אינ זייער ווידערשטאַנד דער יאַמ־העגעמאָניע“, צו וועלכער עס שטרעבנ „די אַנגלאָזאַקסישע פעלקער“. „Красный архив“, 50—51. „Всеподданнейшая записка“ министра ин. дел Муравьева.—96.

„וועגנ קיינ שומ אַנטוואָפענונג קענ גאָר קיינ רייד ניט זייַנ... די אויפגאַבנ פונ דער קאָנפערענצ וועלנ ניט אָנרירנ די עקזיסטירנדיקע מיליטערישע קאָנווענצ (צווישנ רוסלאַנד אונ פראַנקרייַכ)... ניט באַרירנ די פראַגע וועגנ שנעלשיסנדיקע האַרמאַטנ, וואָס פראַנקרייַכ האָט אייַנגעפירט“. — אַזוי האָט דערקלערט קוראָפּאַטקינ דעמ פּרעזידענט פאָר. (שאָר פונ זייַנ זייַט, האָט פאָרגעלייגט טייקעפ איבערקוקנ די קאָנווענצ פונ 1892 יאָר אונ פאַרגרעסערנ די קאָנטינגענטנ, וואָס האָבנ באַדאַרפט אַרויסגעשיקט ווערנ קעגנ דייַטשלאַנד). „Красный архив“, 50—51. Ввеподданнейшая записка военного министра Куропаткина.—85

די מעלוכעס האָבן גוט פאַרשטאַנען דעם מאַנעוור פון דער צארישער דיפּלאָמאַטיע און געפּאָדערט אַ קאָנקרעטע פּראָגראַם פון דער קאָנפערענצ. די ציוניסטישע סאָקאָלאָוו-מאַזעס האָבן עס פאַרשטאַנען ניט ווייניקער, ווי די גאַנצע „בורזשואַזע וועלט" און... האָבן דעם „גרויסן פּאָרשלאַג" פון רוסישן צאַר באַגריסט מיט „באַגייסטערטע געפילן"... האַקלאַל, דער צווייטער קאָנגרעס פון וואַנטיורסטישן ציוניזם, בא דער ווירקונג פון דער איבער־וועגנדיקער מערהייט פון די רוסישע דעלעגאַטן (צוזאַמען מיט זייערע דייטשישע און פראַנצויזישע „פאַרבינדעטע"), האָט אונטערגעשטיצט און מאַסקירט די צוגרייטונגען פון די צאַרישע אַוואַנטיורעס אַזויווי דער 18־טער ציוניס־טישער קאָנגרעס מיט סאָקאָלאָוון אינדערשפּיצ האָט מיט 34 יאָר שפּעטער, קושנדיק די טריט פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם און כאַנפענענדיק זיך צו היטלערן — אופגעהויבן זיין נידערטרעכטיקע העצע קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד, קעגן לאַנד, ווו ס'איז אויסגעבערענט געוואָרן יעטווידער סימען פוננאַציאָנאַלער אונ־טערדריקונג, און ווו די אַרבעטנדיקע פון אַלע פעלקער בויען דעם סאָציאַליזם, קעגן דעם איינציקן לאַנד, וואָס פירט אַן אומדערמידלעכן קאַמף פאַר פאַר־פעסטיקן דעם שאָלעם קעגן די אַלע מילכאָמע-פלענער פון דער אימפּעריאַ־ליסטישער בורזשואַזיע צוזאַמען מיט אירע ציוניסטישע אַגענטורן.

די ציוניסטישע טרייהייט דעם קייסער (ס'מאַכט ניט אויס אויך דעם פּרע־זידענט ווו ער איז פאַראַן) און פאָטערלאַנד האָבן קעסיידער באַגרינדעט, ווי הערצל, אַזוי נאָרדאַו. „קיין איין ניט-ייִד, דערקלערט נאָרדאַו, האָט קיינמאָל ניט אויסגעדריקט קיין צווייפל אין דער *לאָיאַלקייט פון די ציוניסטן צום פאָטערלאַנד*".[1] „פּאַטריאָטיזם איז די טיפע צאַרטע פאַרבונדנקייט צום פאָטערלאַנד... די פעסטע אַנטשלאָסנקייט צו פאַרטיידיקן זי קעגן פיינט". אין די מעקוירים פון פּאַטריאָטיזם שטעלט נאָרדאַו אַריין „די דאַנקבאַרקייט פאַר דער געמיינשאַפטלעכקייט פון די אַנשטאַלטן, וואָס פאַרזיכערן אונדז די אום־באַרירבאַרקייט פון לעבן און... *אייגנטום*..." „אַפילע אין די לענדער פון ייִדישער רעכטלאָזיקייט" (אין רוסלאַנד, לאָמיר זאָגן) שטאָלצירט ער—„איז דער ייִד (דער ציוניסטישער ייִד — י. ר.), דער מוסטער פון אויספילן די געזעצן און פון אַכטונג צו דער רעגירונג". „דער ציוניזם פון ציוניסט קומט קיינמאָל ניט אין קיין קאָנפליקט מיט זיין פּאַטריאָטיזם און ס'איז ניטאָ קיין נייטווענ־דיקייט מאַקריוו צו זיין איינס פאַרן צווייטן" — טייטשט אָפּ נאָרדאַו דעם עמעסן זין צום ציוניסטישן „קאָל ייסראָעל כאַווייריִם". די געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן פון פאַרטיידיקן דעם „הייליקן" פּריוואַט-אייגנטום (און געמיינזאַמער רויבעריי)— אָט דאָס איז דער סאָד פון יעדן בורזשואַזן „פּאַטריאָטיזם" און אין דעם אויך פונעם ציוניסטישן. דער ציוניזם, אַלס אַן אָרגאַניזאַציע פון דער רעאַקציאָ־נערער ייִדישער בורזשואַזיע מיט זיין צענטראַלער פונקציע פון קאַמף קעגן פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם, קעגן דער רעוו. באַוועגונג צווישן די ייִדישע אַרבעטנדיקע, באַהאַלט אונטער זיין שלייער פון „ייִדישלעכער איינ־הייט" די אַנטשפּרעכנדיקע ווידערשפּרוכן צווישן די באַזונדערע אימפּעריאַ־ליסטישע קליקעס, וואָס הערצל האָט, ווי מיר האָבן געזען, אַזוי געסטאַרעט

---

[1] „Будущность", 7, 1903.

זיך צו פאַרשטעלנ פונ „זײַטיקע אויגנ״.[1] דער ציוניזמ, אנטשפּרעכנדיק די אינטערעסנ פונ דעמ ייִדישנ טייל פונ דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע אינ באַזונדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, טרעט אַרויס, ווי די טרײַע אַגענטור פונ דער בורזשואַזיע פונ אנטשפּרעכנדיקנ לאַנד אינגאַנצנ גענומענ, זוכנדיק דורכ דער שאָוויניסטישער פּראָפּאַגאַנדע (אונטערנ שילד פונ „אַלוועלטלעכנ ייִדנטומ״) צו איזאָלירנ די ייִדישע טיילנ פונ די אַרבעטנדיקע פונ דער איבעריקער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג, זוכנדיק מיטנ מיראַזש פונ „אייגנ לאַנד״ פירנ דעמ אָפּגענאַרטנ, פאַרשלאָגענעמ קלײנבירגער אַפ „קידעש האַשעמ״ פאַרנ אימפּעריאַליסטישנ פּאָטערלאַנד... ווענ די ציוניסטישע „יעווריייסקאַיאַ זשיזנ״ פאַרירט דעמ ענגלישנ ציוניסט ד״ר M. De Yonge פאַר זײַנ דערקלערונג אַפ די שפּאַלטנ פונ ציוניסטישנ צענטראַל-אָרגאַנ—„איכ בינ איבערצײַגט, אַז די ציוניסטישע פּאָליטיק קענ זיכ אַנטוויקלענ נאָר באַהעפטנדיק זיכ צו דער בריטישער וועלט-מאַכט, אַז דער ציוניזמ דאַרפ אונ וועט זײַנ אָרגאַניש פאַרבונדנ מיטנ בריטישנ אימפּעריאַליזמ״ — שפּיגלט זי (די „יעווריייסקאַיאַ זשיזנ״) דאָ אָפּ [2] אַפ איר אויפנ די ליניע פונ דער רוסישער פּאָליטיק, וואָס איז נאָכ דאַנ אינ 1904 יאָר געווענ אינ קאָנטרעס מיט ענגלאַנד (האָט דאָכ סאָקאָלאָוו ניט צופעליק צוזאַמענ מיט רופנ אַפ „קידעש האַשעמ״ פאַרנ קייסער אינ א צווייטנ אַרטיקל אונטערגעשטרײַכט, אַז „דער סיכסעכ״ רוסלאַנד — יאַפּאָניע איז נאָר אַנ אַרײַנטריט, ערשטער טייל אינעמ סיכסעכ ענגלאַנד אונ רוסלאַנד״. — הצפירה — נומ. 31, 1904) ד״ר Yonge איז געווענ אומגערעכט ניט בענעגייע דער צוקונפט, — דאָ איז זײַנ פּראָגנאָז געווענ ריכטיק (די „אַנטאַנט״ האָט „אויסגעגלײַכט״ אויכ די רוסישע אונ ענגלישע ציוניסטנ אונ די געמײַנזאַמע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע צוועקנ האָבנ זיי ענג אויפגעבונדנ אונטערנ „סצעפּטער״ פונ ענגלישנ אימפּעריאַליזמ) — ד״ר Yonge איז געווענ אומגערעכט בענעגייע דער פאַרגאַנגענהײַט: וואָס איז שײַעכ דעמ ענגלישנ ציוניזמ, האָט ער שוינ ביז 1904 יאָר געהאַט א פײַנעמ דזשינגאָיסטישנ סטאַזש. ...ווענ אינ סאָפּ 1902 יאָר האָט לאָרד ראָטשילד אינ דער עמיגראַציע-קאָמיסיע פונ ענגלישנ פּאַרלאַמענט געפרעגט הערצלענ, צי דערלאָזט ער, „אַז א ייִד זאָל קענענ זײַנ אײנצײַטיק... א ציוניסט אונ א גוטער ענגלענדער, אַמעריקאַנער״ אונ אַז. וו., האָט יענער געענטפערט: „איכ בינ טיפ איבערצײַגט אינ דעמ. אינ דער לעצטער מילכאָמע (די „לעצטע מילכאָמע״ איז דאַנ געווענ די מילכאָמע מיט די בורנ — י. ר). האָט איר געהאַט צו דעמ א באַווײַז. מיר איז באַוווּסט, אַז אינ אײַער

---

[1] פאַרנ קלאַסנ־פּאָנעמ פונ ציוניזמ איז כאַראַקטעריסטיש כאָטשבי דער באַשטאַנד פונ די ציוניסטישע קאָנגרעסנ — פונ די לעפּערעכ 56 פּאַמיליעס פונ דעלעגאַטנ אַפנ 1־טנ קאָנגרעס, וועלכע גייענ לויט רוסישע פּונקטנ, זײַנענ פאַרצייכנט 23 אונטערנ רובריק „סוחער״, „באַנקיר״, „פּאַבריקאַנט״, די איבעריקע—„אַדוואָקאַט״, „דאָקטער״, „שרײַבער״, „אינזשענער״, „ראָוו״, צווישנ וועלכע אַגעוו סיגייענ אַרײַנ פּאַקטיש אויכ סאָכרימ א. א. וו. („ספר הקונגרס״ — ירושלים — 1923).

[2] „De Yonge״, זעט איר זשע, איז א גרויסער אַנגלאָמאַנ, נאָכ מער אַנ ענגלישער אימפּעריאַליסט אונ פאַר אימ איז דער גאַנצער ציוניזמ נאָר א טייל פונ א ברייטער פראַגע פונ ענגלישנ אימפּעריאַליזמ״ — „Еврейская жизнь“ 11, 1904, стр. 173.

ארמיי זײַנען געווען צוויי ציִעניסטישע אָטריאַדן".[1] א „געטלעכ בילד": צוויי אָטריאַדנ ציִעניסטישע הײַדוקעס אינ דער פרעכער מילכאָמע קעגנ די בורנ מיצאַד די טשעמבערלענס אונ סעסיל ראָדס, — די זעלבע אימפּעריִאַליסטישע טשעמפּיִאָנענ, וואָס „האָבנ אָנגעווענדט די אימפּעריִאַליסטישע פּאָליטיק מיטנ גרעסטנ ציִניזמ".[2] דאָס ציִעניסטישע דינענ צו ענגלאַנד האָט זיכ אַזוי אָנגעהויבנ ניט פונ גאַליפּאָליע אָדער פּאַלעסטינע. אויב לענינ האָט פאַרעכנט די ענגליש־בורישע מילכאָמע צו איינע פונ די וויכטיקסטע שיידפּונקטנ אינ עפּאָכע פונ אימפּעריִאַליזמ,[3] האָט דער ציִעניזמ, וואָס איז אַליינ אויפגעקומענ מיטנ אימפּעריִאַליזמ, צוגעלייגט זײַנ ציגל אינ פונדאַמענט פונעמ ענגלישנ אימפּעריִאַליזמ, פּונקט ווי די רוסישע ציִעניסטנ — אינ בּיניענ פונ רוסישנ אימפּעריִאַליזמ.

אינ די מילכאָמע-טעג, ווענ די רוסישע שווארצע פּרעסע האָט געפירט איר פּאָגראָמ־העצע קעגנ די כינעזער, וואָס האָבנ געהאַט די „האָזע" „זיכ צו פּרוּווּנ ווערנ קעגנ די מערדערײַענ פונ די „אימפּעראַטערישע" ארמייענ אונ פונ די אייגענע „מאַנדאַרינענ", דערפילט אויכ סאָקאָלאָוו די „געפאַר" — טאָמער ברעכט אויס א שטורעמ פונ דעמ „זייער צעווילדעוועטנ פאָלק".[4] נאָר ער „באַרויִקט" זײַנע לייענער. די רוסנ, דערקלערט ער, טוענ אַלצ צו באַרויִקנ די באַפעלקערונג. „מע קאָנ מיינענ, אַז פאָרלויפיק איז ניטאָ קיינ געפאַר פאַר גרויסע אומרוענ. די צעיושעטע האמוינע אינ כינע געדענקענ נאָכ דעמ שטראָפ-רוט" — כינע האָט מוירע, די אייראָפּייִשע מעלוכעס זאָלנ ניט אראָפּשיקנ זייער מיליטער — „אַפ דער דאָזיקער מוירע האַלט זיכ דער שאָלעמ". סאָקאָלאָוו באַזינגט דעמ רויבער-אָנפאַל פונ די אימ-

---

[1] „Будущность" № 32, 1902

הערצל איז דאָ געווען אײַנגעלאַדנ צו אַרויסזאָגנ זיכ אינ דער פראַגע פונ באַגרענעצנ דעמ ארײַנפאָר פונ די יִדישע עמיגראַנטנ קיינ ענגלאַנד. אונ ... „ד"ר הערצל (רעזומע פונ פאָר זיצער פונ פאַרלאַמענט-קאָמיסיע לאָרד־דזשעמס) איז אַפ דער פראַגע פונ לאָרד דזשעמס מאַסקימ, אַז ס'וואָלט ניט געווענ ניט-הומאַניש פונ ענגלישנ שטאַנדפּונקט צו באַגרענעצנ די צאָל אײַנוואַנ־דערער (ס'הייסט די אָרעמשאַפט, וואָס איז .געלאָפנ פונ צארישנ גענעמ — י. ר.) ביז דעמ גראַד, וואָס עס וועט בייטיק זײַנ"... אַלזאָ, מע האָט געוווּסט צו וועלכנ עקספּערט מע זאָל זיכ ווענדנ. קושנדיק דעמ שטיוול פונ אַלע קייסאָרימ, האָט הערצל אויכ ניט פאַרגעסנ ענגלאַנד: „די גרויסע אונ פרײַע ענגלאַנד, וואָס הערשט איבער אַלע יאַמענ, וועט פאַרשטיינ אונדז אונ אונדזערע שטרע-בונגענ". (רעדע אַפנ IV-טנ ציִענ. קאָנגרעס).

אינ צוויי יאָר ארומ נאָכ הערצלס באַווייליקנ די באַגרענעצונג פונ דער עמיגראַציע קיינ ענגלאַנד, קוויקט זיכ די „הצפירה" מיט טשעמבערלענס אַנטציקונג פונ הערצלס „באַזונדערנ כיינ" אונ „הייליקנ געדאַנק". דערבײַ מאַכט זי אַנ „אומצופרידענע" מינע איבער דעמ, וואָס טשעמ־בערלענ הײַט אינ דער פראַגע פונ באַגרענעצנ די עמיגראַציע קיינ ענגלאַנד זיכ פאַרופנ אַפ הערצ־לענ. טשעמבערלענ האָט „אויסגענוצט די הייליקײַט (הערצלענ, הייסט עס) צו א וואָכיקער זאַכ" הערצל, — ווייס די „הצפירה" — האָט גערעדט מיט די ענגלישע מעלוכע-לײַט וועגנ אוגאַנדע, אָבער „באַנוצנ זיכ מיט זײַנ נאָמענ צוליב באַגרענעצנ די עמיגראַציע" — איז ניט פײַנ! („הצפירה", 283, 1904). דער ציִעניסטישער „קופּערנער שטערנ" בלײַבט זיכ טרײַ..

[2] לענינ, ב. XIX, ז. 139.

[3] דער אימפּעריִאַליזמ האָט זיכ פולשטענדיק אויסגעפאָרמירט צומ 1898 — 1914 יאָר. די מילכאָמעס — די שפּאַניש-אַמעריקאַנישע, (1898) די ענגליש-בורישע (1900—1902) די רוסיש-יאַפּאָנישע (1904—1905) אונ דער עקאָנאָמישער קריזיס אינ אייראָפּע פונ 1900 יאָר, — אָט זײַנענ די היסטאָרישע הויפּט-שיידונגענ (вехи) פונ דער נײַער עפּאָכע, פונ דער וועלט-געשיכטע" (לענינ. דאָרט, ז. 302).

[4] „הצפירה". 57, 1904.

פּעריאַליסטן אַף כינע אין 1900-טן יאָר (אין „ליבלעכער ברודערשאַפט"—געמיינזאַמ רוסלאַנד און יאַפּאָניע...), ווען ס'איז דערשטיקט געוואָרן די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג פון די כינעזישע מאַסן קעגן דער אימפּעריאַליסטישער פאַרקנעכטונג. „דעמלט איז געווען די צײַט פון די באָקסערן. א באָקסער איז א רעציי̆עכ אַף א ווײַלע (ס'גייט אַן אַנאַלאָגיע מיט די כונכוזן — י. ר.), ער איז א סינטעז פון אַן אַנטיפּרעמדן און א מעסער־שטעכער (וואָס מע רופט דאָ: נאָזשאָווניק). ...צום גליק פון אייראָפּע האָט יענע באַוועגונג אופגעהערט" [1] (געוויס אויכ מיטן אָנטייל פון ציעניסטישע „ציווילי̆זאַטאָרס" פון דעמ „צעווילדעוועטן פאָלק"[2]. דאַרפ מען האָבן א מער פאַרענדיקטן טרײַהײט-אויסדרוק צום סטיל פון מיליטעריש־פעאָדאַלן אימפּעריאַליזמ און אימפּעריאַליסטישן באַנדיטיזמ פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בורזשואַזיע?

„די רעגירונגען, וואָס האַלטן זיכ נאָר מיט דער קראַפט פון באַגנעטן,—האָט לעניג געשריבן בייסן אָנפאַל פון די אימפּעריאַליסטן אַף כינע אין 1900-טן יאָר,—האָבן שוין לאַנג באַזיניקט דעמ עמעס, אַז די פאָלק־אומצופרידנקײַט קען מען מיט קיין זאַכ ניט באַזײַטיקן; מע דאַרפ פּרווון אָפּווענדן די דאָזיקע אומצופרידנקייט פון דער רעגירונג אַף עמעצן אַנדערש. מע צעפּלאַקערט, צום ביישפּיל, די סינע צו יידן: בולוואַר-צײַטונגען פאַרפאָלגן די יידן, פּונקט ווי דער יידישער אַרבעטער לײַדט ניט אַזוי ווי דער רוסישער פון דער אונטערדריקונג פון דער זײַט פון קאַפּיטאַל און דער פּאָליציי̆שער מעלוכע. בײַ הײַנטיקן טאָג איז אין דער פּרעסע אופגעהויבן געוואָרן א מאַרש קעגן די כינעזער. מע שרײַט וועגן דער ווילדער געלער ראַסע, איר סינע צו דער ציווילי̆זאַציע, וועגן די אופקלערערישע אופגאַבן פון רוסלאַנד, וועגן דעמ, מיט וואָס פאַר א באַגײַסטערונג עס גייען אין שלאַכט די רוסישע סאָלדאַטן א. אַז. וו. און אַז. וו.", דאַן „ווען דאָס כינעזישע פאָלק לײַדט פון די זעלבע פּלאָגן, פון וועלכע עס שמאַכט דאָס רוסישע". [3] דער ציעניזמ, פון זײַן זײַט, שטייענדיק צו דינסט דער צאַרישער נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלער פּראַקטיק, פעסטיקנדיק די פּאָגראָמ-פּאָזיציעס פון דער זעלבסטהערשונג דורכ שטיצן איר שאָוויניסטישע דעמאַגאָגיע, אַלס מיטל קעגן דער רעוואָלי̆וציאָנערער באַוועגונג, האָט ניט נאָר ניט מיטגעהאָלפן דער באַפרײַונג פון די יידישע אַרבעטנדיקע, נאָר, ספּעקולירנדיק אַף דער רעכטלאָזיקײַט פון די דאָזיקע מאַסן, מיטגעהאָלפן האַלטן זיי (אַזוי גוט, ווי די אַרבעטנדיקע פון די אַנדערע אונטערגעדריקטע נאַציאָנאַליטעטן) אין קלעמ פון דער פּאָליציי̆שער מעלוכע, אונטערן קנאַפּל פון קאַפּיטאַליסט און פּאָרעץ.

שפּילנדיק איר שענדלעכן געוועט מיט דער יודאָפּאָבישער העצע פון דער שוואַרצער פּרעסע („יידן האָבן אַרויסגערופן די מילכאָמע", „יידן העלפן יאַפּאָניע" און אַז. וו.), האָט די יידישע בורזשואַזיע אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע

1 „הצפירה", 1904.

2 אין טראַנס פון לאַקיי̆שן היסלאַוועס צום צאַרישן אימפּעריאַליזמ פאַרגעסט ניט סאָקאָלאָוו אויכ דעמ נאָענטן מיזרעכ, וואָס אימ צו פאַרכאַפּן האָט דער צאַריזמ אַזויפיל מילכאָמעס געפירט. „רוסלאַנד איז זייער א שטאַרקע מעלוכע, און איר מאַכט וועט איר קלעקן אַף דערשלאָגן זיכ צו איר ציל, ווי אַפּן ווײַטן, אַזוי אַפּן נאָענטן מיזרעכ" — און זאָל „תוגרמא" (טערקײַ, הייסט עס) ניט לייגן זיכ קיין פייגעלעכ אין בוזעמ!.. („הצפירה" № 1904.

3 לעניג ב. IV, ז. 63.

מילכאָמע־פּראָפּאגאנדע, רופנדיק צו קאָרבאָנעס און שטיצנדיק די מילכאָמע אפן כעזשבן פון די אונטערגעדריקטע יידישע ארבעטנדיקע, וואָס האָבן געשמאכט פון ארבעטלאָזיקייט, הונגער, פון פּאָליציייִשן ווילקיר און פּאָגראָם־שרעקן. „די באציִונג פון די רוסישע יידן צו די געשעענישן, וואָס רוסלאנד לעבט איצט איבער, איז א נאָרמאלע"—פארזיכערט מענשיקאָוו די וועלטלעכ־ציִאָניסטישע „יעווריייסקאיא זשיזנ".[1] דאָס באטייט: „אונטער די רוסישע פאָנען שלאָגן זיך פיל יידן און „קיינ איינער פון די קריג-קאָמאנדירן... גלויבן מיר, וועט ניט זאָגן, אז די יידן פילן ערגער אויס זייער פליכט פון אנדערע". אלנפאלס, האָט די בורזשואזיע מיט איר קלעריקאלן אגיטפּראָפּ זיך רעכט געסטארעט וועגן דעם. בייסן אויסריכטן אפן ווייטן מיזרעכ די יידישע סאָלדאטן פון טשערקאסער פאָלק, האָט דער פּעטערבורגער ראָוו דראבקינ דערקלערט אינ מאזעס גייסט „ווי גרויס איז די פליכט, וואָס איז אפ זיי ארופגעלייגט געוואָרנ". דער באראָנ גינצבורג, דער „פּעטשאלניק" פון די רוסישע יידן (לויט סליאָסבערגן), האָט נאָכדעם יעדן פון זיי געגעבנ צו... אנ ארבעטקאנפעס.[2] אינ אוניסאָנ מיט דעם שפּילט זיך דער זעלבער שווארצער טאנצ אינ אלע אנדערע שטעט און שטעטלעך. אינ יעליזאוועטגראד „באגייסטערט דעם אוילעמ (נאָכ דער פּאטריאָטישער רעדע פון פּאליצמייסטער) דער ציִאָניסט—ראבינער טיאָמקינ,[3] אינ ווילנע טוט דאָס זעלבע—ניעמזער... אינ האָמעל קלייבט מענ צונויפ די שול־קינדער און דער ראבינער פריידיקט פאר זיי, אז רוסלאנד פירט א פארטיידיקונג־מילכאָמע. אינ רעטשיצע האלט דער ראבינער א פּאטריאָטישע דראָשע אינ בעסמעדרעש. מוזיק שפּילט דעם הימנ (בייס מייסע גיבנ זיך א שאָט קארטלענ מיט אופשריפטנ: „אראָפּ די זעלבסטהערשונג!" „אראָפּ דער קאפּיטאליזמ"!—צווישנ אוילעמ איז א פּאניק; פּאָליציי הייסט שפּילנ ווייטער...). די פּאטריאָטישע מאניפעסטאנטנ לאָזנ זיך איבערנ שטאָט מיט מוזיק, זינגענדיק „באָזשע צאריא כראני"[4] און אז. וו. א. וו. די בורזשואזיקלעריקאלע קנופּיע באגרענעצט זיך ניט נאָר מיט מאניפעסטאציעס—די בורזשואזיע זוכט אויסדריקנ איר לאָיאלקייט אויכ דורכ מאָביליזירנ מאטעריעלע שטיצע פאר די קריגס-באדערפענישן. „דער הייליקער כויוו פון יעדער בירגער־יידן איז ארייַנטראָגנ זייַנ כיילעק אינ דער אלגעמיינער קאסע צו הילפ די ליידנדיקע קריגסלייט, וואָס פארטיידיקנ איצט מיט זייער ברוסט די ערע און רום פון אונדזער פאָטערלאנד. יידן זיינען דאָכ בארעמהערציקע... און איצט איז דער מאָמענט נאָכאמאָל עס צו דערווייַזנ. בא ענגער אייניקייט און מיטפילבארקייט פון אלע שיכטנ פון דער געזעלשאפט וועט דער אויבערשטער גיכ געבנ דער רוסישער מעלוכע א פולנ ניצאָכנ איבערנ פייַנט"—אזוי דעקלארירנ די אָדעסער ראבאָנימ.[5] דער פארטרעטער פון אָדעסער הויפּטראָוו דערגענצט, פון זייַנ זייַט, צוזאמענ מיט א פאָרשלאג וועגנ אָפּריכטנ טפילעס פארנ זיג פון רוסלאנד און געזונט פון קייסער, אז די דאוונער דארפנ געבנ געשאנקענ אפ צו פארשטארקנ דעם רוסישנ פלאָט.

---

[1] „Ев. жизнь", № 4, 1904, с. 260

[2] „הצפה", 450, 1904.

[3] „דער פרייַנד", 34, 1904.

[4] „Последние известия", 171, 1904.

[5] „Восход", 6, 1904

די בורזשואזיע ווײַזט א „מוסטער": דער „קאָמערצ־ראט" כאיעס (אָדעס) שענקט
300 ר. אפּנ רוסישנ פלאָט. די פירמע וויסאָצקי—7500 ר. אפּנ „רויטנ קרייצ",
די ברידער בראָדסקי—„אפּ מילכאָמע־באדערפעניש—26900 ר. (Восход, 13),
פּאָליאקאָוו לייגט פאָר אויסצושטאטנ אפּ זײַנ כעזשבנ אונ אויסהאלטנ ביזנ
סאָפּ פונ דער מילכאָמע א סאניטאר־צוג, שענקענדיק אפּ דער ערשטער צײַט
500 ט. רובל (Восход, 7). דער מאָסקווער ראבינער מאזע טראָגט ארײַנ
א באדײַטנדיקע סומע („פונ די מאָסקווער יידנ") דעמ גרויספירשט סערגיי אפּ
א מיליטערישנ זאכנ-סקלאד (Восх., 17). דער אָדעסער באנקיר אשקינאזי בא-
קומט א דערלויבעניש דורכנ גראדאָנאטשאלניק ניידהארט (דער זעלבער, וואָס
האָט אָרגאניזירט דעמ אָדעסער פּאָגראָמ אינ 1905 י.) צו אָרגאניזירנ א סאני-
טארנ פעלד־לאזארעט („דער פרײַנד" 39). דער גוויר ב. ס. ברונשטיינ לייגט
פאָר „צוצונעמענ פונ אונדז אינ אָדעס פאר א לאזארעט א ביניענ מיט 50
אויסגעשטאטע צימערנ" („הצפה" 881), דער מיל-פאבריקאנט ניעמעצ (קרעמענטשוג)
שענקט א וואגאָנ מעל פאר דער ארמיי (Восход, 8), בראָדסקי—צוקער („דער
פר." 35) אונ אז. וו. אינײנעמ מיט די דאָזיקע רעקלאמע-געשאנקענ, וועלכע
די בורזשואזיע האָט, פארשטייט זיך, פײַנ קאָמפּענסירט מיט פעטע פּראָפיטנ
פונ די קאזיאָנע פּאָדריאדנ אונ קריג־פּאָסטאוועס, האָט די יידישע פּלוטאָ-
קראטיע אינ א באזונדער גרויסער מאָס געזענ רעקלאמירנ איר פּאטריאָטישע
„ברייטע האנט" אפּנ כעזשבנ פונ די סומענ, וואָס זײַנענ דורכנ קאָהאל מיט
דער הילפ פונ פּאָליציי אויסגעזויגנ געוואָרנ פונ די ברייטע שיכטנ פונ דער
יידישער באפעלקערונג אונטערנ שירמ פונ אופזאמלענ מיטלענ פאר געזעל-
שאפטלעכע צוועקנ. געגנוג דאָ אָנצווײַזנ אפּ די קאראָבקע־סומענ, וועלכע די
קעהילע-מאכער האָבנ (מיט דער בראָכע פונ דער פּאָליציי) געטראָגנ די צא-
רישע סאטראפּנ אלס אויסדרוק פונ די „פּאטריאָטישע געפילנ" פונ די יידנ. בלויז
די בונדישע פרעסע, זוכנדיק אינ איינקלאנג מיט אירע פּרינציפּנ אומעטומ
צו פּראָדוצירנ דעמ נאציאָנאלנ מארטיראָלאָג פונ דער „איינהײַטלע-
כער יידישער נאציע" אונ צו אידעאליזירנ די בורזשואזיע, האָט זיך
דאָ דערלויבט, אינ קעגנזאצ צו די פאקטנ, באהויפּטנ, אז די יידישע
בורזשואזיע האָט ארויסגעוויזנ „פּאטריאָטיזמ" אונ מאָביליזירט געשאנקענ
קעגנ איר אייגענעמ ווילנ נאָר אונטער דער דראָונג פונ פּאָגראָמענ. „די
פּאָגראָמענ דארפנ איצט דינענ... אויך פאר דערוועקנ פּאטריאָטישע געפילנ
צווישנ דער יידישער בורזשואזיע".[1] אזוי, אז דער פּאָגראָמ־טעראָר, נאָכ
וועלכנ די פּאָליציי האָט מיט גוואלד ארויסגעריסנ אלס „פרײַוויליקע נעדאָוועס"
די לעצטע גראָשנס בא דער יידישער אָרעמשאפט, ווערט פלינק איבעראדרע-
סירט דער בורזשואזיע, וואָס האָט גראָד אויסגענוצט טאקע דעמ זעלבנ פּאָג-
ראָמ־טעראָר צוליב פּראָפּאגאנדירנ יידישנ שאָוויניזמ, האכנאָע צו דער זעלבסט-
הערשונג אונ צו מאָביליזירנ מאטעריעלע מיטלענ פאר דער מילכאָמע, קעדיי זיך
אויסצודינענ באמ צאריזמ. די „באגרינדעטקייט" פונ דער דאָזיקער בונדישער
לעגענדע דעמאסקירט ניט ווילנדיק דאפקע דער „וואָסכאָד" אליינ. עפּעס אייבער
א רוסישער גענעראל ריטיכ האָט אינ ברענ פונ „פּאטריאָטישנ עקסטאז" בא-
מערקט אינ א פראנצויזישער צײַטונג: אפילע די יידנ שענקענ זייערע שמוציקע

[1] Последние известия--№ 1904

געלט, אינ וועלכע מיר בייטיקנ זיכ גאָרניט". וואָס הייסט מע נייטיקט זיכ ניט אינ ייִדישנ געלט?—האָט זיכ אויסער זיכ פונ „פּאַטש אינ פּאָנעם" אָפּגערופנ Lector אינ „וואָסכאָד":[1] „איכ ווייס, אז די טריי־אונטערטעניקלעכע אדר־עסנ פונ די ייִדישע קעהילעס זײַנענ צוגעשטעלט געוואָרנ דעם קייסער אונ האָבנ געהאַט די זכיה צו באַקומענ די אלערהעכסטע באַדאַנקונג". „קיינער האָט אימ (דעם גענעראַל, הייסט עס) ניט געגעבנ די רעכט צו דערקלערנ דעם אייראָפּייִשנ לייענער, אז די געלט, וואָס ווערט געשענקט פונ רוסישנ ייִדנטומ אפ די איצטיקע מיליטערישע באַדערפעניש, זײַנענ אינ רוסלאַנד ניט נייטיק!" „אנשטאָט צו העלפנ שאַפנ דעם געפיל פונ גוטער סאָלידאַריטעט, וואָס איז אונדז אזוי נייטיק אינ אזא קריטישנ מאָמענט,—מוסערט Lector,—שאַפט מענ די לײַדנשאַפט פונ צעשפּליטערונג"... דער „וואָסכאָד" האָט געהאַט רעכט: די ייִדישע געלט איז באַמ צאַריזמ געוויס ניט געווענ קײַנ „שטיפקינד", אונ פאַר שאַפנ „גוטע סאָלידאַריש־קײַט" מיט דער זעלבסטהערשונג האָט די ייִדישע בורזשואזיע געטאָנ אלצ, וואָס איז געווענ אינ איר רעשוס. „פונ פאַרשיידענע ייִדישע קעהילעס זײַנענ באַקומענ געוואָרנ ביטעס וועגנ אַרויסנעמענ די קאָ־ראָבקע־סומענ, אלס געשאַנק פאַר די מילכאָמע־באַדערפעניש" („קיעווליאַנינ").[2] אונ דאָס באַשטעטיקט שוינ אָנשוילעכ, ווי ווײַט די ייִדישע בורזשואזיע האָט ניט געוווסט, וואָס זי האָט גענאַשט בענעגייע די געשאַנקענ פונ די קאָראָבקע־סומענ. שפּעטער אינ אָנהייב פונ 1905 י. האָט דער „וואָסכאָד" אינ צושטאַנד פונ „לינקלענ זיכ" אַרויסגעדערציילט דעם סאָד, אז „די סומעס פונ קאָראָבקע־אָפּצאָל, וואָס לייגנ זיכ, ווי א שווערע לאַסט אפ די מאַסנ, גייענ לויטנ ווויל־אײַנזענ פונ פאַרוואַלטונג (פונ דער קעהילע — הייסט עס), וואָס איז ווײַט פונ פאָלק — אפּנ פלאָט, קיבעד פאַר מאָביליזירטע אָדער אפ מיטלשולנ, ווהינ עס האָבנ א צוטריט נאָר די רײַכע".[3] דער דאָזיקער פאַקט בלײַבט, נאַטירלעכ, ניט וויניקער ריכטיק, ווי דאָס, וואָס די ראַדיקאַלע פּאָזע אָפּ צו פאַנגענ די מאַסע, — וועלכע האָט געהאַסט די קעהילע אונ געקעמפט קעגנ איר — אפ דער וועגטקע פונ א „דעמאָקראַטיזירטער" קעהילע, האָט ניט באַ־טײַט, אז דער אָרגאַנ פונ דער גרויס־בורזשואזיע זאָל ווירקלעכ זײַנ קעגנ דער פּראַקטיק פונ די קעהילעס, וואָס זײַנענ אויסגעקליבנ געוואָרנ—לויט זײַנ אייגענעמ אויסדרוק—אפ „פּלוטאָקראַטישע יעסוידעס"... אינ א צווייטנ אַרטיקל אינ זעלבנ נומ. „וואָסכאָד" לייענענ מיר: „אלע ייִדישע קעהילעס האָבנ אָנטיילגענומענ אינ די געשאַנקענ אפ די באַדערפענישנ פונ קריג־צײַט, דערבײַ ווענדט אפ זיכ די אויפמערקזאַמקײַט דער פאַקט פונ שענקענ פונ די סומענ פונ קאָראָבקע־אָפּצאָל... קליינע שטעטלעכ, אינ וועלכע עס בלײַבנ ניט באַפרידיקט די עלע־מענטאַרסטע באַדערפענישנ פונ דער אָרעמער באַפעלקערונג, שענקענ פונ קאָ־ראָבקע־אָפּצאָל פאַרהעלטנסמעסיק גרויסע סומענ, באַגעגענענדיק אינ אייניקע פאַלנ א ווידערשטאַנד מיצאַד דער אַדמיניסטראַטי־ווער מאַכט, וואָס געפינט, אז די דאָזיקע באַשטימונג כאַפּט איבער די מאָס" (פונ די קאָראָבקע־סומענ האָט מענ דאָכ געצאָלט די גאַראַדאָוויִע אונ געבראָכט

---

1 „Восход". 10—1904

2 לויטנ „הצפה" 396 №, 1904.

3 „Восход" № 1 ,1905

אפ אנדערע אזוינע „נוצלעכע אײַנריכטונגען", — האָט מען געמוזט לאָזן א „שטיקל רעזערוו"...). „די דאָזיקע פאקטן—פירט אויס דער ארטיקל—פארשטאָפן דעם מויל די סאמע פארביסענע אנטיסעמיטן, וואָסבאשולדיקן די ייִדן אין פאסיוויקײַט צו די אָנגעלעגנהײַטן פון פאָטערלאנד". אָט אזוי דעמאסקירט דער „וואָסכאָד" דעם עמעסן יאָדער פון זײַן פריערדיקער „לינקער" רעפליק קעגן דער „פארוואלטונג", וואָס שענקט די אָנגערויבטע קאָראָבקע־אָפצאָלן „לויט איר וויל־אײַנזען". דאָ דארף, אגעוו, אָנגעמערקט ווערן, אז די ייִדישע בורזשואזיע האָט אין איר „פאטריאָטישן מארש" זיך ניט באגרענעצט מיט דינען דעם צאריזם אין לאנד אליין. פאָרשטייער פון דער דאָזיקער בורזשואזיע האָבן אויך גענומען א טעטיקן אָנטייל אין דער קאמפאניע אפ צו שאפן האלוואָעס פאר דער צארישער רעגירונג אין אויסלאנד. אין מאָמענט, ווען דער פינאנציעלער קריזיס האָט זיך דראָענדיק אָנגערוקט, האָט די רעגירונג, שטיקנדיק זיך אין געלט־נויט, געשיקט דעם ייִדישן מיליאָנער ווילענקין אלס איר פינאנץ־אטאשע קיין וואשינגטאָן וועגן אויספויעלן בא די אמעריקאנער באנקירן א האלוואָע פאר רוסלאנד (4 יאָר פאר דעם איז אין וויטעס נאָמען וועגן זעלבן איניען געפאָרן קיין אמעריקע דער פריער דערמאָנטער אדאָלף ראָטשטיין). וועגן דעם האָט אויך ספעציעל געשריבן צו יאנקעוו שיפן דער אָנגעזעענער ציעניסט־באנקיר, דירעקטער פון ציעניסטישן נאציאָנאל־באנק און ציעניסטישער הויפט־שטאדלען בא דער צארישער רעגירונג, נ. קאצנעלסאָן פון ליבאווע.

עמעס, די אמעריקאנישע באנקירן (אין דעם אויך די ייִדישע) האָבן דאן רוסלאנד קיין האלוואָע ניט געגעבן. די ייִדישע נאציאָנאל־פאשיסטן אין אונדזערע טעג, זוכנדיק „ארויסצושטעלן דעם ייִדישן בורזשוא אלס באשיצער פון זײַנע „ייִדישע ברידער", פרווון פראָדוצירן א לעגענדע, אז שיף האָט אָפגעזאָגט אין דער האלוואָע, קלוימערשט צוליבן מאָטיוו, וואָס די רוסישע ייִדן זײַנען רעכטלאָז (י. גאָלדבערג, „ייִדן ווי פינאנסיסטן און באנקירן" — עקאָנאָמישע שריפטן פון ייִוואָ, צווייטער ב., 1932 י. ווילנע), אָבער שיף האָט דאָ געהאנדלט פונקט אזוי, ווי אלע אנדערע אמעריקאנישע באנקירן. דאָס גופע צעווארפט שוין די „גאנצע געבײַדע" פונעם ייִוואָ־עקאָנאָמיסט. די אמעריקאנישע באנקירן האָבן פּאָשעט אויסגעדריקט די ליניע פון אמעריקאנישן אימפעריאליזם, וואָס איז דאן געווען געווענדט קעגן רוסלאנד. שיף האָט נאָר אויסגענוצט די רעכטלאָזיקײַט פון די ייִדישע מאסן אונטערן צאריזם, ווי א שירם פאר די ווירקלעכע מאָטיוון פון זײַן האנדלונג, ווי א מיטל צו פארשטארקן די ווירקונג פון דער ייִדישער פלוטאָקראטיע אפ די ייִדישע מאסן און דאָס זעלבע זעצן איצט פאָר די נאציאָנאל־פאשיסטישע לאקייען פון דער זעלבער פלוטאָקראטיע! די שטעלונג פון די ייִדישע באנקירן אין באזונדערע קאפיטאליסטישע לענדער איז, פארשטייט זיך, דיקטירט געווען מיט דער פאָליטיק פון דעם אנטשפרעכנדיקן לאנד. אויב פראנקרײַך איז געווען רוסלאנדס פארבינדעטע און דײַטשלאנד איז געווען בייס דער מילכאָמע מיט יאפאָניע „אפ רוסלאנדס צאד", זײַנען די ראָטשילדס און מענדעלסאָנס געווען ענג פארבונדן מיט די רוסישע געלט־געשעפטן. אזא איידעס, ווי קאָקאָווצעוו, האָט געקענט אין זײַן באריכט פאר דעם פינאנץ־קאָמיטעט אונטערשטרײַכן, אז ראָטשילדס אָנטייל אין די „רוסישע געשעפטן" „האָט אונדז בעשײַטע געבראכט ניט קיין קליינע נוצ. אזוי, אשטייגער, איז די פאניק, וואָס האָט

אריַנגעבראכט די פאריזשער בירזשע אין מאָמענט פונ דעמ אומגעריכטנ אָנהייב פונ די קריג־אָפעראציִעס, אײַנגעהאלטנ אונ פארווייכערט געוואָרנ אויסשליסלעכ אדאנק דער פאר־מיטלונג פונ ראָטשילד־הויז"[1] א. א. וו.

דער „וואָסכאָד" איז טאקע גערעכט געווענ. דער צאר האָט אינדערעמעסנ אָפגעשאצט די „פאטריאָטישע ארבעט" פונ דער יִדישער פּלוטאָקראטיע. גענוג סימוואָליש איז דער פאקט, ווענ אפ דער פרעכער מעלדונג פונ קישע־ניעווער ראבינער, אז אינ אלע שטאָטישע באָטעמעדראָשימ האָט מענ מיס־פאלעל געווענ פארנ זיג פונ רוסישנ מיליטער, האָט דער צאר, דער ציניקער, מיט זײַנ אייגענער האנט — מיט דער בלוטיקער האנט, וואָס האָט נאָר וואָס דורכגעפירט די קישעניעווער שכיטע פונ דער יִדישער אָרעמשאפט — „באווי־ליקט אופצושרײַבנ „איכ דאנק פונ גאנצנ הארצנ אלעמענ פאר זייערע געפילנ".[2] אפילע אינ די שפּעטערדיקע כאדאָשימ, ווענ די רעוואָליוציאָנערע אופברויזונג האָט זיכ מעכטיק פארשטארקט, ניט געקוקט אפ אלע צארישע „מאָסמיטלענ", אפ דער נײַער כוואליע פונ יִדישע פּאָגראָמענ, האָט די יִדישע בורזשואזיע אלצ פאָרגעזעצט איר עקלהאפטע קריכערײַ. ניקאָלײַ האָט עס וויל באמערקט אונ פונ זײַנ זײַט ניט געקארגט קײנ זשעסטנ פונ „אייניקנ זיכ" מיט זײַנע „טרײַ־אונטערטעניקע יִדנ", אונטערשטרײַכנדיק דעמ אונטערשייד אינ זײַנ באציִונג צו דער יִדישער פּלוטאָקראטיע אונ צו די יִדישע מאסנ, פאר וועלכע עס זײַנענ געצילט געווענ אלע אנטי־יִדישע סקאָרפּיאָנענ פונ דער פּאָלי־צייִשער מעלוכע. גענוג אָנשוילעכ איז עס דעמאָנסטרירט געוואָרנ בײַס דער רײַזע, וואָס דער צאר האָט געמאכט זומער 1904 י. אפ „הייבנ די שטימונג" אינ דער אימפּעריע. די יִדישע בורזשואזיע האָט דאנ דורכ אירע דעפּוטאציעס אויסגעלייגט מאמעש א גאנצנ „בריק" מיט סייפערטוירעס, אינ בריליאנטנ געפּאסטע כומאָשימ, טרײַאונטערטעניקלעכע אדרעסנ מיט ליבע־שווּעס, אונ דער צאר, פונ זײַנ זײַט, האָט געענטפערט מיט דאנקענ, „מיט געפילנ פונ

[1] “Красный архив”, X. К переговорам Коковцева о займе в 1905—6 г.
ש. בערנפעלד, ווענדיק איבערצײַגנ די „נאָוואָיע ווּרעמיא" אינ דער לאָיאלקײַט אונ פאטריאָטיזמ פונ דער יִדישער בורזשואזיע, האָט דערקלערט מיט רעזאָנ: אויב אמעריקע איז קעגנ רוסלאנד אונ אָרטיקע יִדנ נעמענ אָנטייל אינ דער אנטשפּרעכנדיקער פרעסע־קאמפּאניע, „איז דערצו גוירעמ ניט די יִדישקײַט, נאָר די אמעריקאנישקײַט". פראנקרײַכ באציט זיכ פּאָזיטיוו צו רוסלאנד, דעריבער זײַנענ אויכ די יִדנ דאָרט ארויס מיט גרויסע נעדאָוועס פאר די רוסישע קריג־געפאנגענע. דאָ האָט אויכ „ניט גוירעמ געווענ די יִדישקײַט, נאָר זייער פאטריאָטיזמ". אינ דײַטשלאנד, וועלכע איז אפילע נייטראל אונ האלט אָבער מיט רוסלאנד, איז ניט נאָר די אָפיציעלע, נאָר אויכ די אזוי גערופענע „יִדיש־ליבעראלע" פּרעסע פאר רוסלאנד (אשטייגער, דער „בערלינער טאגעבלאט" אונ „פראנקפורטער צײַטונג", „וואָס דריקנ אויס דעמ קוק פונ בירזשע אונ האנדל"). „ס׳איז קלאָר, אינ דײַטשלאנד האָבנ פונ דער מילכאָמע געליטנ די סאָכרימ אונ אינדוסטריעלער, זיי האָבנ אייב האָפענונג, רוסלאנד זאָל זיגנ, וועט א סאָפ נעמענ צו דער מילכאָמע" (דער ציִעניסטישער פּובלי־ציסט, אגעוו, זוכנדיק „פארשענערנ" די יִדישע בורזשואזיע, מאכט זי פאר זייער „א באשיידע־נער", פארשמירנדיק דאָס, וואָס די דײַטשישע אימפּעריאליסטישע בורזשואזיע צוזאמענ מיט איר יִדישנ טייל, האָט דאנ געהאָפּט דורכנ „רוסישנ זיג" צו פארכאפּנ די מערק פונ ווײַטנ מיזרעכ...) דאָס זעלבע, וואָס אינ דײַטשלאנד, פירט אויס בערנפעלד, איז אינ עסטרײַכ. אָט האָט ניט לאנג הערצל אָפּגעדרוקט אנ ארטיקל אינ דער „נײַער פרײַער פּרעסע", וואָס איז דורכויס „נויטע צו רוסלאנד". („הצפה", № 346, 1904).

[2] „דער פרײַנד" № 28, 1904

גרויסער ליבע" (לויט דער כאַלאַפּישער כאַראַקטעריסטיק פונ ציִעניסטישנ „הצפה" בענעגייע דעמ ענטפּער דער דעפּוטאַציע פונ דער קרעמענטשוגער יִדישער בורזשואַזיע).[1] דער דאָזיקער זנוס-שפּיל דערגרייכט דעמ אַפּאָגיי בייס ניקאָלייס באַזוכ אינ אָדעס. אינ דער אייגענער צייט, ווענ דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט באַגעגנט דעמ „טייערנ גאַסט" מיט א שטורעמדיקנ פּראָטעסט, וואָס פאַרפאָלגט אימ אומעטום, ניט געקוקט אַפ אַלע פּאָליציייִשע מאָרד-צוימענ (פלוגבלעטלעכ: „אַראָפּ די זעלבסטהערשונג"! „אַראָפּ די מילכאָמע!" בא זיינ פאַרקירעווענ אַפ דייטשישער גאַס—א פייפעריי פונ „א גרופּע אַרבעטער פונ אָרטיקנ קאָמיטעט פונ דער רוסלענדישער פּאַרטיי". —דאָס הייסט פונ דער ר. ס. ד. א. פּ.)[2]—אינ דער אייגענער צייט שיקט די יִדישע בורזשואַזיע א ריי דעפּוטאַציִעס צו דעמאָנסטרירנ איר לאָיאַלקייט אונ „פּאַטריִאָטישע געפילנ". ס'רעדט דער ראָוו קרעפּס: „אויכ מיר יִדנ, דיינע טרייע אונטערטאַנער... נעמענ דיכ אויפ, גרויסער קייסער, מיט געפיל פונ שטאַרקער ליבע... אַלס א גייסטיקער פּאַסטער פונ דער ערשטער אונ גרעסטער יִדישער געמיינדע... נעמ איכ זיכ אָנ מוט אונטערטעניק צוצוטראָגנ דיר, דעמ אויבערהערשער פונ רוסלאַנד, די טייערסטע יערושע פונ אונדזערע זיידעס—די הייליקע טוירע..."[3] זיינ „מאַיעסטעט" באַוויליקט צוצונעמענ די „געפילנ" אונ דריקט קרעפּסנ די האַנט (דער פּאָגראָמשטשיק מיטנ קרוינ האָט דערפילט דעמ קאָלעגע אינ שטריימל, וואָס האָט שפּעטער, בייס דעמ אָדעסער פּאָגראָמ, מיט א סייפער-טוירע אינ האַנט געטאַנצט אינ די גאַסנ אינאיינעמ מיט די שוואַרצמייעִניקעס...). באַלד שטעלנ זיכ פּאָר אונ בענטשנ „זיינ מאַיעסטעט" א דעפּוטאַציע כאָשעווע יִדנ („היהודים הנכבדים"), צווישנ זיי: דער „כאָשעווער בירגער בעיערושע"—נ. פוריצ („אַקציאָנערע געזעלשאַפט אָדעסער סאַנאַטאָריעס"), ש. באַרבאַש (באַנקיר—ציִעניסט, אָפּזעצער פונ די אַקציעס פונ קאָלאָניאַל-באַנק, גאַבע פונ גרויסנ בעסמעדרעש"...), אַשקינאַזי (באַנקיר), נ. וויינשטיינ (גרעסטער מיל-אייגנטימער, מיטגליד פונ „גאָסודאַרסטוועני סאָוועט" א. א. וו.), אויסערדעמ קומט א דעפּוטאַציע פונ „פּאַלעסטינע-געזעלשאַפט". בייסנ אָפּשיקנ דעמ מיליטער אַפנ ווייטנ מיזרעכ—ווידער קרעפּס מיט זיינע קאָלעגנ די ציִעניסטנ-ראַבינערס אַווינאָוויצקי אונ פּענ. זיינ מאַיעסטעט „באַוויליקט" אויסצודריקנ דער דעפּוטאַציע „זיינ געפיל אונ באַפרידיקונג איבער דעמ, וואָס די יִדנ נעמענ אָנטייל אינ לעבנ פונ רוסישנ פאָלק אינ אַזא צייט" (איינצייטיק ענטפּערט קלינגענבערג מיטנ מאָלעווער פּאָגראָמ...). די יִדישע בורזשואַזיע קניט פאַרנ צאַר, בענטשט זיינ בלוטיקע רוט, שטרעקט אויס איבער די טויזנטער דערמאָרדעטע פּראָלעטאַריער צו אימ איר האַנט, פאַרשטעלנדיק אַזוי זיינע בלוטיקע פאַרברעכנס. די בורזשואַזיע פונ אַלע מינימ (אַפ דער אונ יענער זייט פראָנט) פירט איר שאָוויניסטישע העצע, זוכנדיק שאַפנ דעמ אָפּגרונט צווישנ די מאַסנ, צעבלאָזנדיק דעמ פייער פונ מילכאָמע. דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט שטרעקט אויס זיינ האַנט איבערנ קאָפּ פונ אַלע עקספּלואַטאַטערס צו די אַרבעטנדיקע אַפ יענער זייט פראָנט, דעמאַסקירנדיק דעמווירקלעכנ זינ פונ דער

[1] „הצפה", 407, 1904.

[2] „Последние известия" № 198, 1904.

[3] „הצפה" № 515, 1904.

[4] Указатель—ib.

אימפעריאַליסטישער מילכאָמע, וואָס די הערשנדיקע קלאַסן האָבן פאַרפירט.
„פּראָטעסטירן קעגן דער דאָזיקער פאַרברעכערישער און רויִנירנדיקער מילכאָמע
דאַרפן אַלע באַוווּסטזיניקע פּראָלעטאַריער פון רוסלאַנד"—האָט געשריבן לענין
אין דער פּראָקלאַמאַציע, וואָס די פּאַרטיי האָט אַרויסגעלאָזן צום 1-טן מײַ,
1904 י. — זיי דאַרפן אין טאָג פון 1־טן מײַ, אין טאָג פון אינטערנאַציאָנאַלן
אַרבעטער־יאָנטעוו, באַווײַזן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט אָנערקענט ניט קיין נאַ־
ציאָנאַלע סינע, אַז די רוסישע און יאַפּאַנישע אַרבעטער, וואָס זײַנען געצוווּנ-
גען דורך זייערע רעגירונגען צו שלאָגן זיך אין פײַנטלעכע רייען, באַזיניקן
זיך, ווי מיטגלידער פון איין קלאַס, פאַרבונדענע מיט ברידערלעכער סאָלידאַ־
רישקײַט. די זעלבע עקספּלואַטאַציע פון קאַפּיטאַל דריקט אויך די יאַפּאַנישע
אַרבעטער, די זעלבע לאַגע פון נידעריקסטן קלאַס פאַרנעמען זיי אין זייער
לאַנד, ווי די רוסישע אַרבעטער, טרעטן זיי שוין אַרויס אין קאַמף פאַר זייער
באַפרײַונג. אין דער צײַט, ווען אַף די בערגן פון שטילן אָקעאַן ווערן פאַר-
ניכטעט טויזנטער מענטשלעכע לעבנס צוליב די אינטערעסן פון די רעגירונ-
גען און עקספּלואַטאַטערן, פאָדערן די רוסישע און יאַפּאַנישע באַוווּסטזיניקע
אַרבעטער שאַלעם, אַרויסטרעטנדיק ווי די איינציקע פּאַרטייִדיקער פון דער
זאַך פון דער מענטשהײַט, פון דער זאַך פון דער ציוויליזאַציע. און אין נאָ-
מען פון דער דאָזיקער זאַך פאָדערן די רוסישע אַרבעטער די פאַרניכטונג פון
דער זעלבסטהערשונג. דעם דאָזיקן הענקער פון די פרײַע פעלקער, וואָס
רויִנירט דעם אייגענעם פאָלק און היט אָפּ אַלע מינים עקספּלואַטאַציע, אונ-
טערדריקונג און פאַרשקלאַפונג".[1] די דאָזיקע ווערטער שנײַדן דורך, ווי אַ הע-
לער בליץ, דעם פינצטערן קנויל פון פּראַוואָסלאַוויש־שינטאָיִסטיש־יודאיִסטישן
שאָוויניזם, באַלויכטן דעם עמעסן זין פון דער בלוטיקער וואַקכאַנאַליע, וואָס
די עקספּלואַטאַטערן פון ביידע זײַטן האָבן פאַרפירט אין זייערע רויבערישע
אינטערעסן. ציִענדיק כאַדאָשים נאָך כאַדאָשים, ווײַזט די מילכאָמע אַלץ מער
אַרויס די צעפוילטקײַט און פאַרקויפטקײַט פון צאַרישן רעזשים. די קלעפּ אַפן
פראָנט, דער גרויזאַמער קריזיס טרייסלען דעם באָדן אונטער דער זעלבסט־
הערשונג, אַרונטעררײַסנדיק די לעגענדע פון איר אומבאַזיגבאַרקײַט. די שרעקלעכע
נויט, אַרבעטלאָזיקײַט, הונגער, פּאָליציייִשער מאָרד, פּאָגראָמען און מאָביליזאַ־
ציעס מאַכן אַלץ אומדערטרעגלעכער דאָס לעבן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן.
די זעלבסטהערשונג פּילט די געפאַר, וואָס וואַקסט פאַר איר און וואַרפט זיך
אַף אַלע זײַטן, זוכנדיק אַן אויסוועג. די אָרדינאַרע עקזעקוציעס ווערן אַפּ
אַ ווײַלע פאַרפּוצט מיט ליבעראַלע זייפנבלעזלעך פון „צוטרוי־פעריאָד", וואָס
לאָזן זיך גיך אויס מיט פּאָבעדאָנאָסצעווס זיג אין אוקאַז פון 12־טן דעקאַבער.
„די דאָזיקע מילכאָמע האָט מער פון אַלץ דעמאַסקירט און זי דעקט אויף די
צעפוילונג פון דער זעלבסטהערשונג, שוואַכט זי אַלץ מער אָפּ אין פינאַנ-
ציעלער און מיליטערישער הינזיכט, פּײַניקט אויס און שטויסט מער פון אַלץ
צו אַן אויפשטאַנד די אויסגעליטענע פאָלק מאַסן, פון וועלכע די דאָזיקע פאַר-
ברעכערישע און שענדלעכע מילכאָמע פאָדערט אַזעלכע אומענדלעכע קאָרבאָנעס".[2]
אין צווייטער העלפט פון 1904 ווערט שוין די רעוואָליוציאָנערע סיטואַציע אינ-

1 לענין, VI, ז. 339.
2 לענין, VII, 339.

גאנצנ קלאָר. די ליבעראלע בורזשואזיע פונ איר זייַט ווייַזט דאָ אפ אלע אויפאנימ ארויס איר צוויִעסדיקייַט, זייַענדיק גרייט איר אָפּאָזיציאָנעלע „אומצופרידנקייַט" אופצוגעבנ פאר א „ליבעראלנ" ווינטל פונ די הויכע „ספערנ". די יִדישע ליבעראלע בורזשואזיע בילדעט אויכ דאָ ניט קיינ אויסנאמ.

III

אינ פארלויפ פונ דער צווייטער העלפט פונ 1904 יאָר האָט די מילכאָמע אלצ פולקאָמער אנטבלויזט די גאנצע צעפוילטקייַט אונ פארקויפטקייַט פונ צאריזמ. דער קריזיס האָט ארומגעכאפט איינ געביט נאָכ דעמ צווייטנ, די ארבעטלאָזיקייַט איז אומופהערלעכ געוואקסנ, דערגרייכנדיק, צ. ב., אינ א ריי ערטער פונ „טכומ" — אינ מינסק, ביאלאָסטאָק אונ אנדערע פונקטנ ביז 50 פראָצ. פונ דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג. אינייַנעמ מיט דער שווערער עקאָנאָמישער לאגע, פארבונדנ מיט גרויזאמער פאָליטישער אונטערדריקונג, איז געוואקסנ דער פּראָטעסט פונ די מאסנ, האָבנ זיכ געמערט די ארויסטרעטונגענ קעגנ די מאָביליזאציעס, קעגנ די צארישע רעפּרעסיעס. דער צאריזמ האָט זיכ אלצ מער פארפלאָנטערט — „די רעוואָליוציאָנערע אופרעגונג אינעמ ארבעטערקלאס, די אופרעגונג אינ אנדערע שיכטנ פונ דער באפעלקערונג וואקסט אלצ מער. די מילכאָמע אונ דער קריזיס, דער הונגער אונ די ארבעטלאָזיקייַט גראָבנ אלצ טיפער אונטער די יעסוידעס פונ דער זעלבסטהערשונג..." [1] „אנטוישונג"שטימונגענ דערוועקנ זיכ אויכ אינ די קרייַזנ פונ דער ליבעראלער בורזשואזיע: די לעצטע האָט אויסגעקוקט אפ דעמ, אז די רעגירונג וועט צוליב איר שווערער לאגע גיינ אפ האנאָכעס אונ געבנ רעפאָרמעס. די דערמאָרדונג פונ פלעווענ בלאָזט נאָכ מער אופ די טרוימענ פונ די ליבעראלנ, וואָס האָבנ שטענדיק צוגעגעבנ די גרעסטע באדייַטונג די אָדער יענע פערסאָנעלע ענדערונגענ אינ דער רעגירונג... פלעוועס טויט רופט ארויס איינצייַטיק א גרויסע צערודערונג אינ די „ספערנ". די מאפאָלעס בא לאאָיאנ פארגרעסערנ נאָכמער די פארלאָרנקייַט. אלס איִנערנ-מיניסטער ווערט אפ פלעוועס אָרט באשטימט סוויאטאָפאָלק-מירסקי; ס'קומט אָנ דער אזויגערופענער „פעריאָד פונ צוטרוי". דער מאניפעסט, וואָס ווערט פובליקירט דעמ 11-טנ אווגוסט, ד. ה. נאָכ פאר דער באשטימונג פונ סוויאטאָפאָלק-מירסקי, האָט עס באדארפט דינענ, קלויערשט, ווי א מינ „אָנזאָג" פונ „נייַעמ קורס". דער דאָזיקער מאניפעסט, דעקלארירנדיק וועגנ „אָפשאפנ" די לייַב-שטראָפ לויט די אורטיילנ פונ די „וואָלאָסט-געריכטנ" אונ אונטערטראָגנדיק פארשיידענע להאָטעס פאר די פּריצימ אונ טשינאָווניקעס, ווערט באגלייט מיט אנ „אוקאז", וואָס אָנערקענט פאר „יוישערדיק" „אריַינצוטראָגנ ביזנ אלגעמיינעמ איבערקוקנ די געזעצגעבונג וועגנ יִדנ, אייניקע ענדערונגענ אינ דער עקזיסטירנדיקער באשטימונג וועגנ זייערע וווינרעכטנ", [2] וואָס ס'האָט געמיינט ניט מער ווי אונטערשטרייַכנ א ריי פריִערדיקע אונ אונטערטראָגנ אייניקע נייַע להאָטעס דער יִדישער בורזשואזיע. דער מאניפעסט „אינסטרוקטירט" דעמ סענאט וועגנ דעמ, אז דער פארבאָט צו וווינענ אויסער די שטעט אונ שטעטלעכ פונעמ טכומ איז ניט שייַעכ צו די, וואָס באזיצנ הויכבילדונג.

---

[1] לענינ, ב. VI, ז. 346.

[2] „Право", 35, 1904

סאָכרימ פונ ערשטער גילדיע, זייערע פאמיליע-מיטגלידער און באלמעלאָכעס,
„קאָלזמאנ זיי וועלנ זיכ פארנעמענ מיט זייערע פאכנ". די, וואָס באזיצנ הויכביל-
דונג און געפינענ זיכ ניט אונטערנ געריכט און פאָליציי־אופזיכט, קענענ זיכ או-
מעטומ באשעפטיקנ מיט האנדל און אינדוסטריע. אייבנצייַטיק באקומענ די
סאָכרימ פונ דער ערשטער גילדיע פונ אויסערנ „טכומ", וואָס האָבנ ביזנ אייַנ-
געשטעלטנ 10-יאָריקנ טערמינ אופגעהערט צו נעמענ די געהעריקע גילדיע
דאָקומענטנ, די להאָטע זיכ ווידער צוזורעכענענ דאָרט צו די סאָכרימ פונ דער-
ערשטער גילדיע, ניט דארפנדיק זייַנ א צווייטנ מאָל 5 יאָר אינ דער
ערשטער גילדיע אינ די גרענעצנ פונ „טכומ". די סאָכרימ, וואָס זייַנענ
10 יאָר געווענ, כאָטש מיט איבעררייַסנ, אינ דער ערשטער גילדיע אויסערנ
„טכומ", האָבנ נאָכדעמ די רעכט צוזאמענ מיט זייערע פאמיליעס צו וווינענ אומעטומ
אינ דער אימפעריע (סאָכרימ פונ דער ערשטער און צווייטער גילדיע מעגנ פאָרנ
אויסערנ „טכומ" וויפל מאָל זיי דארפנ און שיקנ צוליב געשעפט־אָנגעלעגנהייַטנ זיי-
ערע אגענטנ אָנשטאָט זיכ). די זעלבע להאָטע באקומענ די, וואָס האָבנ דעמ טיטל
„קאָמערצ־ און מאנופאקטור-ראטמאנ", און זייערע פאמיליעס. אויכ ווערט גע-
געבנ וווינרעכט די יידנ-סאָלדאטנ, וואָס זייַנענ אינ דער מילכאָמע אפנ ווייַטנ
מיזרעכ באשענקט געוואָרנ מיט פארדינסט-צייכנס, אָדער האָבנ זיכ ביקלאל
„פייַנ" (беспорочно) אופגעפירט אינ דער ארמיי. אפ אזא אופנ, האָבנ מיר
דאָ פאר זיכ אויסשליסלעכ א מאטאָנע פאר דער יידישער בורזשואזיע באמ
איבערלאָזנ אינ איר פולער אומבארירטקייַט די גאנצע פאָגראָמ־געזעצגעבונג
פאר דער יידישער אָרעמשאפט. דאָס ווערט אפ קיינ האָר ניט געמינערט דורכ
דער אגעוו־באמערקונג וועגנ די באלמעלאָכעס (ווי די פאָר גישטיקע „להאָטעס"
בענעגייע „נעדאָימקעס" און לייַב-שטראָפ מינערנ אפ א האָר ניט דעמ גאנצנ
לייַב-אייגנטימערישנ פרעס—צוזאמענ מיט דער זעלבער לייַב־שטראָפ—איבער דער
פויערימ־מאסע). די יידישע באלמעלאָכעס, וואָס האָבנ שוינ, קלוימערשט, גע-
האט וווינרעכט אויסערנ „טכומ", האָבנ זיכ דאָכ געפונענ אינ אייביקער שרעק
יעדער מינוט ארויסגעשיקט צו ווערנ צוריק אינ „טכומ"; האָט מענ באדארפט
(צומ „פעריאָדישנ סעזאָנ") „פארקירצנ" די צאָל יידנ אויסערנ „טכומ", איז
עס אויסגעגאנגענ צו די יידישע האנטווערקער (דערבייַ, נאטירלעכ, צו דעמ
אָרעמענ טייל צווישנ זיי, וואָס האָט זיכ ניט געקענט „אויסקויפנ"). ס'וועט
גענוג זייַנ צו דערמאָנענ כאָטשבי דאָס מאסנ-פארטרייַבנ יידישע האנטווערקער
פונ מאָסקווע אינ 1891 י. ווענ הונדערטער פונ זיי זייַנענ, געשמידט פאָרווייַז
אינ האנט-קאנדאלנ, ארויסגעשיקט געוואָרנ מיטנ עטאפ אינ „טכומ" ארייַנ... „שטי-
לערע" ארויסשיקונגענ האָבנ קיינמאָל ניט אופגעהערט. אנ אויסרייד האָט פאָ-
ליציי שטענדיק פאר זיכ געפונענ. גענוג געווענ דערצו, אשטייגער, זי זאָל
„פלוצלונג" אייַנגעפינענ, אז דער באלמעלאָכע „פארנעמט זיכ ניט" מיטנ
פאכ, אָדער אז דער אָדער יענער פאכ טראָגט ניט קיינ האנט-
ווערקערישנ כאראקטער (אזוי זייַנענ ניט אָנערקענט געוואָרנ, צומ בייַשפיל,
זעצער, זעמשער, פאָטאָגראפנ, ברוקירער, שטיינהעקער און אנדערע; אינ זעלבנ
1904 יאָר זייַנענ ארויסגעשיקט געוואָרנ אפ דעמ סמאָכ די יידישע זעצער פונ
קיעוו און פעטערבורג). ס'איז איבעריק צו ריידנ וועגנ דעמ, ווי שווער עס
איז געווענ צו קריגנ די נייטיקע „פאפירנ" פאר באזעצנ זיכ אויסערנ „טכומ".
דאָקומענטנ וועגנ „פאכ" האָבנ געקענט ארויסגעבנ ווערנ די צעכ-באלמע-

לאָכעס נאָר דורכ די רעמעסלענע אופראוועס (אינ 1902 יאָר האָט פלעווע די
דאָזיקע אופראוועס אינ ראיאָנ פונ „טכום“ פארמאכט, איבערלאָזנדיק פונ זיי
נאָר דרײַ). אינ בעסטנ פאל איז עס פארנ אָרעמסטנ שיכט האנטווער-
קער געבליבנ א ניט-צוטריטלעכע זאכ. נאָכ אלעמענ האָט מענ ערשט
באדארפט האָבנ א צײַגעניש פונ פאָליציי, אז מע איז קיינמאָל ניט פארמיש-
פעט געוואָרנ צו טפיסע (ביקלאל—וועגנ „גוטער אופירונג“). אינ פעטערבורג
האָט די רעמעסלענע אופראווע געהאלטנ פאר אזוינע, וואָס געפינט זיכ „אונ-
טער פארדאכט“, יעדנ ייִדישנ באלמעלאָכע, וואָס האָט אזא מינ צײַגעניש ניט
געקענט צושטעלנ. פארשטייט מענ שוינ, ווי דער אָרעמער האנטווערקער האָט
געקענט דורכקריכנ דורכ אָט די אלע פאָליצייִישע זיפנ, אונ דאָס האָט דער-
וואַרט, נאטירלעכ, אויכ די האנטווערקער, וועמענ דער אוקאז פונ 11-טנ אוו-
גוסט האָט „דערלויבט“ זיכ באזעצנ אויסער די שטעט אונ שטעטלעכ. אונ
וואָס זײַנענ (לויטנ „אוקאז“) „אונטערגעאָרדנט געוואָרנ“ די זעלבע „קלאָ-
לימ“ ווי באמ באזעצנ זיכ אויסערנ „טכום“... אזוי ארומ איז פאר
דער ברייטער מאסע ייִדישע האנטווערקער דער צארישער „גנאָד“ גע-
בליבנ ניט מער, ווי א פאָשעטע פיקציע. אויכ די פריווילעגיע פאר די „ני-
דעריקע מיליטער-טשינעס“ מיט אָרדענס אונ „ווילער אופירונג“, אויספילנדיק
א מיליטעריש-פראָפאגאנדיסטישע אופגאבע, האָט זיכ אינ גרונט רעדוצירט צו
א גאנצ מיקראָסקאָפּישער „רעאליטעט“, אויב מע זאָל האָבנ אינ זינענ, וויפל
(אונ ווער) פונ די דאָזיקע „טשינעס“ עס האָבנ געקענט האָבנ די „זכיִע“ אונ-
טערצופאלנ אונטער דער דאָזיקער „גליקלעכער“ וויזע. כאראקטעריסטיש איז
דערבײַ, אז דער פראָיעקט פונעמ אוקאז (ער איז, אגעוו, אויסגעארבעט גע-
וואָרנ אינ פינאנצ-מיניסטעריִומ, וואָס האָט צומ אָפטערסטנ ארויסגעוויזנ זײַנ
„פילבארקײַט“ צו די אינטערעסנ פונ דער ייִדישער בורזשואזיע) האָט אינ
דער ערשטער רעדאקציע, וואָס איז באשטעטיקט געוואָרנ דורכ פלעווענ, די
דאָזיקע, מישטיינס געזאָגט, „האנאָכע“ איגגאנצנ ניט אנטהאלטנ. ערשט די
ווײַטערדיקע פאסירונגענ האָבנ ארײַנגעבראכט אויכ די דאָזיקע „להאָטע“,
וואָס האָט געדארפט דינענ אלס צוגאָב-מיטל צו אָפנארנ די ייִדישע מאסנ,
די אָנוואקסנדיקע אופרעגונג צווישנ וועלכע עס האָט אלצ מער באומרויִקט די
רעגירונג.

„די ייִדישע געזעלשאפט — דערקלערט מיט 20 יאָר שפעטער דובנאָוו —
האָט קאלט אופגענומענ די דאָזיקע מאָגערע מאטאָנע אונ געווענדט די
בליקנ צו מער ברייטע האריזאָנטנ... ס'האָט זיכ דערנעענטערט דער פאָלי-
טישער פרילינג“.[1] די דאָזיקע באהויפטונג שטימט אָבער לאכלוטנ ניט מיט דער
ווירקלעכקײַט. אויב די ייִדישע „געזעלשאפט“ (ד. ה. די בורזשואזיע) האָט ווירק-
לעכ, ווי מיר וועלנ זענ, געווענדט באזונדערס פארליבטע בליקנ צומ ליבעראלנ
„פרילינג“ פונ סוויאטאָפאָלק-מירסקי, איז זי אָבער גרייט געווענ צענ מאָל,
טרײַ אונטערטעניק קניִענ פארנ „גנעדיקנ טאַנ“ אויכ פונעמ מאניפעסט פונ
11-טנ אווגוסט, אינ וועלכנ זי האָט דערזענ פאר זיכ אנ אָנזאָג פונ נײַע פרי-
ווילעגיעס אונ להאָטעס... דאָס אילוסטרירט כאָטשבי די באגריסונג, מיט
וועלכער די דעפוטאציע פונ דער ווילנער ייִדישער בורזשואזיע מיטנ ראָוו

[1] С. Дубнов. „Евреи в России“, ib. стр. 58.

בעמזער אינדערשפיץ האָט דעם 19־טן סענטיאבער באגעגנט ניקאָלײַען: „אוועקלייגנדיק צו די פיס פון אײַער מאיעסטעט די טרײַ אונטערטעניקלעכע געפילן פון דער ייִדישער באפעלקערונג, זײַנען מיר גליקלעך אויסצודריקן אײַער מאיעסטעט אונדזער גרענעצלאָזע דאנקבארקײַט פאר די כסאָדים, וואָס גיבן אונדז די האָפענונג אף א ליכטיקער צוקונפט" [1] (געמיינט האָט דאָס „כסאָדים" פונעם אויבן געבראכטן אוקאז). אין זעלבן גײַסט רופט זיך אָפּ אפן מאניפעסט די גאנצע ייִדישע בורזשואזע פרעסע, ווי די ציִעניסטישע, אזוי די „וואָסכאָדישע". די דאָזיקע פרעסע האָט אין דער אָדער יענער מאָס ניט געקענט ניט דערמאָנען, אז דער מאניפעסט האָט ניט געהאט קיין באַטײַט פאר דער ייִדישער מאסע, „וואָס ווערט דערשטיקט אין „טכום" און וועמענס רעכטלעכע לאגע ס'איז ניט צו פארגלײַכן ערגער ווי די רעכטלעכע לאגע פון די קאטעגאָריעס ייִדן, וועלכע דער געזעץ באַרירט [2] — צו אזא „אנערקענונג" האָט שוין געצווונגען די גאנצע סיטואציע אין לאנד. צוליב פרווון אײַנהאלטן די פאלנדיקע ווירקונג אין די ברייטערע שיכטן פון דער ייִד באפעלקערונג האָט מען זיך דאָ געכאפּט אָן דער פאָזע פון זאָרגן זיך פאר דער מאסע (סאָקאָלאָווס מאָראל וועגן דעם, אז דער ייִדישער באלמעלאָכע איז אָרעם איבער זײַן אייגענער „אומבאוועגלעכקײַט", וואָס ער גוצט ניט אויס זײַנע „רעכט" צו ווינען אויסערן „טכום", וואָלט דאָ געווען גאָר ניט פאסיק) [3], אין גרונט אָבער האָט מען אף א האָר ניט באהאלטן די ווארעמע געפילן פאר די „להאָטעס" און פאר דעם „גנעדיקן טאָג" בענעגייע די „קאטעגאָריעס ייִדן", וועלכע עס באַרירט גראָד דער מאניפעסט... „די מאָראלע באדײַטונג פון די להאָטעס, — שרײַבט דער „וואָסכאָד", — איז אויסער צווייפל זייער באדײַטנדיק. דער אוקאז דארף, אָן שום צווייפל, אופגענומען ווערן מיט געפיל פון באפרידיקונג". [4] „די צוויי געהויבענע ווערטער וואָס שטייען אין אָנהייב פון אוקאז (признавая справедливым), ווײַזן די פײַנקייט פון נײַעם געזעץ". [5] אָדער „צו אונדזער גרויסער פרייד איז פאר די רוסישע ייִדן די לעצטע טעג געעפנט א טיר פון האָפענונג און זייער לאגע וועט אוועגײַן בעסער און בעסער. אין אייניקע טעג ארום נאָכן טויט פון מיניסטער פלעווע, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן מיט גרויס רעציכע, איז ארויס דער אלהעכסטער מאניפעסט וועגן פארשיידענע האנאָכעס פאר ייִדן" („השלח"). [6] אינײנעם מיט באקלאָגן פלעווען קוויקט זיך דאָ דער רופאָר פון די וויסאָצקיס („אָג. ק. ז. וויסאָצקי, ווער ווייסט צי וואָלטן מיר געהאט אכאד האָאָמס „השלח" — „דער פרײַנד" [7]) מיט די להאָטעס פאר די „קאָמערצראטן", מאכנדיק דערבײַ אן אָבשטעל פון באפרידיקונג איבערן קלוימערשטן „כעסעד" פאר די באלמעלאָכעס. „נאָך מער כאָשעוו זײַנען די צוויי ווערטער, וואָס זײַנען געקומען אין אָנהייב פון מאניפעסט — „האלטנדיק פאר יוישערדיק" —

---

1 „Восход", 17, 1904

2 „Восход", 17, 1904

3 געניער וועגן סאָקאָלאָווס ארויסטרעטונג — אין דער ארבעט, וואָס איז צוגעגרייט פון כ' ל. האָלמשטאָק.

4 „Восход" № 17

5 „הצפה", № 498, 1904

6 „השלח" ב. XIV, ז. 386

7 „דער פרײַנד" № 109, 1904

מיט דעמ האָט דער הויכגעשטעלטער געזעצגעבער באוויזנ, אז ער האלט די פארגרינגערונגענ פונ די באגרענעצונגענ פאר א זאכ פונ גערעכטיקײַט". מיט אײנ וואָרט די „ריטער" פונ דער אכאד האָאָמיסטישער „ייִדישער זיטלעכקײַט" האָבנ דאָ דערפילט דעמ גײַסט פונ פּלעוועס „גערעכטיקײַט" ניט ווײניקער, ווי אכאד האָאָמ האָט עס דערפילט, אונטערהאלטנדיק עטוואָס פריִער צוזאמענ מיט זײַנ קאָלעגע דובנאָוונ אנ אנדער אנטפּלעקונג פונ פּלעוועס „גערעכטיקײַט" — די זובאטאָווּשטשינע. אלזאָ, די ציִעניסטישע אָרגאנענ האָבנ אפ אלע אויפאנימ געזוכט צו פארדעקנ דעמ קלאסנ-מעהוס פונ דעמ צארישנ „גנאָד". צעלײגנדיק אפ טעלערלעכ די „צוויי געהויבענע ווערטער", וואָס האָבנ געבילדעט דעמ מאָטאָ צו דער רעשימע להאָטעס פאר דער בורזשואזיע, האָבנ זיי מיטגעהאָלפנ שאפנ די אילוזיע פונ ניקאָלײַס „גערעכטיקײַט", אלס א מיטל צו פּאראליזירנ דעמ קאמפ־אויפשטײַג פונ די אונטערגעדריקטע מאסנ קעגנ דעמ צארישנ רעזשימ...

איר קנעכטיש-באדינערישע ראָליע צומ צאריזמ האָט די ייִדישע בורזשואזיע ניט פארזאמט נאָכ מיט מער פּראכט ארויסצובאווײַזנ אינעמ אײנגיכנ אָנגעקומענעמ „פּעריִאָד פונ צוטרוי"... ווענ דער צאר, צערודערט פונ פּלעוועס טויט, פונ די קריג-מאפּאָלעס, פונ דער אָנוואקסנדיקער רעוואָליוציִאָנערער יוירונג, האָט באשטימט אלס אינערנ-מיניסטער סוויאטאָפּאָלק-מירסקי, אונ דער לעצטער האָט זיכ דערקלערט אינ „צוטרוי" דער „געזעלשאפט". האָט עס אינ גרונט באטײַט א נײַע אויפלאגע פונ פּלעוועס „זעמסקער זובאטאָווּשטשינע", נאָכ א קאפּיטל אינ דער פּראקטיק פונ דער צארישער ביוראָקראטיע צו שפּילנ „מיט די אלערליי זעמסטוועס, ווי א קאצ מיט א מויז, דאָ אָפּלאָזנדיק, דאָ גלעטנדיק זיי מיט אירע סאמעטענע לאפּקעס"[1] (דאָס מאָל, עמעס, בא באזונדערע פארוויקלטע באדינגונגענ). דער מאניפעסט פונ 26 פעווראל 1903 יאָר, — האָט דעקלארירט גלײַכ נאָכ זײַנ באשטימונג דער נײַער מיניסטער, — איז דער יעסאָד, אפ וועלכנ ער נעמט איבער דעמ מיניסטעריִומ פונ אינערנ. „שטיצנדיק זיכ אפ די אָנווײַזונגענ פונ קייסער (אינ מאניפעסט פונ 26־טנ פעווראל — י. ר.) — דערקלערט ער דעמ פאָרשטייער פונ „עקאָ דע-פּארי" — וועל איכ זיכ סטארענ קאָנטאקטירנ מײַנע טאטנ מיטנ גײַסט פונ ברייטנ אונ עמעסנ פּראָגרעס. ווײניקסטנ אפ וויפל ער וועט ניט ווידערשפּרעכנ דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג".[2] דער צאריזמ וואקלט זיכ, ווערט נאָכגיביק אפ פראזנ פונ „עמעסנ פּראָגרעס", פארבט ליבעראל זײַנע פעאָדאלע נעגל, קעדיי בלײַבנ ווײַטער בא דער „עקזיסטירנדיקער אָרדענונג". דאָס איז געווענ דער זינ פונ מאניפעסט פונ 26־טנ פעווראל, וואָס איז דערשינענ אינ מאָמענט, ווענ די זעלבסטהערשונג האָט זיכ געוואקלט אונטער די מעכטיקע כוואליעס פונ דער ארבעטער-אונ פויערימ־באוועגונג אינ 1903. דאָס זעלבע איז געבליבנ אינ יעסאָד אויכ פונעמ „נײַעמ קורס", וואָס איז ארויסגערופנ געוואָרנ דורכ סוויאטאָפּאָלק-מירסקי... „די פראגע איז געשטעלט געוואָרנ דירעקט, — האָט געשריבנ לענינ אינ זײַנ ארטיקל וועגנ מאניפעסט פונ 26-טנ פעווראל, — זײַנ אָדער ניט זײַנ פונ דער זעלבסטהערשונג. יעדער צוזאָג פונ „רעפאָרמענ" — מ'שטיינס געזאָגט „רעפאָרמענ"! — וואָס הייבט זיכ אָנ מיט

[1] לענינ ב. V, 254.

[2] А, Ачкасов. „Повеяло весной", ст. 23.

דעם צוזאָג אײַנצוהיטן די זעלבסטהערשונג, איז א שרײַענדיקער ליגן, א כויזעק איבערן רוסישן פאָלק. ס׳איז אָבער ניטאָ קיין בעסערע געלעגנהײַט צו דעמאסקירן פארן פאָלק די רעגירונג-מאכט, ווי די ווענדונג פון דער זעלביקער מאכט צום פאָלק מיט צווייפּענעמדיקע און פאלשע צוזאָגנישן".[1] די ליבעראלע "מויז" האָט זיך אָבער העכסט דערקוויקט מיטן גלעט פון פּלעוועס פּארטרעטער — די צווייפּענעמדיקע און פאלשע צוזאָגנישן זײַנען געוואָרן די "זון פון ליבעראלן פרילינג". די ליבעראלע בורזשואזיע, מער פון אלץ מוירע האָבנדיק פארן רעוואָליוציאָנערן קאמף פון פּראָלעטאריאט, וואָס "וועט זיך ניט אָפּשטעלן, ניט אוועקלייגן די געווער ביז עס וועט ניט אראָפּגעשלײַדערט ווערן די מאכט פון דער בורזשואזיע",[2] שטרעבנדיק צו א פּשאָרע מיט דער זעלבסטהערשונג, האָט זיך אָנגעכאפּט אָן די "צארטע רייד" פון די העלדן פון דער "פוקס-פּאָליטיק", צעבלאָזן עס און פארפּוצט, דערזעענדיק דאָ א ווונק אפ דער געוווּנטשענער פאר איר פּשאָרע... די בורזשואזיע האָט פון איר זײַט געזען צו בארעכטיקן דעם "צוטרוי", וואָס מע האָט איר געשענקט. איר קאָנסטיטוציאָנעלע "ליריק" האָט זי "מוטיק" געפּאָרט מיט א כוצפּעדיקער אטאקע קעגן "אינערלעכן סוינע", קעגן דער פּארטיי פון פּראָלעטאריאט (די "עקסטרעמע"). מיט דער הילף פון איר מענשעוויזם האָט זי געזוכט צו פּאראליזירן דעם רעוואָליוציאָנערן קאמף פונעם פּראָלעטאריאט דורך דעם גיפט פון ליבעראלע איליוזיעס, דורך אגיטירן פאר א בלאָק מיט די ליבעראלן, דורך דער "אידייִ" פון אונטערוואַרפן דעם פּראָלעטאריאט דער ווירקונג פון דער בורזשואזיע... דער ליבעראל סטאכאָוויטש בעט זיך באם "אינערלעכן סוינע" ניט אָפּשרעקן די רעגירונג מיט "ניט פּאָרזיכטיקע" רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגען, וואָס קענען זי, די רעגירונג, הייסט עס, נאָך צוריקשטויסן פונעם "נײַעם קורס". דער מענשעוויק סטאראָווער אגיטירט פאר אן "אָפּמאך וועגן ניט אָנוואַרפן קיין פּאנישע שרעק"[3] אפ די ליבעראלן, דאָס הייסט, זיך אָפּהאלטן פון רעוואָליוציאָנערן קאמף מיט דער זעלבסטהערשונג, קעדיי, קלוימערשט, ניט צוריקשטויסן די ליבעראלן צו רעאקציע... דער ליבעראלער פּראָפעסאָר יע. טרובעצקאָי, קריצנדיק די ציין קעגן דער "אינערלעכער געפאר", פירט אויס, אז "די זאָרג פון אָפּהיטן דעם אינערלעכן פרידן דארף בא אונדז שטיין אפן ערשטן אָרט", און אז "די ביוראָקראטיע און די געזעלשאפט דארף ניט שטיין איינע קעגן די צווייטע, ווי צוויי פײַנטלעכע לאגערן, נאָר זיך פאראייניקן צו דינען די אלגעמיינע נאציאָנאלע אינטערעסן".[4] איינפאכער געזאָגט, פאראייניקן זיך צו שטיקן דעם רעוואָליוציאָנערן קאמף פונעם ארבעטער-קלאס, וואָס איינ "געדאנק נאָר פון אזא מין קאמף ווארפט אן איימע און פּאניק אפ די הערן טרובעצקאָי און טויזנטער ווייניקער "אופגעקלערטע" הערן ליבעראלן".[5] אָט דאָס איז אין גרונט געוועזן די ליניע פון דער רוסישער ליבעראלער בורזשואזיע אפן שוועל פון דער רעוואָליוציע. די ייִדישע בורזשואזיע האָט די

---

1 לענין, V, 210.

2 לענין, VII, ז. 8.

3 לענין, VII, ז. 15

4 „Право", 39, 1904.

5 לענין, VII, ז. 9.

דאָזיקע „ליניע" באַזונדערס בוילעט רעפּרעזענטירט. דער שענדלעכער מאַיאָ־פּעס-טאַנץ, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרנ ארומ אוקאַז פונ 11-טנ אווגוסט, שפּילט זיכ פאַנאַנדער נאָכ מיט מער „גלאַנץ" באַמ פּראָקלאַמירנ דעמ „צו-טרוי". גלײַכ נאָכ דער באַשטימונג פונ סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי אײַלט זיכ די ייִדישע בורזשואַזיע מיט אַנ אַדרעס פונ ווילנער, קאָוונער און גראָדנער קע-הילעס אויסצודריקנ (פאַרשטייט זיכ, אינ נאָמענ פונ דער „ייִדישער באַפעל־קערונג") דעמ געפיל פונ „טיפער דאַנקבאַרקײַט" דעמ „טיפ געשעצטנ פירשט", דעמ שווער געמיט פונ געזעגענענ זיכ מיט אימ און די טרייסט פונ דעמ, וואָס זײַנ „אופגעקלערטע און הומאַנישע טעטיקײַט" וועט אפּנ פּאָסט פונ אי־נערנ־מיניסטער „באַקומענ א מער ברייטערנ פּלאַצ פאַר ארויסווײַזנ זיכ" און אַז „פונ טיפנ האַרצנ בעטנ מיר דעמ אויבערשטנ... ער זאָל אײַכ געבנ לאַנגע טעג פאַר דערפּאָלגרײַכנ דינענ דער גרויסער און הייליקער זאַכ, צו וועלכער איר זײַט דורכנ אַלהעכסטנ ווילנ גערופנ געוואָרנ פאַר דער טויווע וועגנ פונ אונדזער פּאָטערלאַנד און אַלע פעלקער, וואָס באַוווינענ אימ" [1] (דערבײַ ווערט ווי געווײנלעכ אונטערגעטראָגנ א סייפער-טוירע און אַפּ צו „פאַרהיטנ לעדוי-רעס דעמ רוממפולנ נאָמענ פונ אייער דורכלויכט" ווערנ באַשטימט 3 סטיפּענ-דיעס). „געריִרט" פונ דער מאַניפעסטאַציע פונ הינטישער כניפע, פאַרגייט זיכ זײַנ „דורכלויכט" אינ א רויכ פונ צוזאָגענישנ, וואָס ווערנ „רעאַליזירט" אינ א קאָנקרעטער דירעקטיוו דער דעפּוטאַציע פונ דער ווילנער ייִד. בורזשואַזיע: „פונ אײַער זײַט דערוואַרט איכ, איר זאָלט ווירקנ אַפּ דער מאַסע פונ ייִדישנ פּאָלק, זי זאָל מיט צוטרוי זיכ באַציִענ צו די מאָסמיטלענ פונ דער רעגירונג", צוגעבנדיק דערבײַ אַלס אַוואַנס — „...איכ וועל איצטער שטיינ לעמ סאַמע קוואַל פונ גערעכטיקײַט. — לעמ קייסער, דעריבער קענט איר זײַנ אינגאַנצנ רויִק — גערעכטיקײַט וועט איר אַלעמאָל באַקומענ..." די ייִדישע בורזשואַזיע האָט געזענ באַרעכטיקנ דעמ „אַוואַנס" און אַפּ אַלע קיילימ געפּויקט וועגנ א נײַער „ערא" פונ ניקאָלײַס „גערעכטיקײַט" „פאַר ייִדנ", אונטערהאַלטנדיק די זעלבע זעלבסטהערשונג, וואָס האָט אינ צערודערונג מאַנעווירט מיטנ ליבעראַלנ שווינדל, זוכנדיק אַלע מיטלענ קעגנ דער אָנוואַקסנדיקער רעוואָליוציִ־אָנערער יוירונג. דער „עמעסער פּראָגרעס", וואָס „ווידערשפּרעכט ניט דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג", האָט געהערט דער נאַציִאָנאַלער פּראַגע פּונקט אַזוי, ווי צו אַלע אַנדערע: די „עקזיסטירנדיקע אָרדענונג" וואָלט דאָכ אָנ דער סיס-טעמ פונ נאַציִאָנאַלער פאַרקנעכטונג אופגעהערט צו זײַנ די... „עקזיסטירנדיקע אָר-דענונג". דעמ פּאָגראָמ-רעזשימ פאַר די ייִדישע אַרבעטנדיקע האָט דער „טיפ־געשעצ־טער פירשט געהאַט בעדייע צו לינדערנ ניט מער, ווי זײַנ פּאָרגייער... אימ אינטע-רעסירט שטאַרק, — דערקלערט סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי, — די ייִדנ־פּראַגע. אָבער „איכ ווייס, ווי שווער עס איז זי (די „ייִדנ־פּראַגע", הייסט עס) צו לייזנ... דער ניט לאַנג דערשינענער קייזערלעכער מאַניפעסט (דער מאַניפעסט פונ 11־טנ אווגוסט) האָט פאַרברייטערט זייערע רעכט... אָבער די לאַגע פונ די אָרעמסטע קלאַסנ איז נאָכ זייער א שווערע. זיי זײַנענ באַגרענעצט אינ זייער וווינרעכט נאָר מיט די שטעט און שטעטלעכ פונ טכומ. און דאָס בעסטע, וואָס איכ קענ פאַר זיי ערנסט ווינטשנ, איז געבנ זיי א ברייטנ אויסוואַל פונ מיט-

[1] Ачкасов ib.

לעג צו עקזיסטירן״. דער געשיקטער אָבער־זשאַנדאַרם „אוואַנסירט״ (ווי די ייִד. בורזשואַזיע פון איר זײַט) דער אונטערגעדריקטער ייִדישער אָרעמשאַפט מיט די לֹהאָטעס, וואָס דער אויבנדערמאָנטער מאַניפעסט האָט געגעבן דער בורזשואַזיע, טרײַסטנדיק די אָרעמע קלאַסן מיט זײַנע „ווונטש״, זיי זאָלן זיך „געפינען״ נײַע מיטלען פאַר עקזיסטענץ אין די זעלבע שטעט און שטעטלעך, מיט וועלכע „ס׳איז באַגרענעצט זייער ווינרעכט״ און וווּ זייער לאַגע איז „נאָך״ אַזאַ שווערע — קיין סימנים פון אַ צוזאָג אַף ווירקלעכע פאַרלײַכטערונגען, קיין אָנצוהערעניש אַף אָפּשאַפן דעם „טכום״, קיין טראָט צוריק פון פּאָבעדאָנאָסצעווס קאַטעכיזיס. איבעריקס, האָט עס סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי ניט אַלעמאָל געזוכט שטאַרק צו פאַרדעקן, וואָרעם ער האָט דערקלערט, אַשטייגער, פאַרן פּאָרשטייער פון „עקאָ דע פּאַרי״.[1]

„איך בין ניט קיין פײַנט פון די ייִדן, נאָר אויב מע זאָל זיי געבן אַבסאָליוטע פרײַהײַט, מיט וועלכע עס באַנוצן זיך די פּראַוואָסלאַוונע, וואָלטן זיי שנעל געקענט דעראָבערן אַ צו גרויסע באַדײַטונג״[2] (די אײנהײַטלעכע מאָס פאַר „אַלע ייִדן״ סטאַמט האָט, נאַטירלעך, פּונקט אַזוי עקזיסטירט, ווי עס האָט עקזיסטירט די „אַבסאָליוטע פרײַהײַט״ פאַר אַלע „פּראַוואָסלאַוונע״). די ייִדישע בורזשואַזיע האָט געוואַרט אַף אַ רעגן נײַע פּריווילעגיעס און זיך געמאַכט ניט וויסנדיק פון דעם מיניסטערס „ווידוי״, וועלכער האָט ניט געפּאַסט פאַר איר ליניע. דער „הצפה״ צעטראָגט אַ ייִדיע פון פּעטערבורג, אַז די באַשטימונג פון סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי האָט „אויפגעלעבט דעם גײַסט פון אונדזערע ברידער אין דער הויפּט־שטאָט, וואָס קוקן אויס אַף יעדער לײַכטער וואַקלונג אין די הויכע רעגירונג־ספערן און זיי האָפן, אַז פון איצט וועט זיך אָנהייבן אַ נײַע ערא פאַר אונדזערע ברידער, און זייער שיקזאַל וועט זייער שטאַרק פאַרבעסערט ווערן״.[3] דער „וואָסכאָד״, פון זײַן זײַט, ריכט צו די האָפענונגען פון „אונדזערע ברידער״ מיט נייטיקן רעקוויזיט פון „אויפגעקלערטער״ ליבעראַלער ליגנערײַ: „מיט 3 כאַדאָשים צוריק — שרײַבט ער[4] — האָט דער רוסישער הימל געהאַט זײַן געוויינלעכן כמאַרנעם בלײַענעם קאָליר און איצט — שײַנט ער און גלאַנצט מיט אַלע קאָלירן: איצט איז ער, ווי עס דריקן זיך אויס די דײַטשן, דורכויס מיט פידלען פאַרהאַנגען״. באַם רודער „האָט זיך, סאָפּקאָלסאָפּ, געשטעלט אַ מענטש, וואָס באַציט זיך, — ווי ער אַליין האָט געהאַלטן פאַר נייטיק עפנטלעך צו דערקלערן, — מיט „צוטרוי צו די געזעלשאַפטלעכע קרעפטן״. די „ייִדן — טרומייטערט דער „וואָסכאָד — זײַנען באַגײַסטערט. פאַר זייער „אָפּטימיזם״ איז דאָ נאָך אַ „ספּעציִעלער״ גרונט — דאָס איז די דערקלערונג פאַר דער ווילנער דעפּוטאַציע. „די ייִדן זײַנען שטענדיק מיט דער גרעסטער, עפּעס אַ מין קנעכטישער גרייטקײַט געגאַנגען אַנטקעגן יעדן וואַרעמען גרוס א.א.וו. אין פינאַל: דאָס אַלץ, וואָס סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי האָט עפנטלעך דערקלערט וועגן די ייִדן, „שטעלט מיט זיך פאָר אין טאָך, אַ פולשטענדיקן אײַנרײַס מיט דעם אָוואַר״. „דאָ ווערט אײן סיסטעם קעגנגעשטעלט דער צווייטער״.[5] און די דאָזיקע געמײַנהײַט ווערט געפּריידיקט אײנצײַ-

---

1 Ачкасов, ib.

2 דאָרט, ז. 24.

3 „הצפה, נומ. 515, 1904.

4 „Восход“ № 17, 1904.

5 „Восход“, ib.

טיק מיט דעמ, ווי מירסקי זעלבסט פאַרטײַטשט, אַז „קײנע גרויסע ענדערונ-געג שטײענ ניט פֿאָר", אַז די „עקזיסטירנדיקע אָרדענונג" דאַרפֿ בלײַבנ אומ־גערירט, אַז ייִדנ געבנ „אַבסאָליוטע פֿרײַהײַט" איז אַ געפֿאַר. דער ליבעראַלער קאַנאַריק איז אָבער פֿאַרכלינעט פֿונ זײַנ אײגענעמ פֿאַלשנ ניגנ. אימ קימערט ניט אַפֿילע די פֿליוכנ פֿונ „נאָוואָיע ווֹרעמיאַ". וואָס איז באַפֿאַלנ די ליבע-ראַלע „נאָוואָסטי" (אַ מינ „וואָסכאָד"), אַלעמײַ יענע פֿאַרברײטערט בענעגײע ייִדנ-רעכט מירסקיס פֿאָרמולע וועגנ גלויבנ־טאָלעראַנצ לויטנ מאַניפֿעסט פֿונ 26-טנ פֿעוורואַל. די ייִדישע בורזשואַזיע איז ניט געווענ קײנ אויסנאַמ אינ דער אַלרוסלענדישער בורזשואַזיע. ציטערנדיק פֿאַר דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פֿונ די אַרבעטער-מאַסנ, מיט וועלכער זי האָט ניט אויפֿגעהערט צו פֿירנ דעמ פֿאַרביטערטנ קאַמפֿ, איז זי גרײט געווענ פֿאַר יעדנ פּרײַז צו פֿאַרקויפֿנ די דאָזיקע מאַסנ דעמ בלוטיקנ רעזשימ. דערפֿאַר איז זי געלאָפֿנ מיט „קנעכטישער גרײטקײַט אַנטקעגנ יעדנ וואָרעמענ גרוס" פֿונ „אויבנ", פֿאַרוואַנדלענדיק יעדנ „כעסעדל" (פֿאַר איר) אינ אַ „העלפֿאַנט", קעדײ פֿאַר־שטעלנ פֿאַר די אונטערגעדריקטע מאַסנ דעמ עמעסנ מעהוס פֿונ די צווײפּענימדיקע אונ פֿאַלשע צאַרישע צוזאָגענישנ אונ אויסבאַהאַלטנ דעמ אײגענעמ שענדלעכנ מיס-כער. אָט ווו עס שטעקט דער סאָד פֿונ דער „וואָסכאָדישער" צווײפּענימדיקײַט. „די אײביקע זינד פֿונ יעטווידנ בורזשואַזנ ליבעראַליזמ אונ דעמ רוסישנ באַזונ-דערס: אַנ אָנבורגיקע אַנטוויקלונג פֿונ דער פֿראַזע, מיסברויכנ מיטנ וואָרט, וואָס גײט זיכ פֿאַנאַנדער מיטנ טאַט, רײנ פֿיליסטערישע צוטרוילעכקײַט צו דער רעגירונג אונ צו יעדנ העלד פֿונ פּוקסנ־פּאָליטיק", [1] וואָס איז אַזוי בולעט אויפֿגעשווומענ אינ דער דעמלטיקער קאָנסטיטוציאָנעלער קאַמפּאַניע,—האָט זיכ פֿאַרקערפּערט אינ דער פֿולסטער מאָס אינ דער האַנדלונג פֿונ די „וואָסכאָד"-ליבעראַלנ. די ציִעניסטנ האָבנ דורכגעמאַכט די „צוטרוי"-פּראָצעדור אַפֿ זײער ציִעניסטישנ מאַניר. „צוטרוי צו דער געזעלשאַפֿטלעכער זעלבסטעטיקײַט אונ „דערנעענטערונג פֿונ פֿאָלק צומ טראָנ"— אַרומ דעמ דאָזיקנ גרונט-פּרינ-ציפּ פֿונ נאָרמאַלנ מעלוכישנ לעבנ דרײענ זיכ איצט די געדאַנקענ אינ דער רוסישער געזעלשאַפֿט" [2] — דעקלאַרירט פֿונ איר זײַט די ציִעניסטישע „יעווריײסקאַיאַ זשיזנ" אונ רופֿט אויס: „פֿאַר דער ייִדנ-פֿראַגע אינ רוס־לאַנד וועלנ קומענ גינסטיקערע באַדינגונגענ". דער „גײַסטיקער" ציִעניזמ כאַ-זערט איבער דעמ פּאָליטישנ: „קײנ צווײפֿל,— זינגט דער „השלח", שליסנ-דיק זײַנ קלאָג־עפּיטאַפֿי אַפֿ פּלעווענ,— אַז די ייִדנ אינ רוסלאַנד קענענ איצט האָפֿנ אַפֿ בעסערע צײַטנ"; [3] „די ערשטע ליכט־שטראַלנ, וואָס זײַנענ באַשטע-טיקט געוואָרנ פֿאַר זײ, דעהײַנע: צוגאָב-פּראָצענטנ אינ די הויכשולנ, באַשטע-טיקונג פֿונ ייִדנ — געשוואָרענע אַדוואָקאַטנ, פּריווילעגיעס פֿאַר אַמעריקאַנער בירגער — ייִדנ אינ רוסלאַנד, אָט דאָס אַלצ איז „אַ סימענ צומ גוטנ" (האַ־קלאַל — די צאַרישע „שטראַלנ" פֿאַר די וויסאָצקיס אונ די אַכאַד-האָאָמס זשאָנ-גלירנ שוינ מיטנ „גוטנ סימענ" פֿאַר „אונדזערע ברידער"). אָבער דאָס אַלצ,— פֿאַרענדיקט „פֿלוצימ" דער זעלבער „השלח",—„דאַרפֿ אונדז ניט ברענגענ צו פֿאַר־

[1] לענינ. ב. VII, ז. 18;

[2] „Еврейская жизнь", 1904, 11, стр. 132.

[3] „השלח", ב. XIV, ז. 386.

שיקערן זיך און צו טרוימען וועגן מאָשיַעך-צײַטן, ווען ס׳וועט ניט זײַן קיין אָרט פאַר פעלקער־סינע, און ייִדן וועלן קענען לעבן רויִק, דעריבער טאָר מען ניט מאקרעוו זײַן די נאציאָנאלע גײַסטיקע רײַכטימער צוליב גלײַכבאַ־רעכטיקונג״. די „ליכט-שטראַלן״, אלזאָ, ווערן געגומען אונטערן ציִע-ניסטישן אבאזשור פון „אייביקן גאָלעס״. דער דאָזיקער „פּאַראַדאָקס״ האָט אָבער זײַן דערקלערונג. צערודערט פון די קריג-מאַפּאָלעס, קריזיס, וואקסנ-דיקער רעוואָליוציאָנערער יוירונג, עפנט דער צאַריזם די „צוטרוי-שפּארונע פאַר דער ליבעראלער בורזשואזיע. די בורזשואזיע „פאַרהענגט שוין מיט פידלען״ איר „הימל״. די ייִדישע בורזשואזיע פאַרנעמט אויך איר אָרט אינעם ליבעראלן קווארטעט. די בורזשואזיע קען זיך אָבער ניט קוויקן מיט איר „פרילינג״. דער אַרבעטער-קלאַס, די ווירקלעכע קראַפט, פאַר וועלכער דער צאַריזם האָט געציטערט, וואָס האָט אים געטריבן צו אַלערליי ליבעראַלע מאַנעווערן (ביז דערלויבן באַנקעטעווען דער ליבעראַלער בורזשואזיע), האָט זיך אומופהערלעך רעוואָליוציאָניזירט און פאַרשטאַרקט זײַן קאַמף. דער אווגוסט-שטרײַק פון די פּוטילאָווער און סאָרמאָווער אַרבעטער ווערט באַגלייט מיטן אַרויסטריט פון די 10 טויזנט מויערער אין וואַרשע. ס׳וואַקסט אָן דער גראַנדיעזער שטרײַק אַף די באַקינער נאַפּט-גרובן און אַז. וו. די ליבעראַלע בורזשואזיע זוכט מיט דער הילף פון עם מענשעוויזם צו נעמען די באַוועגונג אין איר צוים, אויס-בויצן זי אַלס „קאַזיר״ אַף אויסדינגען האנאָכעס. דער רעוואָליוציאָנערער אויפ-שטײַג צערודערט דעם „פּלאַן״, דראָענדיק איבערצוקערן דעם ליבעראַל־מענ-שעוויסטישן קאַרדאָן, וואָס האָט באַדאַרפט צוימען דעם רעוואָליוציאָנערן קאַמפּ-שטראָם. אין דער זעלבער צײַט פאַרכאַפּט די באַוועגונג אויך אַלץ ברייטערע שיכטן פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע. די מאָרד-פּראַקטיק פון צאַריזם בענע־גייע דער ייִדישער אָרעמשאַפט האָט יעדער מאָל אַלץ אָנשוילעכער גע־וויזן דעם עמעסן מעהוס פון דעם צאַרישן „גנאָד״. די גרענעצלאָזע פּײַן, וואָס די בורזשואַזע „באַלעטויוועס״ האָבן געשאַפן פאַר די ייִדישע אַרבעטער-מאַסן, זייער אייביקער קניִען פאַר די צאַרישע טאַליאָנים, זייער שענדלעכער האנדל-מיטן בלוט פון די מאַסן צוליב זייערע פּריווילעגיעס, האָט אַלץ טיפער גע-מאַכט דעם אָפּגרונט צווישן די ייִדישע אַרבעטער און דער ייִדישער בור-זשואזיע. אונטער דער אַלץ שטײַגנדיקער אופווירקונג פון רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און זײַן באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, זוכן אויך די ייִדישע אַרבעטער מיט אָנוואַקסנדיקער אַקטיווקײַט דעם וועג פאַר זייער באַפרײַונג אין געמיינזאַמען רעוואָליוציאָנערן פּראָנט מיט די אַרבע-טער פון אַלע אַנדערע פעלקער. אָבער טאַקע דער דאָזיקער „ליכט-שטראַל״ פרייט ניט, נאָר שרעקט גראָד דעם ציִעניסטישן „מוילוואָרפּ״, וועמען די פּערספּעקטיוו פון ווירקלעכער כאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרײַונג פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע שרעקט מער פון אַלץ. ניט סוויאַטאָפּאָלק-מירסקיס „גלײַכבארעכטיקונג״ האָט „באַומרויִקט״ (פון דעם איז מען געווען באַוואָרנט) באַומרויִקט האָט דער אָנוואַקסנדיקער רעוואָליוציאָנער קאַמף פאַרבײַ און קעגן די אַלערליי „האנאָכעלעך״ און ליבעראַלע רעמאָזימלעך. אָט פאַרוואָס קאַמפּאַניע פאַר „צוטרוי״ צו די מאָסמיטלען פון אויבן, צו ניקאָלײַס „יוישער״, האָט זיך קאָמבינירט מיט א כוואַליע פון שאָוויניסטישער העצע און אַגיטאַציע פאַר ניט „מישן זיך״ אין פּאָליטישן קאַמף אין נאָמען פון די...

„נאַציִאָנאַלע אינטערעסנ". דער צעווילדעוועטער צאַריזמ, זוכנדיק אונטערצורײַסנ די קרעפטנ פונ דער רעוואָליוציע און אַנטבלוטיקנ די ייִדישע אָרעמשאַפט, „פאַרטײַטשט" דעמ „נײַעמ קורס" מיט א פרישער סעריע פּאָגראָמענ. די ציִעניסטנ כאַפּנ דאָס אונטער — זייער מעזומענ־קאַפּיטאַל — און פירנ שויב זייער פּראָפּאַגאַנדע: מיר זײַנענ אינ „גאָלעס", דער וועג מיט אנדערע פעלקער (ס'הייסט דער וועג פונ געמיינזאַמענ רעוואָליוציִאָנערנ קאַמפּ פונ די ייִדישע און ניט-ייִדישע אַרבעטנדיקע) איז פאַר „ייִדנ" „געפערלעכ". א רײַע, אָט האָט איר פּאָגראָמענ! דער „ייִדישער וועג" איז — „ניט מישנ זיכ" אינ „פּאָליטישנ קאַמפּ" פונ די „פרעמדע", בלײַבנ געהאָרכזאַמ, לאָיאַל צו דער „עקזיסטירנדיקער אָרדענונג" (שטאַרבנ, ווי די „הצפירה" רעקאָמענדירט, אַפּ „קידעש האַשעמ" פאַר קייסער און פּאָטערלאַנד). דאָס ווערט „באַלוינט" — א רײַע: די לעצטע „סימאָנימ" אַפּ גערעכטיקײַט צו ייִדנ (אוקאַז פונ 11-טנ אוווגוסט, די רייד פונ סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי). מיר דאַרפנ באַרעכטיקנ דעמ „גנאָד" (ס'הייסט די להאָטעס פאַר דער בורזשואַזיע), קעדיי צו האָפנ אַפּ נײַע „כסאָדימ" פונ „אויבנ" און זיכ באַפרידיקנ מיט טרוימענ וועגנ „מאָשיעכצײַט" אינ דעמ „אייגענעמ לאַנד"... האַקלאַל — די צאַרישע פּאָגראָמענ אונטערוקנ, ווי אַנ „אויסברוכ" פונ אייביקער „פעלקער-סינע", ווי א מיטל צו איזאָלירנ די ייִדישע אַרבעטנדיקע פונ רעוואָליוציִאָנערנ פראָנט; זענ מיט דער הילפ פונ די „נאַציִאָנאַלע גײַסטיקע רײַכטימער" קאָנאָניזירנ בא די אונטערגעדריקטע ייִדישע מאַסנ זייער פאַרשקלאַפטקײַט און אינ נאָמענ פונ „געמיינזאַמענ היסטאָרישנ שיקזאַל" זיי איבערגעבנ דער בורזשואַזיע אַפּ אופּצועסנ — דאָס, אייגנטלעכ, האָט דאָס מאָל, ווי שטענדיק, געבילדעט דעמ סאָד פונ דער ציִעניסטישער סטראַטעגיע. אָט דאָ זעענ מיר דעמ „איינהײַטלעכנ וועזנ" פונ צווייפּנימדיקנ ציִעניסטישנ „יאַנוס", דעמ ריכטיקנ עקוויוואַלענט פונ דער לעגענדע פונ דעמ ציִעניסטישנ „אַפּאָליטיזמ", וועלכע עס האָבנ קולטיווירט די אַלערלייִקע בונדישע טעאָרעטיקער, אונטערהאַלטנדיק אַפּ זייער אויפנ דעמ „ספּעציפישנ" מאַנעווער פונ דער ציִעניסטישער פּאָליטיק. אייגנטלעכ האָט מאַקס נאָרדאַו אויכ דאָס מאָל פאָרמולירט מיט זײַנ ציניִשער אָפנקײַט דאָס, וואָס איז געבליבנ איבער טאַקטישע טײַמימ מער פאַרשטעלט בא זײַנע רוסישע קאָלעגנ: „מיר ייִדנ, — האָט ער אויסגערופנ דערשראָקנ פאַרנ פרײַהײַט-געשפּענסט, וואָס האָט זיכ אופגעהויבנ פונ מיזרעכ־אייראָפּע (ניט פונ מירסקיס ליבעראַלע גרימאַסנ) — זײַנענ א פאָלק-א באַזונדערס. פאַר אַלע אַנדערע פעלקער איז פרײַהײַט נייטיק, ווי לופט צומ אָטעמענ (לאָמיר זאָגנ, פאַר די בורנ, כינעזער און אַנדערע. ווענ די ציִעניסטנ האָבנ אינ דעמ אַזוי וויל „געהאָלפנ" — י. ר.), אָבער פאַר אונדזערע ברידער אינ גאָלעס איז די פרײַהײט שעדלעכ. זי טויט אינ זיי אָפּ די נאַציִאָנאַלע געפילנ און פאַראַליזירט די נאַציִאָנאַלע האָפענונגענ... פאַר אונדז ייִדנ אינ גאָלעס איז אַפילע אופקלערונג שעדלעכ און געפערלעכ".[1] (אינ 1901־טנ יאָר האָט דער זעלבער אַפּאָסטאָל פונ ציִעניזמ אַפּ דער פראַגע פונ א רומענישנ זשורנאַליסט — צי ראַט איר געבנ די רומענישע ייִדנ פּאָליטישע, בירגערלעכע רעכט? — געענטפערט: „איכ ראַט ניט, ווײַל די עמאַנציפּאַציע פונ די ייִדנ אינ דער איצטיקער צײַט

---

[1] „Восход", 29, 1904

וועט שאַדן סײַ אײַך, סײַ זיי".[1] די רוסישע ציוניסטן האָבן די דאָזיקע
„פּאַראַדאָקסן" נאָך עטוואָס וואַלירט, בא דער געשאַפענער רעוואָליוציאָנערער
סיטואַציע און וואַקסנדיקער אַנטוויקלונג אין דעם ציוניזם אַפילע צווישן די
שיכטן פון קלײנבירגערטום, ווי ער האָט געווירקט, וואָלט געווען צו אומגע-
שיקט זיך שטעלן אָפן פרײדיקן וועגן דער „שעדלעכקײַט" פון דער פרײַהײַט.[2]
אין די מער געניטערע אין דער לאַגע ציוניסטישע קרײַזן, מאַכט מען
אַפילע קלומערשט אַן אָנשטעל פון „דערוווידערן" נאָרדאַוען, אין גרונט אָבער
טײלט זיי אײנס פונעם צווײטן גאָרנישט אָפּ. נאָרדאַו,—דערקלערט מ. סירקין
אין „הצפירה",—האָט אויפגעקלערט, אַז אין דער מאָס, ווי „אונדזער פאָלק" וועט
באַקומען פרײַהײַט, וועט אַנשפּרעכנדיק זיך פאַרקלענערן די פאַרשפּרײטונג
פון ציוניזם „נאָך דעם, ווי ס'וועט אים פעלן דער אַמשטאַרקסטן באַוועגנדי-
קער קויעך—די פאַרפאָלגונגען און באַגרענעצונגען".[3] בענעגײַע דער „דאָזיקע-
שווערער לעבן-פראַגע",—זעצט ער פאָר,—הערן זיך אויסרופן, אַז דער ציָ-
ניזם הענגט ניט אָפּ פון אויסערלעכע קרעפטן, אַז „זײַן קוואַל איז אין די
טיפענישן פון דער ייִדישער נעשאָמע" און אַז. וו. מע קען אָבער ניט פאַרדעקן
די „אָנגעווייטיקסטע פראַגע", „קײנער פון אונדז דענקט ניט, אַז צוליבן דער-
פאָלג פון אונדזער געדאַנק זײנען פאַר אונדזערע ברידער נײטיק אײַזערנע
קייטן און קנעכטשאַפט". מע דאַרף אָבער מוידע זײַן,—עפנט די קאָרט
סירקין, אַז „ווען מע זאָל אויפהערן די אונטערדריקונגען...
דאַן פאַרלירט דער ציוניזם דעם האַמוין פון די, וואָס
האַלטן זיך אָן אים. ס'וועלן זיך פון אונדזער מאַכנע אָפּ-
שײדן די יעניקע, וואָס די פאַרפאָלגונגען און פאַרצווײַ-
פלונג האָבן זיי געשטויסן אין די אָרעמס פון ציוניזם"...
מעמײלע בלײַבט די רעטונג פון ציוניזם שטעקן טאַקע אין די זעלבע „אײַזערנע קייטן
פון קנעכטשאַפט", מער ניט פאַרפּוצט מיט ליבעראַלע סטענגעס פון סעזאָן-מאַגאַזין
פון „ליבעראַלן פרילינג". פאַרײבּיקן די קנעכטשאַפט פאַר די ייִדישע מאַסן אין
די אינטערעסן פון ייִדישן בורזשואַ דורך דער פּראָפּאַגאַנדע פון דערנעענטערן
„דאָס פאָלק צום טראָן", דורך דער פּראָפּאַגאַנדע, אַז די ייִדישע אַרבעטנדיקע

---

[1] „Восход", 14, 1901.

[2] די ציוניסטישע פּרעסע פון 1904 יאָר איז פול מיט קלאָגערײַ וועגן „קריזיס פון ציוניזם".
די אַנטוויקלונג אין ציוניזם איז געגאַנגען מיט שנעלע שריט. די ציוניסטישע רעדלפירער האָבן עס
גוט געוווּסט. פּאַסמאַניק, באַדויערנדיק, וואָס „דערווײַל האָבן זיך נאָר 2% פון ייִדישן פאָלק דער-
קלערט פאַר ציוניסטן" (דאָס אָנגעבן אַזאַ אַסטראָנאָמישע ציפער, ווי 2%, און די אָזיקע פּראָצענטן
„באַדויערן" אַלס צו קלײנע, איז אין עצעם געווען אַ טריוק פון פּאַסמאַניקס רעצעפּטור), האָט פונ-
דעסטוועגן געמוזט צוגעבן: „און דאָס איז נאָך אויך נאָר אין טעאָריע" („Ев. жизнь" 3, 1904). הערצלס טויט, אַרום וועלכן די ציוניסטן האָבן געמאַכט דעם עמעסן „בום", האָט
ניט אַרויסגערופן קײן שום רעזאָנאַנס אין דער ייִדישער באַפעלקערונג, כאָטש געטאָן האָט מען
אַלץ, קעדײ צו מאַכן פון דעם געשעפט. (זשאַבאָטינסקי האָט אַפילע געשריבן: „מיר האָבן געדאַרפט
אויסנוצן דעם טויט פון ד"ר הערצל אַלס אַ רעקלאַמע" („Ев. жизнь" 1, 1905). און ש. ראָ-
זענפעלד, וואָס האָט געזוכט און ניט געפונען קײַן סימען פון „פאָלק-טרויער", האָט אַפילע אין
גרויס מעלאַנכאָליע דערקלערט: „איך האָב אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן טויטן הערצל. אַן אַנדער
באַרמענע איז מיר אַרופ אָפן געדאַנק—דאָס טויטע ייִדישע פאָלק" („דער פרײַנד" נומ. 147, 1904 י.)
דעריבער כאַפּט מען זיך טאַקע אַזוי אײפעריק פאַר די אַלערלײ פּויעלײ-ציוניסטישע און „עקאָנאָ-
מיסטישע" סגולעס...

[3] „הצפירה", 273, 1904.

זאָלנ זיכ אָפּזאָגנ פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ, זאָלנ האָפנ אפנ „בלויענ פויגל" פונ צארישנ „גנאָד„ אונ טרוימענ וועגנ דעמ „אייגענעמ לאנד", קעדיי אינ סאכאקל בלײַבנ אונטערנ קנאפל פונ בורזשוא, אינ די „אָרעמס פונ ציִעניזמ",—דאָס איז די איינהײַטלעכע ליניע פונ נאָרדאו ביז פאסמאניקנ. די לעצטע צײַט,—פרײַ-דיקט דאנ פאסמאניק,—האָט דאָס „יִדישע פאָלק" טײַער באצאָלט „פארנ אָנטייל פונ אייניקע מיטגלידער זײַנע אינ פאָליטישנ לעבנ פונ די ארומיקע פעלקער".[1] ער סאנקציאָנירט דאָ פלעוועס פאָגראָמ-ארגומענט,[2] ווי מיט 15 יאָר שפּעטער דעניקינס שכיטעס).[3] „דער פרינציפ פונ ניט ארײַנמישנ זיכ—דעקלארירט ער—איז אונדז אינצווייענ טײַער, ווײַל דאָס יִדישע פאָלק צאָלט אָפּ זײַנ אָנטייל אינ פאָליטישנ לעבנ פונ אנדערע מיט... אָפּזאָגנ זיכ פונ יִדנטומ". דער יִדישער ארבעטער דארפ זײַנ „סאָלידאר" מיטנ... יִדישנ בורזשוא („יִדנטומ"). דער דאָ-זיקער בורזשוא איז, גאָר אייגנטלעכ, קײַנ בורזשוא ניט, נאָר „א מיפ", א „מארטי-רער" פונ „גאָלעס-לעבנ" („אונדזערע יִדישע בורזשואזיע איז אזוי שוואכ, אז באמ ערשטנ שטויס פארלירט זי דעמ באָדנ אונ ווערט גאנצ אָפט אינגאנצנ פאר-שווונדנ").[4] אונ אזוי גוט ווי באָרדאי האָט אינ זײַנ פארײַביקנ די געטאָ פאר די יִדישע מאסנ ווי פאָרגעשפּירט היטלערס פראָיעקט אינ 30 יאָר ארומ וועגנ א נײַער יִדישער געטאָ, שפּירט פאָר פאסמאניק דעמ צוקונפטיקנ פאשי-סטישנ „קאָרפּאָראטיוויזמ", וואָס זאָל די „געטאָ" פונ אינעווייניק „צעמענ-טירנ". פאר די „ארבעטער-ציִעניסטנ" שטייט דער דעוויז: ניט-ארײַנמישנ זיכ „לאכלוטנ אינ פאָליטישנ קאמפ פונ די ארומיקע פעלקער, אָרגאניזירנ זיכ ניט ווי א קלאס, וואָס שליסט אויס יעטווידע סאָלידאריטעט מיט אלע אנדערע גרופּנ פונ יִדנ, נאָר ווי א גרופּע (פעדעראציִע), וואָס שטייט פולשטענדיק אפנ באָדנ פונ דער באזעלער פראָגראמ"... די מילכאָמע,—זעצט פאסמאניק פאָר,—„האָט שווער געטראָפנ דעמ גאנצנ רוסישנ יִדנטומ".[5] די יִדישע ארבעטער באקומענ „שטיצע" (זאָל זײַנ ניט קיינ באדײַטנדיקע,—פארכאפּט ער זיכ) פונ „יִדנטומ טאקע צוזאמענ מיט זײַנ בורזשואזיע", א רײַע—„די סומענ, וואָס ווערנ

Д. Пасманик.—„Сионизм и евр. народная масса", „Евр. жизнь" 10, 1904. 1

2 פלעווע זאָגט צו דער יִדישער דעפּוטאציע אינ זעלבנ יאָר: האלט אײַנ די יוגנט, אויב ניט, קענ מענ דערוואַרטנ די ערגסטע פאָלגנ, ווייל די פאטריאָטישע געפילנ אינ פאָלק האָבנ זיכ איצט זייער פארשטארקט" („Последние известия" № 170, 1904). אונ פלעוועס געהילפ, דער טאליענ קלינגענבערג, דערקלערט נאָכנ האָמלער פאָגראָמ: „ווענ יִדנ זײַנענ געווענ פרומ, ניט אָנ-טייל גענומענ אינ די פאָליטישע באוועגונגענ, זײַנענ קיינ פאָגראָמענ ניט געווענ" („Последние известия", № 146, 1903)

3 דער מענוויל פאסמאניק פערסאָניפיצירט אָנשוילעכ דעמ ציִעניזמ אינ זײַנ גאנצער עוואָליוציע, פארענדיקנדיק זײַנ קאריער אלס אקטיווער דעניקינעצ. „דער לידער פונ די קאדעטנ פאסמאניק האָט דערקלערט: די פארטיי אנערקענט די נויטווענדיקײַט צו בילדנ א דאָרעמ-דירעקטאָריע פונ דרײַ פער-זאָנ אונ אינ איר זאָל ארײַנגייג גענעראל דעניקינ. זײַנ מיינונג—די צוויי אנדערע מיטגלידער דארפנ אָנגעוויזנ ווערנ פונ גענעראל דעניקינ" („Красный архив", т. XXIX, ст. 28). דאָס איז נאָר געווענ פאסמאניקס ערשטער שריט בא דעניקינענ, אזוי אז ניט אומזיסט האָט ער אליינ אנערקענט, אז ער האָט זיכ דעראָבערט צווישנ דער יִדישער באפעלקערונג דעמ נאָמענ פאָגראָמשטשיק...

4 ווײַטער אינ ארטיקל „עקאנאָמישע לאגע פונעמ רוסישנ יִדנטומ" האָט פאסמאניק ארויס-דערציילט, אז זײַנ באלויכטונג פונ פאקטנ איז „א סוביעקטיווע" אונ... אז „אנדערש קענ זי לאכלוטנ גאָר ניט זײַנ; אז די באלויכטונג פונ פאקטנ הענגט פולשטענדיק אָפּ פונ אידעאל, מיט וועלכנ מיר גייענ צו צו זיי"

Д. Пасманик. Экономич. положение рус. еврейства.„Ев. ж", 11, 12. 1904. 5

אָפּגעלאָזן פון קאַראַבקע־אָפּצאָל, זייַנען דאָך אויך ייִדישע געלט".[1] דער ייִדישער אַרבעטער, הייסט עס, לעבט אין „זכוס" פונעם ייִדישן גוויר. אָבער „ייִדישע פאַבריקאַנטן וועלן באַ אַלע אויסערלעכע באַדינגונגען,—טייַטשט אייַן דער אידעאָלאָגישער אוראַדניק פון די זעלבע פאַבריקאַנטן,—זיך באַציִען פייַנטלעך צו דער קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער" און „אויב ייִדישע פאַבריקאַנטן,—זאָגט ער,—נעמען צו ניט קייַן ייִדישע אַרבעטער", איז צוליב דער באַוועגונג, וואָס ס'פאַרשטאַרקט זיך „ספּעציִעל" צווישן די לעצטע. דעריבער... טאָרן זיך די ייִדישע אַרבעטער „ניט פאַרייניקן אין אַ קלאַס" און דאַרפן זיך באַציִען מיט „אופמערקזאַמקייַט צו די אינטערעסן פון זייערע אַרבעטגעבער"—„דערפאַר טאַקע האָבן די ענגלישע אַרבעטער ניט געמאַכט קיין שטרייַקן בייַס דער טראַנסוואַלער מילכאָמע" א. א. וו. מיט איין וואָרט, די ייִדישע אַרבעטער דאַרפן היטן דעם „אָרעמען" ייִדישן בורזשואַ, ניט קעמפן פאַר ענדערן די „אויסערלעכע באַדינגונגען", אָנטיילנעמענדיק אין דעם רעוואָליוציִאָנערן קאַמף, אַרויסשלעפּן אַפּ זיך דעם קריזיס, מיט זייער בלוט שאַפן זייער קלוימערשטן „רעטער"—דעם ייִדישן בורזשואַ—די מעגלעכקייַט צו שלאָגן זייַנע קאָנקורענטן, ניט צערודערן דעם „טיל" (עלעהיי די טאַמאַסעס פון זייער זייַט האָבן געזוכן אונטערייַסן דעם קאַמף פון די אַרבעטער בייַס דער בורן-מילכאָמע...), און אין סאַכאַקל זאָלן די ייִדישע מאַסן בלייַבן אין קנעכטשאַפט, דער צאַר—צופרידן, די ייִדישע בורזשואַזיע—„באַלוינט" מיט נייַע פּריווילעגיעס צו עקספּלואַטירן די דאָזיקע קנעכטשאַפט מיט דער הילף פון די „גייַסטיקע רייַכטימער" לויטן „געבאָט" פון מאַקס נאָרדאַו און אַכאַד-האָאָם. די „פּאַטריאָטישע" טעטיקייַט פון די ציִעניסטן, זייער מי און פלייַס צו שאַפן דורכן שאָוויניזם און קלעריקאַליזם נאָך אַן אָנשפּאַר פאַרן וואַקלענדיקן טראָן איז גוט אָפּגעשאַצט געוואָרן. דעם 1-טן נאָיאַבער נעמט אויף סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי אַ דעלעגאַציע פון די ציִעניסטישע לידערס אין באַשטאַנד פון נ. קאַצענעלסאָן, „וואָס האָט זיך שוין געהאַט פאָרגעשטעלט דעם ה' מיניסטער",[2] נ. בעלקאָווסקי, י. יאַסינאָווסקי און י. טשלענאָוו. דער „פירשט" הערט אויס „מיט סימפּאַטיע זייער אינפאָרמאַציע וועגן די גרונט-יעסוידעס און שטרעבונגען פון ציִעניזם",[3] זאָגט צו שענקען דעם ציִעניזם ערנסטע אופמערקזאַמקייַט און דערלויבט די דעלעגאַציע איבערגעבן די כאַווייַרים ציִעניסטן, אַז די ציִעניסטישע אַרבעט און די ציִעניסטישע באַוועגונג וועלן פון איצט אָן שוין ניט פאַרפאָלגט ווערן.[4] פאַר אַזאַ בייַשפּילאָזן „גנאָד" האָט מען באַם צאַריזם באַדאַרפט האָבן נאָר באַזונדערע פאַרדינסטן. דער צאַריזם האָט שטענדיק אָפּגעשאַצט די דאָזיקע פאַרדינסטן פונעם ציִעניזם. סוויאַטאָפּאָלק-מירסקיס ווערטער, אַז „די ציִעניסטישע באַוועגונג וועט „פון איצט אָן ניט פאַרפאָלגט ווערן", דאַרפן אָבער ניט פאַרפירן. די דאָזיקע באַוועגונג איז אויך „ביז איצט" ניט פאַרפאָלגט געוואָרן. „די רעגירונג האָט ניט פאַרפאָלגט ניט באַזונדערע ציִעניסטן, ניט די ציִעניסטישע פּראָפּאַגאַנדע

1 ד. ה. די סומען, וואָס ווערן אָפּגעשונדן פון די מאַסן און אָפּגעלאָזן פון די קעהילע־מאַכער אַפּן פלאָט, מאַטאָנעס פאַר נאַטשאַלסווע, פאַר קלייקוידעש, גיט אָן דער ציִעניסטישער שאַרלאַטאַן אַלס דעם פאַקט פון דער גערימטער „וווילטעטיקייַט" פון ייִדישן בורזשואַ...

2 „Еврейская жизнь", 11, 1904.

3 דאָרט.

4 „Восход", № 25, 1904.

ביקלאל", האָט צו באשטעטיקנ אזא אײדעס, ווי דער ציִעניסטנ-פרײַנט סליאָז-בערג.[1] פארקערט, די רעגירונג האָט מיטגעהאָלפנ דעמ ציִעניזמ. אויב דער קאָוונער גובערנאטער וואגאצי האָט אינ 1903 יאָר אפ דער אָנווײַזונג פונ א דעפּוטאט פונ דער ייִדישער בורזשואזיע, אז די אנטוויקלונג פונ ציִעניזמ וואָלט געקאָנט אָפּשוואכנ די ארבעטער-באוועגונג, געענטפערט, אז די ציִעניסטנ האָבנ ניט אויסצורעכענענ אפ זײַנ מיטהילפ,[2] — האָט עס געוויזנ נאָכ אפ דער אָפּגעשטאגנקײַט פונעמ דאָזיקנ פּראָווינציִעלנ פּאָמפּאדור. די רעגירונג-„ספערנ" האָבנ די זאכ גאָר אנדערש אופגענומענ. אינ א געשפּרעכ מיטנ ענגליש-ייִדישנ „קלאל-טוער" וואָלפ אינ זעלבנ 1903 י., דערקלערט פּלעווע, אז ער איז ניט קײנ קעגנער פונ „רײנעמ" ציִעניזמ אונ כאָטש ער טראכט, אז דער פּאָליטישער ציִעניזמ וועט זיכ ארויסווײַזנ פאר א כימערע, דאָכ וועט ער ניט שטערנ דער פארשפּרײטונג פונ די ציִעניסטישע אידײענ — זײ זאָלנ נאָר מיטהעלפנ דער עמיגראציע. אונ דעריקער — ווײַל „אינ רוסלאנד גופע וועלנ די ציִעניסטישע א י ד ײ ע נ מ ע ג-ל ע כ ק ע נ ע נ מ י ט ד ע ר פ אָ ל ג ק אָ נ ק ו ר י ר נ מ י ט ד י א י ד ײ ע נ פ ו נ ס אָ צ י ִ א ל י ז מ".[3] ווי גרויס דער דאָזיקער „דערפאָלג" איז געווענ, איז אנ אנדער זאכ. אלנפאלס, די ציִעניסטנ האָבנ „זײער זאכ" פלײַסיק געטאָנ. אויב כ. ד. הורוויטש האָט אפנ מינסקער צוזאמענפאָר אינ 1902 יאָר, וואָס איז פאָרגעקומענ דורכ דער פארמיטלונג פונ זובאטאָווס אגענט וואסיליעוו, דע-קלארירט: „דער קלאסנקאמפ, וואָס צעשײדנ ייִדנ אינ אלגעמײנ, ווירקט שעד-לעכ אפ יעדערנ פונ זײ באזונדער, ווײַל ער העלפט מיט דער אנטוויקלונג פונעמ קלאסנ-באוווסטזײַנ, וואָס שוואכט אָפּ דעמ נאציִאָנאלנ באוווסטזײַנ",[4] (אלס יעסאָד פונ ציִעניזמ) — האָט דער פירער פונ צוזאמענפאָר ראָזענבוימ עס דערגענצט מיט דעמ אויסרופ „מ י ר ז ײַ נ ע נ מ ע ר ו ו י ל אָ י א ל".[5] אונ דאָס האָט באטײַט: מיר, ציִעניסטנ, קומענ ניט אָפּ מיט דעקלאראציעס. מיר העלפנ דער אָכראנקע צו שטיקנ דעמ קלאסנבאוווסטזײַנ פונ די ארבעטער. די ציִעניסטנ האָבנ עס מיט אלע מיטלענ געזוכט דורכפירנ אינ דער ווירקלעכ-קײַט — אָנהײבנדיק פונ שטיצנ די זובאטאָוושטשינע, פונ פירנ דעמ פּראָוואָקאטאָרישנ קאמפ קעגנ רעוואָליוציִאָנערנ מארקסיזמ, וואָס האָט אָנגענומענ די ברוטאלסטע פאָרמע בײס דעט שאָוויניסטישער העצע פונ „בונד" קעגנ „איסקרא", אונ ענדיקנדיק מיט א „פּראָזאִישנ" איבערגעבנ „ניט געהאָרכזאמע" ייִדישע ארבע-טער אינ די הענט פונ גאָראָדאָוואָי („איר דארפט אויספילנ די פּאָדערונגענ פונ דער פּאָליציי, ווענ זי בעט בא אײַכ די צעטלענ פונ די שטרײַקער" — פונ א ציִעניסטישנ אופרופ אינ 1903 יאָר).[6] דעמ דאָזיקנ ליבע-בונד מיט פּלעווענ באקרוינט הערצל אינ זײַנ רעדע אפנ 6-טנ ציִעניסטישנ קאָנגרעס. אינ רוס-לאנד, — דערקלערט ער פײַערלעכ, — „האָב איכ באמערקט סימאָנימ פונ א גינ-סטיקער באציִונג צו די ציִעניסטישע שטרעבונגענ". „דאָרט האָט מענ אויסגע-דריקט די גרײטקײַט צו טאָנ פאר אונדז עפּעס וועזנטלעכעס", אונ... „כ'האָב

[1] Слиозберг, ibid.
[2] „Последние известия", № 132, 1903
[3] „Еврейская старина", IX, 1916.
[4] „Книжка восхода", окт., 1902.
[5] „ארבעטער-שטימע", 29, 1902.
[6] „Последние известия", 119, 1903.

די מעגלעכקייַט צו דערקלערנ, אז די רעגירונג פונ דאָזיקנ לאנד האָט ניט בעדייע צו שאפנ וועלכע עס איז שטערונגענ פאר דעמ ציִעניזמ, אויב ער וועט, ווי ביז איצט, טראָגנ א רויִקנ אונ פולשטענדיק לאָיאלנ כאראקטער. אונ דער פינאל: דער ציִעניזמ „דעראָבערט א מעכטיקע מיטהילפ"[1] (הערצל, פונ זייַנ זייַט, האָט פלעווענ אויפגעקלערט אפ וויפל דער ציִעניזמ העלפט מיט אָפּווענדנ די יוגנט פונ דער רעוואָליוציִאָנערער באוועגונג...). [2] שפעטער, ווענ ס'איז באוווּסט געוואָרנ, וואָס פאר א פארביטערונג ס'האָט ארויסגערופנ אינ די ברייטע שיכטנ פונ דער ייִדישער באפעלקערונג הערצלס אונטערהאנדלונגענ מיט פלעווענ (כאָטש מע האָט זיכ עס געסטארעט האלטנ אינ גרויס געהיימעניש), האָבנ די לידערס פונ די רוסישע ציִעניסטנ, קעדיי צו ראטעווענ זייער „זויבערע" רעפוטאציע, געמאכט א מינע פונ „הוילנ אומשולד": זיי האָבנ, הייסט עס, פונ דער מייַסע אפילע ניט אָנגעהויבנ צו וויסנ. דאנ האָט הערצל דערציילט דעמ „סאָד", אז „אלע רוסישע באפולמעכטיקטע" האָבנ געוווּסט פונ דער פלאנירטער רייַזע — בעלקאָווסקי האָט זיכ אפילע מישטאדל געווענ ווענג א פאס פאר אימ. „אז מייַנ פאָרנ, — דערקלערט ער, — איז געווענ מיטנ וויסנ אונ העסקעמ פונ די רוסישע באפולמעכטיקטע, ווערט דערוויזנ שוינ מיט דעמ, וואָס מיכ האָבנ דאָ באגלייט קאצנעלסאָנ, ברוק אונ אנד." [3] קאצנעלסאָנ אונ קאָמפאניע, אלזאָ, גייענדיק איצט צו סוויאטאָפּאָלק-מירסקי, האָבנ שוינ געהאט פאר זיכ די סטעזשקע, וואָס זיי האָבנ שוינ פריִער דורכגעטראָטנ צו פלעווענ; די ליבעראלע ווייעניש האָט נאָר ארויסגעפירט די דאָזיקע קנופיע פונ הינטערנ פאָרטיער אינ דער עפנטלעכקייַט. מירסקיס „ליבעראליזמ" האָט אויכ דאָ נאָר פארזיסט פלעוועס קאָנסערוואטיזמ. [4]

אָבער די צוויעסדיק-רעאקציִאָנערע פיזיִאָנאָמיע פונ דער ייִדישער בורזשואזיע אינ אירע ציִעניסטישע אונ „וואָסכאָדיש"-ליבעראלע שאטירונגענ, ווי זי האָט זיכ פאר אונדז אנטפלעקט אינ די טעג פונ „אופבלי" פונ „ליבעראלנ פרילינג", איז נאָכ ניט פולשטענדיק — איר פארסאכאקלונג באקומט זי אינ מאָמענט פונ אָנקומ פונעמ סאָפ פונ „נייַעמ קורס", וואָס פארבינדט זיכ מיטנ מאניפעסט פונ 12-טנ דעקאבער... דעמ 6—8-טנ נאָיאבער קומט פאָר מיט דער דערלויבעניש פונ אינערנ-מיניסטער דער קלוימערשט „געהיימער" זעמסקער צוזאמענפאָר. דער דאָזיקער צוזאמענפאָר נעמט אָנ זייַנ פראָיעקט פונ א קאָנסטיטוציע, וואָס צו רעאליזירנ אימ האָבנ די ליבעראלע זעמצעס, ווייַכנדיק פונ די רעוואָליוציִאָנערע מאסנ, קיינ שומ רעאלע מיטלענ ניט געהאט. דער דאָזיקער פראָיעקט איז פאקטיש ארויסגערעכנט געווענ אפ דער אָנגעשראָקנקייַט פונ די „ספערנ". [5] די „ספערנ אָבער פילנ, אז דער ליבעראלער שווינדל דער-

„Будущность" № 34, 1903. [1]

[2] דאָ האנדלט זיכ יועגנ הערצלס באזוכ בא פלעווענ אינ 1903 יאָר, אינ רעזולטאט פונ וועלכנ ס'איז לעגאליזירט געוואָרנ די ציִעניסטישע אָרגאניזאציע אינ רולאנד.

„Восход" № 2, 1904 [3]

[4] אלנפאלס האָט טשלענאָוו שפעטער אינ זייַנ באריכט דעמ 7-טנ ציִעניסטישנ קאָנגרעס געהאט צו דערציילנ, אז „דער צוטרוי צו אונדזער באוועגונג, וואָס ער (סוויאטאָפּאָלק-מירסקי) האָט אונדז ארויסגעדריקט... האָט פארגרינגערט די באדינגונגענ פונ דער ארבעט". „Ев. жизнь" № 10, 1905.

[5] דער גאנצער צוזאמענפאָר האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט אנ ארויסטרעטונג פונ „די פאָרשטייער פונ די פארמעגלעכע קלאסנ, וואָס דערשלאָגנ זיכ נאָר האנאָכעס פונ דער זעלבסטהערשונג אונ קלערנ ניט פונ קיינ שומ ענדערונג פונ די יעסוידעס פונ דער עקאָנאָמישער אָרדענונג" (לעניג,

גרייכט ניט דעמ ציל, אז די זעמסקע קאמפאניע, וואָס האָט זיכ גועפנט מיט דער דערלויבעניש פונ דער פּאָליציי, ווערט ניט פארוואנדלט אינ קיינ אָפּ-ווענד-קלאפּאנ פאר דער רעוואָליוציאָנערער אופרעגונג אינ לאנד. „אינ די ברייטע קרייזנ פונ פּראָלעטאריאט צווישנ דער שטאָטישער אונ דאָרפישער אָרעמשאפט פארשטארקט זיכ בוילעט די יוירונג״ [1] — אינ שפּיל פונ דער רע-גירונג מיט די ליבעראלנ רייסט זיכ אריינ מיט אָנוואקסנדיקע אימפּעט דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאריאט. „אויכ איצט האָט זיכ די ליבעראל בור-זשואזיע באוועגונג באצייכנט מיט א רעליעפער אנטשיידענער אומפארגלייכ-באר שארפער אונ דרייסטער ארויסטרעטונג אפ דער סצענע מיצאד דעמ פּראָ-לעטאריאט. [2] פריער פאר אלצ אינ זיינ וויכטיקסטער פארקערפּערונג — אינ מאסעווע ארבעטער-פּארזאמלונגענ אפ די גאסנ פונ די דאָרעמ-שטעט, דעמאָנ-סטראציעס, צוזאמענשטויסנ מיט דער פּאָליציי. אויכ „ליבעראלע פארזאמלונ-גענ ווערנ אונטערנ אָנגריפ פונ די ארבעטער אונ ראדיקאלער יוגנט פארוואנדלט אינ אָפענע פּאָלק-פארזאמלונגענ אונ דעמאָנסטראציעס״ [3] (לעהייפעב צו די פלעגער פונ די ליבעראלנ אונ צומ פארדרוס פונ די „נאָוואָיסקראָווצעס). [4] די רעגירונג נעמט זיכ אָפּנ פאר אירע „אלטע מעטאָדנ״. אונטער דער ווירקונג פונ פּאָבעדאָנאָסצעוונ אונ וויטענ ווארפט „אָפּ ניקאָליי״ דעמ קאָנסטיטוציאָנעלנ פּראָ-יעקט פונ זעמסקנ צוזאמענפאָר. ס׳ווערט געגעבנ „א דירעקטנ פאטש אינ פּאָנעמ די ליבעראלנ״ [5] — ס׳ווערט פּובליקירט דער אוקאז פונ 12-טנ דעקאבער. „דער צאר — כאראקטעריזירט לענינ דעמ אוקאז — האָט בעדייע איינצוהיטנ אונ פארטיידיקנ די זעלבסטהערשונג, ער וויל ניט ענדערנ די פארוואלטונג-פּאָרמ, וויל ניט געבנ קיינ קאָנסטיטוציע, ער זאָגט צו פארשיידענע צווייטראנגיקע רעפאָרמעס אָנ שומ גאראנטיע פאר זייער דורכפירונג.״ די רעגירונג פירט א פארצווייפלטע שפּיל, קעדיי זיכ אויסצודרייענ, אָפּקומענ מיט גראָשענע האנאָכעס, ניט פּאָליטישע רעפאָרמעס, מיט גאָרנישט פארפליכטנדיקע צוזאָגע-נישנ, וואָס איז מער ווי אלצ פאראנ אינ דאָזיקנ אוקאז. [6] אפנ צווייטנ טאָג

ב. 7, ז. 31). נאָר די מענשעוויסטיש-ליקווידאטערישע פאלסיפיקאציע פונ דער ערשטער רעוואָליוציע אידעאליזירנדיק די ליבעראלע בורזשואזיע, קומט ארויסשטעלנ דעמ צוזאמענפאָר שיר ניט, ווי א העראָישנ שריט פונ די ליבעראלע זעמצעס. דער צוזאמענפאָר „האָט צעהאקט דעמ גאָרדיעור-קנופּ פונ די ביוראָקראטישע פארבאָטענישנ אונ אומדערלויבענישנ. דער צוזאמענפאָר איז געווענ פארבאָטנ, דאָכ איז ער פאָרגעקומענ...״ אונ אז. וו. („Общественное движение в России (в начале XX в.“ т. II, стр. 38.

„די מעהומע (смута) אינ רוסלאנד, די רעווּבאוועגונג האָט אלצ מער אונ מער געיוירט אונ די גאנצע צייט זיכ פארשטארקט צוזאמענ מיט די שענדלעכע מאפּאָלעס אפנ ווייטנ מיזרעכ, צוזא-מענ מיט אונדזערע רעאקציאָנערע וואקלונגענ בענעגייע דער איבערלעכער פארוואלטונג... וואק-לונגענ, אינ וועלכע עס האָט זיכ אנ אנדערש מאָל ארויסבאוויזנ א פונק פונ געמאכטנ ליבערא-ליזמ, קעדיי צו בארויקנ די מעהומע אונ די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אינ די איבעריקע שיכטנ, די דאָזיקע ליבעראלע, ניט אופריכטיקע ארויסווייזונגענ, האָבנ ניט נאָר ניט בארויקט די מעהומע נאָר ארויסגערופנ לאכלוטנ א פארקערטנ עפעקט״. (Витте.—„Воспоминания“, ib.).

1 לענינ ב. 7. 26.

2 דאָרט, ז. 35.

דאָרט, ז. 26.

4 „...מע דארפ זאָגנ, אז אויכ די רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס האָבנ ניט אלעמאָל ארויס-געוויזנ גענוג טאקט״ א. אז. וו. (Общ. движ. ib стр. 39)

5 לענינ, ב. VII, ז. 26

6 דאָרט, ז. 26.

נאָכן פּובליקירן דעם דאָזיקן אוקאַז פון די „גראָשענע האנאָכעס" קומט די רעגירונג־מיטיילונג, וואָס רופט צו מיטגעפיל פון דעם „לאָיאַל־דענקענדיקן טייל פון דער געזעלשאַפט" אינעם קאַמף מיט דער „קראַמאָלע". דער פּאָליציייִשער טעראָר ווערט פאַרשטאַרקט. „אַלע אָפענע דעמאָנסטראַציִעס הייבן אָן ווידער אונטערגעדריקט צו ווערן מיט דער פריערדיקער, אויב ניט נאָך גרעסערער רעציכע". [1] דער „ליבעראַלער פרילינג" ווערט פאַרוועלקט, ניט צעבליִענדיק זיך. דער ליבעראַלער אופברויז, וואָס האָט זיך אופגעהויבן מיט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקיס דערלויבעניש, הייבט זיך אָן איינשטילן נאָכן נייעם פאַרבאָט.

די ליבעראַלע בורזשואַזיע, קאָאָרדינירנדיק אירע שטימונגען מיט די באַראָמעטער־וואַקלונגען פון רעגירונג־קורס, האָט דערפילט דעם „זיג" פון דער רעאַקציע און אונטערגעבויגן איר ווידל. אַף דעם דאָזיקן פּאָן טרעט אַרויס באַזונדער אָנשוילעך די לאַקייִש־פּאַכדאָנעסדיקע פיזיאָנאָמיע פון דער ייִדישער בורזשואַזיע. די זעלבע ייִדישע בורזשואַזיע, וואָס מע האָט זי אין דער גאַנצער „באַנקעט־קאָמפּאַניע" אַזוי ווי ניט געהערט, וואָס האָט זיך אַפילע ניט דערלויבט צו האָבן דעם מוט אונטערצוהאַלטן די קאָנסטיטוציאָנעלע דעקלאַמאַציע פון די ליבעראַלע זעמצעס, האָט זיך איצט „העלדיש" צעגאַרטלט אין היסטעריִשע „פּייַלעס" פאַרן מאַניפעסט פון 12־טן דעקאַבער, סטאַרענדיק זיך אַף אַלע אויפאַנים אַרייַנצופאַלן אין דער רעשימע פון די „לאָיאַל־דענקענדיקע", וואָס דאַרפן עס לויט דער צאַרישער ווענדונג מיטפילן די מאָסמיטלען פון דער רעגירונג... די זעלביקע „הצפירה", וואָס האָט עטוואָס פריִער אויסגעדריקט (דורך מ. סירקינ) די איימע פאַר דער פרייַהייַט, וועלכע קען נאָך לייז מאַכן דעם „האמונ" פון די „ציִעניסטישע אָרעמס", האָט איצט אָפּגעלעבט, דערשמעקנדיק דאָ עפּעס ווי א ווידערופלעבונג פון פּלעוועס „שטאַרקע האַנט"... „מיר" שטייען פאַר „א טקופע פון האָפענונג און ביטאָכן", [2]—דעקלאַרירט דער ציִעניסטישער אָרגאַן, — „דער אַלהעכסטער מאַניפעסט פון 12־טן דעקאַבער צו באַנייַען די געזעצן איז געווען ווי א קויל־קוירע פון דער הייך, ווי אַן אָנזאָג פון הילף און טרייסט". „דער גוטער ווילן צו דערגרייכן דעם געהאָפטן גליק, וואָס איז אויסגעדריקט אין באַפעל... קען פרייען דאָס האַרץ פון יעדן מענטשן, אויב נאָר ער זאָרגט זיך פאַר דעם שיקזאַל פון דער מענטשהייַט".. שוין אָפּגערעדט וועגן די „אייַנוווינער פון רוסלאַנד", וואָס יעדער וואָרט פון מאַניפעסט „רירט אָן זייער לייַב און וואָס יעדער טייל פון אים איז א טייל פון זייער נעשאָמע". „מיר, ייִדן, האָבן באַזונדערס דערוואַכט פון דעם קויל־קוירע פון דער הייך פון טראָן". דאָ, אין אוקאַז, רעדט זיך דאָך וועגן „גלויבן־טאָלעראַנץ" און וועגן „רעווידירן" די באַגרענעצונג־געזעצן פון די בירגער־רעכט, — אויסער די געזעצן, וואָס „זייַנען נאָך נייטיק פאַר די מעלוכע־אינטערעסן און ווירקלעכן נוץ פון רוסישן פאָלק". „אַלנפאַלס, פרייט אונדזער האַרץ", וואָס צווישן די מיניסטאָרן זיינען דאָ אַזוינע, וואָס „האַלטן פאַר אונדז". אַלזאָ, „די באַגרענעצונג־געזעצן", וואָס זייַנען „נאָך נייטיק" פאַר דער פּריצישער מעלוכע און רוסישן בורזשואַ, קעדיי צו ראַבעווען די אַרבע-

[1] דאָרט, ז. 29.

[2] „הצפירה", 300, 1904.

טנדיקע מאסנ פונ די אונטערגעדריקטע פעלקער, אונ זײַנענ גייטיק, ווי א „לעבנ-
טוי” פארנ ציִעניזמ, וועלנ בלייבנ אומגערירט. פארנ יִדישנ בורזשוא אָבער
וועלנ די מיניסטאָרנ, וואָס זײַנענ „פאר אונדז”, אוואדע שאפנ נײַע מאטאָנעס
אונ האנאָכעלעכ — דאָס פרייט דאָס ציִעניסטישע הארצ, פילט עס אָנ מיט האָ־
פענונג אונ טרייסט!.. אונ דער „וואָסכאָד”, וואָס האָט נאָר וואָס געזונגענ וועגנ „פול־
שטענדיקנ אײַנרײַס מיטנ אָוואר” לויט די נאָטנ פונ סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי, האָט איצט,
שוינ אָנ איבעריקע פליטערלעכ פונ ליבעראלנ סעזאָנ, זיכ געשטעלט, פונ זײַנ זײַט
רימענ די „באדײַטונג” פונ דעמ דאָזיקנ אוקאז. „ס'איז ניט נייטיק צו דערקלערנ
וואָס פאר אַ באדײַטונג ס'האָבנ פאר אונדז, יִדנ, דער אָנגעצייכנטער „גנאָד”
אינ אלערהעכסטנ מאניפעסט, דעהײַנע, דער פונקט וועגנ גלויבנ-טאָלעראנצ —
פאר אונדז איז עס ווײַט ניט קיינ זײַטיקע זאכנ”. אפנ סמאכ פונ דעמ דאָ-
זיקנ אוקאז „דארפ געעפנט ווערנ די פארקלאפטע מאָסקווער סינאגאָגע” — אייג
פרייד. די צווייטע — ס'ווערט דאָ אינ אוקאז אנערקענט פאר נייטיק צו איבער-
לאָזנ נאָר די באגרענעצונג-געזעצנ, וואָס ווערנ ארויסגערופנ דורכ די אינטע־
רעסנ פונ דער מעלוכע אונ אזו. וו. ס'ווערט, הייסט עס, אנערקענט „אז פאר
אינאָראָדצעס עקזיסטירנ געזעצנ, וואָס ווערנ ניט ארויסגערופנ דורכ די אינטע־
רעסנ פונ דער מעלוכע, ניט דורכ די אינטערעסנ פונ דער הערשנדיקער נא-
ציִאָנאליטעט”. „מיט דער דאָזיקער אָרדענונג איז אלערהעכסטיק באפוילנ
געוואָרנ צו פארענדיקנ” (אויב שוינ ניט ריידנ דאָ וועגנ דעמ, אז „אייג סיס-
טעמ ווערט קעגנגעשטעלט דער צווייטער”, איז כאָטשבי אונטערהאלטנ א קלע־
נערנ בלאָפ, אז ס'וועט פארענדיקט ווערנ מיט די געזעצנ, „וואָס זײַנענ ניט
נייטיק” פאר די „מעלוכע-אינטערעסנ” אונ וואָס קיינ איינעמ פונ זיי — פונ די
דאָזיקע געזעצנ — האָט דער צאר אינ זײַנ אוקאז אלס אזוינע — ס'הייסט אלס
אזוינע, וואָס זײַנענ עס „ניט נייטיק” — ניט אָנגעגעבנ...). — די רעזיומע:
די פארווירקלעכונג פונ דעמ אָנגעמערקטנ גנאָד — „וועט מיט מיטגעפיל בא-
געגנט ווערנ פונ דעמ לאָיִאל־דענקנדיקנ טייל פונ דער רוסישער געזעל-
שאפט” [1] — ס'הייסט פונ דעמ טייל, צו וועלכנ ניקאָלײַ האָט אפעלירט קעגנ
דער „קראמאָלע”...

אָט אזוי האָט די יִדישע ליבעראלע בורזשואזיע ארײַנגעבראכט
איר כיילעק אינעמ „פרילינג פונ ווערטער אונ נידערטרעכטיקײַט פונ מײַ-
סימ” (לענינ).

---

[1] „Восход“ № 28, 1904.

מ. גיטליצ

# די שפראכ־„בויונג“ פונ די פאשיזירטע יידישיסטנ

...„די שפראכ, לויט איר אָפשטאמ אינ אלגעמיינ, אונ די קלאנ־גענ־שפראכ דערהויפט, איז דעריבער טאקע א „מעכטיקער היי־בער פונ קולטורעלנ אופשטייג“, ווייל זי איז א ניט פארבייטלעכ געווער פונ קלאסנ-קאמפ. איכ באהויפט מיטנ פולנ באוווסטזיינ פונ דער פאראנטוואָרטלעכקייט פאר אזא ארויסזאָגונג... אז ס׳איז ניטאָ קיינ שפראכ, וואָס זאָל ניט זיינ קיינ קלאסנ־שפראכ אונ, פאָלגלעכ, עס איז ניטאָ קיינ דענקענ, וואָס זאָל ניט זיינ קיינ קלאסנ־דענקענ“ (נ. יא. מאר — „שפראכ אונ דענקענ“).

אינ די הענט פונ פראָלעטאריאט איז די שפראכ א מעכטיק געווער אפ אויסצושמידנ דעמ נייעמ באוווסטזיינ פונ סאָציאליסטישנ בויער. אינ די הענט אָבער פונ קלאסנ־סוינע איז די שפראכ א מעכטיק געווער איינצוצאמענ דעמ באוווסטזיינ פונ די מאסנ אינ רעליגיעז־קאָנסערוואטיווע ראמענ, אָפצווענדנ דעמ בליק פונעמ הײנט אונ פונעמ מאָרגנ אפנ נעכטנ.

באזיניקנ די קלאסנ-ראָליע פונ דער שפראכ אונ אקטיוו זי אויסנוצנ אינ די אייגענע קלאסנ-אינטערעסנ — אָט דאָס איז דער טאָכ פונ שפראכ-פאָליטיק. אויסנוצנ אָבער די שפראכ ווי א קלאסנ־געווער — הייסט אקטיוו זיכ אריינמישנ אינ איר אנטוויקלונג-פראָצעס. בוילעטער ווי אומעטומ ווייזט זיכ ארויס די דאָזיקע קלאסנ-איניציאטיוו אינ דער ווערטער-שאפונג. לעקסיק — סעמאנטיק איז דער פילבארסטער באראָמעטער פונ קלאסנ־אידעאָלאָגיע. יעדער סאָציאלע גרופע אפ איר יעדער אנטוויקלונג־סטאדיע לייגט ארופ אפ דער שפראכ איר אייגענעמ שטעמפל. די בורזשואזע לינגוויסטנ באמיענ זיכ מיט אלע קויכעס צו באשטרייטנ טעאָרעטיש דעמ דאָזיקנ עמעס. דער אינדאָ־אייראָפעיִזמ אפ זיינ יונג-גראמאטישנ עטאפ האָט דערפירט די שפראכ-ענדערונגענ צו ספאָנ־טאנע קלאנגענ-אומבייטונגענ, איזאָלירנדיק פולשטענדיק די שפראכ פונ סאָציאלנ לעבנ, אונ אויסליידיקנדיק די שפראכ פונ יעדנ אינהאלט. מיט דעמ גופע האָט ער זיכ באמיט אָפלייקענענ דעמ קלאסנ־כאראקטער פונ דער שפראכ. אינגאנצנ אָפנ איז קעגנ דעמ אקטיוונ אריינמישנ זיכ אינ פראָצעס פונ ווער־טער־שאפונג ארויסגעטראָטנ דע-סאָסיור.[1]

[1] Курс общей лингвистики. 1933 (רוסישע איבערזעצונג).

דע־סאָסיור באטראכט די שפּראך, ווי א סיסטעם פון צייכנס. יעדער שפּראך־לעכער צייכן איז א קאָמבינאציע פון „אקוסטישן בילד" און „באגריף", און די דאָזיקע פאראייניקונג, האלט ער, איז א ריין ווילקירלעכע. ארויסגייענדיק פון דעם, מאכט ער אן אויספיר, אז ס'איז ניט צוועקמעסיק און אומעגלעך זיך אקטיוו אריינצומישן אין די באציִונג־ענדערונגען צווישן דער קלאנגלעכקייט און באטייט פון ווארט, דעריקער דערפאר, ווייל די ריידנדיקע מאסע איז אי־נערט, קאָנסערוואטיוו. און דער שפּראכלעכער צייכן וויס נאָר איין געזעץ — די טראדיציע. מיר זאָגן „מענטש און הונט", ווייל ביז אונדז האָט מען געזאָגט „מענטש און הונט". די שפּראך אָבער ענדערט זיך. די באציִונג צווישן דעם „אקוסטישן בילד" און „באגריף" בייט זיך — דאָס וויס דע־סאָסיור און דאָס זאָגט ער קלאָר. נאָר... די ענדערונג קומט פאָר ווילקירלעך. די ריידנדיקע מאסע האָט ניט קיינע מאָטיוון (אזוי מיינט ער) צו באצייכענען א געוויסן באַ־גריף דאפּקע מיט אזא קלאנגלעכקייט און ניט מיט קיין אנדערער. און זי איז דאָס ביקלאל ניט אימשטאנד צו טאָן. „אין יעדער עפּאָכע, זאָגט דע־סאָסיור, ווי ווייט מיר זאָלן זיך ניט אראָפּלאָזן אין דער פארגאנגענהייט, טרעט ארויס פאר אונדז די שפּראך ווי א ירושה פון דער פריִערדיקער עפּאָכע. דער אקט, ווען ס'זיינען אין א באשטימטן מאָמענט צוגעייגנט געוואָרן נעמען צו קעגנ־שטאנדן, איז קיינמאָל ניט קאָנסטאטירט געוואָרן. יעדע געזעלשאפט וויס און האָט אלעמאָל געוווּסט פאקטיש די שפּראך נאָר ווי א פּראָדוקט, וואָס איז געיארשנט געוואָרן פון די פריִערדיקע דורות און דארף אָנגענומען ווערן אזוי ווי זי איז"...[1]

די שפּראך אנטוויקלט זיך אָבער, זי ענדערט זיך. „אלץ ענדערט זיך אין צייט, ס'איז ניטאָ קיין גרונט, אז די שפּראך זאָל אויסמיידן דעם דאָזיקן אלגע־מיינעם געזעץ".[2] איז ווי זשע קומט פאָר די דאָזיקע ענדערונג? וואָסערע סי־בעס רופן ארויס די דאָזיקע ענדערונג? אף דעם געפינען מיר ניט קיין ענטפער. אין דער דיאכראָנישער לינגוויסטיק פון דע־סאָסיורן טרעפן מיר זיך מיט דעם גוט באקאנטן פאָנעטישן געזעץ פון די יונג־גראמאטיקער. עס רעדט זיך נאָר וועגן פאָנעטישע ענדערונגען. פעסטשטעלן די סיבעס פון די פאָנעטישע ענדערונ־גען, האלט דע־סאָסיור, איז זייער שווער. ער רעכנט איבער אלע מעגלעכע סיבעס, וואָס די אינדאָ־אייראָפּייִסטן האָבן ארויסגערוקט ביז אים, — ראסע, געאָגרא־פישער פאקטער, געזעץ פון קלענסטער אָנשטרענגונג, אלגעמיינער צושטאנד פון דער נאציע אין דער געגעבענער צייט, סובסטראט־טעאָריע, מאָדע, דורי־רעס־אומבייט, — און קומט צום אויספיר, אז קיינער פון זיי קען ניט אויסשעפּנ־דיק לייזן די פראגע. דאָך שטרייכט ער אונטער די גרויסע ראָליע פון דעם געזעץ פון קוויכעס־עקאָנאָמיע און דעריקער פון דורעס־אומבייט. „נאָר נאָך לאנגע וואקלונגען, פּרוּוון און אויסבעסערונגען לערנט זיך דאָס קינד אויס ארויסריידן דאָס, וואָס ער הערט ארום זיך... אייניקע ניט־פינקלעכקייטן אין דער אויס־שפּראך, וואָס זיינען ניט אויסגעבעסערט געוואָרן אין דער קינדהייט, פארפעס־טיקן זיך בא א גאנצער ריי אינדיווידן און כאפּן ארום דעם גאנצן אונטער־וואקסנדיקן דאָר".[3]

---

1 דאָרט, ז. 81—82.

2 דאָרט, ז. 86.

3 דאָרט, ז. 141.

די סכעמע איז אפ אזא אויפנ קלאָר: מיר באקומענ די שפּראַכ א פּארטיקע פונ די פריערדיקע דוירעס. מיר קענענ זי ניט ענדערנ. מיר קענענ זיכ ניט ארײַנמישנ אינ איר אנטוויקלונג־פּראָצעס. אונ די ענדערונגענ, וואָס קומענ פאָר, דעריקער פּאַנעטישע, האָבנ ניט צו טאָנ מיטנ אינהאלט, דענקענ אונ אידעאָלאָגיע, זײַנענ ניט באדינגט פונ דער אנטוויקלונג פונ דער געזעלשאפט, פונ דער מאטעריעלער באזע. עס ענדערט זיכ ווילקירלעכ. טיילווײַז זײַנענ אינ דעם שולדיק די קינדער א. א. וו.

מיר האָבנ דאָ די פולע אָפּלייקענונג פונ שפּראַכ־פּאָליטיק.

מיר האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט אפ דע־סאָסיורנ לענגער דערפאר, ווײַל ער האָט אָפּענער, מיט דער פולער קאָנסעקווענטקײַט פאָרמולירט דעם דאָזיקנ געדאנק. מיטנ לייקענענ די מעגלעכקײַט זיכ אקטיוו ארײַנצומישנ אינ דעם שפּראכבויונג־פּראָצעס ווערט פּאקטיש געלייקנט די ראָליע פונ שפּראַכ, ווי א סאָציאַלער פאק־טער, ווערט געלייקנט די ראָליע פונ שפּראַכ ווי א געוועער פונ קלאסנקאמפּ.

דע־סאָסיור, וואָס באמיט זיכ צו דערגרונטעווענ זיכ צום סאמע טאָכ פונ שפּראַכ־דערשײַנונגענ, וואָס באמערקט די סאמע קלענסטע פארשיידנארטיקסטע שרײַפּעלעכ פונ דעם „שפּראַכ־מעכאניזמ", קענ ניט בא זײַנ בעסטנ ווילנ באגרײַפנ די עמעסע טרײַב־קראפט פונ דעם שפּראַכ־פּראָצעס. ווײַל אימ זײַנענ ניט פארשטענדלעכ די עמעסע טרײַב־קרעפטנ פונ דער מענטשלעכער געשיכטע, די דיאַלעקטישע איינהײַט פונ באזיס אונ איבערבוי. ער איז דערי־בער ניט בעקויעכ אופצודעקנ די געזעצמעסיקע אנטוויקלונג פונ שפּראַכ.

אינ „18 בריומער פונ לוי באָנאָפּארט" (ז. 8) זאָגט מארקס:

„די מענטשנ שאפנ אליינ זייער געשיכטע, נאָר זיי טוענ עס ניט זעלבסטווילקירלעכ, ניט בא אומשטאנדנ, וואָס זיי האָבנ אליינ אויסגע־קליבנ, נאָר בא אומשטאנדנ, אומיטלבאר פאָרויסגעגעבענע אונ געיארשנטע".

דאָס באציט זיכ, זעלבסטפארשטענדלעכ, אויכ צו שפּראַכ. די מענטשנ אליינ שאפנ זייער געשיכטע אונ בעמיילע אויכ זייער שפּראַכ. ניט פונ זיכ אליינ ענדערט זיכ די שפּראַכ אונ ווערט דערנאָכ „אָנגעבונדנ דער ריידנדיקער מאסע" (דע־סאָסיור), נאָר יעדער קאָלעקטיוו אפ יעדער נײַער סטאדיע בויט איבער די געיארשנטע שפּראַכ, שאפט זי איבעראנײַס. קיינ נײַע ווערטער ווערנ ניט אויסגעטראכט, נאָר עס ווערט אויסגענוצט דער מאטעריאַל פונ די פריערדיקע סטאדיעס. איז עס טאקע ריכטיק ווי עס מיינט דע־סאָסיור, אז דער ריידנדי־קער קאָלעקטיוו איז איבערט, גלײַכגילטיק צו דעם, ווי אזוי, מיט א וואָסער וואָרט ס'זאָל אָנגערופנ ווערנ א באשטימטער קעגנשטאנד, סע זאָל אויסגעדריקט ווערנ א באשטימטער באגריפ? פארשטייט זיכ, אז ניט. פאקטנ זײַנענ דאָ אָנ א שיר. אפ איינ אונ דעמ זעלביקנ אָביעקט קוקנ דאָכ פארשיידענע סאָציאַלע גרופּעס מיט פארשיידענע אויגנ, האָבנ דאָכ וועגנ דעמ א פארשיידענע פאָר־שטעלונג, אָפּהענגיק פונ זייער וועלט־באנעמ אונ אידעאָלאָגיע. מיר רופנ אָנ א פרוי, וואָס דינגט זיכ אָנ צו ארבעטנ בא עמיצנ אינ שטוב, דאפקע „שטוב־ארבעטערקע" אונ ניט „דינסט", ווי זי הייסט בא דער בורזשואזיע. א יידישנ קולאק באצייכענענ מיר מיטנ וואָרט „באלעגופ" אונ ניט „באלעבאָס". „רוסי־שער", „אוקראַינישער" אונ א. וו. אונ ניט „גוי". „רוסיש מיידל" אונ ניט „שיקסע" א. אז. וו. א. וו. דער פּראָלעטאריאַט שאפט זײַנ נײַע שפּראַכ פונ דעם געיארשנטנ מאטעריאַל, פונקט אזוי ווי די בורזשואזיע אונ אנדערע קלאסנ אונ

גרופּעס שאַפנ זיכ זייער שפּראַכ, וואָס אנטשפּרעכט זייער אידעאָלאָגיע, זייערע קלאַסנ־אינטערעסנ.

די וועגנ פונ ווערטער־שאַפונג אינ אונדזער צײַט זײַנעג פאַרשיידנאַרטיק, סײַ לויט די קוואַלנ, פונוואַנענ דער וואָרט-מאַטעריאַל ווערט געשעפּט, סײַ אינעם אויפנ, ווי אַזוי עס ווערנ פונעם מאַטעריאַל קאָנסטרויִרט נײַע ווערטער. דער מאַטעריאַל ווערט געשעפּט פונ די אינערלעכע שפּראַכ-רעסורסנ אונ אויכ פונ אַנדערע שפּראַכנ. די קאָנסטרויִר־אויפאַנימ באַמ אויסנוצנ דעריקער די אינערלעכע רעסורסנ גייענ אינ גרונט מיט צוויי וועגנ: 1) ס׳ווערט געביטנ דער אויסערלעכער אויסזענ פונ וואָרט, סע ווערנ געשאַפנ נייע גראַמאַטישע קאַטעגאָריעס, אַברעוויאַציעס, קאָמפּאָזיטנ א. אַז. וו. דורכ פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס, וואָס זײַנענ אייגנטימלעכ פאַר דער סטרוקטור פונ דער געגעבענער שפּראַכ, ווערנ געשאַפנ נײַע ווערטער מיט א נײַעמ באַטײַט, וואָס שפּאַרנ זיכ אָנ סעמאַנטיש אַפ די פריִערדיקע באַטײַטנ, נאָר שוינ מיט א נײַעמ אויסערלעכנ אויסזענ. 2) א וואָרט באַקומט א נײַע סעמאַנטישע אָנלאָדונג, ניט ענדערנדיק דעמ פריִערדיקנ אויסערלעכנ אויסזענ. א וואָרט באַקומט א נײַע אָנלאָדונג לויט א געוויסער געזעצמעסיקײַט, דער אָנוווקס פונ נײַע באַטײַטנ קומט פאָר לויט פאַרשיידנאַרטיקסטע פּרינציפּנ: לויט דער פונקציע (ווענ דער נײַער קעגנשטאַנד פילט אויס די זעלביקע פונקציע, וואָס דער פריִערדיקער; פונקציע־ענלעכקײַט, פונקציע־נאָענטקײַט א. א. וו. א. וו.), לויטנ אויסערלעכנ אויסזענ אונ אַנדערע פּרינציפּנ. ווערטער באַקומענ נײַע אָנלאָדונגענ אויכ אונטער דער ווירקונג פונ אַנדערע שפּראַכנ. פאַר אַלע פּרינציפּנ איז אָבער אומבאַדינגט נייטיק איינ פאָרבאַדינג: דער נייער באַטײַט מוז זיכ אָנשפּאַרנ אַפנ אַלטנ; קעדיי עס זאָל אופגענומענ ווערנ דער נײַער באַטײַט, מוז אומבאַדינגט לעבנ א באַשטימטע צײַט דער פריִערדיקער באַטײַט, ביז דער נײַער באַטײַט בירגערט זיכ אײַנ.

דאָס אָנלאָדנ א וואָרט מיט נאָכ א באַטײַט קומט פאָר ניט אַלעמאָל דירעקט. אָפט גייט עס דורכ צווישנ־וועגנ (מעטאַפאָר, עפּיטעט, בילדערישער פאַרגלײַכ א. אַז. וו.) ביז דאָס וואָרט ווערט האָמאָנימיש.

ווי געזאָגט, איז סײַ באַמ ענדערנ דעמ אויסערלעכנ אויסזענ פונ וואָרט אונ סײַ באַמ צוגעבנ נאָכ א באַטײַט, ניט ענדערדיק דעמ פריִערדיקנ אויסזענ פונ וואָרט, מוז מענ זיכ אומבאַדינגט רעכענענ — באַוווסטזיניק צי אומבאַוווסטזיניק — מיטנ פריִערדיקנ באַטײַט פונ וואָרט, ד. ה. מיט זײַנ סעמאַנטישער פונקציע, וואָס ער האָט אינ דער געגעבענער צײַט. די סעמאַנטישע פונקציע פונ וואָרט קומט אָבער אופ אונ פאַרפעסטיקט זיכ בא א באַשטימטנ סאָציאַל־קלאַסעווּנ קאָלעקטיוו (אינ דער קלאַסנ־געזעלשאַפט). יעדע סאָציאַלע גרופּע, יעדער קלאַס זעצט אָפ אינ דער שפּראַכ, אונ בוילעטער ווי אומעטומ, אינ דער לעקסיק זײַנ אידעאָלאָגיע, זײַנ וועלטבאַנעמ. איז ווײַט ניט אַלצייגס פאַר די קלאַסנ־אינטערעסנ פונ א באַשטימטער סאָציאַלער גרופּע וואָסער מאַטעריאַל זי זאָל אויסנוצנ אַפ שאַפנ נײַע ווערטער אונ אַפ וואָסער אויפנ זי זאָל עס קאָנסטרויִרנ. מע דאַרפ געדענקענ, אַז שטענדיק קימאַט איז דאָ אַנ אויסוואַל דעריקער פונ מאַטעריאַל, אָבער אויכ פונ קאָנסטרויִר־מיטלענ. באַמ שאַפנ א נײַ וואָרט, אָדער באַמ צוגעבנ א וואָרט א נײַעמ באַטײַט, דאַרפ מענ געפּיבענ אינ דער שפּראַכ אַזא עקזיסטירנדיק וואָרט, וואָס זאָל סעמאַנטיש זײַנ

דערצו צוגעפּאסט, ד. ה. דאָס נײַע וואָרט אָדער באַטײַט זאָל זיך קענענ אפּ דעמ אָנשפּארנ. אָבער אזא פּאסיקער וואָרט־מאטעריאַל געפינט זיך אינ דער געגעבענער שפּראכ ניט אינ איינצאָל. אזעלכע מאטעריאַל־ווערטער זײַנענ פאראנ בא די פארשיידענע סאָציאַלע גרופּעס: מיר ווילנ צ. ב. מיט אנ עקזיסטירנדיקנ וואָרט אויסדריקנ א נײַעמ באגריפ, זאָל זײַנ, א פריילעכע שטימונג. האָבנ מיר אפּ דעמ אזא אויסוואל: „בא מיר איז אנ ערשט־מײַיִקע שטימונג” אָדער „בא מיר איז א סימכעסטוירעדיקע שטימונג”. אזא אויסוואל איז פאראנ ניט נאָר בא סאָציאַל־דיפערענצירטע, פארשארפטע ווערטער, נאָר אויכ בא א. ג. נייטראַליזירטע ווערטער. צ. ב. באמ שאפנ דעמ טערמינ „אודארניק” אינ ייִדיש איז בא אונדז אויסגענוצט געוואָרנ פאר מאטעריאַל דאָס סעמאנטיש פּאסיקע וואָרט „שלאָג”. פאר מאטעריאַל האָט אויכ געקענט דינענ כוץ „שלאָג” אויכ „שטויס” א. א. וו. פארשטייט זיך, אינ אזא פאל רעכנט מענ זיך סײַ מיטנ סעמאנטישנ מאָמענט (ווי ווײַט נאָענט ער איז, זײַנע בײַ־באַטײַטנ א. א. וו.) אונ סײַ מיט סטרוקטורישע, קלאנגלעכע אונ אַנ־דערע מאָמענטנ.

באמ אויסוואל פונ מאטעריאַל אונ וויאַזוי דאָס צו קאָנסטרויִרנ דריקט זיך אויס דער קלאסנ־כאראקטער פונ וואָרט־בויונג. נאָר בוילעטער, ווי אנדערשוו, דריקט זיך אויס דער קלאסנ־דענקענ אונ קלאסנ־כאראקטער באמ אָנווענדנ דעמ קאָנסטרויִר־מיטל פונ צוגעבנ ווערטער נײַע צוגאָב־אָנלאָדונגענ, באמ פארברייטערנ די פונקציע פונ פריִערדיקע ווערטער אפּ נײַע דערשײַנונגענ. די שפּראכ־פּאָליטיק האָט דאָ דעמ פּרוכטבארסטנ באָדנ. געבנ א וואָרט א צוגאָב־אָנלאָדונג — וואָס הייסט עס? ד. ה. אינ טאָכ פארלייגנ א בריק פונ דער אײַנגעוואָרצלטער פאָרשטעלנוג צו נײַע דערשײַנונגענ פונ לעבנ, ד. ה. לערנענ קוקנ אפּ נײַע דערשײַנונגענ מיט די אויגנ פונ א באשטימטנ קלאס, מיט די אויגנ פונ א באשטימטער קלאסנ־אידעאָלאָגיע. שפּראכ־פּאָליטיק הייסט דאָכ — באוווּסטזיניק קירעווענ דאָס באוווּסטזײַנ אינ א באשטימטער קלאסנ־ריכטונג.

אינ וואָס זשע באשטייט דער קלאסנ־כאראקטער פונ דער ייִדישיסטישער „שפּראכ־בויונג”? ער באשטייט אינ זייער באוווּסטזיניקנ מאטעריאַל־אויסוואל אונ קאָנסטרויִר־אויפנ. ס'איז א טאָעס, ווענ מע מיינט, אז זיי נוצנ אויס פאר מאטעריאַל סטאמ העברייִזמענ. זיי נוצנ אויס א גאנצ באשטימטע קאטעגאָריע העברייִזמענ אונ ניט־העברייִזמענ, נאָר אזעלכע, וואָס קענענ דינענ זייער קלאסנ־ציל. דער קוואל, פונוואנענ זיי שעפּנ מאטעריאַל, איז די רעליגיִעז־רעאקציאָנערע קליינבירגערלעכ־אָפּגעשטאנענע סוויווע. די ווערטער, וואָס טראָגנ אנ אײַנגעוואָרצלטע רעליגיִעז־נאציאָנאליסטישע פונקציע, דאפּקע זיי באקומענ נײַע צוגאָב־אָנלאָדונגענ. זיי זײַנענ דאָס דער בריק, וואָס דאַרפ פארבינדנ די רעליגיִעזע פאָרשטעלונגענ אונ וועלטבאנעמ מיט דער ארומיקער וועלט. אונ באמיִענ — באמיִענ זיי זיכ עס צו געבנ מערסטנס אינ א ניטגעענדערטנ אויסזענ, אינ א פאָרמע פונ פארגלײַכונג, אָדער דירעקטער אָנלאָדונג. דער שווערפּונקט פונ דער ייִדישיסטישער שפּראכ־פּאָליטיק באשטייט דעריבער ניט אינ ארײַנפירנ העברייִזמענ סטאמ אינ דער וועלט ארײַנ, וואָס זײַנענ ווייניק אָדער אינגאנצנ ניט אײַנגעבירגערט אינ דער שמאָל־באגרענעצטער אלט־קאנאָניזירטע לעבנ־פּראקטיק, אָנהייבנדיק פונ אָפּגעשטאנענעמ קליינבירגער ביז דעמ „טאלמיד־כאָכעמ”, נאָר די העברייִזמענ, וואָס זײַנענ שוינ ארײַנגעצויגנ אונ סעמאנ-

טיש צוגעפּעסטיקט געוואָרנ אינ דער דאָזיקער קלעריקאַל־רעאַקציאָנערער סוויווע.

די דאָזיקע ייִדישיסטישע שפּראַכ־פּאָליטיק איז אנ אויסגעשפּראָכנ־באַוווסטזיניקע. אינ דעמ אַרטיקל „פּערספּעקטיוונ פאַר ייִדיש אינ ראַטנפאַרבאַנד” („ליט. בלעטער” נ. 6. 1931) זאָגט קאַלמאַנאָוויטש קלאָר אונ דײַטלעכ:

„... מע מעג מיט א רויִקנ געוויסנ אַרויסשטעלנ די האַנאָכע, אַז קאָלזמאַנ העברעיִש וועט נאָכ זײַנ אָנגענומענ אונ געליבט אונ געהיילִיקט בא ייִדנ — צי איבער רעליגיע, צי איבער עמעסע אָדער אײַנגערעדטע נאַציאָנאַלע טײַמימ—וועט ייִדיש אויכ ווײַטער שעפּנ פונ העברעיִש... ווײַל דאָס איז אייגנס, ווײַל דאָס שטימט מיטנ שפּראַכ-געפיל אונ מיטנ שפּראַכ-ריטמ, ווײַל דאָס פאַרבינדט מיט דער ייִדישער טראַדיציע”...

אונ גלײַכ טאַקע באַלד טײַטשט ער אויס, וואָס עס באַטײַט „העברעיִש” אונ „ייִדישע טראַדיציע”... „דער ייִכעס פונ דער ייִדישער שפּראַכ פירט אונדז... גלײַכ אינ בעסמעדרעש אַרײַנ”.

ייִדיש דאַרפ שעפּנ פונ בעסמעדרעש-קוואַל. די ווערטער—טרעגער פונ בעסמעדרעש-אידעאָלאָגיע דאַרפנ זײַנ דער מאַטעריִאַל, וואָס פונ דעמ דאַרפ געבויט ווערנ נײַס. אונ די ייִדישיסטישע „שפּראַכ-בויער” שעפּנ טאַקע פונ בעסמעדרעש-אַרסענאַל גאַנצע הויפנס. דאָס איז זייער איקער באַזע.

אפּ אויסצודריקנ פאַרשיידענע וועלטלעכע באַגריפנ, דאָס ראָוו אינ געביט פונ קונסט, ווערנ אויסגענוצט אַלע רעליגיִעזע אַטריבוטנ, פּסוקימ, ווערטלעכ, א. א. וו. דורכ זיי ווערט געוויזנ די אַרומיקע וועלט.

מיר וועלנ עס איליוסטרירנ מיט א גאַנצער ריי פאַקטנ: [1]

אפּ איבערגעבנ צײַט־באַגריפנ:

1. אָט איז א קעפּל פונ א נאָטיצ: „דער סופ הזמן אין אַמעריקע”. אינ ערשטנ אויגנבליק זײַט איר זיכער, אַז איר האָט דאָ צו טאָנ מיט א באַריכט וועגנ כיידער. ערשט ווענ איר קוקט אַרײַנ אינ טעקסט פונ נאָטיצ, ווערט קלאָר, אַז דער צײַט-טערמינ „זמאַנ” פונ כיידער האָט באַקומענ נאָכ אנ אָנלאָדונג. איר לייענט: „מע מעג שוינ מאַכנ א סאַכאַקל פונ דעמ פאַרגאַנגענעמ זמאַנ, אָדער ריכטיקער פונ פאַרגאַנגענעמ יאָר אפּנ געביט פונ קונסט” (ל. ב. 32).

2. „אונדזער... ייִדישע ליטעראַטור שטייט נאָכ אַלצ אינ דעמ זעלבנ צושטאַנד, ווי ביומ הולדה” (ל. ב. 31).

אפּ צו באַצייכענענ צײַט-באַגריפנ אינ וועלטלעכנ זינענ ווערנ באַנוצט נאָכ אַזעלכע ווערטער: „ביינ מינכע לעמײַרעוו”, „ביינ האַשמאָשעס”, „כאָצי־פּעברואַר”, „אַד יעמיי ייִוואָ”, „בימיי וויטאָווט” א. אַנד. (די לעצטע צוויי געבראַכט בא די כ”כ וואָלאָברינסקי אונ זאַרעצקי). [2]

א נײַע אָנלאָדונג באַקומענ אויכ די נאַציאָנאַל-רעליגיִעזע טערמינעס, וואָס באַצייכענענ באַגריפנ פונ צאָל, רוימ, מאָס:

---

[1] דאָס ראָוו פאַקטנ זײַנענ גענומענ פונ די „ליט. בלעטער” (וואַרשע) פונ די יאָרנ 32-1930. פונ די אָנגעזאַמלטע עטלעכע הונדערט פאַקטנ וועלנ מיר דאָ ברענגענ נאָר א קליינעמ טייל, וואָס ווײַזט גענוג בוילעט די גאַנצע טענדענצ.

[2] א. וואָלאָברינסקי — „פּאַשיזירטער ייִדישיזמ” (זמ”ב „דער פּאַשיזירטער ייִדישיזמ אונ זײַנ וויסנשאַפט”. מינסק. 1930); א. זאַרעצקי — „פאַר א פּראָלעטאַרישער שפּראַכ”.

3. „די וועלט-קולטור... זויגט ארויס ד״י נאָך ריי, מיניען נאָך מיניען דעם אוילעם פון... טעאטער־זאל״ (ל. ב. 27).

4. „די איינציקע לעבעדיקע גאסן-שפּראך אין תפוצות-רוסיה״ (ל. ב. 31).

5. „אין די ד׳ אמות—זאָל זײַן אין די ארבעים וארבע אמות פון זײַן אופטו קומט אים שכר״ (ל. ב. 32).

אפ מעסטן, אָפּשאצן די גרויסקײַט און ווערדע פון א מענטשן, זײַן באַטײַט, פֿייִקײַט און ארבעט ווערט אויסגענוצט אזא מאטעריאל:

6. „ניגער איז נישט נאָר א מרא דאתרא, וועלכער זיצט יומם ולילה על התורה ועל העבודה, נאָר ער איז אויך א טיכטיקער אָנטיילנעמער אין לעבן פונעם ציבור״ (ל. ב. 1929).

7. „מע פילט אָבער: עס פעלט דער בעל מוסף״ (ל. ב. 30). דאָ ווערט געמיינט בערגעלסאָן.

8. „עס איז די אײַנגעזעסנקײַט און היימישקײַט, וואָס ווייט פון יעדער טנוע ניגערס, וואָס מאכט אזוי זיכער די כסא הרבנות פאר אים״ (ל. ב. 29).

9. „אז עס טרעפט זיך אמאָל... און דאָוויד בערגעלסאָן קומט ניט... פילט זיך... ס׳איז דאָרטן עפּעס פנה זיווהדיק״ (ל. ב. 30).

10. „געבענטשט זאָל זײַן דער טאָג, ווען ס׳וועלן קומען די געבענטשטע און גערופענע. די בחסד-אלהים־געזאלבטע״... (וואָכנשריפט, 31).

11. „ווי גרויס איז זײַן (דעם לעזערס) אנטוישונג, ווען ער באגעגנט זיך פנים אל פנים מיט... דעם שרײַבער און דאפקע בא דער עבודת־הקודש״... (וואָכנשריפט 31).

אפ כאראקטעריזירן א געוויסע שטימונג (פריילעכע, אומעטיקע א. אז. וו.) ווערט אויסגענוצט דער גאנצער צעטל פון די רעליגיעזע יאָנטויוויום:

„איך גלויב נישט, אז א יובילײ פון א שרײַבער... מוז דאפקע פאר־וואנדלט ווערן אין א פּורים־סודע אָדער סימכעס-טוירע. עס מאכט נישט אויס, אויב עס וועט זײַן אביסל יאָמקיפּערדיקס, חשבון-הנפשדיקס״ (ל. ב. 31).

13. „... איז שטיל און טאָנעסדיק און קאלט״.

14. „יענע גאס... איז געווען אינגאנצן אײַנגעטונקט אין שאָטן און אין געמיטלעכער כאלעמויעד-רו״ (ל. ב. 30).

אָט איז א שפּראך־מוסטער פון קונסט-קריטיק (אָפּשאצונג פון ליטעראַרישע ווערק, כאראקטעריסטיק פון שאפן, פון שפּילן אפ דער בינע א. א. וו.).

15. „שטענדיק איז זי (ארטיסטן אבראמאָוויטש) שיין און קאָשער... אין איר שפּילן״ (ל. ב. 31).

16. „ער, אש, דארף זײַן אידיליש, דעקאָראטיוו העפטן פּאָרויכעסלעך״ (ל. ב. 30).

17. „זײַנען דען נישט פיל שטעלן אין דאָסטאָיעווסקיס שאפן אויספיר־לעכע „ביאורים״, „משלים״ וועגן שכר און עונש, מעשה אבות סימן לבנים, אהבה און שנאה און אזוי ווײַטער״ (ל. ב. 31).

18. „א שטאָלצע און אינערלעך-רײַכע, מיט איר שבתא-מלכתא-שיינקײַט, וואָס שטראלט ארויס פון איר יעדער באוועגונג״... (ל. ב. 27) (וועגן לידא פרילוצקיס צווייטן אופטריט).

19. „זײַן (בערגעלסאָנס) גערעדט וואָרט איז א נוסח-ראשון... (ל. ב. 30).

20. „לײַדן — דאָס איז דער טאמציס... פון דאָסטאָיעווסקיס שאפן... אָפּט־

מאָל קומען זיי פון זינלאָזער, מענטשלעכער שוואכקייט, אויך פון יצר לב האָדם רע מנעוריו" (ל. ב. 31).

21. „אזוי ווי די מילדע תורה פון דעם זומערדיקן פרק, וואָס פילט אָן די לאַנגע נודנע שבתים מיט דעם ריח פון עולם הבא און געלייטערטער לעבנס-חכמה, אזוי אָדער קימאט אזוי — לייענען זיך פרק נאָך פרק ש. ניגערס געקליבענע שריפטן" (ל. ב. 30).

די גרויסקייט פון מאָמענט ווערט כאַראַקטעריזירט אזוי:

22. „עס איז (דער יובילי פון שאָלעם אש) דער גרויסער מאָמענט פון „ונתנה תוקף קדושת היום", ווען מע פירט אונטער א כעזשבנ צו דעם אלעם, וואָס מע האָט אָפגעטאָן, און מע בעט זיך אויס און מע צייכנט זיך אָן א „צעטל" אפן ווייטערן לעבן" (ל. ב. 30).

דאָ, ווי אין אסאך אנדערע ביישפילן, איז כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר די נייע אָנלאָדונג פון העברייזמען, נאָר דער גאַנצער טאָן, סטיל און אינהאַלט פון דער רעליגיעזער וועלטאָנשויונג, וואָס ווערט אינגאַנצן, ווי עס שטייט און גייט, אריבערגעטראָגן אפ אנדערע דערשיינונגען.

אפ אויסצודריקן פארשיידענע אבסטראַקטע געדאַנקען, פּרינציפּן און אז. וו. ווערן ברייט אויסגענוצט די קאַנאָניזירטע פסוקים, ווערטלעך, וואָס האָבן זיך אָפגעזעצט אין דער קליינבירגערלעך-רעאַקציאָנערער סוויווע (פון טאַלמוד, טפילעס א. א. וו.):

23. „בא די שטילע הזורעים בדמעה דאַרף שוין די שמחה... פון די רעשדיקע ברנה יקצרו..." (וו. ש. 31).

24. „ס'איז קיינעם ניט געגעבן, אפילע די אלמעכטיקסטע, משנה זיין די סדרי בראשית בכונה תחילה" (ל. ב. 30).

25. „ואהבת לרעך כמוך — ברור לו מיתה יפה — ער האָט נאָך ליב די שפּראַך לויטן טאַלמודישן קלאַל" (ל. ב. 31).

26. „נאָר דער גוטער געשמאַק באַשטימט מי לחיים ומי למות" (עס רעדט זיך וועגן שפּראַך-אויסדרוקן) (ל. ב. 31).

27. „אָבער ווען אויסלאַנד זאָגט, ווערט ער פאַר זיי א לית מאן דפליג" (ל. ב. 31).

28. „מען מוז זאָגן, אז די ראַטנמאַכט באַגייט זיך מיט יידן לפנים משורת הדין" (ל. ב. 31).

29. „אין דער יידיש-וועלטלעכער סוויווע איז דאָס איינשטעלן זיך פאַר יידיש געגאַנגענע האַנט בא האַנט מיט א געדאַנקען-גאַנג, וואָס איז א מין מגלה טפח ומכסה טפחים"... (ל. ב. 31).

30. ... „זיך געפונען א היתר, ווי צוצוּוואַרפן א ביינדל די שולן צוליבן פּרינציפּ „אין בודקין למזונות" (ל. ב. 29).

31. „לא ברעש ה' — אין די שטילע צייטן ווערן עפּשער מער ווערטן געשאַפן, ווי אין די רעוואָליוציאָנערע שניט-צייטן" (וו. ש. 31).

32. „די גאַנצע ענערגיע... האָבן זיי (די ציוניסטן) אָפּגעגעבן... דער תרבות-שול און דערמיט כלפּי חוץ ביודעים ובלא יודעים געבראָכן דעם איינהייטלעכן נאַציאָנאַלן קאַמפּ-פראָנט" (ל. ב. 30).

33. ... „וואָרעם הורתה ולידתה איז געווען בקדושה..." (געמיינט די יידישע שפּראַך — מ. ג.) (ל. ב. 31).

34. „בא יעקב לעשטשינסקי איז בראשית ברא — עקאנאמיק" (ל. ב. 30).

35. „א פאלק, וואס לעבט מיט פארטיקע פארמולעס אונ פארטיקע פסקי הלכות" (ל. ב. 31).

36. „הײַנט קענ דער סאציאליסטישער אידעאל ניט מער גילטנ, ווי א הלכתא למשיחא, ווי א אידעאל לעתיד לבוא" (ל. ב. 31).

37. „איצט דערווײַזט (י. לעשטשינסקי), ... אז די אמאליקע מעזוזע (טערי־טאריאליזמ) קעגנ אט דעמ שעד (פונ נישט פראלעטאריזאציע אוקעדוימע) איז לאוו-דאפקע" (ל. ב. 30).

אפ אויסצודריקנ העפלעכקײַט, ווענדונגענ, ווונטשנ א. אז. וו. זײַנענ אויס-גענוצט אזעלכע באגריפנ:

38. „צאתכ לשלומ".

39. „כאשעווע אסיפע".

40. „ראבויסײַ" (יודל מארק אפ אנ ארויסטרעטונג אינ קאוונע).

גענוצט, נארמע אדער קלאל ווערט אנגערופנ (אמעריק. פינקעס, 28) אזוי:

41. „די פסיכישע דינימ".

42. „על פי דינימ פונ יידישער פאנעטיק".

אונ אויב דינ — איז אויכ:

43. „פאסקענ שײַלעס" (וועגנ גראמאטיק אונ שפראכ ביקלאל) („פינקעס").

זאל זײַנ גענוג צו קאמענטירנ אונ קלאסיפיצירנ. ס'איז ניט נייטיק. ס'איז נאר וויכטיק געווענ צו איליוסטרירנ דעמ גרונט-קוואל, פונוואנענ זיי שעפנ דעמ מאטעריאל, אפ וואס פאר א געביטנ זיי נוצנ עס אויס אונ, אפ וואסער אופנ. דאס איז שוינ אבער פונ די געבראכטע בײַשפילנ בולעט איליוסטרירט געווארנ. מיר וועלנ זיכ איצטער נאר באנוגענענ מיט ברענגענ נאכ א ריי מוס-טערנ אנ קיינע באמערקונגענ.

44. „...אונ באמ סאמע גאמענ פונ דער שפראכ איז שוינ א פלוגתא" (ל. ב. 31).

45. „אבער נ. שטיפ איז ניט קיינ דנ יחידי" (ל. ב. 31).

46. „דער וואגנ שלעפט זיכ אזוי פאמעלעכ... אזוי מי־השלחדיק, אזוי באלעבאטיש, אזוי בקול דממה דקה" (וו. ש. 31).

47. „זײַנ (יעקב לעשטשינסקיס) הומאר איז, ווי געזאגט, בעיקער אנ אפרו-הומאר, א מינ שיחה־קלה-פויזע בינ מנחה למעריב, צווישנ איינע האהבער לומדות-סוגיא מיט דער אנדערער" (ל. ב. 30).

48. „די יידישע ענציקלאפעדיע איז א דבר העומד ברומו של עולמ" (ל. ב. 31).

49. „ווענ איכ פלעג נאר אנהייבנ צו פילנ, אז... דער בוימל פונ מײַנ (שאלעמ אש) נר תמיד האט אנגעהויבנ אויסצוברענענ..." (ל. ב. 30).

50. „ווער האט עס געזאגט... אז אונדזער אלטע יידישלעכע אײַנשטעלונג „חריפות קודמ לבקיאות" איז א לויטער פאלשער וועג — יעקב לעשטשינסקי איז דער פראטעסט קעגנ אט די האנאכעס" (ל. ב. 30).

51. „בעשומ אופנ — אפילע בהתראת חרמ וואלט מענ בא מיר ניט גע־פויעלט, אז איכ זאל זיכ באנוצנ מיטנ ווארט „וויסנשאפטלער" (ל. ב. 31).

52. „דער יובילײַ איז א סיעמ פונ א טקופע אונ א פתיחה פונ א נײַעמ אנהייב" (ל. ב. 30).

53. „די ייִדישע ליטעראַטור איז באַ הײַנטיקן טאָג דער אײנציקער פאַר־שפּרייטער פון אהבת ישראל צווישן די אומות העולם" (ל. ב. 31).

54. „ער (בערדיטשעווסקי) האָט אַ לאַנגע צײַט מילכאָמע געהאַלטן מיט די אַלטע ייִדישע ספאָרים, איבערגעשריבן האָט ער אַליין, ווי די אַלטע ייִדישע מעכאַברים אַמאָל — ווי אַ מהרש"אָ אָדער אַ מהר"ם שיפּ מיט אַ שטאַמלדיקן קוועטש, אַ ווונק און אַ ודוק (צוקונפט" 22).

55. „דאָ האָט מיטגעהאָלפן ניט קיין ייִדישער זכוס, נאָר דאָס גויִשע מאַזל" (ווײַנרײַך, וועגן אַ ייִדישער ביכער־זאַמלונג, וואָס איז אײַנגעהיט געוואָרן אין אָקספאָרד...).

56. „... אָבער דאָס צו דערווײַזן איז אַזוי, ווי שפּאַלטן דעם ים סוף" (ד. ז.), און אַ גאַנצע ריי אַנדערע, ווי:

57. דגל מחנה־ייִדיש.

58. סטרא־אחרא־פּאָליטיק.

59. „פרשת־דרכימדיקײַט" („מײַן ייִדישע פרשת־דרכימדיקײַט האָט זיך גע-ענדיקט" (ל. ב. 32).

דעם צעטל בײַשפּילן וואָלט מען געקענט פאַרלענגערן און פאַרלענגערן. מיר וועלן זיך אָבער דאָס מאָל באַנוגענען, ווײַל דאָס אַלגעמיינע בילד וועט זיך אין גרונט ניט ענדערן. די גרונט־טענדענץ איז שוין גענוג קלאָר. מיר האָבן דאָ פאַר זיך דעם גאַנצן לעקסיקאָן מיט אַ בוילעט־אויסגעשפּראָכענער קלעריקאַל־רעאַקציאָנערער סעמאַנטישער פונקציע, וואָס האָט זיך אין אַ מעשעכ פון דוירעס אָפּגעזעצט און אויסגעקריסטאַליזירט אין דער נאַציאָנאַל־רעלי-גיעזער סוויווע און פּראַקטיק. און אָט דעם דאָזיקן בעסמעדרעש־לעקסיקאָן טראָגן די ייִדישיסטן אַריבער אין דער אַרומיקער וועלט.

קומען אָבער די ייִדישיסטן מיט אַזאַ „לינגוויסטישער" טײַנע: פאַרוואָס טאָר מען ניט פאַרוועלטלעכן קיין רעליגיעזע טערמינעס און אויסדרוקן? אין יעדער שפּראַך איז דאָך אַזוינס פאָרגעקומען. אויב מען זאָל צוגיין מיט אַזאַ מאָס, מוז מען דאָך אַרויסוואַרפן פון דער שפּראַך אַלע ווערטער און אויס-דרוקן, וואָס דריקן אויס דעם וועלטבאַנעם פון אַ פריִערדיקער סטאַדיע, ווי למשל: „די זון גייט אויף און פאַרגייט". דער דאָזיקער אויסדרוק אַנטשפּרעכט דאָך יענער צײַט, ווען מענטשן האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז די ערד שטייט אויף אָרט און די זון דרייט זיך.

אויך קאַלמאַנאָוויטש רוקט אַרויס די זעלבע טײַנע:

„...אויב פאַרצײַטיקער קלעריקאַליזם איז פאָסל, איז פאָסל ניט נאָר דער העברייִשער עלעמענט, נײַערט ביכלאַל די גאַנצע ייִדישע שפּראַך נעבעך, וואָרעם הויראָסאָ וועלוידאָסאָ איז געווען „ביקדושע" (ל. ב. נ. 6, 1931 יאָר).

איז, הייסט עס, איינס פון די ביידע: אָדער מיר דאַרפן מאַסקים זײַן מיט דער אַרויסזאָגונג פון שיינדל דער לאַנגער אין בערגעלסאָנס „באַם דניעפּער" וועלכע זאָגט „ניט די זון דרייט זיך אַרום דער ערד, נאָר די ערד דרייט זיך איצט שוין גאָר אַרום דער זון... אָט — נאַט אײַך און ווייסט". און נאָך „מיט-דערצײַט וועט מען אויפהערן צו זאָגן: „די זון גייט אויף", מע וועט זאָגן „די ערד גייט אויף". אָדער מיר טוען עס ניט, ד. ה. מיר באַנוצן זיך מיט ווערטער און אויסדרוקן, — מיר וואַרפן זיי ניט אַרויס, — וואָס האָבן אַמאָל אַנטשפּראָכן

אַן אַנדער דענקען און אַן אַנדער וועלטבאַנעם; איז פאַרוואָס זאָלן מיר ניט פאַרזעצן דעם דאָזיקן מיטל צו באַרײַכערן די שפּראַך? פאַרוואָס זאָלן מיר דעם מיטל פון פאַרוועלטלעכן רעליגיעזע טערמינען ניט לייגן אין גרונט פון דער איצטערדיקער שפּראַך-בויונג?

מע דאַרף אָנערקענען, אַז אַפּ אַן ענלעכן שטאַנדפּונקט זײַנען אויך באַ אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד די פריערדיקע יאָרן געשטאַנען אייניקע שפּראַכלער-אַרויסגייענדיק פון דער דאָזיקער טעאָריע, האָט מען אויך באַ אונדז די פריערדיקע יאָרן, פון איין זײַט, געפּרוווט שאַפן אַזעלכע טערמינען, ווי „מישמוירע", „מעראַגלים" א. א. און פון דער צווייטער זײַט — פאַרגעלייגט אַרויסצוּוואַרפן אַלע ווערטער, וואָס שטאַמען אָפּ פון אַ רעליגיעזן וועלטבאַנעם. צו אַזאַ קאָנסעקווענטקייט איז טאַקע דערגאַנגען דער כ' זאַרעצקי אָפּ זײַן פאַרגאַנגענעם פאָרמאַליסטישן עטאַפּ — אין זײַן „פּאַר-אַ פּראָלעטאַרישער שפּראַך" (ז. 87) דערעדט ער זיך צו דעם: „אַזעלכע פיגוראַלע אויסדרוקן ווי „נעשאָמע" דאַרף מען שטעלן אַפּן טאָגסיידער צו באַקעמפן. ...„נעשאָמע" קומט פון רעליגיע און פאַלשער וויסנשאַפט. ניט בעסער איז „באַשעפעניש", אַלס ביאָלאָגישער טערמין, וואָרעם ווער האָט עס באַשאַפן?"

ביידע ליגנוואָ־טעכנישע עקסטרעמען גייען אַרויס פון איין און דער זעלביקער גרונט־אײַנשטעלונג: ביידע נעמען פאַר אַן אויסגאַנג־פּונקט דעם אָפּשטאַם פון וואָרט און ניט זײַן איצטערדיקע פונקציע; ביידע גייען צו צו דער פראַגע ריין פאָרמאַליסטיש, איגנאָרירנדיק אינגאַנצן די קאָנקרעטע היסטאָרישע אומגעבונג פון דעם שפּראַך־פּראָצעס און שפּראַך־שאַפונג.

גייען מיר אָבער צו צו דער דאָזיקער קאָמפּליצירטער פראַגע ניט פאָרמעל, ניט אַבסטראַקט, נאָר קאָנקרעט־היסטאָריש, ווערט פאַר אונדז קלאָר די גאַנצע פאַלשקייט און שעדלעכקייט פון דער דאָזיקער טעאָריע. אַ קאָלאָסאַלע צאָל ווערטער און אויסדרוקן פון יעדער הײַנטיקער שפּראַך, וואָס זייער סעמאַנטישע פונקציע איז אַ ריין וועלטלעכע, זײַנען דורכגעגאַנגען די סטאַדיעס פון מאַגישן און רעליגיעזן דענקען. מיר דאַרפן זיך גאָרניט אַראָפּלאָזן זייער טיף צו זוכן בײַשפּילן. עס איז גענוג צו דערמאָנען זיך דעם וועג, וואָס עס האָט דורכגעמאַכט דאָס וואָרט „באַל". פון אַן אייגננאָמען פון אַ גאָט, ווי מיר טרעפן אים שוין אין טאַנאַך, ביז אין דער קאָמבינאַציע פונעם וואָרט „באַלעגופּ". אָדער אַזאַ בוילעטן פאַקט, שוין פון דער גאָר נאָענטער פאַרגאַנגענהײַט, ווי דאָס וואָרט „קאָרבן", וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן באַ אונדז אין אַ קאַמפּ־לאָזונג. פאַרשטייט זיך, אַז ניט וועגן אַרויסוואַרפן די דאָזיקע ווערטער און אויך ניט אַזעלכע אויסדרוקן ווי „די זון גייט אויף" און אָן אַ שיר אַנדערע קען גיין אַ רייד, פאַשעט דערפאַר, ווײַל מיר זוכן ניט דעם אַבסטראַקטן „ייִכעס" פון וואָרט, נאָר זײַן הײַנטיקע ווירקנדיקע פונקציע און סאָציאַלן אַרום.

אָבער אין פּראָצעס פון זייער פאַרוועלטלעכונג איז דאָך אַמאָל געווען לעבעדיק זייער רעליגיעזע סעמאַנטישע פונקציע? היסטאָריש מוז דאָך זײַן דער מאָמענט פון איבערגאַנג, איז פאַרוואָס טאָר ניט געשען הײַנט דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען אַמאָל? אין דעם באַשטייט דאָך דער טאָך פון דער ייִדישיסטישער טײַנע. מע וואָלט עפּשער פאַרשפּאָרט אינגאַנצן צו ענטפערן אַפּ דער עלעמענטאַרער פראַגע אַפילע די ייִדישיסטן. וואָרעם זייער טײַנע דינט דאָך

אינ טאָכ נאָר ווי א צודעק, קעדיי צו פארמאסקירנ דעמ קלאסנ־כאראקטער פונ זייער שפּראכ־פּאָליטיק.

ווייסנ דאָכ די יידישיסטנ אויסגעצייכנט דעמ עלעמענטארנ אונטערשייד פונ „אמאָל” אונ „היינט”, וואָרעמ ווי אנדערש קענ מענ דערקלערנ דעמ פאקט, וואָס דאפקע היינט, אינ צייט פונ פארשארפטנ קלאסנקאמפּ אונ פאשיסטישנ טעראָר, פירנ זיי דורכ א באוווסטזיניקע פּלאנאָווע רעאקציאָנערע שפּראכ־פּאָלי־טיק? ס'איז אָבער נייטיק אויסצוקלאָרנ די פראגע אינ טאָכ, קעדיי צו דע־מאסקירנ זייער „אומשולדיקע לינגוויסטישע” טיינע.

די ווערגנ פונ ווערטער־שאפונג אפ פארשיידענע סטאדיעס קענענ פארשטא־נענ ווערנ נאָר דעמאלט, ווענ מע רייסט ניט אָפּ די שפּראכ פונ דענקענ אונ פונ גאנצנ סאָציאלנ לעבנ. וואָסערע סיבעס האָבנ געבראכט צו דעמ, אז ווער־טער, וואָס האָבנ לויט זייער סעמאנטישע פונקציע אנטשפּראָכנ א רעליגיעזנ דענקענ אונ א פאלשער פארקריפּלטער פאָרשטעלונג וועגנ דער וועלט, זיינענ מיט דער צייט געוואָרנ טרעגער פונ וועלטלעכע באגריפנ, טרעגער פונ אנ אנדער דענקענ, פונ אנ אנדער פאָרשטעלונג וועגנ דער וועלט? די סיבעס ליגנ אינ דעמ עצעמ דיפערענציאציע־פּראָצעס פונ דענקענ. מיר וועלנ זיכ ניט אראָפּלאָזנ אינ די צייטנ פונ מאגישנ אונ קאָסמישנ דענקענ, דאָס וואָלט צו ווייט פארפירט. מיר וועלנ נעמענ דעמ רעליגיעזנ דענקענ. ס'איז געווענ, ווייסנ מיר, צייטנ, ווענ דער רעליגיעזער דענקענ איז געווענ דער אליינהערשער. די גאנצע וועלט איז אופגענומענ געוואָרנ דורכ דער רעליגיעזער פאָרשטעלונג. די גאנצע לעבנ־דערפארונג, וועלט־דערקענטעניש איז איינגעוויקלט געווענ אינ א רעליגי־עזנ שלייער, אויכ, פארשטייט זיכ, אינ א רעליגיעזנ שפּראכ־שלייער. דאָס איז אָבער אינ יענע צייטנ געווענ ניט בלויז רעליגיעזע שפּראכ־פאָרמע, נאָר אויכ אינהאלט. ווענ דער רעליגיעזער אלצ ארומכאפנדיקער וועלטבאנעמ נעמט זיכ אופרייסנ, ס'גייט א דיפערענציאציע, ס'הייבט זיכ אָנ אויסטיילנ א רעאלער קוק אפ דערשיינונגענ, ווערנ די אלטע ווערטער טרעגער פונ די נייע באגריפנ, פונעמ נייעמ דענקענ. דער אלטער באטייט פונ וואָרט ווערט ביס־לעכווייז אויסגעליידיקט, ווערט פארגעסנ אָדער אָפּגעשטופּט אפנ צווייטנ אָרט, אָדער זיי בלייבנ ביידע גלייכבארעכטיקט בא פארשיידענע סאָציאלע קאָלעק־טיוונ א. אז. וו. דער פּראָצעס איז אָבער א דויערנדיקער, דער רעליגיעזער וועלט־שלייער פארנעמט נאָכ דעמ אויבנאָנ א לאנגע צייט. אפילע אינ דער נייער צייט, אפילע אטעיסטיש־מאטעריאליסטישע אידייעס ווערנ אָנגעקליידט אינ רעליגיעזנ אָנטאָנ. דער בוילעטסטער ביישפּיל איז ספּינאָזע. „גאָט” בא ספּינאָזענ באטייט אינ טאָכ „מאטעריע”. דאָ איז אָבער ניט נאָר א רייג־טער־מינאלאָגישע פראגע. צו שטארק איז נאָכ די ווירקונג פונ „גאָט” אינ יענער צייט אנטקעגנצושטעלנ אימ אינגאנצנ א נייעמ באגריפ, א נייעמ „קויעכ” אי לויטנ אינהאלט אונ דעריקער לויט דער פאָרמע. „גאָט” ווערט דערפירט צו „אויסגאָט”.

אפ אזא אופנ, איז דער פּראָצעס פונ ווערטער־פארוועלטלעכונג דורכויס באדינגט געווענ פונעמ פּראָצעס פונ דענקענ־דיפערענציאציע אפ פארשיידענע סטאדיעס פונ דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג. אפ פארשיידענע סטאדיעס האָט זיכ פונ דער רעליגיעזער לעקסיק אָפּגעריסנ א טייל, וואָס איז מיטנ

ווײַטערדיקן אַנטוויקלונג-גאַנג פֿון דער מענטשלעכער פּראַקטיק פֿאַרוועלט-לעכט געוואָרן.

די פֿאַרוועלטלעכונג פֿון ווערטער און אויסדרוקן איז אויף די פֿריִערדיקע סטאַדיִעס, ווען די שפּראַך-בוייונג איז נאָך ניט געווען קיין באַוווּסטזיניקער אַקט, געווען אַן אומפֿאַרמײַדלעכע דערשײַנונג אין שפּראַך־שעפֿערישן פּראָ-צעס. פֿאַלש איז אָבער, ווען מע פּרוּווט די דאָזיקע אומפֿאַרמײַדלעכקייט פֿאַר-שפּרייטן אויף אַלע צײַטן ביז הײַנטיקן טאָג.

דאָס קליידן נײַע באַגריפֿן, נײַע פֿאָרשטעלונגען אין אַלטע ווערטער האָט שטענדיק איידעס געזאָגט אויף דעם, אַז דער אַלטער אַרט דענקען זיצט נאָך אין די מוחכעס פֿון די שפּראַך-שאַפֿער, זאָל דאָס זײַן די מאַסע אָדער די אי-דעאָלאָגן פֿון דער מאַסע. דאָס האָט שטענדיק איידעס געזאָגט, אַז דאָס נײַע און דאָס אַלטע זײַנען נאָך ניט שטרענג דיפֿערענצירט. דער דאָזיקער קאַמף אָבער צווישן אַלטן און נײַעם לעבן־קוק איז דאָך פֿאָרגעקומען ניט אַלע מאָל סטיכייִש. די נאַציאָנאַל־ליטעראַרישע שפּראַכן זײַנען דאָך אויפֿגעקומען ווײַט ניט סטיכייִש. די טרעגער פֿון נײַע און אַלטע אידייעס און פֿאָרשטעלונגען זײַנען דאָך לעבעדיקע מענטשן, און אין דער קלאַסן-געזעלשאַפֿט הייסט עס, אַז די טרעגער זײַנען סאָציאַלע גרופּעס. אַזוי אַרום איז דער דאָזיקער קאַמף אין דער קלאַסן-געזעלשאַפֿט אַ באַוווּסטזיניקער אַקט פֿון קלאַסן-קאַמף. און וואָס נעענטער צו אונדזערע צײַטן, איז דער קאַמף באַוווּסטזיניקער און פֿאַר-ביטערטער. אָנשטאָט צו קעמפֿן קעגן די אַלטע דענק־פֿאָרשטעלונגען אין זייער שפּראַכלעכן אויסדרוק, האָבן די הערשנדיקע קלאַסן צוליב זייערע אינטער-רעסן — דערהויפּט איז עס שײַעך צו דער נײַער צײַט — דאָס אונטערגעהאַלטן, פֿאַרשטאַרקט און אויסגענוצט עס, ווי אַ מיטל אין זייער קלאַסן-קאַמף.

„די טראַדיציעס פֿון אַלע פֿאַרשטאָרבענע דורות דריקן, ווי אַ קאָש-מאַר, אויף די מוחכעס פֿון די לעבעדיקע. פּונקט דעמאָלט, ווען די מענטשן זײַנען אַזוי־ווי (דאַכט זיך) נאָר פֿאַרנומען מיט דעם, קעדיי איבערצו-מאַכן זיך און דעם אַרום און שאַפֿן עפּעס אַזוינס, וואָס עס איז נאָך ניט געווען, — איז דאַפֿקע אין אַזעלכע עפּאָכעס פֿון רעוואָלוציאָ-נערע קריזיסן רופֿן זיי שטענדיק אַרויס צו הילף די גײַסטער פֿון אָוועך, נעמען איבער בײַ זיי נעמען, קריגערישע לאָזונגען, קליידונג, קעדיי אין בגאָדים, צוליב אַלטקייט פּאַרהייליקטע, אויף אַן איבערגענומענער שפּראַך אָפּשפּילן אַ נײַעם אַקט אויף דער וועלטלעכ-היסטאָרישער סצענע"... „אַזוי האָבן מיט איין יאָרהונדערט פֿריִער, אויף אַן אַנדער אַנטוויקלונג-שטופֿע, קראָמוועל און דאָס ענגלישע פֿאָלק זיך באַנוצט פֿאַר זייער בורזשואַזער רעוואָלוציע מיט דער שפּראַך, לײַדנשאַפֿטן און אילוזיִעס, איבערגענומענע פֿון ביבל" (מאַרקס „18 ברומער" ז. 8—10).

און אויב אין די פֿריִערדיקע עפּאָכעס, ווען די רעליגיִעזע וועלט־אויפֿפֿאַסונג איז נאָך פֿעסט געזעסן אין די מוחכעס פֿון מענטשן, האָט דאָס קליידן זיך אין אַלטע בגאָדים געדינט ווי אַ געווער פֿון קלאַסנקאַמף, איז וואָס קען מען שוין זאָגן וועגן הײַנטיקן טאָג? הײַנט, אין דער צײַט פֿון לעצטן קלאַסן־גע-ראַנגל, ווען די וועלט איז צעטיילט אויף צוויי קלאַסן-לאַגערן, ווען אויף איין זײַט — דער לעצטער קלאַס איז אין דער געשיכטע בויט איבער די וועלט,

קעמפט פארביטערט פארן איבערמאכן דעם מענטשן, און אפ דער צווייטער זייַט — דער אָפּשטארבנדיקער קלאס, וואָס שלעפּט די מענטשהייַט צוריק אין מיטלאלטער, צו פארשקלאפונג, צו פינצטערקייַט, צו אָבערגלויבערייַ און מיסטיק; הייַנט, ווען אין לעצטן געראנגל ווארפן ביידע לאגערן איטלעכס אויסגעפרווווט און ניט אויסגעפרווווט געווער — קען דען זייַן א רייד וועגן לאָזן אָן א זייַט אזא שארפ געווער, ווי די שפראך? און קען דען זייַן א סאָפעק, פון וועלכן און אין וועלכן לאגער דאָס שפּראכגעווער צילט? הייַנט, ווען די שפראך-בויונג האָט, ווי א מיטל פון קלאסנקאמף, דערגרייכט די העכסטע שטופע פון באזיניקונג, קען דען זייַן א סאָפעק אין וועלכן לאגער עס שטייען די יידישיסטן? די גאנצע שפראך-פּאָליטיק פון די יידישיסטן, לויט זייערע טעאָרעטישע ארויסזאָגונגען און דעריקער לויט זייער פראקטיק, לאָזט ניט איבער קיין שפּור פון צווייפל, אז זיי קעמפן אין די רייען פון פאשיסטישן לאגער. דער כאראקטער פון דער יידישיסטישער שפראך־בויונג באטייַט דאָך בעשומ־אופן ניט קיין באַרייַכערונג פון דער שפראך. דאָ האנדלט זיך דאָך ניט וועגן שאפן טערמינען פאר נייַע באגריפן, וואָס האָבן ביז אהער ניט עקזיסטירט, ווי ס'איז פאָרגעקומען און קומט פאָר מיט יידיש אין סאָוועטנפארבאנד. אונדזערע שפראכלער זייַנען געשטאנען און שטייען טאָגטעגלעך פאר שווערע אויפגאבעס — שאפן נייַע ווערטער פאר אינגאנצן נייַ־אויפגעקומענע באגריפן. האָבן די ערשטע יאָרן אונדזערע שפראך-שאפער גענומען אויסנוצן אויך מאטעריאל פון דער רעליגיעזער לעקסיק צו שאפן די נייַע ווערטער. דאָ האָט זיך, פארשטייט זיך, געהאנדלט וועגן אויסנוצן נאָר די פאָרמע, קעדיי ארייַנצולייגן אינעם אלטן וואָרט נייַעם אינהאלט. אונדזערע שפראכלער האָבן אָבער פארגעסן (און אָפּט עפשער ניט פארגעסן), אז מע קאָן ניט אָפּרייַסן פאָרמע פון אינהאלט און אז פארוועלטלעכן א רעליגיעזן טערמין מוז געדויערן צייַט. איידער ס'וואָלט זיך איינגעבירגערט דער נייַער באטייַט, וואָלט דער באוווסטזייַן פון די ריידער געשלעפּט געוואָרן צוריק אין בעסמעדרעש ארייַן. און אזעלכע עקספערימענטן זייַנען ניט דערלאָזלעך אין אונדזער צייַט. אָבער בא די יידישיסטן האנדלט זיך דאָך ניט וועגן שאפן נייַע ווערטער פאר נייַע באגריפן, עס האנדלט זיך דאָך ניט וועגן אויסנוצן נאָר די אלטע פאָרמע, עס האנדלט זיך ניט וועגן פארוועלטלעכונג, נאָר עס האנדלט זיך דאָך אין טאָך וועגן ארויסשטויסן עקזיסטירנדיקע וועלטלעכע טערמינען און פארבייַטן זיי מיט רעליגיעזע („זמאנ" אָנשטאָט „סעזאָנ", „דינ" אָנשטאָט „געזעצ", „מיניענ" אָנשטאָט „ריי" א. א. וו.). ס'האנדלט זיך וועגן אריבערטראָגן דעם אלט־קאָנסערוואטיוון אינהאלט אפ דער ארומיקער וועלט.

דאָ גייט ניט קיין רייד וועגן אויסליידיקן דעם רעליגיעזן אינהאלט, נאָר פארקערט, אים פארשטארקן, פארברייטערן. ניגערס גרויסקייַט שפּארט זיך אָן אויסשליסלעך אפן „מאָרע-דעאסרע" אפן „קיסע-האָראבאָנעס" א. א. וו., ד. ה. אפן אינהאלט. פרווווט אויסליידיקן דעם דאָזיקן רעליגיעזן אינהאלט פון „ראבאָנעס", „יאָמקיפער", „בעל־מוסעפ", "סימכעסטוירע" און אז. וו., גייט דאָך פארלאָרן דער גאנצער זינען און ציל פונעם אריבערטראָגן זיי אפ אנדערע דערשייַנונגען. פארקערט, דער גאנצער קויעך פון אריבערטראָגן די דאָזיקע ווערטער ליגט אין דעם, וואָס זייער רעליגיעזע פונקציע איז פעסט. און דאָס וויסן די יידישיסטן אויסגעצייכנט.

„...קאַלזמאנ — זאָגט ווײַנרײַכ — עס וועט נאָכ זײַנ ערגעצווו א יעשיווע, וועלנ זײַנ לעבעדיק די אלע אויסדרוקנ, וואָס זײַנענ שוינ ניט באקאנט דעמ הײַנטיקנ פארוועלטלעכטנ אוילעמ, קאַלזמאנ עס וועט נאָכ זײַנ א מיניענ דאוו-נער וועט לעבנ דאָס וואָרט „מיניענ״ („צוקונפט״, נ. 3., 1931). אונ ווײַנרײַכ פאַרלירט ניט די האָפענונג:

„וואָס עס לעבט (רעליגיע — מ. ג.), האָט נאָכ ניט אָפגעדאנקט, וואָס עס איז שוינ קימאט ווי אָפגעשטאָרבנ, קענ זיכ ווידער אופכאפנ בא א נײַעמ שיכט מענטשנ״ (דאָרטנ).

זיי זיצנ אָבער ניט צונויפגעלייגט די הענט. זיי ווארטנ ניט, טאָמער וועט זיכ אופכאפנ. אונ אויב ס׳איז שוינ ניט באקאנט דעמ הײַנטיקנ פארוועלט-לעכטנ אוילעמ, באמיִענ זיי זיכ דעריבער מיט אלע קויכעס צו מאכנ אימ בא-קאנט די רעליגיִעז־נאציִאָנאליסטישע וועלט-אָנשויונג, שטרעבנגענ זיי אָנ אלע קויכעס, קעדיי אופצוועקנ דאָס בא א נײַע שיכטנ מענטשנ. ניט פארוועלטלעכנ די רעליגיִעזע טערמינענ איז זייער ציל, נאָר פארקלעריקאלעווענ די ארומיקע וועלט. צוליב וואָס? צוליב דעמ, קעדיי אָפצוציִענ דעמ „פאַרוועלטלעכטנ אוילעמ״ (לייענ—די רעוואָלוציִאָנערע ארבעטערשאפט) פונ וועלטלעכנ (לייענ— רעוואָלוציִאָנער־מארקסיסטישנ) וועלט־באנעמ.

געטרײַ דינענ זיי דער פאשיסטישער רעאקציע. דאָס איז דער טאָכ פונ זייער שפראכ-פּאָליטיק.

---

כ. האָלמשטאָק

# וועגנ דעמ ייִדישנ אויסטייַטש־ווערטערבוכ

(פאָרטראָג, געהאלטנ אפ דער אַלוקראַיִנישער שפּראכ-בארּאטונג דעמ 10-מייַ 1934)

## I

מיר איז שוינ אויסגעקומענ ניט איינ מאָל צו ריידנ וועגנ דער נייטיקייט פונ א ייִדישנ ווערטערבוכ אונ וועגנ דער ראָליע, וואָס ווערטערביכער שפּילנ אינ קאמפּ פאר אידעאָלאָגישער באווירקונג פונ די מאסנ. אינ די לענדער פונ אייראָפּע אונ אמעריקע זייַנענ ווערטערביכער פונ דער אייגענער שפּראכ שוינ פונ לאנג א פארשפּרייטע דערשייַנונג. מיר טרעפנ דאָרט ווערטערביכער פונ פארשיידענער גרייס אונ אָנווענדונג, צוגעפּאסט פאר פארשיידענע שיכטנ אונ עלטערס. דער דורכשניטלעכער בירגער, דער סטודענט, דער שילער פונ פאָלקסשול ווייס וועגנ א ווערטערבוכ אונ קענ זיכ מיט אימ באנוצנ. א ווערטערבוכ איז דאָרט א געוויינטלעכער געברויכ-קעגנשטאנד, אונ דערפאר טאקע איז אזוי גרויס זייַנ באדייַטונג, ווי א מיטל צו אייַנפלאנצנ א געוויסע שפּראכ-קולטור, אונ דורכ דער שפּראכ — די אידעאָלאָגיע פונ די הערשנדיקע עקספּלואטירנדיקע קלאסנ. בא אונדז אינ פארבאנד האָבנ מיר אינ דעמ געביט באקומענ א ביז גאָר מאָגערע ירושע. אינעמ צארישנ רוסלאנד איז קיינ ווערטערבוכ־קולטור קימאט ווי ניט געווענ. אונ ניט נאָר פאר די ברייטע מאסנ, נאָר אפילע פאר דעמ הייַפל אויסדערוויילטע פונ דער „העכערער" געזעלשאפט. דער גרויסער אקאדעמישער ווערטערבוכ פונ דער רוסישער שפּראכ, וואָס מע האָט אָנגעהויבנ ארויסגעבנ פונ אָנהייב 90-ער יאָרנ, האָט זיכ צענדליקער יאָרנ געשלעפּט אונ איז ניט פארענדיקט געוואָרנ ביז הייַנטיקנ טאָג. שוינ אָפּגערעדט, וואָס מיט יעדער נייַעמ רעדאקטער זייַנעמ האָט זיכ געענדערט די גאנצע סיסטעמ פונ ווערטערבוכ, אזוי אז די פארשיידענע בענד זייַנע זייַנענ, אייגנטלעכ, בענד ניט פונ איינעמ, נאָר פונ פארשיידענע ווערק. אויב ניט רעכענענ אייניקע פּרוּוונ פונ קלענערע ווערטערביכער (ווי, לעמאָשל, סטאָיאנס, „מאלי טאָלקאָווי סלאָוואר רוסקאָוואָ יאזיקא"), וואָס האָבנ א גאנצ קנאפּנ ווערט, בלייַבט ד א ל ס דער איינציקער רוסישער ווערטערבוכ, וואָס מע איז די גאנצע צייַט געווענ געצוווּנגענ צו נוצנ, אונ צו וואָסערנ מע מוז נאָכ,

ליידער, אָנקומענ אויכ בא הײַטיקנ טאָג. אָבער דאַלס ווערטערבוכ, ניט געקוקט אפ די גרויסע שפּראַכ-אוצרעס, וואָס זײַנענ דאָרט אָנגעזאמלט, איז שוינ זייער פּאַרעלטערט, אונ כוץ דעמ איז ער קיינמאָל ניט געווענ קיינ מאָסגעבער פאַר דער רוסישער ליטעראַרישער שפּראַכ, אונ דערהויפּט נאָכ פאַר דער מאָ־דערנער ליטעראַטור־שפּראַכ (פאַרגלײַכ גאָרקי — По поводу одной дискуссии אינ „ליט. גאַז". נומ. 9. פונ 28 יאַנוואַר, 1934 י.). ניט אומזיסט האָט כ׳ לעניג, וואָס האָט אליינ זייער געהאַלטנ פונ דאַלס ווערטערבוכ אונ פלעגט אימ אָפט בלעטערנ, דאָכ אוועקגעשטעלט ערנסט די פראַגע וועגנ שאַפנ א נײַעמ רוסישנ ווערטערבוכ. דאָס איז געווענ נאָכ אינ 1921 י. צומ באַדויערנ, האָט זיכ די זאַכ שוינ צופיל פאַרצויגנ — דער ערשטער באַנד פונ דעמ דאָזיקנ ווערטער־בוכ דאַרפ ארויסגייג ערשט אינ הײַנטיקנ 1934 יאָר (אינגאַנצנ דאַרפ ער באַ־שטיינ פונ 3 בענד). שוינ גאָר לעצטנס, אינ צוזאַמענהאַנג מיט דער דיסקוסיע ארומ דער רוסישער שפּראַכ, וואָס איז אופגעהויבנ געוואָרנ לויט גאָרקיס איניציאַטיוו, קומט נאָכ אויס צו הערנ, אז איינער פונ די פאַקטנ פונ די „שרײַ-ענדיקע אומגאָרמאַלקײַטנ אינ געביט פונ אויסלערנענ די שפּראַכ" איז דאָס, וואָס „דער איינציקער ווערטערבוכ, מיט וואָס די שרײַבער זײַנענ ביז הײַנטיקנ טאָג געצוווּנגענ צו באַנוצנ זיכ, איז דאַלס ווערטערבוכ" (זע דעמ באַ-ריכט וועגנ כ׳ באָלאָטניקאָווס פאָרטראָג. „וועגנ שפּראַכ" אינ „ליט. גאַז." נומ. 45 פונ 12 אפּרעל 1934 י.).

עס איז דעריבער קיינ וווּנדער ניט, וואָס באַ אונדז איז מענ זייער ווייניק באַקאַנט, אָפט אפילע צווישנ ספּעציאַליסטנ, מיט דעמ טאָכ פונ דער ארבעט איבער א ווערטערבוכ, מיט דער גרויסער באַדײַטונג, וואָס א ווערטערבוכ האָט. אינ בעסטנ פאַל שטעלט מענ זיכ עס פאָר — אָדער ווי אנ איבערזעצונג-ווערטערבוכ פונ אנ אנדער שפּראַכ, אָדער עפּעס ווי א נאַציאָנאַלנ דענקמאָל, וואָס דאַרפ פאַרייביקנ אונ פאַרהערלעכנ פאַר דער וועלט די גרויסקײַט אונ רײַכקײַט פונ דער נאַציאָנאַלער קולטור, פונעמ נאַציאָנאַלנ גײַסט אונ אז. וו. אזוי איז עס פאַקטיש פאָרגעקומענ אויכ אינ פאַרבינדונג מיט דער פראַגע וועגנ ווערטערביכער אפ יידיש. עס קענ קיינ שומ סאָפעק ניט זײַנ, אז איבערזעצ-ווערטערביכער פונ יידיש מיט אנדערע שפּראַכנ (רוסיש, אוקראַיניש, ווײַס-רוסיש) איז א זאַכ פונ ברענענדיקער נייטיקײַט, דערהויפּט נאָכ אינ די באַדינ-גונגענ פונ סאָוועטנפאַרבאַנד. שוינ דער אינטערנאַציאָנאַלער כאַראַקטער פונ דער סאָציאַליסטישער קולטור פאַרפליכטעט אונדז דערצו. עס איז אָבער גיי־טיק קלאָר צו מאַכנ וואָס אזעלכע ווערטערביכער דאַרפנ אונדז געבנ. לויט מײַנ מיינונג, קענ מענ פונ דעמ טיפּ ווערטערביכער דערוואַרטנ: ערשטנס, הילפ פאַר די, וואָס הייבנ ערשט אָנ צו באַקענענ זיכ מיט דער אנטשפּרעכיקער שפּראַכ; צווייטנס — פאַר אזעלכע, וואָס קענענ גאַנצ גוט ביידע שפּראַכנ, אונ עס איז זיי גאָר נייטיק פונ צײַט צו צײַט צו דערמאָנענ זיכ אפ די מעגלעכע איבערזעצונגענ פונ א וואָסערנ עס איז וואָרט. קיינ ווײַטערע צילנ שטעלנ זיכ ניט אזעלכע ווערטערביכער אינ דעמ גרעסטנ טייל פאַלנ. וואָס איז שײַכ דער נייטיקײַט גופע פונ אזעלכע ווערטערביכער, איז וועגנ דעמ באַ קיינעמ קיינ סאָפעק ניטאָ. אונ עס איז שטאַרק צו באַדויערנ, וואָס די אונטערנעמונ-גענ אינ אָט דעמ געביט, וואָס מע האָט שוינ אָנגעהויבנ מיט אייניקע יאָר צוריק, האָבנ נאָכ ביז איצט ניט געוויזנ קיינ רעזולטאַטנ.

אנדערש איז אָבער, ווען עס שטעלט זיך די פראגע וועגן א ווערטערבוך פון דער ייִדישער שפּראך. דאָ הייבט זיך אָן א ריי מיספארשטייענישן. ווען אין 1925 י., מיט דער גרינדונג פון דעם „אינווײַסקולט" און זײַן ייִדישן אָפּטייל, האָט זיך געשטעלט די פראגע וועגן א ייִדישן ווערטערבוך, איז מען צו אים גלײַך צוגעטראָטן מיט דער ציל-אײַנשטעלונג — ארויסצוברענגען די „רײַכע אוצרעס" פון דער שפּראך פונעם ייִדישן פאָלק פאר דער גאנצער וועלט, באווײַזן פאר אלעמען, אז מיר זײַנען א פאָלק מיט לײַטן גלײַך. אז א ווערטערבוך איז אן אינסטרומענט, וואָס דארף באדינען די ברייטע מאסן ארבעטנדיקע, אז אָרגאניזירנדיק די ליטעראטור־שפּראך פונעם פּראָלעטאריאט, דארף ער העלפן איבערבויען דעם באוווּסטזײַן זײַנעם, קעמפן מיט די אידעאָלאָגישע רעשטן פונעם קאפּיטאליזם און אנטוויקלען די אידעאָלאָגיע פונעם פּראָלעטאריאט, אז א ווערטערבוך איז א געווער אינעם קלאסנקאמף, וואָס דארף העלפן קריטיש איבערשאצן די לעקסישע ירושע פון די פריִערדיקע עפּאָכעס, העלפן אָריִענטירן זיך אין די פארשיידנארטיקסטע ווירקונגען אפּן פּראָצעס פון אויסבילדן די שפּראך פונעם פּראָלעטאריאט, ווו מע מוז שטענדיק זײַן אפּ דער וואך און אונטערשיידן צווישן פרײַנט און פײַנט, — וועגן אזעלכע זאכן האָט מען זיך אפילע ניט פארטראכט. איך וועל זיך דערלויבן זאָגן אפילע נאָך מער: שטעלנדיק זיך א ציל אײַנצוזאמלען אין איין גרויסן „מאָנומענט" א יעדער וואָרט, וואָס קען זיך נאָר טרעפן, האָט מען זיך גאנץ ווייניק פארטראכט וועגן דעם, אז די אײַנגעזאמלטע ווערטער זאָלן זײַן פאָרגעשטעלט אין דער גאנצער פולקײַט און פארשיידנארטיקײַט פון זייער באטײַט. פאר דער שווערסטער ארבעט האָט מען געהאלטן די זאמלונג גופע, דאָס גרינגסטע, האָט מען זיך פאָרגעשטעלט, וועט זײַן די אויסטײַטשונג. ווען מיר נעמען די גרויסע אקאדעמישע ווערטערביכער אפּ פארשיידענע שפּראכן, מוזן מיר מודע זײַן, אז בא די אויסגעשפּראָכענע קלאסן-צילן, וואָס זיי שטעלן זיך, בא דער אָפּט גאנץ אָפּן דורכגעפירטער ליניע פון א באשטימטער אידעאָלאָגישער באווירקונג, האָבן מיר אָבער דאָרט צו דער זעלביקער צײַט ניט נאָר א קאָלאָסאלע אָנזאמלונג פון מאטעריאל, נאָר אָפּט אויך א דעטאלע און א זאָרגפעלטיקע באארבעטונג פונעם מאטעריאל, וואָס דערגייט אמאָל ביז צום ארויסברענגען די איידלסטע שאטירונגען פונעם וואָרט-באטײַט. אזוי אז בא א קריטישן צוגאנג צו דער אידעאָלאָגישער זײַט פון דער באארבעטונג, האָבן מיר דאָרט זייער פיל צו יארשענען. מיר וואָלטן דאָס אָבער ניט געהאט, ווען עס וואָלט טאקע פארווירקלעכט געוואָרן דער פּלאן פונעם ייִדישן אקאדעמישן ווערטערבוך. אין בעסטן פאל וואָלט עס געווען א מער אָדער ווייניקער רײַכע זאמלונג פון ווערטער. אָבער גאָר ווייניק וואָלטן מיר פון אים געקענט אויסנוצן פאר דער אופגאבע, וואָס עס שטייט פאר אונדז איצט — קאמף פאר דער „ריינקײַט, געדאנקלעכער פּינקטלעכקײַט, שארפקײַט פון דער שפּראך", וואָס איז און דארף בא אונדז זײַן א געווער פון סאָציִאליסטישער קולטור. אז דאָס איז אזוי, קען מען זיך איבערצײַגן, ווען מע באקענט זיך מיט די ארויסזאָגונגען וועגן דעם ווערטערבוך פון זײַן איניציִאטער, דעם פארשטאָרבענעם כ' ווײַנגער, מיט דעם, ווי אזוי דאן איז אָרגאניזירט געוואָרן די זאמלונג פון די מאטעריִאלן און מיט דעם כאראקטער פון די אָנגעזאמלטע מאטעריִאלן.

װען מיר האָבנ מיט א צװײ יאָר צוריק געשטעלט די פראגע װעגנ שאפנ א ייִדישנ אױסטײַטש־װערטערבוכ, איז אױסגעקומענ צו באגעגענענ זיכ, פונ אײנ זײַט, מיט אזעלכע פראגעס: װאָס איז דאָס אזױנס? צו װאָס דארפ מענ עס? פונ דער אנדער זײַט — מיט א פאָרשטעלונג, אז עס גײט א רײד װעגנ אנ אקאדעמישנ װערטערבוכ פונעמ „מאָנומענטאלנ״, „אױצער״-טיפ, דאָס הײסט, אײגנטלעכ, אז מיר גײענ, קלױמערשט, פאָרזעצנ די אלטע אונטערנעמונג פונ 1925. שױנ אינ אונדזער באריכט װעגנ דער ארבעט פונ דער לינגװיסטישער קאָמיסיע („אפנ װיסנשאפטלעכנ פראָנט״ 1—2, 1932 י., ז. 152) האָבנ מיר אָנגעװיזנ גאנצ קלאָר אונ דײַטלעכ, פארװאָס מיר האלטנ פאר ניט מעגלעכ איצט אונטערצונעמענ אזא ארבעט. צו יענע ארגומענטנ קענענ מיר איצט דאָ צוגעבנ נאָר אָט װאָס: אינ דער ארבעט „אײניקע לעקסיקאָגראפישע פראָבלעמעס״ (לינגװיסטישער זאמלבוכ I, 1933) האָבנ מיר געפרוּװט אָנװײַזנ, װי אזױ מיר שטעלנ זיכ פאָר אזא װערטערבוכ, װאָס פאר א פאָדערונגענ מיר דארפנ צו אימ שטעלנ. עס װאָלט געװענ הױלע פראָזשעקטנ-מאכערײַ, װענ מיר טרעטנ איצט צו צו אזא ארבעט: ניט מיר האָבנ אָנגעזאמלט די גענוגנדיקע צאָל מאטעריאלנ, ניט עס זײַנענ פאראנ די נײטיקע פאָרשערישע פאָר-ארבעטנ, ניט מיר פארמאָגנ די נײטיקע ספּעציאליסטנ דערצו. אכוצ דעמ דארפ מענ װידער טאקע ניט פארגעסנ, אז אזא װערטערבוכ איז ניט קײנ מאסנ װערק, באדינענ װעט ער מערסטנ דעמ ספּעציאליסט.

גאָר אנדערע צילנ דארפ זיכ שטעלנ אנ אױסטײַטש-װערטערבוכ פונ דעמ טיפ, װאָס מיר פראָיעקטירנ. זײַנ ציל דארפ זײַנ צו באדינענ די ברײטע מאסנ ארבעטנדיקע אונ קולטור-טוער. די הױפּט-אױפגאבע זײַנע איז אױפדעקנ פארנ לײענער אונ פארבאװוסטזיניקנ בא אימ דעמ אינהאלט פונ די װערטער פונ דער אײגענער שפּראכ פונ הײַנטיקנ טאָג, װאָס אינ דעמ גרעסטנ טײל נוצט ער זײ געװײנטלעכ סײַװי אינ רײד אונ אפילע אינ שריפט. דער ציל איז דאָ — ניט נאָר אױפקלערנ אונ באקענענ מיט װערטער נײַע, שװערע, נאָר אױכ פארטיפערנ אונ פארברײטערנ דעמ באנעמ פונ װערטער אפילע געװײנטלעכע אונ אלט־באקאנטע, קעדײ דער לײענער זאָל באװוסטזיניק קענענ אָנװענדנ זײ אינ דער ליטעראטור־שפּראכ מיט דער מעגלעכסט גרעסטע פּינקטלעכקײַט אונ גענױקײַט. לאָמיר זיכ אָפּשטעלנ גענױער אפ די צװײ קאטעגאָריעס װערטער, װאָס מיר האָבנ דאָ באצײכנט, װי „נײַע״ אונ „געװײנטלעכע, אלט-באקאנטע״.

II

אונדזער איצטיקע סאָװעטישע ייִדישע שפּראכ צײכנט זיכ אױס מיט א קאָלאָסאלער צאָל נײַע װערטער. װעגנ דעמ איז שױנ פיל גערעדט געװאָרנ, אונ עס איז ריכטיק אױכ די באהױפּטונג, אז שױנ אָט דער פאקט אלײנ, די צאָליקײַט פונ די נײַע װערטער, שאפט גאָר א נײַע קװאליטעט פונ דער שפּראכ. מיט װאָס דערקלערט זיכ אזא גרױסע צאָל נײַע װערטער? אפ דערױפ טרעפט איר אָפּט א פארטיקנ ענטפער: עס גײט אָנ א רעװאָליוציע, דאָס לעבנ ברױזט, עס קומענ אופ נײַע באגריפנ, נײַע אנשטאלטנ, דערשײַנונגענ, קעגנשטאנדנ — בעמײלע מוזנ קומענ נײַע װערטער פאר די נײַע באגריפנ. פּונקט אזױ איז אױכ מיט די באגריפנ אונ קעגנשטאנדנ, װאָס קומענ אומ אינ

דער רעוואָליוציע, זיי שלעפּן אוועק מיט זיך אין טהאָם פון פארגעסנהײַט אויך די ווערטער, וואָס האָבן זיי באצייכנט — אזעלכע ווערטער שטארבן אָפּ. גענומענ סכעמאטיש, איז די דאָזיקע דערקלערונג, פארשטייט זיך, ריכטיק. אָבער אפילע אן עלעמענטאר ביכל פון דער אינדאָ-אייראָפּייִסטישער שפּראַכ־וויסנשאפט באגוגנט זיך דאָך ניט מיט אָט דער קימאט ביבליש-נאַיִווער דערקלערונג. מיר נעמענ דעמ ערשטנ בעסטנ פונ די, אינ זייער צייט, זייער פארשפּרייטע לערנביכער, צ. ב., אושאקאָווס „קורצער אריינפיר אינ דער וויסנשאפט וועגנ שפּראַכ“, לייענע מיר דאָרט אפּ ז. 110 (3־טע אופלאגע, 1917): „די נאטירלעכע אורזאַכ פארנ פארלאָרנ גייענ פונ ווערטער אונ דערשײַנענ פונ נײַע ווערטער איז דאָס פארשווינדנ גופע פונ יענע קעגנשטאנדנ פונ געדאנק, וואָס די ווערטער האָבנ באצייכנט, אָדער דאָס דערשײַנענ פונ נײַע קעגנשטאנדנ“. אָבער אפילע אושאקאָוו מוז צוגעבנ: „דאָך קענ א וואָרט, אפילע נאָך דעמ, ווי דער קעגנשטאנד איז פארלאָרנ געגאנגענ, אופהיטנ זיך אינ דער שפּראַכ שוינ מיט אנ אנדער באטײַט, אויך קענ א נײַער קעגנשטאנד אָנגערופנ ווערנ מיט אנ אלטנ וואָרט“. אונ ווײַטער: „אָבער, אויסער דעמ, קומענ אופ נײַע ווערטער אויך אָנ דעמ אופקומענ פונ נײַע קעגנשטאנדנ, אונ דאנ זײַנענ זיי נײַע נעמענ פאר אלטע קעגנשטאנדנ“. קיינ דערקלערונג, פארוואָס דאָס קומט אלץ אזוי פאָר, גיט אושאקאָוו, פארשטייט זיך, ניט. ער ברענגט נאָר א פּאָר בײַשפּילנ, ווי אזוי, אז עס ווערט א סאַמאָוואַר, א ערAָפּלאַנ א. ד. גל., קומענ אופ אויך ווערטער אזעלכע. אונ ווי אזוי אָנשטאָט די ווערטער ваяние אונ зодчество איז מיטאמאָל „פונ העלער הויט“ געוואָרנ скульптура אונ архитектура. ענלעכס קענ מענ געפינענ אויך בא אנדערע אווטערנ פונ דעמ מינ.

די צאָרע מיט אָט דעמ מינ „דערקלערונגענ“ איז אויסער דעמ, וואָס זיי שטעלנ פאָר דאָס אופקומענ פונ נײַע ווערטער אינ דער שפּראַכ, ווי א פּראָצעס א ריינ אָביעקטיווע (קומענ אופ נײַע זאכנ, ווערנ געשאפנ פאר זיי אויך נײַע ווערטער), שטעלנ זיי מיט זיך פאָר איבערהויפּט בלויז סכעמעס, אונ די ריכטיקײַט זייערע איז נאָר א טיילווײַזע. צומ טאָל פונ דער דערשײַנונג דערגייענ זיי קיינמאָל ניט, ווײַל זיי דערגייענ איבערהויפּט ניט צו דער סאָציִאלער קלאסנ-נאטור פונ דער שפּראַכ. געגעבנ אינ דער סאמע אלגעמיינער פאָרמע, וואָס זאָל קלוימערשט זײַנ גילטיק פאר אלע צײַטנ אונ באדינגונגענ, העלפנ זיי דעריבער גאנצ ווינציק, ווענ עס קומט אויס צו באטראכטנ קאָנקרעט די אויסבילדונג פונ געוויסע נײַע ווערטער אינ א באשטימטער צײַט אונ שפּראַכ בא געוויסע באדינגונגענ.

ווענ די דײַטשישע פירשטנ, הערצאָגנ אונ גראפנ פונ די „פאלמענ-אָרדענס“ אונ „בלומענ-אָרדענס“ אינ 17-טנ יאָרהונדערט האָבנ גענומענ רייניקנ די שפּראַכ אונ פארבײַטנ אפילע דעמ „אויסלענדישנ“ נאַזע אפּ א היימיש אויסגעטראכטנ „לעשהאָרנ“ צי „געזיכטסערקער“ א. ד. גל., איז האָט זיך דערבײַ, פארשטייט זיך, גאָרנישט ניט געביטנ אינ דעמ „נאָז“ גופע אונ ניט אפילע אינ דער באציִונג צומ נאָז. דאָס זעלביקע איז אויך, ווענ די איצטיקע דײַטשישע פאשיסטנ מאכנ דורכ ענלעכע אָפּעראציעס איבער דער שפּראַכ אונ ווילנ, צ. ב., ארויסווארפנ די אלגעמיינ-אָנגענומענע, אומעטומ פארשפּרייטע נעמענ פונ די כאדאָשימ אפּ נײַע, היימיש-געבאקענע. ניט די קעגנשטאנדנ האָבנ זיך דאָ געענדערט,

געענדערט האָבנ זיכ די געזעלשאפטלעכע באציִונגענ, די קלאסנ־פארהעלטענישנ אונ קלאסנ־צילנ. ווענ אינ אונדזער צייַט האָבנ די אוקראיִנישע נאצדעמענ געוואָלט ארייַנפירנ אָנשטאָט „פאָליוס" דאפקע „ביגונ", אונ די ווייַסרוסישע נאצדעמענ אנשטאָט „פערפענדיקוליאר" — „פראָסטאָפאדניק" אונ אז. וו., איז דאָס פאָרגעקומענ, פארשטייט זיכ, אויכ ניט דערפאר, ווייַל עס האָט זיכ עפעס געענדערט אינ דעמ „פאָליוס", צי אינ דעמ „פערפענדיקוליאר"; אונ וויני־קער פונ אלצ, דארפ מענ רעכענענ, האָבנ אָט די נאצדעמענ געהאט עפעס א באציִונג צו די דערמאָנטע באגריפנ גופע. איצט איז דאָכ שוינ פאר אלע־מענ קלאָר געוואָרנ, אז מיר האָבנ דאָ געהאט אנ אויסדרוק פונ די אינטער־ווענציאָניסטישע באגערנ פונ די רעשטלעכ קלאסנ־סאָנימ, וואָס די רעוואָ־ליוציע האָט זיי פארורטיילט צומ אומפארמייַדלעכנ אונטערגאנג. ווענ ד"ר ווייַנ־רייַכ לייגט פאָר ארייַנצופירנ אינ יִדיש אָנשטאָט די אָנגענומענע אינטערנא־ציאָנאלע אנאטאָמישע טערמינענ דאפקע אזעלכע „פערל", ווי „פי־טבעת," „בית־קבול" אונ ד. גל., איז קלאָר, אז דאָ ווערט דורכגעפירט א באשטימטע בור־זשואז־פאשיסטישע טענדענצ. ענלעכע דערשייַנונגענ קענ מענ באגעגענענ אינ דער געשיכטע פונ יעדער שפראכ.

לעקסישע באנייַונג פונ דער שפראכ איז אנ אויסדרוק פונ שפראכ־פאָ־ליטיק, א רעזולטאט פונ דעמ קאמפ פונ קלאסנ פאר אידעאָלאָגישער בא־הערשונג פונ די מאסנ. מע קענ ניט פארשטייַנ דעמ כאראקטער פונ די נייַ־בילדונגענ, אויפדעקנ דעמ אינהאלט זייערנ, ווענ מע באטראכט זיי ניט אינ דעמ שייַכ פונ אָט די אורזאכנ, וואָס האָבנ זיי ארויסגערופנ. ווענ פאר אונדז שטייט די פראגע וועגנ די נייַבילדונגענ אינ יִדיש אינ סאָוועטישנ פעריִאָד, מוזנ מיר עס באטראכטנ אינ דעמ שייַכ פונ דער אנטוויקלונג פונ דער רעוואָ־ליוציע אונ סאָציִאליסטישער בויונג, אינעמ שייַכ פונ דער לענינישער נאציִאָ־נאלער פאָליטיק אונ דעמ קאמפ פאר דער באָלשעוויזירונג פונ די יִדישע ארבעטנדיקע מאסנ, אינעמ שייַכ פונ דעמ קאמפ פאר דעמ סאָציִאליסטישנ באוווסטזייַנ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ קעגנ די רעשטנ פונ בורזשואזער אי־דעאָלאָגיע. נאָר דאנ וועלנ מיר זיכ קענענ פאנאנדערקלייַבנ אינ דעמ קאָמ־פליצירטנ איבערגעפלעכט פונ פארשיידענע קלאסנ־שטרייַטנ, באוווסטזיניקע אונ אומבאוווסטזיניקע קלאסנ־ווירקונגענ, וואָס האָבנ זיכ אָפגעשפיגלט אינ דעמ פראָצעס פונ דער שפראכ־אנטוויקלונג. נאָר אזוי וועלנ מיר קענענ איינ־שטעלנ אָריִענטיר־קריטעריען אויכ פאר דער ווייַטערדיקער פאָליטיק אינ אָט דעמ געביט.

ווענ אונדז קומט אויס איצט צו שאפנ אינ יִדיש גאנצע טערמינאָלאָגיִעס פאר פארשיידענע וויסנשאפטלעכע געביטנ,* איז דאָס, פארשטייט זיכ, גאָר ניט דערפאר אלייַנ נאָר, ווייַל עס זייַנענ גראָד איצט אויפגעקומענ נייַע וויסנשאפט־לעכע באגריפנ אונ מיר דארפנ פאר זיי שאפנ נייַע טערמינענ. צ. ב. לייַבקנעכט־שאפט, דער אינסטיטוט פונ לייַבייגנטומ* (крепостное право) איז שוינ לאנג אונטערגעגאנגענ, אונ אונדז קומט אויס איצט צו שאפנ אינ יִדיש, א גאנצע ריי נייַע ווערטער, טערמינענ, וואָס זייַנענ פארבונדנ מיט דעמ דאָזיקנ שוינ לאנג פארשוווּנדענעמ אינסטיטוט (тягло, оброк א. א. וו.). באמ שייַכ פונ אזעלכע פאקטנ שטעלט זיכ פאר אונדז גאָר אינ אנ אנדער ליכט די פראָב־

לעמ און דער כאראקטער פונ אונדזער איצטיקער שפראכ־שאפונג. נאָכ בוילע־טער ווערט עס, ווענ מיר נעמענ אינ באטראכט נאָכ אזא דערשײַנונג: אָט טרעפט איר זיכ מיט א שטעל אינ לענינס ווערק (Критические заметки по национальному вопросу), ווו ער רעדט וועגנ דער ניט-קאָנסעקווענטקײַט אונ אָפּאָרטוניזמ פונ דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, которая в национальном вопросе протягивает руку крепостникам и полицейским. אונ איר דארפט אי־בערזעצנ אזא וואָרט, ווי крепостники. דאָס זעלביקע וואָרט טרעפנ מיר אגעוו, זייער אָפּט אינ לענינס ווערק. אינ אונדזערע ביז איצט דערשינענע איבערזעצונגענ טרעפט איר דאָ געוויינטלעכ דאָס וואָרט „לײַבײגנטימער". אָבער „לײַבײגנטימער" קענ באטײַטנ — „אײגנטימער פונ לײַבקנעכט" (душевладелец) פונקט אזוי, ווי „הויז-אײגנטימער", „פאבריק־אײגנטימער" באטײַט אנ אײגנטימער פונ א הויז, פונ א פאבריק. דאָס רעכט אָבער פונ לײַבײגנטומ איז בײס דער פויערימ-„רעפאָרמע" אָפּגעשאפט געוואָרנ אונ קײנ לײַבײגנטימער, אינ פולשטענדיקנ זינענ פונ וואָרט, זײַנענ שוינ ניט געוועננ. וואָס־זשע איז יאָ געוועננ? לענינ ווײַזט אָנ, אז מיטנ „אָפּשאפנ דאָס לײַבײגנטומ־רעכט" איז „די אלטע פאנשטשינע-סיסטעמ נאָר אונטערגעריסנ געוואָרנ, אָבער ענדגילטיק ניט פארניכט געוואָרנ". ער רעכנט אויס א גאנצע רײי עקאָנאָמישע סימאָנימ פונ אָט דער סיסטעמ, וואָס זײַנענ פארבליבנ אונ האָבנ געלאָזנ דעמ פויער מיט זײַנ ווירטשאפט אינגאנצנ אָפּהענגיק פונעמ פּאָרעצ. „עס איז אויכ פארבליבנ די מעגלעכקײַט פונ „אויסער-עקאָנאָמישנ צוואנג": צושטאנד פונ צײַטווײַליקער פארפליכטונג, געמײנדע-אָרוועס, קערפערלעכע שטראָפנ פארנ פויער, דאָס אָפּגעבנ אימ אפ געזעלשאפטלעכע ארבעטנ אונ אז. וו." (פרגל. לענינ — אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ). אָט די היפּשע רעשטנ פונ פעאָדאלער פארשקלאפונג האָבנ געשאפנ דעמ עקאָנאָמישנ באָדנ פאר דעמ אדל, וואָס אינ זײַנע הענט איז פאקטיש געוועננ די מעלוכע־מאכט. דער פריצישער אדל האָט זיכ פעסט געהאלטנ אָנ זײַנע מיטלאלטערלעכע עכט־פעאָדאלע פּריווילע־גיעס אונ האָט מיט אלע קויכעס פארטײדיקט אָט די איבערבלײַבענישנ פונ דער לײַבקנעכטשאפט־סיסטעמ. ארומ די דאָזיקע פאָרשטײער פונ דער לײַב־קנעכטשאפט-סיסטעמ (крепостничество) האָבנ זיכ קאָנצענטרירט די פאר־ביסנסטע רעאקציאָנערנ, וואָס האָבנ זיכ ניט אָפּגעשטעלט פאר קײנ מיטל אינ דער שטרעבונג צו פארשקלאפנ אפנ ציניש־סטישנ אויפנ די ארבעטנדיקע מאסנ, די אלע, וואָס האָבנ גערופנ „אומצוקערנ זיכ צו די לאָזונגענ פונ לײַבײגנ־טומ-רעכט, פארטײדיקנ אלדאָס אלטע, מיטלאלטערלעכע אינעמ רוסישנ לעבנ" (לענינ). דער טערמינ крепостник דריקט אויס אפ אזא אויפנ די פאָרשטע־לונג וועגנ אָט די פאָרשטײער פונ דער לײַבקנעכטשאפט-סיסטעמ אינעמ רו־סישנ לעבנ אונ זײערע אָנהענגער אינ דער צײַט פונעמ צארישנ רעזשימ, אינ דעמ דאָזיקנ טערמינ איז אויסגעדריקט דער גאנצער האס אונ פאראכטונג צו דער דאָזיקער סיסטעמ פונ פעאָדאלער רעאקציע אונ צו די פארטײדיקער אירע. איצט דארפ מענ אזא וואָרט איבערזעצנ אפ יידיש, אזוי אז עס זאָל ריכטיק איבערגעגעבנ ווערנ אי דער פּינקטלעכער אינהאלט פונ דעמ באגריפ, אי די שארפע עמאָציאָנעלע באפארבונג זײַנע, אינ דער צײַט, ווענ עס קומט ערשט אויס ביקלאל צו שאפנ די טערמינאָלאָגיע אונ פראזעאָלאָגיע, וואָס איז פאר־בונדנ מיטנ אינסטיטוט פונ לײַבקנעכטשאפט.

איך האָב גאַנץ צופעליק גענומען דעם געבראַכטן בײַשפּיל. מיר זעצן דאָך אָבער איבער אַף ייִדיש אַלע לענינס ווערק, מיר מוזן דאָך האָבן אַף ייִדיש ביקלאַל די ווערק פון די מאַרקסיסטישע קלאַסיקער — מאַרקס — ענגעלס — לענין — סטאַלין. אַ היפּשער טייל פון דעם איז שוין טאַקע איבערגעזעצט געוואָרן אויך. איז דאָך דאָ די פראַגע ניט נאָר וועגן איינצלנע טערמינען. עס גייט דאָך אין דעם, אַז די ייִדישע שפּראַך, וואָס איז צו דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע געקומען מיט אַ גאַנץ אָרעמען באַגאַזש פון ליטעראַטור-שפּראַך, זאָל אין זיך געפינען אַזעלכע מעגלעכקייטן אַף איבערצוגעבן די געוואַלדיקע רײַכקייט פון געדאַנק, וואָס איז פאַרקערפּערט געוואָרן אין אָט די אומשטערבלעכע ווערק. מיר דאַרפן איבערגעבן די דאָזיקע ווערק אין ייִדיש ווי ווײַט מעגלעך פּינקטלעך און גענוי, סע זאָל זיך ניט באַקומען קיין צווייִדײַטיקייטן, סע זאָל ווי ווײַט מעגלעך ניט פאַרלאָרן גיין קיין ניואַנס אין די אַרויסזאָגונגען פון די דאָזיקע ריזן פון געדאַנק און מײַסטערס פון סטיל, עס זאָל אין דער נײַער שפּראַך-פאָרמע קומען צום אויסדרוק די געוואַלדיקע רעוואָלוציאָנערע לײַדנשאַפט, וואָס דרינגט דורך די שאַפונגען פון די פירער פונעם פּראָלעטאַריאַט. און כאָטש מיר קענען זיך נאָך בא הײַנטיקן טאָג ניט באַרימען מיט אַזעלכע איבערזעצונגען פון די קלאַסיקער פון מאַרקסיזם, וואָס זאָלן צופרידנשטעלן אַלע אונדזערע פאָדערונגען אין זינען פון מעגלעכער אַדעקוואַטקייט צו די אָריגינאַלן, האָבן מיר שוין אָבער דאָך צו פאַרצייכענען דאָ היפּשע דערפאָלגן. צוליב דעם איז אָבער אויסגעקומען צו מאַכן קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען, אויפדעקן אין דער שפּראַך גאָר נײַע מעגלעכקייטן פון וואָרט-בילדונג, אײַנפירן געוואַגטע איבערוקן פון וואָרט-באַטײַט און אַ. וו. מיט איין וואָרט — אין רעזולטאַט פון אַזאַ אַרבעט ווערט די שפּראַך פיל בײַגעוודיקער, ווערט באַרײַכערט מיט נײַע אויסדרוק-מיטלען, מיט נײַע ווערטער.

„נאָך בא דעם באַדינג פון אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע קולטורן וועט מען קענען אין דער ווירקלעכקייט אָנשליסן די אָפּגעשטאַנענע נאַציאָנאַליטעטן צו דער זאַך פון דער סאָציאַליסטישער בויונג" (סטאַלין). דעריבער איז די פאָדערונג פון דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק — שאַפן די מעגלעכקייט „פאַר די נאַציאָנאַלע קולטורן צו אַנטוויקלען זיך און פאַנאַנדערוויקלען זיך, אַרויסברענגענדיק אַלע זייערע פּאָטענצן, קעדיי צו באַשאַפן די באַדינגונגען פאַרן צונויפגיסן זיי אין איין אַלגעמיינער קולטור מיט איין אַלגעמיינער שפּראַך" (סטאַלין). און וועגן אָט דער פּראָלעטאַרישער קולטור האָט לענין געזאָגט קלאָר און דײַטלעך: „אָן דעם קלאָרן פאַרשטיין, אַז נאָר בא אַ פּינקטלעכן וויסן די קולטור, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן דורך דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, נאָר איבעראַרבעטנדיק זי קען מען בויען די פּראָלעטאַרישע קולטור — אָן אַזאַ פאַרשטיין וועלן מיר די דאָזיקע אויפגאַבע ניט לייזן". די בויונג און אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער קולטור, וואָס איז סאָציִאַליסטיש לויט איר אינהאַלט, קומט פאָר בא די באַדינגונגען פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין איין לאַנד אין נאַציאָנאַלע פאָרמעס, וואָס מוזן דעריבער אַלייִן אַנטוויקלען זיך, אַרויסברענגען אַלע זייערע פּאָטענצן. קעדיי צו באַשאַפן די באַדינגונגען „פאַרן צונויפגיסן זיי אין איין אַלגעמיינער סאָציִאַליסטישער (אי לויט דער פאָרמע, אי לויטן אינהאַלט) קולטור מיט איין אַלגעמיינער שפּראַך" (סטאַלין). צוליב דעם איז נייטיק קריטיש צו באַהערשן

די בעסטע דערגרייכונגענ פונ דער מענטשלעכער קולטור פאר דוירעס אונ דוירעס פונ אנטוויקלונג.

וואָס פאר א קאָלאָסאלע אופגאבעס דאָס שטעלט פאר דער שפּראכ. מיר זעענ איבער א רײ פונ די וויכטיקסטע ווערק פונ דער וויסנשאפט אונ קונסט, פונ די שפּראכנ פונ פארבאנד אונ פונ אויסלענדישע, מיטנ ציל — ניט צו אנט־וויקלענ אונ פארהיטנ דעמ „נאציאָנאלנ גײַסט", וואָס דאָס הייסט, אייגנטלעכ, צופּאסנ די אידעאָלאָגישע עקספּלואטאציע־מיטלענ פונ דער בורזשואזער קול־טור צו דעמ היימישנ מארק, אזוי צו זאָגנ, נאָר פּונקט פארקערט — קעדײַ צו אנטוויקלענ די אינטערנאציאָנאלע עלעמענטנ פונ דער נאציאָנאלער קולטור, אנטוויקלענדיק אפּ אזא אויפנ די נאציאָנאלע פאָרמע, די שפּראכ, זי זאָל קענענ מעגלעכסט אדעקוואט אָפּשפּיגלענ אָט דעמ אינטערנאציאָנאלנ אינהאלט. ניט „פארייִדישנ" די ווערק פונ דער וועלט־קולטור, אָנקלײַדנדיק זײ אינ אנ עכט־קאסרילעווקער לעקסישנ, פראזעאָלאָגישנ אונ בילדלעכנ מאנטל, נאָר אופדעקנ אינ דער שפּראכ יענע מעגלעכקייטנ פונ אויסדרוק, וואָס זאָלנ אמער־סטנ פּאסנ פאר די צילנ וואָס מיר שטעלנ זיכ. איז ווי־זשע ווערט דאָס גע־מאכט? גאָר א גרויסע ראָליע שפּילנ דאָ די פארשיידענע אינטערנאציאָנאליזמענ אונ אנטלײַונגענ, וואָס זײַנענ טאקע אינ א גרויסער מאָס ארײַנ אינ דער ליטעראטור־שפּראכ פארנ סאָוועטישנ פּעריאָד. מע דארפ אָבער ניט מיינענ, אז דאָס איז דער איינציקער וועג. פארקערט, אנ איבערפלוס פונ פרעמדווער־טער קענ דאָ ברענגענ שאָדנ. וואָרעמ אונדזער קולטור איז א מאסנ־קולטור, געשאפנ פאר די ברייטע ארבעטנדיקע מאסנ אונ דורכ זײ. אונ אנ איבער־פלוס פונ פרעמדווערטער, דאָס נוצנ זײ אָנ א מאָס, ווו דאָס איז ניט נייטיק אפּ איבערצוגעבנ די אדעקוואטקייט פונעמ באגריפ, פארצאמט פאר די מאסנ דעמ צוטריט צו דער קולטור. צווייטנס, פּאטערט עס אוועק טאקע די שפּראכ, וואָס ווערט אפּ אזא אויפנ „זשארגאָניזירט", איבערפולט מיט בארבאריזמענ, וואָס לאָזנ זיכ שווער אײַנלײַביקנ אינ דער שפּראכ, צופּאסנ זיכ צו איר געבוי אונ פאָרמעס אונ, דער איקער, זײ זײַנענ סעמאנטיש ניט פארבונדנ אָדער זייער ווייניק פארבונדנ מיט די איבעריקע עלעמענטנ פונ דער שפּראכ. זעענ מיר טאקע, אז אינ דעמ גרעסטנ טייל פאלנ נוצט דאָ די שפּראכ אויס אירע אינעווייניקסטע רעסורסנ — נײַע פאָרמעס פונ אפיקסירונג, פארשיידנארטיקע איבערוקנ פונ וואָרט־באטײַט, פראזעאָלאָגישע אונ לעקסישע קאלקעס, נײַע אנטוויקלונג פונ סינטאקסישנ געבוי אונ אז. וו.

צו ענלעכע דערשײַנונגענ ברענגט אויכ די אנטוויקלונג פונ דער סאָוועטישער ייִדישער שײנער ליטעראטור. די נײַע טעמאטיק, די פּראָלעטארישע וועלטאָנשויונג, וואָס דרינגט דורכ אלצ מער אונ מער די שאפונגענ פונ אונ־דזערע קינסטלער, פאָדערנ פונ זײ אויכ א נײַע לעקסיק אונ א נײַעמ וואָרט־באנוצ, סײַ באמ שילדערנ דאָס נײַע לעבנ, דעמ נײַעמ מענטשנ מיטנ נײַעמ לעבנשטייגער, סײַ באמ ווענדנ זיכ צו דער אלטער אָפּגייענדיקער וועלט, צו וועלכער אונדזערער א קינסטלער גייט שוינ צו גאָר מיט אנ אנדער באַ־נעמ, מיט א מארקס־לעניניסטישער קריטישער אָפּשאצונג.

ווי מיר זעענ, איז די נײַע לעקסיק — אָט די אלע נײַ ארײַנגעבראכטע אינ־טערנאציאָנאליזמענ, אנטלײַונגענ, נײַבילדונגענ אונ אז. וו. — א דערשײַנונג ביז גאָר א קאָמפּליצירטע אי לויט די אורזאכנ, וואָס רופנ זי ארויס, אי לויט

דעם כאַראַקטער גופֿע פֿונ די נײַע ווערטער. נײַע זאכנ, געענדערטע באַציִ־
ונגענ צו פֿאַראַנענע זאכנ, געענדערטע קלאַסנ־באַציִונגענ רופֿנ אַרויס צום
לעבנ נײַע ווערטער. די ווערטער גופֿע קענענ זײַנ: טערמינעס פֿונ פֿאַרשיי־
דענע געביטנ פֿונ וויסנשאַפֿט, טעכניק, פּאָליטיק אונ אַז. וו.; נעמענ פֿאַר נײַ־
געשאַפֿענע זאכנ, נײַע דערשײַנונגענ, פּראָצעסנ; אַריבערטראָגונגענ פֿונ אַנדערע
שפּראַכנ, אָפֿט פֿונ גאָר א קאָמפּליצירטנ כאַראַקטער, ווי עס קומט אויס אינ
א נײַעם וואָרט איבערגעבנ דעם עקוויוואַלענט פֿונ אַנ אינהאַלט, וואָס האָט
זיכ געשאַפֿנ אונ אָנגעזאַמלט אינ רעזולטאַט פֿונ א היסטאָרישער אַנטוויקלונג
אינ אַנ אַנדער שפּראַכ־סוויווע,[1] נײַע באַטײַטנ אָדער נײַע מאָמענטנ אינ די
באַטײַטנ פֿונ אַלטע ווערטער אונ אַז. וו.

די דאָזיקע שפּראַכ־בויערישע אַרבעט איז זייער א שווערע אונ א פֿאַראַנט־
וואָרטלעכע, אונ ניט אַלעמאָל קענענ מיר זיכ דאָ באַרימענ מיט זיגנ. עס קומט
אויס בײַצוקומענ ניט נאָר רײנ שפּראַכלעכע שוועריקײַטנ, — אינ טאָכ קומט דאָ
פֿאָר א קאַמפּ פֿאַר אידעאָלאָגישער ווירקונג אַפֿ די מאַסנ, אונ קלאַסנ-פֿרעמדע,
קלאַסנ-פֿײַנטלעכע ווירקונגענ האָבנ דאָ ניט איינ מאָל געלאָזנ קענטיקע שפּורנ,
וואָס מיר האָבנ זיי נאָכ ביז איצט ניט אַלע אויפֿגעדעקט אונ באַקעמפֿט. אָבער
ניט געקוקט אַפֿ דעם, איז שוינ דאָ זייער פֿיל אויפֿגעטאָנ געוואָרנ. מיר האָבנ
א גרויסע צאָל נײַבילדונגענ, וואָס זײַנענ אַרײַנ אינ דעם אינווענטאַר פֿונעם
סאָוועטישנ ייִדיש ווי זײַנער אַנ אָרגאַנישער טייל.

*
* *

ווי אַזוי ווערנ פֿאַרשפּרייט אָט די אַלע נײַע ווערטער? ווי אַזוי ווערט
עס דערגרייכט, אַז זיי ווערנ פֿאַרשטענדלעכ פֿאַר די ברייטע מאַסנ? דאָ זײַ־
נענ פֿאַראַנ פֿאַרשיידענע וועגנ. לענינ האָט ניט איינמאָל אָנגעוויזנ, צום
בײַשפּיל, וועגנ דעם טערמינ „פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור“: „דער דאָזיקער
באַגריפֿ האָט פֿריִער מיט זיכ פֿאָרגעשטעלט אַנ אומבאַקאַנטנ בוכ־לאַטיינ
עפּעס א קאָמבינאַציע פֿונ שווער פֿאַרשטענדלעכע ווערטער... אונדזער הויפּט־
פֿאַרדינסט פֿאַרנ פֿאַרגאַנגענעם יאָר באַשטייט אינ דעם, וואָס מיר האָבנ איבער־
געזעצט אָט די ווערטער פֿונ אומבאַקאַנטנ לאַטיינ אַפֿ א פֿאַרשטענדלעכער
רוסישער שפּראַכ. דער אַרבעטער-קלאַס האָט דעם פֿאַרגאַנגענעם יאָר פֿאַר־
נומענ זיכ ניט מיט כאַקרענענ זיכ, נאָר ער האָט פּאַקטיש געשאַפֿנ די פּראָ־
לעטאַרישע דיקטאַטור אונ האָט זי פֿאַרווירקלעכט“. אונ נאָכ אינ אַנ אָרט:
„די פֿויערימ וויסנ איצט, אַז דיקטאַטור פֿונ פּראָלעטאַריִאַט — קענ זײַנ דאָס
וואָרט איז טאָקע צו א קלוגס אונ א לאַטייניִשס, — אָבער אַז אינ דער פּראַק־
טיק איז עס יענע סאָוועטנמאַכט, וואָס גיט איבער דעם מעלוכישנ אַפּאַראַט
אינ די הענט פֿונ די אַרבעטער“. ענלעכע אַרויסזאָגונגענ וועגנ דעם, ווי
אַזוי דער באַגריפֿ „פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור“ אונ דער טערמינ, וואָס
באַצייכנט אים, איז געוואָרנ פֿאַרשטענדלעכ פֿאַר די מאַסנ אַרבעטער אונ פֿוי־
ערימ, כאַזערנ זיכ איבער בא לענינענ נאָכ אייניקע מאָל. די לעבנ-פּראַק־
טיק אַלײנ, דאָס שאַפֿנ אָט די דיקטאַטור מיט די אייגענע הענט, דאָס שטענ־

---

1 גראָד אינ די פֿאַלנ איז אָפֿט שעדלעכ צו געבנ אַנ איבערזעצונג אונ עס איז אומבאַדינגט
נייטיק אַנ אַנטלײַונג, דאָס הייסט, אַריבערטראָגנ דאָס וואָרט פֿונ דער אָריגינאַל־שפּראַכ.

דיקע צוזאמענטרעפן זיך מיט דער ווירקונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיק־טאַטור אין יעדער ווינקעלע פון דער נײַער לעבנ־פּראַקטיק האָט פאַרשטענדלעך געמאַכט דעם אינהאַלט פון אָט דעם באַגריף.

ענגעלס, אינעם פאָרוואָרט צו דער ערשטער דײַטשישער אויסגאַבע פון זײַן „אַנטוויקלונג פון סאָציאַליזם פון אַן אוטאָפּיע צו אַ וויסנשאַפט", שרײַבט אַזוי:

„אָבער לעכאַטכילע איז זי (די בראָשור) דאָך געווען אָנגעשריבן גאָר ניט צוליב דירעקטער פּראָפּאַגאַנדע. צי קען דערצו טויגן אַן אַרבעט אין טאָך אַ ריין וויסנשאַפטלעכע? וואָס פאַר אַן ענדערונגען זײַנען נייטיק אין דער פאָרמע און אינהאַלט?

„וואָס איז שײַך דער פאָרמע, האָט נאָר די מענגע אויסלענדישע ווער־טער געקענט אַרויסרופן אַ סאָפּעק. אָבער שוין לאַסאַל האָט אין זײַנע רע־דעס און פּראָפּאַגאַנדישע בראָשורן ניט איבעריקס געשטערט זיך צו נוצן אויס־לענדישע ווערטער און, אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, האָט מען זיך אויף דעם באַזונדערס ניט געקלאָגט. אָבער זינט יענער צײַט לייענען אונדזערע אַרבעטער פיל פלײַסיקער און מער רעגולער צײַטונגען, און אַדאַנק דעם זײַנען זיי פיל מער באַקאַנט געוואָרן מיט אויסלענדישע ווערטער. איך האָב זיך באַגרענעצט דערמיט, וואָס איך האָב באַזײַטיקט אַלע ניט אומבאַדינגט נייטיקע אויסלענדישע ווערטער, אָבער, איבערלאָזנדיק די נייטיקע, האָב איך זיך אָפּגע־געזאָגט צוצוגעבן צו זיי, אַזוי גערופענע, דערקלער־איבערזעצונגען. די ניי־טיקע אויסלענדישע ווערטער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אין דער מערהייט פאַלן אַלגעמיינ אָנגענומענע וויסנשאַפטלעך־טעכנישע טערמינען, וואָלטן דאָך ניט געווען קיין נייטיקע, ווען זיי זאָלן זיך לאָזן איבערזעצן. הייסט עס, אַן איבערזעצונג פאַרקריפּלט נאָר דעם זינען: אָנשטאָט קלאָר צו מאַכן, טראָגט זי נאָר אַרײַן אַ פּלאָנטער. מונדלעכע דערקלערונגען העלפן איז אַזאַ פאַל פיל מער".

וועגן דעם זעלביקן געפינען מיר נאָך איינע זייער אַן אינטערעסאַנטע שטעל, וואָס לענין ציטירט עס. אין זײַנע באַמערקונגען צום פּראָיעקט פון דער פּראָגראַם ר.ס.ד.א.פּ., פאָדערנדיק אַ פּינקטלעכע טערמינאָלאָגיע אָנשטאָט צעשווו־מענע, פאַרנעפּלטע פאָרמולירונגען, שרײַבט לענין: „קיין אומגליק ניט, אויב ער וועט לעכאַטכילע ווײַט ניט פאַרשטיין דעם דאָזיקן אויסדרוק אין זײַן גאַנצער ברייטקייט". און ער ברענגט פון ענגעלסעס קריטיק פון דעם ערפורטער פּראָיעקט די פאָלגנדיקע שטעל: „ווען עס טרעפט אפילו אַמאָל אַ פרעמד וואָרט, אָדער אַ זאַץ, וואָס אויפן ערשטן בליק איז ער ניט אין זײַן גאַנצן פאַרנעם פאַרשטענדלעך, שאַט עס ניט. דער מונדלעכער פאָרטראָג אויף פאַרזאַמ־לונגען, די שריפטלעכע דערקלערונגען אין דער פּרעסע וועלן דאָ אויפטאָן אַלץ, וואָס איז נייטיק, און איינמאָל פאַרשטאַנען, וועט דער קורצער אײַנ־האַלטפולער זאַץ פאַרפעסטיקט אינעם באַוווּסטזײַן און ווערט אַ שלאָגוואָרט, און דאָס פאַסירט קיינמאָל ניט באַ אַ מער צעשווומענער אויסלייגונג".

אַזוי האָבן מיר פאַר זיך דעם צווייטן וועג — אונדזער דירעקטע אויפוויר־קונג, אונדזער פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג־אַרבעט האָבן אַלעמאָל מיטגע־האָלפן צו הייבן דעם קולטור־ניוואָ פון די אַרבעטנדיקע, צו באַרײַכערן דעם באַוווּסטזײַן מיט די אַלע נײַע און נייטיקע באַגריפן, צו אַנטוויקלען און באַ־

רײַכערנ זייער שפראכ־באגאזש. בא אונדז אינ סאָוועטנפארבאנד, אונטער דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, קריגנ די ביידע וועגנ די העכסטע אנטוויקלונג. טערמינעס פונ פאָליטישנ לעבנ, פונ דער טעכניק אונ אז. וו. ווערנ דאָס אייגנטום פונ די ברייטסטע מאסנ, וואָס זײַנענ אליינ די אקטיווע אָנטיילנעמער, בויער אונ באנוצער פונ דעמ אלעמ, וואָס די דאָזיקע טערמינעמ באצייכענענ („פינפיאָר"), „פראָמפינפלאנ", „שלאָגלערײַ", „סאָצגעוועט", „טראקטער", „קאָמבײַנ", „קאָנווייער" אונ אז. וו. א. ד. גל.). אונ ווו איז נאָכ דאָ אזא קאָלאָסאלע נעצ פונ קולטור־ אונ בילדונג־אנשטאלטנ, אזא צעצווײַגטע אונ שטארק פארשפרייטע פרעסע אונ ליטעראטור, אזא גרויסע צאָל פארשיידנארטיקסטע לעקציעס, קורסנ, פארזאמלונגענ, באראטונגענ אונ אז. וו., וואָס אלע זײַנענ זיי געשאפנ געוואָרנ צו באדינענ דעמ ארבעטער אונ ארבעטנדיקנ. האָבנ מיר טאקע צו פארצייכענענ איצט קאָלאָסאלע דערפאָלגנ, דער קולטורעלער ניוואָ פונעמ ארבעטער אונ ארבעטנדיקנ איז געוואלטיק געשטיגנ, די שפראכנ פונ די פעלקער פונ פארבאנד האָבנ זיכ אנטוויקלט אונ זײַנענ בארײַכערט געוואָרנ. עס וואָלט אָבער געוועזנ אינגאנצנ ניט ריכטיק צו באהויפטנ, אז דאָ איז אלצ אינ אָרדענונג. אונ איינער פונ די פעלערנ איז, וואָס קיינ שפראכלעכ אָרגאניזירטע סיסטעמאטישע מיטהילפ האָבנ מיר נאָכ ביז איצט ניט געשאפנ. גענומענ אינ אלגעמיינעמ מאסשטאב, אינ גרויסנ אונ גאנצנ, איז די נײַע לעקסיק דאָס אייגנטומ פונ די ברייטע מאסנ. ווענ עס שטייט אָבער די פראגע וועגנ „קאמפ פאר דער ריינקײַט, געדאנקלעכער פינקטלעכקײַט, פאר דער שארפקײַט פונ דער שפראכ" (גאָרקי), זײַנענ מיר הינטערשטעליק. דאָ מוז מענ צוטרעטנ צו א סיסטעמאטיש אָרגאניזירטער שפראכ־ארבעט, וואָס דארפ העלפנ צו אָריענטירנ זיכ, פינקלעכ פאנאנדערקלײַבנ זיכ אינ דער פילזײַטיקײַט פונעמ באטײַט פונ יעדער וואָרט. אינ דער ערשטער ריי איז דאָ נייטיק א הילפבוכ אינ דער פאָרמע פונ אנ אויסטײַטש־ווערטערבוכ.

## III

אָבער עס וואָלט געוועזנ אינגאנצנ ניט ריכטיק צו מיינענ, אז מיר דארפנ זאָרגנ נאָר וועגנ די פרעמדווערטער, אָדער נײַבילדונגענ אינ דער שפראכ. עמעס, זייער אָרט אינ אונדזער איצטיקער שפראכ איז טאקע זייער אנ אָנגעזעענער, אָבער עס איז אויכ קלאָר, אז דער גרעסטער טייל לעקסיק אינ אונדזער ליטעראטור־שפראכ באשטייט פונ ווערטער „אלטע", נאָכמער, גאָר א גרויסער טייל פונ די נײַע ווערטער, ווי שוינ געזאָגט, זײַנענ נײַבילדונגענ, דאָס הייסט, נײַע קאָמבינאציעס פונ אלטע לעקסישע עלעמענטנ. אָט די לעקסישע ירושע איז צו אונדז געקומענ ווי א רעזולטאט פונ יאָרנ אונ יאָרנ געשיכטלעכער אנטוויקלונג פונ דער ליטעראטור־שפראכ. די אויסבילדונג פונעמ וואָרט, זײַנ באטײַט, זײַנ אָנווענדונג — דאָס אלצ איז געשאפנ געוואָרנ אונ האָט זיכ אײַנגעשטעלט אינ דער שפראכ אונטער דער ווירקונג פונ די קלאסנ, וואָס זײַנענ געוועזנ די הערשנדיקע אינ יעדער עפּאָכע, אונ האָט אָפּגעשפיגלט די אידעאלאָגיע זייערע. די פראָלעטארישע ליטעראטור-שפראכ נעמט איבער אָט די לעקסישע ירושע, אָבער זי מוז זי קריטיש איבערארבעטנ. א טייל פאלט אינגאנצנ ארויס פונ לעבעדיקנ געברויכ. אהער זײַנענ שײַעכ ניט נאָר די „גלענצנדיקע" יידישיסטישע אויפטוענ פונעמ טיפ „היסגאלעס" „הישטאלשע-

יעס", אָדער פונעם טיפּ „פּאָרשטנ" (=פּאָחשנ), „פּארזיכדיק" (=אייגנארטיק)
אונ ד. גל. די דאָזיקע האָבנ בא אונדז, דאַכט זיך, ניט געקראָגנ קיינ ברייטע-
רע פארשפּרייטונג. וויכטיקער איז דאָ די היפּשע צאָל ארכאַיזמענ, העברייִז-
מענ אונ איבערהויפּט אָפּגעלעבט פארעלטערטע טערמינענ, וואָס זײַנענ פאר-
בונדנ מיטנ אָפּגעלעבטנ שטייגער אונ אידעאלאָגישנ באנעמ פונ שטעטלדיקנ
קליינבירגער, פונעמ באלעבאטישנ סויכער אונ קלייקוידעש, אונ וואָס ייִדי-
שיסטנ שטעלנ עס ארויס פאר דער „עכטער" פאָלק-שפּראַך. אָט דער טייל
לעקסיק, וואָס איז היפּש פאַרגעשטעלט אינ די ווערק פונ די עלטערע קלאסי-
קער פונ דער ייִדישער ליטעראטור, בלײַבט שוינ מערסטנס נאָר ווי א דענק-
מאָל טאקע אינ אָט דער ליטעראטור, אונ באגעגענענ זיך מיט זיי קומט אונדז
אויס קימאט נאָר באַמ לייענענ, באמ שטודירנ די דאָזיקע ליטעראטור. די
פּרוווּנ אריבערצופּעקלענ עס אינ אונדזער איצטיקנ שפּראַך-באנוץ פאר מאָ-
דערנע באגריפנ מוזנ באקעמפט ווערנ, ווי א רעאקציאָנערע נאצדעמישע ארויס-
ווײַזונג. טיילווײַז קענ בא אונדז אָט די לעקסיק נאָך קריגנ אנ אָנווענדונג
פאר ספּעציפישע צילנ, פאר צילנ פונ איראָניע, סאטירע, פּאראָדיע אונ אז. וו.
אָבער אויך דאָ מוז מענ זיך קלאָר מאכנ אײנ וויכטיקנ מאָמענט. מענ קענ
מיינענ, אז די דאָזיקע לעקסיק, אינ אונדזער איצטיקנ באַנוץ, טראָגט שוינ אינ
זיך גופע דעמ עלעמענט פונ איראָניע, אזוי אז מענ קענ עס אויסנוצנ בא יע-
דער מעגלעכער געלעגנהײַט, ווו מע דארפ נאָר אָנקומענ צומ איראָנישנ סטיל.
אונ דאָס איז, פארשטייט זיך, דורכויס פאלש. אײנ זאַך איז, ווענ מיר פירנ אנ
אנטרעליגיִעזע פּראָפּאגאנדע, אָדער מיר דעמאסקירנ די ראבאָניש-קלעריקאלע
פאשיסטישע רעאקציע אונ די אָנהענגער אירע, אונ גאָר עפּעס אנדערש וועט
זײַנ, ווענ מיר וועלנ ריידנ וועגנ דער מיטלאלטערלעכער רעאקציע פונ א היט-
לער, צומ בײַשפּיל. אימ וועט איר אינ קיינ שטרײַמל אונ טאלעסקאָטנ ניט
אָנקליידנ. ווענ מיר האָבנ דאָ ניט לאנג געהאט דעמ פּראָצעס איבער דעמ
הייליקנ נויעפ אונ קינדער-פארפירער, דעמ שויכעט אונ פאָרשטייער פונ דער
מינסקער רעליגיִעזער קעהילע רעב יאנקעוו טעוויע ראפּאָפּאָרט, איז ניט אײנ-
מאָל אויסגעקומענ די באשולדיקער אונ אפילע דעמ ריכטער אונ פארטיידי-
קער צו ווענדנ זיך צומ באשולדיקטנ, וואָס האָט אפנ פּראָצעס געפּרווּוט זיך
מאכנ טאמעוואטע, מיט דער שפּראַך אונ סטיל פונ בעסמעדרעש. דאָס זעלביקע
אויך באמ אויספרעגנ די קלעריקאלע איידעס (איזבערטשוק, צומ בײַשפּיל),
ווענ עס איז אויסגעקומענ ניט אײנמאָל איבערכאזערנ זייערע אייגענע אויס-
דרוקנ. מיטאמאָל איז אינ סאָוועטישנ געריכט פאר אנ אאודיטאָריע פונ טויזנטער
ארבעטער אונ ארבעטנדיקע ארויסגעשווומענ א גאנצע קאָלעקציע—„יעיצערהאָרע",
„מאכשאָווע זאָרע", „כויקער וועדוירעש זײַנ", „אויב אזא מענטש האָט אזוי
געטאָנ, זײַנענ מיר דאָך שוינ גאָר גאָרנישט, אז ער איז דאָך דער גרעסטער,
דער שליסל פונ אלע שאָכטימ" (פונ די באוווײַזנ פונ דעמ איידעס איזבער-
טשוק) אונ אז. וו. א. ד. גל. דידאָזיקע „הייליקע" שפּראַך, מיטנ סטיל פונ
א קאלוואָכוימער, אפנ פּאָנ פונ דעמ שויכעטס אויסגעלאסענע אקטנ איבער
קליינע קינדער, וועגנ וואָס דער פּראָצעס איז געגאנגענ, האָט געקלונגענ ווי
די שטארקסטע סאטירע איבערנ גאנצנ פינצטערנ געמויזעכץ פונ דער קלערי-
קאלער רעאקציע, אונ אזוי איז עס טאקע אופגענומענ געוואָרנ דורכ דער
פּראָלעטארישער אאודיטאָריע. פּרוווט אָבער ריידנ מיטנ זעלביקנ סטיל, לאָמיר

זאָגן, וועגן דעם אפעריסט סטאווּיסקי מיט זײַנע הויכגעשטעלטע שותּפים און באַשיצער, וועט אָנשטאָט סאַטירע איבער די פּערסאָנאַזשן פון דער פינאַנץ־קאַ־פּיטאַליסטישער אַפערע באַקומען זיך אַ כויזעק איבער זיך אַליין. ווײַל דאָס וועט הייסן אומקערן זיך צו דעם אידעאָלאָגישן באַנעם פון יענעם ייִדן אין מענ־דעלע מוכר־ספֿרימס „שלומיע רעב כאַיִמס״, וואָס דערציילט די מײַסע וועגן ראָטשילדן מיטן קייסער יאָרעם הוידע. אונטער דעם שלייער פון אַ קלוימערשט „אייגנאַרטיקן״ איראָנישן סטיל, ווערט אַזוי דורכגעשמוגלט אַ נאַצדעמישע טענדענץ פון אומקערן זיך צו „אייגענער״, „אייגנאַרטיקער״ מיטלאַלטערלע־כער רעאַקציע און אָפּגעשטאַנענקייט.

מיט איין וואָרט, מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ טייל לעקסישע ירושה, וואָס איז פאַר אונדז אָפּגעשטאָרבן, אָדער ריכטיקער, זי בלײַבט בײַ אונדז פאַרקאָנ־סערווירט, אין לעבעדיקן אומגאַנג פון דער ליטעראַטור־שפּראַך קען זי בײַ אונדז קיין אָרט ניט האָבן, סײַדן ווען ניט ווען פאַר אַן ענג ספּעציעלן באַנוץ.

און ווי איז מיטן איבעריקן, מיט דער מערהײַט לעקסיק, ווערטער פון טאָגטעגלעכן געברויך מיט באַטײַטן, דאַכט זיך, אײַנגעשטעלטע פון דורות? קלײַבן מיר זיך שטענדיק פאַנאַנדער מיט דער נייטיקער גענויקײַט און פּינקט־לעכקײַט אין דער גאַנצער פולקײַט פון אָט די באַטײַטן? און בלײַבן טאַקע אָט די, דאַכט זיך, פון דורות אײַנגעפונדעוועטע באַטײַטן פון ווערטער אַלט באַקאַנטע, שטענדיק געברויכלעכע, טאַקע אַזוי אומבאַרירט ניט געענדערט? באַמערקן מיר אַלע מאָל די ענדערונגען אינעם וואָרט־אינהאַלט, אין דער אָנווענדונג פון וואָרט, אין דער באַציִונג צו אים? ווען דאָס וואָלט אַזוי געווען, וואָלטן מיר זיכער אין אַ היפּשער מאָס אויסגעמיטן אַ גרויסן טייל פאַרדריס־לעכע ליאַפּסוסן אין וואָרט־באַנוץ, אין וואָרט־אויסבילדונג, מיט וואָסערע עס קומט אויס צו באַגעגענען זיך אין דער פּרעסע און ליטעראַטור. מיר ריידן דאָ ניט, נאַטירלעך, וועגן באַוווּסטזיניקער שפּראַך־שעדיקערײַ פונעם קלאַסן־סוינע, אָבער אַפילו אויך אין אָט דעם לעצטן פאַל וואָלט אונדז פיל לײַכטער גע־ווען באַצײַטנס צו באַמערקן דעם סוינע, ווען מיר זאָלן זײַן בעסער באַוואָפנט מיט אַ געניִערן וויסן פון וואָרט. מע דאַרף זאָגן, אַז אַזאַ באַוווּסטזיניקער צוגאַנג צום וואָרט איז ווײַט ניט פון די גרינגע זאַכן. געוויינטלעך נעמען מיר אויף אין דעם וואָרט דאָס סאַמע אַלגעמיינע פון זײַן באַטײַט. אָבער קע־דיי געניִוי צו וויסן, ווי אַזוי, ווו און ווען דאָס וואָרט צו נוצן, מוז מען וויסן, ווי אַזוי אָט דאָס אַלגעמיינע איז אָנגעפילט מיט דער רײַכער קאָנקרעטקײַט, וואָס דאָס וואָרט זאַמלט אָן אין פאַרלויף פון זײַן פּראַקטישער אָנווענדונג אין סאָציִאַלן פאַרקער. צוליב דעם איז נייטיק אַ ברייטע און טיפע קענטעניש פון דער שפּראַך, פון איר געשיכטע, פון די קלאַסן־סטירעס און קלאַסן־שטרײַטן, וואָס די שפּראַך שפּיגלט אָפּ. „איטלעכס וואָרט פּאַראַלגעמיינערט שוין״ (לענין). אינעם מענטשלעכן פאַרקער ווערן די ווערטער שטענדיק באַנוצט צו קאָנקרעטע געלעגנהײַטן. בײַ יעדער אַזאַ קאָנקרעט פּראַקטישער אָנווענדונג טרעט אַרויס דער באַטײַט פונעם וואָרט, אָפּהענגיק פון דער רעאַלער ווירק־לעכקײַט, וואָס עס שפּיגלט אָפּ, מער אָדער ווייניקער אַנדערש באַלויכטן, יע־דער מאָל טרעט אַרויס מער בולעט אַן אַנדער זײַט, מאָמענט פון זײַן אינ־האַלט. אַזוי זאַמלט זיך אָן אינעם וואָרט־באַטײַט אַ גאַנצע ריי באַגלייטנדיקע מאָמענטן פון באַטײַט, שאַטירונגען, בײַבאַטײַטן, עמאָציִאָנעלע באַפאַרבונגען

א. א. וו. אינ אונדזער צײַט, אינ סאָוועטנפארבאנד, ווו דאָס לעבנ שטראָמט אזוי רײַכ אונ אינטענסיוו, ווו מיליאָניקע מאסנ זײַנענ ארײַנגעצויגנ אינ אקטיווער סאָציאַליסטישער בויונג, אינ א צײַט, ווענ דער קלאסנקאמפ איז פארשטארקט ביז צומ העכסטנ גראד, דאָס באוווסטזײַנ פונעמ מענטשנ ווערט מיט יעדער טאָג בארײַכערט אונ פארטיפט, באגריפנ דיפערענצירנ זיכ, ווערנ פארפינקטלעכט,— קריגט דאָכ עס אלצ אנ אָפּשפּיגלונג אינ דער שפּראכ, אינעמ וואָרט. דער באטײַט פונ ווערטער ווערט קעסיידער באנײַט מיט נײַע מאָמענטנ, אונ אזעלכע זײַטנ, מאָמענטנ פונעמ וואָרט־אינהאלט, וואָס פריער פלעגנ מיר זיי ניט באמערקנ, אָדער לייגנ אפ זיי ווייניק אכט, טרעטנ איצט ארויס, אינ שײַנ פונ פארשארפטנ קלאסנ־קאמפ, באזונדערס בולעט, אונ עס ענדערט זיכ אונדזער באציונג צו אזעלכע ווערטער.

אינעמ קאמפ קעגנ די רעשטלעכ פונעמ קאפּיטאליזמ אינעמ באוווסטזײַנ שפּילט א באזונדער וויכטיקע ראָליע דער קאמפ קעגנ קלעריקאליזמ. פאר די לאנגע יאָרנ פונ באהערשנ די מאסנ האָט די רעליגיע באוויזנ אײַנצופלעכטנ זיכ אינ אלע ווינקעלעכ פונעמ באוווסטזײַנ, דורכדרינגענ אינ אלע געביטנ פונ טאָגטעגלעכנ לעבנשטייגער. דאָס האָט, פארשטייט זיכ, געקראָגנ אנ אָפּשפּיגלונג אינ דער שפּראכ, דערהויפּט, אינ דער לעקסיק, אינעמ וואָרט־באטײַט אונ וואָרט־באנוצ. ווערטער, דאכט זיכ, גאָר געוויינטלעכע, שטייגערישע האָבנ אָפּט געקראָגנ שאטירונגענ, בײַבאטײַטנ פונ אונטערטעניקײַט, געהאָרכזאמקײַט, קאָנסערוואטיווקײַט, פאטאליזמ, מיסטיציזמ, אָבערגלויבערישקײַט אונ אז. וו. אזעלכע, פונ דער רעליגיע „קאָמפּראָמעטירטע“ ווערטער, אָנגעווענדט צו מאָדערנע באגריפנ, גיבנ איבער גיט אדעקוואט דעמ אינהאלט פונעמ באגריפ, שלעפּנ מיט זיכ עלעמענטנ פונ די דערמאָנטע אונ ענלעכע רעליגיעז־מיסטישע קאטעגאָריעס,1 ברענגענ מיט זיכ אסאָציאַציעס פונ רעליגיעזנ שטייגער אונ ריטואל,

1 א כאראקטעריסטישנ בײַשפּיל, ווי אזוי פארעטער פונעמ ארבעטער־קלאס נוצנ אויס אָט די דערשײַנונג פאר זייערע מאנעוורענ, ברענגט דער כ׳ ל. ראָזענהויז (זע זײַנ ארטיקל „די מאנעווערנ פונ די בונדיסטישע סאָציאַל־היטלעריסטנ“. „אָקטיאַבער“ נומ. 146 פונ 4־טנ יול 1933). עס האנדלט זיכ וועגנ א רעזאָליוציע פונ דעמ צק פונ „בונד“, וואָס איז אונטערנ שווידערלעכנ אײַנדרוק פונ די געשעענישנ אינ דײַטשלאנד געווענ געצווונגענ צו מאכנ דעמ אָנשטעל, אז ער קריטיקירט, קלוי־מערשט, די טאקטיק פונ צווייטנ אינטערנאציאָנאל. וואָס פאר א מינ „קריטיק“ דאָס איז, קענ מענ זענ אפילע פונ דער טערמינאָלאָגיע, וואָס זיי באנוצנ. וועגנ דעמ שרײַבט זייער טרעפלעכ דער כ׳ ראָזענהויז:

„דער „בונד“ שרעקט זיכ אָבער פאר זעלבסטקריטיק נאָכ מער, ווי אנ אלטע פרומע ייִדענע פאר „ביטגוטע“. אונ אונדזערע בונדיסטישע העלדנריידנ ניט וועגנ זעלבסטקריטיק, נאָר וועגנ דער נייטיקײַט צו מאכנ א „כעזשבנ האנעפעש“. איבערגעזעצט פונ לאמדאָנישנ העברייִש אפ פּראָסט ייִדיש, מיינט עס, אז דער צווייטער אינטערנאציאָנאל ווערט גערופנ צו ארײַנקוקנ אינ זײַנ נעשאָמע אונ צו אָפּגעבנ זיכ וועגנ דעמ א רעכענונג. „רעכענונג“ אונ „נעשאָמע“ זײַנענ מער איידעלע זאכנ, ווי זעלבסטקריטיק, אונ פונ „כעזשבנ האנעפעש“ שמעקט מיט הייליקײַט“.

אונ ווירקלעכ, ווי דער דאָזיקער טערמינ „כעזשבנ האנעפעש“ דריקט עס אויס אָט די איידעלע דעליקאטקײַט, מיט וואָסערער מע גייט דאָ צו צו די דורכגעטריבענע געשעפטמאכער פונ צווייטנ אינטערנאציאָנאל, וואָס ספּעקולירנ מיטנ בלוט פונעמ ארבעטער־קלאס. „כעזשבנ האנעפעש“ שמעקט ניט נאָר מיט „הייליקײַט“, נאָר אויכ מיט אינטימקײַט, אינדיווידועל פּסיכאָלאָגישער פארטיפטקײַט. די גאנצע פּראָבלעמ ווערט אריבערגעטראָגנ אינעמ געביט פונ אינדיווידועלער פּסיכאָלאָגיע אונ אייגעמס אייגענעמ געוויסנ. ווי פּײַנ אונ ווי גײַסטרײַכ!..

און אפ אזא אויפן פארקריפּלען זיי פאקטיש דעם ריכטיקן אינהאַלט פון די באגריפן, וואָס מען וויל מיט זיי באצייכענען. אָנגעווענדט אין א גרעסערער צאָל, שאפן זיי א סטיל, וואָס שפיגלט אָפּ די סאָציִאַלע סימפּאטיעס און אנטי-פּאטיעס פון די עקספּלואטירנדיקע קלאסן, וואָס די רעליגיע איז געווען זייע-רער א מיטל אפ צו פארשקלאפן די ארבעטנדיקע מאסן און פארפינצטערן זייער באוווסטזײַן. און ווײַלע עס האנדלט זיך וועגן ווערטער געוויינטלעכע, פון שטענדיקן און אָפטן געברויך, איז אָפּט אזוי שווער צו באמערקן דאָס שעדלעכע אין זייער באַטײַט. און „רעהאביליטירנ" אזעלכע „קאָמפּראָמעטירטע" ווערטער, באפרײַען זיי פון די קלאסנפרעמדע בײַבאַטײַטן, געלינגט ווײַט ניט אלעמאָל.

דאָ קען מען ניט פארבײַגיין די ראָליע פון דעם נאצדעמאָקראטיזם אין שפּראך, דעם יִדישיזם. דער לאָזונג פון יִדישיזם איז, ווי באוווסט, געווען — צוריק צום פאָלקס-קוואל, קאמפּ קעגן מאסקילישער פאראכטונג צום פאָלקס-טימלעכן, צו דער שפּראך פון די מאסן. וואָס זשע הייסט עס „פאָלקסטים-לעכ"? און ווער זײַנען עס די מאסן, וואָס די יִדישיסטן האָבן זיך אזוי אָנ-גענומען פאר זייער קריוודע? ווײַזט זיך ארויס, אז דאָס מיינט מען ניגערס „עלטער-עלטער-באָבע", וואָס קען אזוי שיין דערציילן א מײַסעלע; דאָס איז די בארימטע בעריע, די מעלומעדעס און קאָמפּמענטש פונעם טיפּ „מירעלע עפראָס"; דאָס איז דער קליינשטעטלדיקער „פאָלקסטימלעכער" ראָוו, וואָס איז גאָר, ווײַזט זיך ארויס, א גאנצער פילאָזאָף; דער כסידישער גוטער ייִד, וואָס איז א מענטש פון הוילע נעשאָמע און לעבנס-קלוגשאפט; דער שיינער באלע-באטישער סויכער, וואָס איז ביידע זאכן — אי דער גרויסער לאמדן, אי דער וועלטלעכער מענטש און פײַנער מאנ און אז. וו. שעפנדיק פון אָט די „פאָלקס-קוואלן", האָט דער יִדישיזם ניט נאָר געוואָלט רעהאביליטירנ, נאָר ער האָט געשטרעבט אויך צו קאנאָניזירנ אין דער ליטעראטור-שפּראך די לעקסיק און סטיל פון פעאָדאל-פאטריִארכאלן שטייגער, די ארכאִיק פון דער „איווריִ-טײַטש"-ליטעראטור, די לעקסיק פון יעשיווע און כסידים-שטיבל, פונעם סוי-כער און באלעבאָס. דאָס האָט זיך גערעכנט פאר „אייגנס" און „אייגנטימ-לעכס", און האָט געדארפט פארהיטן, די שפּראך זאָל, כאָלילע, ניט ארויס-שפּרינגען פון די „היימישע ראָגאטקעס".

עס איז א שעדלעכע אילוזיע צו מיינען, אז דער יִדישיזם האָט ניט גע-ווירקט אפ דער אויסבילדונג פון דער ליטעראטור-שפּראך. אומבאוווסט פאר זיך אליין שלעפּן מיר זיך נאָך גאנצ אָפט נאָך די יִדישיסטישע טענדענצן אין שפּראך. און אין דעם אינווענטאר פון אונדזער איצטיקער סאָוועטישער לעק-סיק, אין דער פובליציסטישער און וויסנשאפטלעכער ליטעראטור טרעפן מיר נאָך גענוג פון דעם מין, וואָס דער יִדישיזם האָט ארײַנגעפירט אָדער רעהאביליטירט. איך מיין ניט צו זאָגן, אז אבסאָליוט אלץ דארפ מען ארויס-ווארפן. עס איז דאָ אזוינס, וואָס בלײַבט איבער אין אונדזער שפּראך פון יעדער עפּאָכע פון איר אנטוויקלונג (האָבן מיר דאָך איצט אין אונדזער סאָ-וועטישן יִדיש אזעלכע ווערטער, ווי „אנטפּלעקן", „פארבאָרגן", „באשײַמ-פּערלעכ" און אז. וו.). אָבער טאקע דעריבער פאָדערט זיך דאָ פון אונדז א גרעסערע וואכזאמקײַט, אז צוזאמען מיט אזעלכע ווערטער, וואָס גיבן אי-

בער אדעקוואט די נייטיקע באגריפֿן, זאָל מיר ניט אריינשלעפּן קיין פרעמדע מיסט.

דאָס אלץ, וואָס מיר האָבן געזאָגט, ווייזט שוין גענוג, ווי וויכטיק עס איז א גענוי וויסן פון יעדער וואָרט אין דער גאנצער רייכקייט און פילזייטיקייט פון זיין אינהאלט אין דעם קאמף פאר שפּראך-קולטור, בייס עס קומט פאָר א רעוויזיע און מע מוז אָפּשאצן אין דער לעקסיק וואָס גייט מיט אונדז און וואָס — קעגן אונדז. צוליב דעם איז נייטיק צו אָרגאניזירן א פּארטיפּערטע פאָרשונג-ארבעט, ספּעציעל אברייט פארצווייגטע לעקסיקאָלאָגישע ארבעט, אָבער פאראַלעל דערמיט איז נייטיק שוין איצט ארויסגעבן א הילפבוך אין דער פאָרמע פון א יידישן אויסטייטש-ווערטערבוך, וואָס דארף באדינען די ברייטע מאסן ארבעטנדיקע און קולטור־טוער. עמעס, בא דעם איצטיקן צו־שטאנד פון אונדזערע יעדיעס אין יידיש, קענען מיר זיך נאָך ניט פארמעסטן אפּ א ווערטערבוך, וואָס זאָל קענען איינגאנצן צופרידנשטעלן די ברענענדיקע באדערפעניש אין א פּארטיפּערטער וואָרט־קענטעניש. מיר מוזן דאָ זיין גאנץ באשיידן. אָבער דאָך האלטן מיר, אז בא די פּאראנענע קויכעס און בא די רוי־מאטעריאַלן, וואָס מיר פארמאָגן שוין איצט אין אונדזערע זאמלונגען, קענען מיר דאָך ארויסגעבן א פּראקטישן ווערטערבוך, כאָטש ניט קיין אויס-שעפּנדיקן, אָבער דאָך אזא, וואָס זאָל געבן אן ענטפער אפּ די נייטיקסטע פראגעס און ספּראווקעס אין אָט דעם געביט.

# IV

איך האָב שוין דערמאָנט, אז נאָך אין 1921 י. האָט דער כ׳ לעניג גע-שטעלט די פראגע וועגן א נייעם רוסישן אויסטייטש-ווערטערבוך. ווי בא־וווּסט, האָט דאן לעניג געגעבן שוין אויך אייניקע אָנווייזונגען וועגן דעם כא־ראקטער פון אזא ווערטערבוך. די דאָזיקע אָנווייזונגען זיינען פאר אונדז פון דער גרעסטער וויכטיקייט, און מיר מוזן זיי גוט דורכטראכטן, קעדיי אָנצו־ווענדן זיי ריכטיק, בייס מיר פּלאנירן אונדזער ווערטערבוך. ערשטנס, האנדלט זיך עס וועגן דעם ט י פּ ווערטערבוך. לעניג שרייבט אזוי: „די אופגאבע איז— א קורצער (א מוסטער דער ק ל יי נ ע ר לארוס) ווערטערבוך פון דער רוסישער שפּראך״... דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיך, אז מיר דארפן ק אָ פּ י ר ן לארוסן. דאָס מיינט גיכער, אז דער ט י פּ פון דעם ווערטערבוך דארף זיין לויטן מוס־טער פון דעם קליינעם לארוס. פון דעם זעלביקן טיפּ טרעפן מיר א גאנצע ריי ווערטערביכער אין פארשיידענע שפּראכן; צום ביישפּיל: די האנט-אויס־גאבע פון „פונק און וואגנאל״, דער קלענערער וועבסטער און א ריי אנדערע, דער רוסישער, וואָס דארף איצט ארויס. זיי שיידן זיך אונטער פון אנדערע טיפּן, ערשטנס, מיט זייער פארנעם — זיי זיינען ניט קיין דיקע, פילבענדיקע, נאָר געוויינטלעך אין איינעם-צוויי קאָמפּאקטע בענד. דער ווערטער־באשטאנד זייערער — דער וואָקאבולאר — נעמט ארום די אָנגענומענע ליטעראטור־שפּראך. זיי לאָזן זיך ניט אריין אין היסטאָרישע טיפעניש, ארויסצובדענגען פון דאָרט ווערטער און באטייטן אלט-פארגעסענע, זיי פארנעמען זיך אויך ניט מיט קיין ענגע פּראָווינציאַליזמען, סיידן דאָס אלץ האָט אן אָרט אין דער ליטעראטור.

זיי גיבנ ניט קיינ ספּעציִעלע עטימאָלאָגישע פאָרשונגענ און ווייַזנ נאָר אָנ אינ
די נייטיקע פאלנ די שפראכ, פונוואנענ דאָס וואָרט קומט. אינ די אויסטייַט-
שונגענ שטעלנ זיי זיכ ניט קיינ אויפגאבע פאָרצושטעלנ די געשיכטע פונ
וואָרט און זייַנ אנטוויקלונג, נאָר זיי שטרעבנ דערהויפּט ווי מעגלעכ פּינקט-
לעכער דעפינירנ די לעבעדיקע פאראנענע באטייַטנ פונעמ וואָרט, אָנווייַזנ
זייַנע סטיליסטישע פונקציעס, דעמ וואָרט-באנוצ און פראזעאָלאָגיע. קעדיי
פארשטענדלעכער צו מאכנ באגריפנ, באנוצט מענ זיכ ניט אינ די נייטיקע
פאלנ נאָר מיטנ אויסרעכענענ אייניקע סינאָנימענ אפ צו פארטייַטשנ דעמ
וואָרט, נאָר מע רעדט עס ארומ אינקורצנ. אינ געוויסע פאלנ, דערהויפּט בא
היסטאָרישע, פּאָליטישע, וויסנשאפטלעכע טערמינענ און ד. גל., פירט מענ
ארייַנ אינ א געוויסער מאָס אזוי גערופענעמ ענציקלאָפּעדישנ מאטעריאל
(דער קליינער לארוס רופט זיכ אפילע אינעמ אונטערטיטל „ענציקלאָפּעדי-
שער"), אויכ בילדער, צייכענונגענ, טאבעלעס. צוליב דעמ זעלביקנ ציל און
אויכ קעדיי בולטער צו מאכנ די ניואנסנ פונ וואָרט און זייַנע סטיליסטישע
אָנווענדונגענ, ווערנ באנוצט פארשיידענע מיטלענ: פונ צייַט צו צייַט ווערנ
געבראכט קורצע ציטאטעס, ספּעציִעל געשאפענע פראזעס, עס ווערנ בא-
האנדלט סינאָנימענ, עס ווערנ געבראכט אנטאָנימענ. וועגנ דער אידעאָלאָגיש-
פּאָליטישער זייַט דערפונ האָב איכ שוינ גערעדט אינ אנ אנדער אָרט, שטעל איכ
זיכ דאָ ניט אָפּ דערויפ. מיט איינ וואָרט — מיר האָבנ דאָ פאר זיכ א טיפּ
ווערטערביכער, וואָס שטעלנ זיכ ניט קיינ פילאָלאָגישע, ספּעציִעלע וויסנשאפט-
לעכע צוועקנ, נאָר ריינ פראקטישע צילנ פונ שפראכ-קולטור פאר ברייטע
קרייַזנ לייענער. פארשיידענע ווערטערביכער טוענ עס אפ א פארשיידענעמ
אויפנ. מיר וועלנ דארפנ אויסקלייַבנ פונ זיי דאָס, וואָס מיר וועלנ געפינענ
פאר צוועקמעסיקער פאר אונדזער ציל און אינ אונדזערע באדינגונגענ.
דערהויפּט וועלנ מיר זיכ דארפנ אָפּלערנענ פונעמ נייַעמ רוסישנ ווערטערבוכ.

און נאָכ א וויכטיקע אָנווייַזונג לענינס. ריידנדיק וועגנ א ווערטערבוכ פונ
דער רוסישער שפראכ, טייַטשט ער אויס: ...„פונ דער רוסישער שפראכ (פונ
פּושקינענ ביז גאָרקי), פונ דער מוסטערהאפטער, הייַנטצייַטיקער". בא אונדז
איז דאָ גענוג וווּלגאריזאטערנ, וואָס מיינענ, אז ווענ מע רעדט וועגנ „הייַנט-
צייַטיקער שפראכ", מיינט עס נאָר די שפראכ פונעמ לעצטנ נומער צייַטונג,
אָדער פונעמ ארבקאָרס בלאָקנאָט. דאָס הייסט, נעמענ די ליטעראַרישע שפראכ
פונעמ הייַנטיקנ טאָג אינגאנצנ אָפּגעריסנ פונ איר היסטאָרישער אנטוויקלונג,
איגנאָרירנ די קוואלנ, אָנשיכטונגענ, דערגרייכונגענ פונ דער נייַערער ליטע-
ראטור-שפראכ פונ פאר דער רעוואָלוציע, וואָס איבערקאָכנדיק און איבער-
פורעמענדיק זיי, בילדעט דער פּראָלעטאריאט זייַנ איצטיקע שפראכ. לענינ,
אינ 1921 יאָר, גיט דאָ א קלאָרנ ענטפער: „פונ פּושקינענ ביז גאָרקי", ד. ה.
אָנגעהויבנ פונ דעמ גרונטלייגער פונ דער מאָדערנער רוסישער ליטעראַרישער
שפראכ ביז הייַנטיקנ טאָג. מע דארפ, פארשטייט זיכ, ניט מאכנ דערפונ דעמ
אויספיר, אז די גאנצע לעקסיק פּושקינס גייט ארייַנ אינ דער הייַנטצייַ-
טיקער שפראכ. אָבער אז זי ליגט אינעמ גרונט אויכ פונ דער שפראכ פונ
דעמ הייַנטיקנ טאָג—קענ מענ ניט לייקענענ. אכוצ דעמ, איז דאָכ וויכטיק נאָכ
איינ מאָמענט: פּושקינענ לייענט אויכ דער ארבעטער און ער דארפ האָבנ
א שליסל אויכ צו דעמ טייל פונ פּושקינס לעקסיק, וואָס איז שוינ איצט גע-

וואָרן ארכאַיִש. אזוי דארפֿן מיר שטעלן די פֿראַגע אויך, ווען עס גייט די רייד וועגן א ווערטערבוך פֿון דער יִדישער ליטעראַרישער שפּראַך. מיר דארפֿן אַרײַנעמען די שפּראַך אין די צײַט-גרענעצן פֿון דעם גרונטלייגער פֿון דער מאָדערנער יִדישער ליטעראַרישער שפּראַך אבראַמאָוויטש ביז הײַנטיקן טאָג. דערצו וואָלט איך נאָך געוואָלט צוגעבן איין באַמערקונג: מײַן מיינונג איז, אז וואָס ס'איז שײַעך דער לעקסיק פֿון די עלטערע יִדישע קלאַסיקער, קענען מיר ניט און מיר דארפֿן זיך ניט שטעלן קיין ציל א ו י ס צ ו ש ע פּ ן זי אינגאַנצן. שוין אָפּגערעדט פֿון געוויסע פֿראַזעאָלאָגישע אויסדרוקן, פּסוקים און טאַלמודיש-ראַבאָנישע רעדנסאַרטן, נאָר אפֿילו אמאָל אויך איינצלנע ווערטער טרעפֿן מיר דאָרט אַזעלכע, וואָס זײַנען אַזוי ווײַט און פֿרעמד פֿון אונדזער הײַנטיקן באַנעם, זײַנען אַף אַזויפֿיל אָפּגעריסן פֿון אונדזער הײַנטיקער לעקסיק, אַז קעדיי אופֿצוקלערן זיי, וואָלט נייטיק געווען יעדער מאָל א גאָר ברייטע באַהאַנדלונג. בא דעם פֿאַרנעם פֿון דעם געפּלאַנטן ווערטערבוך (א 40—50 טויזנט ווערטער אין איינעם־צוויי בענד) וועט עס זײַן נאָר אַן איבעריקער באַלאַסט. איך האַלט, אַז פֿאַר דעם טייל לעקסיק דאַרף מען האָבן א גלאָסאַר אין די אויסגאַבעס פֿון די אַנטשפּרעכיקע ווערק גופֿא. זעלבסט-פֿאַרשטענדלעך, אַז די לעקסיק פֿונעם סאָוועטישן פֿעריִאָד דאַרף מען שטרעבן צו געבן ווי ווײַט מעגלעך פֿול.

V

## די אַרבעט איבערן ווערטערבוך

ק א ר ט אָ ט ע ק ע. בויען בא הײַנטיקן טאָג א ווערטערבוך אָן א קאַרטאָטעקע איז, פֿאַרשטייט זיך, אוממעגלעך. די עטלעכע יִדישע ווערטערביכער וואָס זײַנען בא הײַנטיקן טאָג פֿאַראַן, ווי אינטערעסאַנט איינציקע פֿון זיי זאָלן ניט זײַן פֿאַרן פֿאָרשער, זײַנען זיי, ערשטנס, אַליין צונויפֿגעשטעלט פֿון א גאַנץ צופֿעליקן מאַטעריִאַל, מערסטנס — א פּראָווינציִעלן; צווייטנס, זײַנען זיי שוין גאָר שטאַרק פֿאַרעלטערט. איך רייד שוין ניט פֿון די פּרינציפּן, לויט וועלכע זיי זײַנען צונויפֿגעשטעלט און די ציל-אײַנשטעלונגען זייערע. עס קען דעריבער קיין שום רייד ניט זײַן וועגן לייגן זיי אין גרונט פֿון א נײַעם יִדישן סאָוועטישן ווערטערבוך. דאָ מוז מען האָבן א גענוג גרויסע, סיסטעמאַטיש געזאַמלטע קאַרטאָטעקע פֿון דער ליטעראַרישער יִדישער שפּראַך. ווי באַוווּסט, איז אזא קאַרטאָטעקע אין גרונט פֿאַראַן אין דעם אינסטיטוט פֿאַר יִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור פֿון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט-אַקאַדעמיע. אין אונדזער שוין דערמאָנטן באַריכט, אין „אַפֿן וויסנשאַפֿטלעכן פֿראָנט״ נומ. 1—2, האָבן מיר אינקורצן דערציילט וועגן דער דאָזיקער קאַרטאָטעקע. זינט דאַן האָט זיך די קאַרטאָטעקע באַרײַכערט אַף נאָך א 90 טויזנט קאַרטלעך פֿון דער סאָוועטישער ליטעראַטור (בעלעטריסטיק, פּאָליטישע און וויסנשאַפֿטלעכע ליטעראַטור). אָבער קיין סיסטעמאַטישע אַרבעט צו דערגאַנצן די קאַרטאָטעקע איז נאָך אַלץ ניט אײַנגעשטעלט, קיין רעגיסטראַציע פֿון דער לויפֿנדיקער פּרעסע איז נאָך ביז איצט ניט אָרגאַניזירט געוואָרן. און די לעצטע פּאָר כאַדאָשים איז די אַרבעט ווידער אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן.

דער טייל פּובליציסטיש-וויסנשאַפטלעכע מאַטעריאַלן איז איצט באַדייטנדיק פאַרגרעסערט געוואָרן, אָבער דאָס איז נאָך ווײַט ניט גענוג. איבערהויפּט דאַרף זײַן קלאָר, אַז קעדיי די קאַרטאָטעקע זאָל ניט פאַרעלטערט ווערן, מוז זי סיסטעמאַטיש און אומופּהערלעך דערגאַנצט ווערן מיט נײַע פרישע מאַ־טעריאַלן, די זאַמל־אַרבעט טאָר זיך ניט אָפּשטעלן די גאַנצע צײַט.

נאָך איין באַמערקונג וועגן דער קאַרטאָטעקע. פאַר דער קאַרטאָטעקע פאַר דעם רוסישן אַקאַדעמישן ווערטערבוך אינעם „אינסטיטוט פאַר שפּראַך און דענקען" פון דער אַלפאַרבאַנדישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע איז שוין פון לאַנג אײַנגעשטעלט אַ קלאַל, אַז מאַטעריאַלן ווערן אויסגעשריבן נאָר פון אָריגינעלער רוסישער ליטעראַטור. איבערזעצונגען ווערן פּרינציפּיעל ניט דערלאָזן, עס ווערן נאָר געמאַכט זעלטענע אויסנאַמען פאַר הויך-קוואַליפי־צירטע קינסטלערישע איבערזעצונגען — איבערדיכטונגען. איך ווייס ניט, צי איז דער דאָזיקער פּרינציפּ ריכטיק אַפילו פאַר דער רוסישער שפּראַך. וואָס איז שייך ייִדיש, איז בא דער ראַליע, וואָס איבערזעצונגען שפּילן בא אונדז איצט פאַר דער בויונג און באַרײַכערונג פון דער ליטעראַרישער שפּראַך, האַלט איך, אַז מיר מוזן אויסשרײַבן פון איבערזעצונגען פונקט אַזוי, ווי פון אָריגינעלער ליטעראַטור. אַן אַנדער זאַך איז, וואָס באַם אויסנוצן דעם מאַטע-ריאַל וועט מען זיך דאַרפן רעכענען דערמיט, וואָס אָפּט זײַנען די איבער-זעצונגען פון אַ גאַנץ נידעריקער קוואַליטעט, און באַהאַנדלען דעם דאָזיקן מאַטעריאַל באַזונדערס קריטיש.

וואָקאַבולאַר. די ערשטע אויפגאַבע, וואָס עס שטעלט זיך פאַר אונדז, ווען מיר נעמען שוין אויפשטעלן דעם ווערטערבוך, איז צונויפשטעלן אַן אָרי-ענטירמעסיקן צעטל פון די ווערטער, וואָס דאַרפן אין אים אַרײַן. אַזאַ פּראָב־לעם שטייט ניט פאַרן רוסישן אַקאַדעמישן ווערטערבוך. דאָס דערקלערט זיך, ערשטנס, דערמיט, וואָס דער דאָזיקער ווערטערבוך שטרעבט צו געבן אַ „טעזאַורוס" פון דער רוסישער שפּראַך, ד. ה. דעם גאַנצן אוצר ווערטער פון דער רו־סישער שריפטלעכער און גערעדטער שפּראַך אין די צײַט-גרענעצן, וואָס דער ווערטערבוך נעמט אַרום. ווי זעלטן אָדער קינסטלעך אַ וואָרט זאָל ניט זײַן, מעג עס זײַן אַ דיאַלעקטיזם, אַ ספּעציפיִשער וויסנשאַפטלעכער טערמין, אַן אויסלענדיש וואָרט, וואָס האָט זיך וועגן ניט איז געטראָפן אין דער ליטע-ראַטור, דאַרף עס אַרײַן אין ווערטערבוך. דאָס הייסט, אַנדערש גערעדט, זיי קלײַבן ניט אויס קיין ווערטער פאַרן ווערטערבוך, זיי גיבן אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר אין קאַרטאָטעקע. צווייטנס, איז דאָרט אײַנגעשטעלט אַ פּרינציפּ, אַז אין ווערטערבוך קען ניט אַרײַן קיין זאַך, וואָס איז אין דער קאַרטאָטעקע ניטאָ. איך שטעל זיך דאָ ניט אָפּ אויף די דאָזיקע פּרינציפּן, צי זײַנען זיי ריכטיק, צי ניט. אָבער קלאָר איז, אַז פאַר די צונויפשטעלער פון דעם דאָ־זיקן ווערטערבוך האָט ניט קיין אָרט די פראַגע וועגן אַ פּאָרויסיקן וואָקאַבולאַר. זייער קאַרטאָטעקע איז אין דער זעלביקער צײַט זייער וואָקאַבולאַר. אַנדערש איז אָבער, ווען עס שטייט די פראַגע וועגן אַ פּראַקטישן ווערטערבוך פון אַ באַשטימטן פאַרנעם. דאָ מוז מען פון פריִער האָבן אַן אָריענטאַציע אויף אַ געוויסן ווערטער־באַשטאַנד, אַניט וועט זיך באַקומען אַ גאַנץ צופעליקע קאָלעקציע ווערטער, ווי עס קען זיך מאַכן, אַז גראָד דאָס נייטיקסטע זאָל אויס־פעלן. און ווירקלעך, אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, איז אין ווערטערבוך-אָפּטייל

פונעם מעלוכע־פארלאג, וואָס גיט ארויס איבערזעצ-ווערטערביכער פון פאר־שיידענע שפראכן מיט רוסיש, פאראן אויסגעארבעטע וואָקאבולארן פאר יעדער טיפ ווערטערבוך. נאָך מער איז נייטיק א וואָקאבולאר פאר אונדז, ווו קיין פריִערדיקע לעקסיקאָגראפישע ארבעטן, וואָס מיר זאָלן קענען אויסנוצן, איז איבערהויפט ניטאָ. דערצו נאָך איין מאָטיוו. אין גרונט פון דער גאנצער ארבעט לייגן מיר טאקע די קארטאָטעקע, אָבער דאָס הייסט ניט, ווי מיר האָבן שוין דערקלערט, אז אלץ, וואָס איז דאָ אין דער קארטאָטעקע, דארף ארייַנגיין אין ווערטערבוך — מיר קלייַבן אָפּ. צווייטנס, הייסט עס ניט, אז אין ווערטערבוך קען ניט ארייַנגיין אזוינס, וואָס איז אין דער קארטאָטעקע ניטאָ. פארקערט, ווען אין דער קארטאָטעקע, ווי פול זי זאָל ניט זייַן, פעלט א וואָרט, וואָס מיר דארפן אים האָבן, אָדער א באטייַט פון וואָרט, וואָס מיר ווייסן פון אים, שטעלן מיר דאָס, פארשטייט זיך, ארייַן אין ווערטערבוך.

דער וואָקאבולאר ווערט אין גרונט צוזאמענגעשטעלט לויט דער קארטאָ־טעקע. דערבייַ ווערט בא יעדער וואָרט געגעבן א מין ביבליִאָגראפישער אָנ־ווייַזער צו דער קארטאָטעקע, דאָס הייסט, בא וואָסערע אויטאָרן אין קאר־טאָטעקע דאָס וואָרט איז פאראן (די קארטאָטעקע איז אָרגאניזירט ניט לויט א דורכויסיקן אלפאבעט, נאָר לויט די אויטאָרן). נאָכדעם ווערט דער וואָקא־בולאר דערגאנצט לויט די פאראנענע ווערטערביכער, טערמינאָלאָגיעס, פאר־שיידענע ווערטער-קאָלעקציעס און אז. וו. בא הייַנטיקן טאָג האָבן מיר דעם וואָקאבולאר לויט דער קארטאָטעקע געמאכט אפּ א פּראָצענט 70; עס זייַנען פארענדיקט די בוכשטאבן — א, אָ, ב, ג, ד, ה, וו, ז, ט, י, כ, ל; עס דארפן פארענדיקט ווערן — מ, נ, ע, פּ, צ; נאָך ניט אָנגעהויבן — ס, פ, ק, ר, ש, צוזאמען האָבן מיר שוין אין דעם וואָקאבולאר בא 46 טויזנט קארטלעך-ווער־טער. פון אָנהייב 1934 איז די ארבעט איבערן וואָקאבולאר צוליב פארשיי־דענע סיבעס איבערגעריסן געוואָרן.

דער וואָקאבולאר איז, פארשטייט זיך, נאָר אן אָריִענטירמעסיקער. אין פּראָצעס פון דער ארבעט איבערן ווערטערבוך וועלן, נאטירלעך, צוקומען נייַע ווערטער, און א טייל וועט, מיסטאָמע, אָפּפאלן.

אויסטייַטשונג. די וויכטיקסטע און סאמע פאראנטוואָרטלעכסטע ארבעט איז, לויט מייַן מיינונג, די אויסטייַטשונג. וואָס מיר וואָלטן וועלן דערגרייכן אין דער אויסטייַטשונג — האָב איך שוין פריִער געזאָגט. ווי אזוי טוט מען עס אָבער?

גראָד אין א ווערטערבוך האָבן מיר צו טאָן מיטן וואָרט אין זייַן סאמע ניט נאטירלעכער לאגע. איטלעכס וואָרט ווערט דאָ גענומענע איזאָלירט, קינסטלעך אָפּגעריסן פון יעדער קאָנקרעטן קאָנטעקסט, אזוי אז דער באַ־טייַט פונעם וואָרט קען זיך דאָ פאָרשטעלן נאָר אין זייַן סאמע אלגעמיינער פאָרמע. די אויפגאבע פון דער אויסטייַטשונג איז אזוי אויפדעקן דעם אינ־האלט פונעם וואָרט, אז דאָס זאָל ניט פארבלייַבן קיין פוסטע אבסטראקציע, עס זאָל צעוויקלט ווערן זייַן גאנצע רייַכקייַט, וואָס עס באקומט אין דער פּראקטישער קאָנקרעטער אָנווענדונג. לאָמיר עס פּרווון דורכמאכן אפּ א בייַ־שפּיל.

מיר נעמען א וואָרט, לאָמיר זאָגן, „דאָקומענט". מיר באטראכטן די פארשיידענע אָנווענדונגען זײַנע און מיר קומען צום שלוס: 1. א „דאָקומענט" באקומט זיך, ווען מע פארפיקסירט אפ א געוויסן אויפן (דורך פארשרײַבן, אָפּדרוקן, פאָטאָגראפירן און ד. גל.) עפּעס א פאקט, א געשעעניש, א באשטימונג און אז. וו.; 2. א „דאָקומענט" וועט זײַן, ווען מיר האָבן פאר זיך אזא פארשריבענעם, געדרוקטן און אז. וו. מאטעריאַל, פון וואָסערן מע קען זיך דערוויסן אָפּלערנען וועגן עפּעס א פאָרגעקומענעם פאקט, כאָטש דער מאטעריאַל גופא איז צונויפגעשטעלט געוואָרן לעכאטכילע, קען זײַן, גאָר ניט ספּעציעל צוליב דעם דאָזיקן פאקט; 3. „דאָקומענט" רופן מיר אויך אזא מין מאטעריאַל (א געשריפטס, א פאָטאָגראפיע, א צייכענונג און אז. וו.), וואָס באגלייט אָדער איז בײַגעלייגט צו עפּעס א זאך אפ צו באשטעטיקן די אאוטענטישקײַט פון דער זאך, די ריכטיקײַט אירע, אָדער עפּעס איינע א געוויסע באציִונג וואָס האָט א שײַכעס צו דער דאָזיקער זאך (ווען זי געהערט, ווי מע דארף זיך מיט איר באגיין און אז. וו.); 4. א „דאָקומענט" וועט אויך זײַן אזא מין געשריפטס און אז. וו., וואָס גיט דעם אייגנטימער דערפון א געוויסן רעכט אפ עפּעס, אָדער וואָס שטעלט אײַן געוויסע פליכטן, באציִונגען (א בילעט, אקציע, אָבליגאציע, קוויטאנציע, אן אָפּמאך און ד. גל.). מיר קאָנען די אלע פונקטן אויך ווײַטער דעטאליזירן. צ. ב., דעם פונקט 1 קען מען איינטיילן אפ אזעלכע פאלן: א) ווען דער דאָקומענט פארפיקסירט דעם פאקט בייס זײַן פאָרקומען, אָדער טייקעף נאָך דעם, ווי צ. ב., פארשיידענע ארטן פון פראָטאָקאָלן, אקטן און ד. גל.; ב) עס ווערט פארפיקסירט ניט א געשעענער פאקט, נאָר, לאָמיר זאָגן, עפּעס אזוינס, וואָס דארף אָדער זאָל פאָרקומען, ווי אין א באשטימונג, א באפעל, א ווענדונג און אז. וו.; ג) עס ווערן פארייניקט די ביידע מאָמענטן: מע קאָנסטאטירט געוויסע פאקטן, א באשטימטע סיטואציע און מע מאכט דערפון אויספירן וועגן ווײַטערע האנדלונגען אין דער פאָרמע פון א דערמונטערונג, א פאראָרדערונג, א פארפליכטונג און ד. גל., ווי מיר טרעפן עס אין פארשיידענע אופרופן, ווענדונגען, פּאָליטישע פּלאטפאָרמעס און אנד. און אזוי ווײַטער. דעם פונקט 2 קען מען דעטאליזירן לויט דער ארט דערווײַזלעכקײַט פונעם דאָקומענט — צי דער דערווײַז וועגן דעם געשעענעם פאקט איז א דירעקטער אָדער אן אומדירעקטער און אז. וו. אזוי קענען מיר אָנגיין מיט דער דעטאליזירונג אויך פון די איבעריקע פונקטן. יעדערער פון די דאָזיקע דעטאליזירטע פונקטן קען נאָך ווײַטער דעטאליזירט ווערן, מע קען באהאנדלען באזונדער נאָך פארשיידענע מעגלעכע ניואנסן פונעם וואָרט „דאָקומענט". עס קען מעגלעך זײַן אויך אן אנדער סיסטעם פון דעטאליזירן דעם באטײַט פון דעם וואָרט.

די נייטיקײַט פון אזא מין אנאליז פאר דער צעוויקלונג פונעם וואָרט־אינהאלט ווערט נאָך באזונדערס קלאָר, ווען מיר נעמען אין באטראכט די פאקטישע אָנווענדונג פונעם וואָרט, די פראזעאָלאָגישע באנוצונגען זײַנע, די פארשיידענע דעריוואַטן פון וואָרט. אין אונדזער איצטיקן פאל מיטן וואָרט „דאָקומענט" דארף מען זיך רעכענען מיט אזעלכע ווערטער און אויסדרוקן: „היסטאָרישע דאָקומענטן", „פאפּירענע דאָקומענטן"; „דאָקומענט" אין באטײַט פון א „שײַן-צעטל", א „פאספּאָרט" און אז. וו.; „דאָקומענטאלער", „דאָקומענטירן" און אז. וו.

ווי דאַרפ עס אַרייַנג אינ ווערטערבוכ? מע קענ אויסשטעלנ די אַלע דעטאַליזירטע באַטייַטנ אונ ניואַנסנ איינס נאָכנ אַנדערנ, דערקלערנ יעדערנ באַזונדער אונ געבנ די נייטיקע בייַשפּילנ פונ וואָרטבאַנוצ. אַפּ וויפל מיר איז באַקאַנט די סיסטעמ פונעמ נייַעמ רוסישנ ווערטערבוכ, טוט מענ דאָרט טאַקע אַזוי, דערבייַ דערגייט מענ דאָרט אָפּט צו די איידלסטע, דעטאַלסטע ניואַנסירונגענ. די גאַנצע מאַסע באַטייַטנ אונ ניואַנסנ פונ אַ וואָרט, וואָס קענ דערגייַנ אַמאָל צו די היפּשע צענדליקער, ווערט אַפילע יאָ איינגעטיילט אינ גרופּעס, אָבער יעדער גרופּע באַזונדער ווערט ניט פאַרייניקט דורכ קיינ שומ אַלגעמיינער דערקלערונג, נאָר, ווי שוינ געזאָגט, יעדער איינציקער באַטייַט אונ ניואַנס ווערט פאַר זיכ דערקלערט. די מייַלע דערפונ איז, וואָס מע קענ דאָ דערגרייכנ דערצו, אַז די איידלסטע ניואַנסירונג פונעמ באַטייַט זאָל ניט פאַרלאָרנ גייַנ. אָבער אַזאַ סיסטעמ פאָדערט זייער פיל אָרט אונ איז מעגלעכ דעריבער נאָר בא אַ ווערטערבוכ פונ אַ גרויסנ פאָרמאַט; צווייטנס, ווענ מע שטעלט אויס אַ גרעסערע צאָל פאַרשיידענע באַטייַטנ, אַפילע ווענ מע דערקלערט יעדערנ פונ זיי, אָבער ניט פאַרבונדנ געדאַנקלעכ צווישנאַנאַנד, איז דער רעזולטאַט סאָפּקאָלסאָפּ אַזאַ, אַז דער לייענער קענ זיכ גיט אָריִענטירנ אונ פאַרפּלאָנטערט זיכ אינ אָט דער מאַסע אַמאָל זייער איידל אופּגעכאַפּטע אונטערשיידנ אונ שאַטירונגענ פונ באַטייַט. דער דאָזיקער פּלאָנטער ווערט נאָכ גרעסער דורכ דעמ, וואָס די פאַרשיידענע שאַטירונגענ, אָפּצווייַגונגענ פונ דעמ באַטייַט קרייצנ זיכ געוויינטלעכ צווישנאַנאַנד, ניואַנסנ פונ איינ גרופּע דערנעענטערנ זיכ אָדער פאַלנ צונויפּ מיט ניואַנסנ פונ אַנ אַנדער גרופּע. אַזוי ווי דערבייַ ווערט נאָכ אָפּט אָנגעווענדט דער פּרינציפּ פונ גרופּירנ לויט פאָרמעל לאָגישע אונ פאָרמעל סטיליסטישע קאַטעגאָריעס (אייגנטלעכער באַטייַט, פאַרברייטערטער באַטייַט, אַריבערגעטראָגענער, פיגורעלער באַטייַט אונ אַז. וו.), ווערט דער פּלאָנטער נאָכ גרעסער. אונ נאָכ איינ מאָמענט. סאָפּקאָלסאָפּ, איז דאָכ איבערהויפּט גיט מעגלעכ אויסצושעפּנ אַל ע מעגלעכע ניואַנסנ פונ אַ וואָרט. דעריבער איז ווי אַ ווערטערבוכ זאָל ניט שטרעבנ צו קאַטאַלאָגיזירנ די מעגלעכסט גרעסטע צאָל באַטייַטנ אונ ניואַנסנ אונ האָבנ זיי אָנגעגרייט פאַרטיקערהייט פאַרנ לייענער, וועט דאָכ דער לייענער אָפּט ניט געפינענ דאָס, וואָס אימ איז נייטיק, אונ אָריִענטירנ זיכ אַליינ לויט די פאַראַנענע אויסטייַטשונגענ וועט אימ זייַנ שווער, אויב ניט אינגאַנצנ אומעגלעכ. די גרויסע צאָל דעטאַליזירטע דערקלערונגענ, ניט פאַראַלגעמיינערט אונטער קיינע געמיינזאַמע פאָרמולירונגענ, פאַרשטעלנ פאַרנ לייענער יעדער פּערספּעקטיוו אַפּ צו קענענ אַליינ אָריִענטירנ זיכ אינ אַזעלכע פאַלנ, וואָס דער ווערטערבוכ האָט גראָד ניט פאַרנאָטירט.

דעריבער איז מייַנ מיינונג, אַז באַהאַנדלענדיק אַ וואָרט, וואָס גיט אַ גרעסערע צאָל באַטייַטנ אונ שאַטירונגענ, איז נייטיק אויסצוגרופּירנ זיי, אונטערפירנדיק יעדער גרופּע אונטער איינ דערקלערונג אונ, אויב מעגלעכ, אַפילע אונטער אַ פאַראַלגעמיינערטער פאָרמולע. אינ נייטיקע פאַלנ קענ, פאַרשטייט זיכ, יעדער גרופּע נאָכ דעמ אייַנגעטיילט ווערנ אינ אונטערגרופּעס. די גרופּעס גופּע דאַרפנ אויכ אויסגעשטעלט ווערנ אַזוי, אַז סע זאָל זיכ ווי ווייַט מעגלעכ פילנ אַ לאָגישע פאַרבינדונג צווישנ זיי. פאַרשטייט זיכ, אַז יעדער באַזונדער באַטייַט, וואָס ווערט געבראַכט אינ דער גרופּע, אויב עס איז אימ נייטיק צו ברענגענ אויכ באַזונדער, ווערט פאַר זיכ דערקלערט.

ווען מיר נעמען אָן, אז מיר גיבן אן אלגעמיינע דערקלערונג פאר די באטײַטן פון וואָרט, אָדער פאר גרופּעס באטײַטן זײַנע, קענען מיר לײַכט ארײַנפאלן אין אן אנדער געפאר. מע קען מיינען, אז די זאך באשטייט אין געבן פאר יעדער וואָרט אָדער גרופּע באטײַטן אומבאדינגט א פאראלגע-מיינערטע דעפיניציע — א פאָרמולע. אזא פאָרמולע קען זיך באקומען זייער אבסטראקט און טרוקן, אזוי אז עס וועט זײַן שווער צו פארשטיין זי. און כוץ דעם, וועט דאָך עס ווידער טאקע אויסליידיקן דעם לעבעדיקן אינהאלט פון דעם וואָרט. וואָרעם מע קען דאָך דאָ דורכמאכן א פאָרמעל-לאָגישע אָפּעראציע פון פאראלגעמיינערונג, אָפּווארפנדיק אלע כאראקטעריסטישע דע-טאלן פון יעדער באזונדערן באטײַט אָדער ניואַנס, איבערלאָזנדיק נאָר דאָס סאמע אלגעמיינע צווישן זיי, און אף אזא אופן אויסבויען א פאָרמולע, וואָס אונטער איר וועט מען טאקע קענען אונטערפירן א גרויסע צאָל איינצל-פאלן, אָבער דאָס וועט דאָך זײַן ניט מער, ווי א פּוסטע אבסטראקציע, וואָס וועט אונדז פּאקטיש קיין שום נוצן ניט געבן. לאָמיר נעמען א בײַשפּיל. עס איז דאָ אן אויסדרוק „האָבן אן אויג אף א זאך". דער דאָזיקער אויסדרוק קען האָבן פארשיידענע באטײַטן: 1. דאָס קען באטײַטן פּאָשעט קוקן אף דער זאך, אכטונג געבן; 2. דאָס קען אויך באטײַטן ניט סתם פּאסיוו אכטונג געבן, נאָר זען סע זאָל זײַן אין אָרדענונג, האלטן אין אָרדענונג; 3. דער זעלביקער אויסדרוק קען אויך האָבן דעם באטײַט — האָבן די זאך אין זינען צוליב עפּעס א ציל, אָדער אפילו נאָך מער — 4. האָבן די זאך אין זינען ווײַל מע דערווארט עפּעס דערפון, מע האָפט עפּעס צו באקומען דערפון, אנדערש געזאָגט — האָבן אן אויסזיכט אף דער זאך. מע קען יעדערן פון די 4 באטײַטן באהאנדלען באזונדער, דערקלערן אים, געבן צו אים בײַשפּילן פון באנוץ, מע קען נאָך אפילו מער דעטאליזירן, אָנווײַזן נאָך שאטירונגען. מע קען טאָן אויך אנדערש: אויסגעפינען דאָס סאמע אלגעמיינע פון די אלע באטײַטן, אבסטראהירנדיק זיך פון אלע באגלייטנדיקע בײַבאטײַטן. דאן וועט זיך באקומען אומגעפער אזא פאָרמולע: „האָבן אן אויג אף א זאך" — א לענגערע צײַט קוקן אף דער זאך, אײַנהאלטן זי אין זינען". איך האלט, אז די ביידע מעטאָדן טויגן ניט. די פאראלגעמיינערטע דעפיניציע דערקלערט פּאקטיש גאָרניש פון דעם עמעסן אינהאלט, וואָס מיר האָבן דאָ אָנגעוויזן, זי האָט אים פּאָשעט טויט געמאכט. און איצט לאָמיר זען, צי קען אונדז צו-פרידנשטעלן דער ערשטער מעטאָד — די דעטאליזירטע באהאנדלונג פון יעדער באטײַט באזונדער. ווען מיר באנוצן דעם אויסדרוק „האָבן אן אויג אף א זאך" אין דעם באטײַט „האלטן אין אָרדענונג", האָבן מיר דערבײַ נאָר אָנ-געוויזן אף דעם וויכטיקסטן מאָמענט פון דעם באטײַט, פּאקטיש אָבער וועט דאָס גאָר ניט אלע מאָל מיינען, אז מע מוז דערבײַ דאפקע אקטיוו ארײַנמישן זיך און מער גאָר. מע קען „האלטן אין אָרדענונג" פּאָשעט דורך אויפמערק-זאם קוקן, אכטונג געבן. נוצן מיר דאָך טאקע דעם אויסדרוק „אכטונג געבן" אין זינען פון „זען סע זאָל זײַן אין אָרדענונג". ווײַטער, אונטער דעם זעל-ביקן באטײַט פון „האָבן אן אויג" קען מען אויך פארשטיין — ניט ארויסלאָזן די זאך פון זינען, ווײַל מע האָט עפּעס דערבײַ א ציל, צי אפילו עפּעס אן אויסזיכט אף דער זאך גופא. דאָס זעלביקע קען מען אײַנזען אויך אין די איבעריקע באטײַטן. דאָס הייסט, איטלעכע פון די פיר פאָרגעלייגטע פאָרמו-

לירונגען דריקט אויס נאָר דעם הויפּט־מאָמענט פון איינעם פון די באַטײַטן, זי שליסט אָבער ניט אויס די איבעריקע פאָרמולירונגען, ווי באַגלייטנדיקע מאָמענטן, מעגלעכע בײַבאַטײַטן בײַ געוויסע קאָנקרעטע פאַלן. באַהאַנדלען מיר אָבער יעדער באַטײַט באַזונדער פון די איבעריקע, איזאָלירן מיך זיך שוין דער־מיט גופא פון די מעגלעכע באַגלייטנדיקע בײַבאַטײַטן, אַנדערש גערעדט — כאָטש מיר רעגיסטרירן אַלע באַטײַטן, אָבער יעדערן פון זיי גיבן מיר ניט פול. נאָך איין מאָמענט. ווען מע זאָל קוקן פון אַ פאָרמעל־לאָגישן און פאָרמעל־סטיליסטישן שטאַנדפּונקט, קען מען זאָגן, אַז פון די פיר געבראַכטע באַטײַטן איז דער ערשטער דער אייגנטלעכער באַטײַט — קוקן, דער צווייטער — אַ פאַרברייטערטער באַטײַט, דער דריטער און פערטער איבערגעטראָגענע באַטײַטן — האָבן אין זינען. ווי מיר האָבן אָבער ערשט געזען, איז צווישן די דאָזיקע קאַטעגאָריעס גאָר ניטאָ אַזאַ שיידוואַנט, פאַרקערט — דער אייגנטלעכער און מעטאַפאָרישער באַטײַט, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט אויסדוכטן, קענען זײַן אייַנצײַטיק אינעם זעלביקן אויסדרוק. דעריבער האַלט איך פאַר ריכטיקער און צוועקמעסיקער צו געבן די אַלע פיר באַטײַטן צוזאַמען, פאָר־מולירנדיק אַזוי:

„האָבן אַן אויג אויף אַ זאַך — אַכטונג געבן אויף דער זאַך, האַלטן אין אָרדענונג; האָבן דאָס אין זינען צוליב עפּעס אַ ציל, האָבן אַן אויס־זיכט אויף דער זאַך".

און דאָס וועט, לויט מײַן מיינונג, ניט זײַן קיין מעכאַנישע פאַראייניקונג פון פיר באַזונדערע באַטײַטן. פאַרקערט, איך מיין, אַז בײַ אַ באַזונדער באַהאַנדלונג צערײַסן מיר מעכאַניש אַן אייַנהײַטלעכן באַטײַט.

ווען עס איז דאָ אַ מעגלעכקײַט צו געבן אַ פאַראַלגעמיינערנדיקע פאָר־מולע, דאַרף מען זי, פאַרשטייט זיך, געבן; אָבער אַזאַ פאָרמולע טאָר ניט זײַן אַן אַבסטראַקט טרוקענע, זי מוז אין זיך אײַנשליסן ניט נאָר דאָס אַלגעמיינע פון דער גאַנצער גרופּע באַטײַטן, וואָס זי פאַראייניקט, נאָר אויך עלעמענטן, מאָ־מענטן פון די אייַנציקע באַטײַטן, וואָס גייען אַרײַן אין דער גרופּע. די באַזונדערע באַטײַטן, וואָס וועלן קומען נאָך דער אַלגעמיינער דערקלערונג, די מוסטערן פון וואָרט־באַנוץ, דער פראַזעאָלאָגישער מאַטעריאַל — דאָס אַלץ וועט דערגאַנצן די אַלגעמיינע דערקלערונג, און די לעצטע וועט העלפן צו באַנעמען די באַזונ־דערע באַטײַטן.

איך האָב זיך דאָ ברייטער אָפּגעשטעלט אויף איין מאָמענט פון די אויס־טײַטשונגען, אויף דער פּילבאַטײַטיקײַט. אינעם ווערטערבוך וועט אָבער אויסקומען צו האָבן צו טאָן מיט ווערטער גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקע: ווערטער, וווּ מע וועט דער־הויפּט דאַרפן געבן, אַזוי צו זאָגן, אַן „ענציקלאָפּעדישע" אויסטײַטשונג; ווער־טער — טערמינען; אַזעלכע טערמינען, וואָס ווערן אָבער צו דער זעלביקער צײַט באַנוצט אויך ווי געוויינטלעכע ווערטער; ווערטער „גראַמאַטישע" (פאַרשיידענע הילף־ווערטער, צום בײַשפּיל) א. אז. וו. פאַרשטייט זיך, אַז צו דער אויסטײַטשונג פון די פאַרשיידענע מינים ווערטער וועט מען דאַרפן צוגיין פאַרשיידן. קיינע רע־צעפּטן קענען דאָ איבערהויפּט ניט גילטן. דאָך מוז אָבער אויסגעאַרבעט ווערן אַ געוויסע אינסטרוקציע, ווי אַזוי צו בויען די אויסטײַטשונגען. ווי שווער

אזא אופגאבע זאָל ניט זײַנ, וועט מענ זי אָבער מוזנ לייזנ. לײדער, איז אינ דעמ פּראט אפילע ניטאָ קיינ דערפארונג פונוואנענ מע זאָל קענענ אָפּלערנענ. אלנפאלס, אפּ וויפל מיר האָט זיכ אײַנגעגעבנ ביז איצט צו באקענענ זיכ מיט לעקסיקאָגראפישער ליטעראטור אונ אויכ באקענענ זיכ מיט דער ארבעט איבערנ רוסישנ אקאדעמישנ ווערטערבוכ אינ לענינגראד אונ מיט דעמ נײַעמ רוסישנ אויסטײַטש-ווערטערבוכ אינ מאָסקווע, האָב איכ דערווײַלע קיינ שומ אויסגעארבעטע אינסטרוקציעס ווי אזוי צו בויענ די אויסטײַטשונג אינ ערגעצ ניט געפונענ. פארשטייט זיכ, אז פונ קאָפּ קענ מענ אזא אינסטרוקציע ניט אויסטראכטנ. נאָר די דערפארונג, די קאָנקרעטע ארבעט איבערנ ווערטערבוכ וועט געבנ א מעגלעכקײַט צו שאפנ אינ פּראָצעס פונ דער ארבעט אזא אינסטרוקציע. דערצו וועט אויכ נייטיק זײַנ אָנצוהאלטנ א קאָנטאקט מיט די אנטשפּרעכיקע אינסטיטוציעס, וואָס פארנעמענ זיכ מיט אופשטעלנ ווערטערביכער, פאר וועמענ עס שטייט אויכ די זעלביקע פּראָבלעמ. אזוי איז מיר, לעמאָשל, באוווסט, אז די טוער פונ דעמ רוסישנ אקאדעמישנ ווערטערבוכ ארבעטנ איצטער איבער אזא אינסטרוקציע. אינ דעמ דאָזיקנ קאפּיטל האָב איכ געפּרוווט אָנצייכענענ אייניקע מאָמענטנ, וואָס זײַנענ געקומענ אינ רעזולטאט פונ דער קליינער דערפארונג, וואָס מיר האָבנ ביז איצט געהאט, מאכנדיק די ערשטע פּרווונ פונ אויסטײַטשונגענ.

נאָכ א פּאָר באמערקונגענ צו דער פראגע וועגנ די אויסטײַטשונגענ. אינ דעמ ווערטערבוכ דארפ ארײַנגיינ א באדײַטנדיקער פראזעאָלאָגישער מאטעריאל. דערבײַ איז געוווּנטשנ, אז דער דאָזיקער מאטעריאל זאָל ווי ווײַט מעגלעכ זײַנ אויסגעשטעלט בא די אַנטשפּרעכיקע ווערטער אונ באטײַטנ פונ די ווערטער. דאָס איז גאָר ניט אזוי גרינג, וואָרעמ דער וואָרט-באטײַט אינעמ פראזעאָלאָגישנ אויסדרוק איז מערסטנס א מעטאפאָרישער אונ אָפּט אזוי דערווײַטערט פונ דעמ גרונטלעכנ באטײַט פונ וואָרט, אז עס איז זייער שווער אונ אמאָל אפילע אומעגלעכ צו באשטימענ צו וואָסער באטײַט פונעמ וואָרט א געוויסער פראזעאָלאָגישער אויסדרוק איז שײַעכ. דאָכ האלט איכ, אז מע דארפ שטרעבנ יאָ צו גרופּירנ די פראזעאָלאָגישע אויסדרוקנ. (אינ דעמ נײַעמ רוסישנ ווערטערבוכ זײַנענ די פראזעאָלאָגיעס קאָנצענטרירט אלע צוזאמענ צומ סאָפּ פונ יעדער וואָרט).

די פראזעאָלאָגישע אויסדרוקנ דארפנ, ווי א קלאל, אויסגעטײַטשט ווערנ, ציטאטעס ווערנ אויסגעטײַטשט נאָר אינ אויסנאמ-פאלנ, ווענ דאָס איז אומבאדינגט נייטיק.

עס איז איבעריק אונטערצושטרײַכנ, אז יעדער מאָל, ווענ דאָס איז נייטיק, מוז געגעבנ ווערנ א סאָציאל-קלאסנדיקע כאראקטעריסטיק אונ א סטיליסטיש-דיפערענצירנדיקע אָפּשאצונג פונעמ וואָרט אונ זײַנ באנוצ.

* * *

עס איז דאָ נאָכ א רײ פראגעס, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט דער באארבעטונג פונעמ וואָרט פארנ ווערטערבוכ — גראמאטישע באארבעטונג, סיידער פונ אויסשטעלנ די באטײַטנ, סטיליסטישע באארבעטונג פונעמ טעקסט גופע,

די טעכנישע זײַט פֿון דעם ווערטערבוך און אנד. דאָס אַלץ פֿאָדערט א גענויע באהאנדלונג און עס וועלן מוזן אויסגעארבעט ווערן אינסטרוקציעס וועגן די אַלע פֿראַגעס. איבערהויפּט, מיין איך, אַז די אלע פֿראַגעס דארפֿן געלייזט ווערן דורך א קאָלעקטיוו שטענדיקע טוער און ניט פֿון איין מענטשן. אַלץ, וואָס דאָ איז גערעדט געוואָרן וועגן דער ארבעט איבערן ווערטערבוך, באַטראַכט איך דעריבער גאָר ווי פֿאָרשלאָגן צום באהאנדלען. אַף ווײַטער דארפֿן אויך אַזעלכע פֿאָרשלאָגן זײַן א רעזולטאַט פֿון קאָלעקטיווער ארבעט.

## VI

גאָר קורץ וועגן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער זײַט. אין גרונט פֿון דער ארבעט איבערן ווערטערבוך ווערט געלייגט די מינסקער קארטאָטעקע, מוז דער צענטער פֿון דער ארבעט זײַן אין מינסק. מיט די אייניקע טוער, וואָס מינסק קען ארויסשטעלן פֿאַר דער ארבעט, וועלן מיר די אונטערנעמונג ניט ארויסציִען. עס מוזן צוגעצויגן ווערן די בעסטע קוואַליפֿיצירטע טוער, וואָס מיר פֿאַרמאָגן אין פֿאַרבאַנד. נאָר מיט דעם באדינג וועלן מיר זיך דערשלאָגן, אַז די ארבעט זאָל פֿאַרענדיקט ווערן אין א מעגלעך קורצן טערמין און זאָל שטיין אַף א געהעריקער קוואַליטאַטיווער הייך.

דער אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור פֿון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט אקאַדעמיע מוז שוין שאַפֿן בא זיך א פֿעסטן וויסנשאַפֿטלעך־טעכנישע אַפּאַראַט, וואָס זאָל באדינען די דאָזיקע שווערע און קאָמפּליצירטע אונטערנעמונג. די נייטיקייט דערפֿון פֿארשטייט יעדערער. מיר מוזן האָבן גע-ניטע מענטשן, וואָס דארפֿן זײַן שטענדיק בא דער קארטאָטעקע, האַלטן זי אין אָרדענונג, דערגאַנצן זי און קאָרעקטירן, אָפּקלײַבן און ארויסציִען יעדער מאָל די נייטיקע מאַטעריאַלן און אומקערן זיי צוריק אַפֿן אָרט; מע וועט דארפֿן פֿירן א שטענדיקע קאָרעספּאָנדענץ מיט די מיטארבעטער, ארויסשיקן זיי מאַ-טעריאַלן פֿון קארטאָטעקע און באַקומען פֿון זיי באארבעטע מאַטעריאַלן פֿארן ווערטערבוך און אַז. וו. צוליב דעם מוז מען האָבן שטענדיקע געניטע טוער.

עס מוז גלײַך אָרגאַניזירט ווערן א רעדאַקציאָנעלע קאָמיסיע. זי באַקומט אַלע צוגעגרייטע מאַטעריאַלן, באארבעט זיי ענדגילטיק, קאָרעגירט און רעדאַגירט זיי אויס. אין דער רעדאַקציע גייט ארײַן אויך א טוער, וואָס דארף דעם מאַטעריאַל טעכניש קאָרעגירן און ענדגילטיק באארבעטן. עס איז באַקאַנט, וואָס פֿאַר א גרויסע ראָליע עס שפּילט אין ווערטערביכער די טעכנישע באארבעטונג.

צוליב פֿאַרשיידענע טעמים איז צוועקמעסיק ארויסצוגעבן דעם ווערטערבוך העפֿטנווײַז. מע קען אָבער ניט פֿאַרציִען איבעריקס אויך מיטן גאַנצן ווערטער-בוך. איך גיב זיך אָפּ א פֿולן כעזשבן וועגן דער גאַנצער שווערקײַט און קאָמ-פּליצירטקייט פֿון דער ארבעט. פֿון די מיטארבעטער וועט זיך דאָ פֿאָדערן די גרעסטע געוויסנהאַפֿטיקײַט און איבערגעגעבנקײַט. עס פֿאָדערט זיך א געוואַלדיק אָנגעשטרענגטע קאָנצענטרירטקײַט פֿון יעדער איינעם, וואָס ארבעט איבער א ווערטערבוך־מאַטעריאַל. נאָך שווערער איז, ווען מע ארבעט איבער א ייִדישן ווערטערבוך, ווו עס איז ניטאָ קימאַט קיינע פֿאָרארבעטן. אָבער דער ציל איז א וויכ-

טיקער, און מיינען מיר בעעמעס מיט א סאָציאַליסטישער שפראך־קולטור, וועלן זיך מוזן געפינען די ענטוזיאַסטן, וואָס וועלן מיט דער גאנצער איבערגעגעבנקייט און באגייסטערונג פאר סאָציאַליסטישער קולטור־בויונג נעמען זיך פאר דער דאָזיקער ארבעט. מער איז דאָס אָפּהענגיק פון אונדז אליין, און איך בין זי־כער, אז אויב מיר וועלן, ניט פארציענדיק די זאך, טייקעף צוטרעטן און שאפן א פעסטע אָרגאניזאציע פון דער גאנצער אונטערנעמונג און אוועקשטעלן זי אין די געהעריקע באדינגונגען פון ארבעט, וועלן זיך אזעלכע ענטוזיאַסטן געפינען, זיי זיינען פאראן, און דער יידישער אויסטייטש־ווערטערבוך וועט ווערן א ווירקלעכקייט נאָך אין מעשעך פונעם איצטיקן צווייטן פינפיאָר.

---

נ. שאצקי

# סטענאָטיפּיע

(קורצשריפט אפ דער שרײַבמאשינקע)

דער שריפט איז פאר דעמ מענטשנ אײנער פונ די וויכטיקסטע געווערנ, וואָס גיט אימ די מעגלעכקײַט צו אָנזאמלענ אונ פארפיקסירנ די גאנצע מענטשלעכע דערפארונג אינ פארשיידענע געביטנ פונ קולטור: וויסנשאפט, קונסט, ליטעראטור א. אז. וו. דער שריפט איז אנ אומויסשעפּבארע קײלע, ווי אײנער האָט זיכ אויסגעדריקט, וואָס וויפל מע זאָל ניט צאפּנ, בלײַבט זי שטענדיק פול.

די אנטוויקלונג פונ דעמ שריפט האָט דורכגעמאכט א לאַנגע אונ א באלערנדיקע געשיכטע, וואָס ווײַזט אונדז, וויפל מי, ענערגיע פונ מענטשלעכע דוירעס איז ארײַנגעלייגט געוואָרנ, ביז וואנענ מיר האָבנ באקומענ מיט אנערעכ 3500 יאָר צוריק דעמ אלעפבייז לויט דער קלאנגענ-סיסטעמ.

אינ דעמ לאנגנ פּראָצעס פונ דער שריפט-אנטוויקלונג, ביז מע האָט אויסגעפונענ דעמ אלעפבייז פונ דער קלאנגענ-סיסטעמ, האָבנ צווישנ זיכ געקעמפט צוויי שטרעמונגענ: א קאָנסערוואטיווע, וואָס האָט געוואָלט אײַנהיטנ דעמ כאראקטער פונ דעמ שריפט, ווי מע האָט פריִער געשריבנ, אונ א פּראָגרעסיווע, וועלכע האָט געשטרעבט וואָס מער פארפּראָסטערנ אונ מאכנ אימ מער צוגענגלעכ. די פּראקטיק האָט באוויזנ, אז די צווייטע שטרעמונג פלעגט שטענדיק זיגנ, אונ דער שריפט איז אלצ מער געוואָרנ פאריינפאכט.

אָבער אויכ דער קלאנגענ-שריפט האָט ניט אלעמענ באפרידיקט. די, וואָס האָבנ געהאט צו טאָנ זייער אָפט מיטנ שרײַבנ, האָבנ געזוכט פארשיידענע מיטלענ ווי צו שרײַבנ פארקירצט, מע האָט זיכ געסטארעט אויסגעפינענ אזא שריפט, וואָס זאָל קענענ נאָכיאָגנ אונדזער ריידנ. די פּראָפעסיאָנאלנ-שרײַבער האָבנ נאָכ א צײַט פאר אונדזער ציילונג געשאפנ עלעמענטנ פונ סימוואָליזאציע אברעוויִאציע אונ לאָגישע פארקירצונגענ. אריסטאָטעל ווערט פארעכנט פאר אײנעמ פונ די גרינדער פונ דעמ קורצשריפט לויט דעמ פאָנעטישנ מעטאָד.

דער פּאָעט ענני (גריכנלאנד), וועלכער האָט געלעבט בא 300 יאָר פאר אונדזער צײַט-רעכענונג, האָט זיכ באנוצט מיט א קורצשריפט, וואָס איז געווענ זייער ענלעכ אפ סטענאָגראפיע.

טיראָנ (רוימ) האָט מיט 64 יאָר פאר אונדזער צייַלונג ארויסגעלאָזנ א ספּעציעלנ ביכל מיט פארקירצונגענ. אינ דער געשיכטע פונ שריפט זייַנענ אריינ די פארקירצונגענ אונטערנ נאָמענ „Notae Tironianae“. באַמ אנאליזירנ פארבליבענע האַנטשריפטנ פונ שרייַבער, וויסנשאַפט־טוער, פּאָליטיקער אונ אז. וו. שטויסנ מיר זיכ אָנ אפּ פֿארשיידענע פארקירצונגענ. אייניקע פונ זיי זייַנענ זייער נאָענט צו די פארקירצונגענ, וועלכע עס ווענדעט אָנ סטענאָגראפיע. דאָ ליגט פאר אונדז זייַטלעכ פונ טשערנישעווסקיס טאָג־בוכ. לאָמיר באַטראכטנ, וועלכע פארקירצונגענ האָט ער באַנוצט אינ זייַנ שרייַבנ.

עס וואַרפט זיכ גלייַכ אינ די אויגנ, אז פאר די ווערטער, וואָס ווערנ זייער אָפט באַנוצט, האָט ער געגעבנ ספּעציעלע צייכנס. אזא מינ צייכנ האָבנ מיר פאר די ווערטער этот, эта, это; די ערשטע העלפט פונ א גרויס־האנטיקנ X ווערט אויסגענוצט פארנ וואָרט если; פארנ וואָרט равно אונ דאָס זעלבע פאר равен, несравненно אונ אז. וו. שרייבט טשערנישעווסקי מער ניט ווי דעמ וואָרצל — א גלייַכ־צייכנ =. די פּראָנאָמענס мне, меня ווערנ געשריבנ מיט א שטריכ אונטער דער ליניע. פאר די ווערטער целый, целое אונ אז. וו. ווערט אויסגענוצט אזא צייכנ, וואָס איז ענלעכ אפנ לאטייניש z. א צעצויגענעמ 8 שרייַבט טשערנישעווסקי אָנשטאָט דעמ וואָרט весьма. די ווערטער было-бы שרייַבט ער מיט צוויי бб. דאָס וואָרט чем האָט דעמ אויסזענ, ווי דער פראנצויזישער בוכשטאב q.

פיל ווערטער פארקירצט ער דורכ ארויסלאָזנ אייניקע קלאנגענ. אָנשטאָט жизнь שרייַבט ער жзь; אָנשטאָט никогда שרייַבט ער нд; דאָס וואָרט делать שרייבט ער ять. ווידער, די גרופּע ווערטער что не будет שרייַבט ער בלויז מיט דריי בוכשטאבנ чнб; דעמ בוכשטאב м שרייבט ער אנשטאָט די ווערטער сам, самый אונ אז. וו.

מיט דעמ אליינ שעפּנ זיכ ניט אויס אלע טשערנישעווסקיס פארקירצונגענ, זיי זייַנענ אסאכ מער. פונ דעמ אליינ זעט מענ, ווי טשערנישעווסקינ שטעלט ניט צופרידנ דער צעצויגענער שריפט. אונ ער זוכט פארשיידענע וועגנ פונ פארקירצונגענ.

ווייַטער זעענ מיר, אז אייניקע טשערנישעווסקיס צייכנס־פארקירצונגענ, זייַנענ ניט אינגאנצנ צופעליקע, זיי גייענ אָפט לויט א געוויסער לאָגיק. צ. ב., ער נעמט דעמ ציפער 8 (восемь) אונ ער נוצט אימ אויס פאר דעמ וואָרט весьма; אפ דעמ זעלבנ אויפנ שרייַבט ער פארקירצט די ווערטער равно, равен, целое אונ אז. וו.

מיר געפינענ אינ זייַנע האַנטשריפטנ אזעלכע פארקירצונגענ, ווי איינ אונ דער זעלבער צייכנ (בוכשטאב), נאָר אנדערש געשריבנ, איז אינ איינ פאל ווערט ער באַנוצט פאר איינ וואָרט אונ אינ אנ אנדער פאל, עטוואָס אנדערש געשריבנ, ווערט ער באַנוצט פאר אנ אנדער וואָרט. דער געשריבענער בוכשטאב м ווערט באַנוצט פאר די ווערטער сам самый, פונ איינ זייַט, אונ פונ דער צווייטער זייט ווערט דער זעלבער м נאָר עטוואָס אנדערש געשריבנ, באַנוצט פאר די ווערטער могу, можешь אונ אז. וו. פאר די ווערבאלע ענדונגענ ел, ели, ал, али ווערט געמאכט א שלייפ אונטער דער ליניע.

פארשטייט זיכ, אז די דאָזיקע סיסטעמ פונ פארקירצונגענ איז בא אימ אנטשטאנענ סטיכיייש. דאָס איז א סיסטעמ פונ אנ אינדיוויד, וואָס האָט זי געשאפנ פאר זײַנ אייגענעמ געברויכ אונ פרעטענדירט ניט, אז זי זאָל פאר-שפרייט ווערנ צווישנ די מאסנ. נאָר דערבײַ קאָנענ מיר אונטערשטרײַכנ, אז בוצנדיק אזא קורצשריפט, האָט זיכ אימ אײַנגעגעבנ אסאכ שנעלער צו שרײַבנ, ווי ווענ ער וואָלט זיכ באנוצט מיטנ געוויינטלעכנ שריפט.

ווענ מיר נעמענ לעבינס נאָטיצנ, זעענ מיר, אז ער האָט אויכ געשריבנ מיט א גרויסער צאָל פארקירצונגענ. דער דאָזיקער מעטאָד פונ פארפיקסירנ קענ מעג זענ אינ די „לעבינישע זאמלביכער”. מיר ציטירנ דאָ פונעמ פופצנטנ „לעבינישנ זאמלבוכ”, ז. 14.

I 1) з[ада]чи р[е]в[олю]ции не разрешены, силы не подорваны.

2) под обол[очкой] затишья идет накопл[ение] сил.

3) б[ой]к[о]т[и]зм есть р[е]в[олю]ц[онное] настр[оение] и прав[ильная] оц[енка] к[онт]рр[е]в[олю]ц[ионного] х[а]р[ак]т[е]ра 3 Д[умы]

— разв[итие] эк[ономической] и п[олитической] б[орь]бы пр[олетариата] и масс[овых] выступл[ений]

II (1) б[ой]к[о]т б[ыл] бы прав[ильным] лишь при всеобщ[ем] подъеме или при б[орь]бе с к[онститу]ц[ионными] илл[юзиями] (как это было при 1 и 2 Д[умах])

(2) нет сущ[ественных] измен[ений] со врем[ени] 2 Д[умы]...

(3) урок II пер[иода] рус[ской] р[е]в[олю]ц[ии]
— (а) прин[ять] уч[аст]ие
(б) вести б[орь]бу и с ре[акцией] и с либер[алами]

**דאָ איז אינגאנצנ 76 ווערטער, פונ וועלכע 39 זײַנענ געשריבנ פארקירצט.**

1) зчи—задачи
2) рвции—революции
3) обол—оболочкой
4) накопл—накопление
5) бктзм—бойкотизм
6) рвц—революционное
7) настр—настроение
8) прав—правильная
9) оц—оценка
10) кррвц—контрреволюция
11) хртра—характера
12) Д—Думы
13) разв—развитие
14) эк—экономической
15) п—политической
16) ббы—борьбы
17) пр—пролетариат
18) масс—массовых
19) выстпл—выступление
20) бкт—бойкот
21) б—был
22) прав—правильным
23) всеобщ—всеобщем
24) ббе—борьбе
25) кц—конституционными
26) илл—иллюзиями
27) Д—Думах
28) сущ—существенных
29) измен—изменений
30) врем—времени
31) Д—Думы
32) пер—периода
33) рус—русской
34) рвц—революции
35) прин—принять
36) уч—участие
37) ббу—борьбу
38) ре—реакцией
39) либер—либералами

ווענ מיר קוקנ זיכ צו צו לענינס שרײַבנ אינ דעמ אויבנ־אראָפּגעבראכטנ אויסצוג און אויכ אינ אנדערע ערטער, זעענ מיר, אז אינ זײַנע פארקירצונגענ איז דאָ א געוויסע סיסטעמ. מע קענ אפילע אָנווײַזנ, אז לענינס פארקירצונגענ גייענ אינ פינפ ריכטונגענ:

1) פארקירצטע בוכשטאבנ,
2) ארויסגעלאָזטע וואָקאלנ,
3) לאָגישע פארקירצונגענ,
4) ארויסגעלאָזטע ענדונגענ (אברעוויאציע),
5) אָפּט נוצבארע ווערטער ווערנ געשריבנ מיט איינעמ אָדער מיט צוויי בוכשטאבנ.

פארקירצטע בוכשטאבנ. פיל בוכשטאבנ האָט ער פארייִנפאכט. אָט, צ. ב., דעמ ערשטנ עלעמענט פונ דעמ „געשריבענעמ л האָט ער ניט געשריבנ און עס האָט זיכ בא אימ באקומענ ווי א לאטײַנישער l. דעמ т שרײַבט ער בלויז מיט איינ ווערטיקאלנ שטריכ. ж איז אָנגעשריבנ מיט א גאָר באזונדער אײַנפאכנ צייכנ, וואָס אָנ א שליסל איז אימ שווער איבערצולייענע. און אז. וו.

ארויסגעלאָזטע וואָקאלנ. אינ זייער פיל ווערטער ווערנ ארויסגעלאָזנ די וואָקאלנ. צ. ב. бкт, вжнсть, злбнвсть (бойкот, важность, злободневность).

לאָגישע פארקירצונגענ. ווערטער אינ קאָנטעקסט, ווענ זיי כאזערנ זיכ אָפּט איבער, ווארפט ער ארויס פונ זיי גאנצע שטיקער. צ. ב. кррвц, здчи, ббы, прлта, дра (контрреволюция, задачи, борьбы, пролетариата, диктатура). אָט דער מעטאָד פונ פארקירצונגענ איז בא אימ דער סאמע פארשפרייטסטער.

ארויסגעלאָזטע ענדונגענ. צוליב עקאָנאָמיע אינ צײַט פלעגט לענינ ארויסלאָזנ די ענדונגענ, צ. ב., раб. движ. אָנשטאָט рабочее движение, ווידער, שרײַבט ער אזעלכע ווערטער, ווי настр אָנשטאָט настроение, встпл אָנשטאָט выступление און אז. וו.

אָפּט נוצבארע ווערטער ווערנ געשריבנ מיט איינעמ און צוויי בוכשטאבנ. א Д אָנשטאָט Дума, эк אָנשטאָט экономический, б אָנשטאָט был, бба אָנשטאָט борьба א. אז. וו. א. וו.

פונ דעמ קענענ מיר זענ, אז לענינס „סטענאָגראפיע" איז אינ טאָכ אנ אויסגעהאלטענע, זי איז פארקירצט לויט געוויסע פרינציפּנ. די זעלבע פרינציפּנ ווערנ אויכ אָנגעווענדט אינ סטענאָגראפיע. פארשטייט זיכ, אז לענינ האָט ניט אָנגעווענדט זײַנע פארקירצונג־פרינציפּנ צו יעדער וואָרט, וועלכנ ער האָט געשריבנ. דאנ וואָלט מענ זיכ גענייטיקט אינ א ספּעציעלנ שליסל צו זײַנע ארבעטנ.

עס איז גרינג צו פארשטיינ, אז פאר א מענטשנ, וואָס האָט אָפּט צו טאָנ מיט דער פענ, איז אונדזער געוויינטלעכער שריפט צו לאנג. אונדזער האנט שטייט אָפּ פונעמ ריידנ אינ 6—8 מאָל, פונעמ הענקענ אינ 20—25 מאָל. און דעריבער איז דער, וואָס האָט צו טאָנ אָפּט מיט אויסדריקנ זײַנע געדאנקענ אפנ פּאפּיר, זוכט פארשיידענע וועגנ צו פארגיכערנ דעמ פּראָצעס פונ שרײַבנ,

אז ער זאָל קענענ וואָס שנעלער פיקסירנ, אז די געדאנקענ זאָלנ ניט פאר־געסנ ווערנ.

פאר די לעצטע צענדליקער יאָרנ האָט זיכ זייער שטארק פארשפרייט דער סטענאָגראפישער שריפט. דער דאָזיקער מעטאָד פונ שרייבנ גיט א מעגלעכ־קייט צו קענענ פארשרייבנ א רעדע. בא אונדז אינ סאָוועטנפארבאנד איז דאָ קימאט אינ יעדנ אָנגעזעענעמ אנשטאלט איינער אָדער עטלעכע סטענאָגראפנ. די אוניטארע סאָקאָלאָווס סיסטעמ, וועלכע איז דעקרעטירט געוואָרנ פונ ציק אינ יול 1933 יאָר, איז אנ אָנהייב פונ א גרויסער אופלעבונג אונ פארשפריי־טונג פונ סטענאָגראפיע אינ פססר.

אויסלערנענ סטענאָגראפיע דארפ דויערנ א גאנצ היפשע צייט. סטענאָגרא־פיע ווערט געלערנט אפ קורסנ, וועלכע עס באזוכנ איבערהויפט דערוואקסענע מענטשנ, וואָס ווילנ אפ דעמ זיכ ספעציאַליזירנ. סטענאָגראפיע איז, ליידער, נאָכ בא אונדז ניט איינגעפירט געוואָרנ, ווי א לימעד אינ שול, צו באוואָפע־נענ דעמ שילער מיטנ געווער פונ שנעל־שרייבנ, מיט וועלכנ ער זאָל זיכ קע־נענ באנוצנ אינ זיינ קומענדיקער געזעלשאפטלעכער ארבעט.

זייער פיל מענטשנ קאָנענ אונדז דערציילנ וועגנ זייערע אייגענע שאפונגענ אינ פארקירצנ דעמ שריפט. איבערהויפט איז עס צו זענ בא די צייטונג־מיטאר־בעטער, ווו די ארבעט איז א געיילטע. יעדערער פארקירצט אפ זיינ שטיי־גער, אָנ קיינ סיסטעמ אונ גאנצ אָפט ברענגט עס, אז ניט נאָר א צווייטער קענ זיכ ניט פאנאנדערקלייבנ אינעמ אָנגעשריבענעמ, נאָר דער אייגנטימער אליינ קענ עס ניט אופשטעלנ.

אינ זינענ פונ פארגיכערנ דעמ פראָצעס פונ שרייבנ, קאָנ מענ אויכ אָנ ווייזנ אפ דער שרייבמאשינקע, וואָס אויסער דעמ, וואָס זי גיט א דייטלעכנ קלאָרנ שריפט, פארגיכערט זי דעמ פראָצעס פונ שרייבנ אינ 3—4 מאָל אינ פארגלייכ מיט דער פענ.

אינ דעמ דאָזיקנ ארטיקל וויל איכ מיטיילנ וועגנ א סיסטעמ פונ פאר־קירצונגענ אפ א שרייבמאשינקע אונ אויכ מיט דער פענ, וואָס איכ האָב אויסגעארבעט. אפ דער שרייבמאשינקע וועט עס געבנ די מעגלעכקייט פונ קענענ פארפיקסירנ די מענטשלעכע רייד, ווי עס ווערט געטאָנ מיט דער הילפ פונ סטענאָגראפיע. באמ אָנווענדנ די זעלביקע פארקירצונגענ מיט דער פענ, וועט עס פארגיכערנ דאָס שרייבנ אינ 3—4 מאָל אינ פארגלייכ מיטנ געוויינט־לעכנ שריפט.[1]

איידער מיר וועלנ דאָ איבערגעבנ די פארקירצונג־מיטלענ, וויאזוי איז עס מעגלעכ צו פארשרייבנ אפ דער מאשינקע א טעקסט אזוי שנעל, ווי מע רעדט, וועלנ מיר אָנווייזנ, אז באמ געוויינטלעכנ שרייבנ קענענ מיר דערגרייכנ בלויז בא 15—20 ווערטער אינ א מינוט. א קוואליפיצירטער סטענאָגראפ דערגרייכט די שנעלקייט פונ 110—120 ווערטער אינ א מינוט. דאָס איז די גיכקייט פונ א געוויינטלעכנ רעדנער.

א מאשיניסטקע מאכט אינ א סעקונדע ביז 5—$6\frac{1}{2}$ קלעפ אפ די קלאווישנ פונ דער שרייבמאשינקע. אפ אזא אופנ באקומט זיכ, אז אינ א מינוט מאכט

---

[1] א פרווו אָנצווענדנ די סיסטעמ אפ א שרייבמאשינקע איז שוינ געמאכט געוואָרנ אונ עס האָט געגעבנ די געוווּנטשענע רעזולטאטנ. איצט ווערט וועגנ דעמ צוגעגרייט א ספעציעלע בראָשור.

זי פונ 300 ביז 390 קלעפּ. ווענ מע זאָל נעמענ אינ אכט, אז קעדיי אָנצושרײַבנ א וואָרט, קומט אויס צו מאכנ דורכשניטלעכ 5 קלעפּ, הייסט עס, אז אינ א מינוט מאכט א מאשינִיסטקע פונ 60 ביז 78 ווערטער. עס זײַנענ אויכ פאראנ אזעלכע ווירטואָזנ, וועלכע דערגרייכנ בא 10 קלעפּ אינ א סעקונדע. מיר וועלנ דאָ נעמענ א דורכשניטלעכע מאשיניסטקע, וואָס מאכט אינ א מינוט בא 300 קלעפּ, ד. ה. זי שרײַבט אָנ 60 ווערטער אינ א מינוט. אויב א מאשיניסטקע דערגרייכט צו מאכנ אינ א מינוט בא 60 ווערטער, הייסט עס, אז קעדיי צו קענענ פארסטענאָגראפירנ א רעדע, פאָדערט זיכ צו קענענ אזוי פארקירצנ דעמ שרײַבנ, אז מיט די 300 קלעפּ, וואָס זי מאכט, זאָל זי דערגרייכנ ניט קיינ 60 ווערטער, נאָר 110—120. אנדערש גערעדט, מע דארפ שאפנ אזא סיסטעמ פונ פארקירצונגענ, וואָס זאָל מיט דער זעלבער צאָל קלעפּ דערגרייכנ א צווייענדיקע צאָל ווערטער.

די מאשינקע „אונדערוווּד" פארמאָגט 46 קלאַווישנ. אפ יעדער קלאַוויש איז דאָ 2 בוכשטאבנ אָדער ווי מיר וועלנ זיי אָנרופנ — צייכנס. צוזאמענ האָבנ מיר דאָ 92 צייכנס. 26 צייכנס גייענ אוועק אָפּ דעמ אלעפבייז אונ די איבעריקע צייכנס ניצנ מיר אויס אפ פארשיידענע פארקירצונגענ.

אינ אונדזער סיסטעמ ניצנ מיר אויס פאָלגנדיקע פארקירצונג־מיטלענ:

1) עס ווערנ זייער אָפט ארויסגעוואָרפנ די ניט-אקצענטירטע וואָקאַלנ. דאָס לייענענ ווערט דורכ דעמ ניט פארשווערִקט בא א קורצער פּראקטיקירונג.[1]

2) דאָס ראָוו ווערטער באשטייענ פונ פּרעפיקס, שטאמ אונ סופיקס. די אויסגעבליבענע צייכנס אפ דער מאשינקע ווערנ געגעבנ פאר די פּרעפיקסנ אונ סופיקסנ. אָט, צ. ב., ווענ מיר האָבנ אזא וואָרט מיט א פּרעפיקס „ארופּ" גיבנ מיר פאר אימ דעמ צייכנ ), וואָס איז דאָ אינ דער שרײַבמאשינקע. אונ די ווערטער „ארופגיינ", „ארופזעצנ", „ארופלויפנ" שרײַבנ זיכ שוינ אזוי: )גנ, )זצנ, )לפנ אונ אז. וו. אָדער מיר גיבנ פארנ פּרעפיקס „צונויפ" דעמ צייכנ „ץ" אונ דאנ שרײַבנ מיר שוינ ץרדנ, ץנמנ, ץגסנ אָנשטאָט צונויפריידנ, צונויפנעמענ, צונויפגיסנ.

דאָס זעלבִיקע ווערט געטאָנ מיט די סופיקסנ. פאר די סופיקסנ „יש, ניש, יסטיש" ווערט געגעבנ דער דעפיז (-). אזעלכע ווערטער, ווי „זוכעניש", „כאפעניש" אונ אויכ „פריש" שרײַבנ זיכ: זכ־, כפ־, פר־. פארנ סופיקס „גראפיע" ווערט געגעבנ דער צייכנ „ג" (מיטנ אויבערשטנ רעגיסטער). אזעלכע ווערטער, ווי געאָגראפיע, ביִאָגראפיע, סטענאָגראפיע שרײַבנ זיכ: גאָג, באָג, סטנג אונ אז. וו. א. וו.

3) די אלגעמיינ-אָנגענומענע פארקירצונגענ, וואָס ווערנ אויסגענוצט אינ געוויינטלעכנ שרײַבנ, ווערנ אויכ אינ דער סיסטעמ שטארק פּראקטיקירט. ווי, צ. ב., סאָצ, סנק, ציק, ד. ז., ד. ה., א. אז. וו. א. וו. די דאָזיקע סיסטעמ קלײַבט צונויפ אלע ווערטער, וואָס טרעפנ זיכ אמאָפטסטנ באמ שרײַבנ, אונ גיט פאר זיי די געהעריקע פארקירצונגענ, צ. ב.: „אונ", „אינ", „סאָוועט", „באָלשעוויק", „גאנצ", „אינטערנאציִאָנאל", „פּאָליטיק" א. א. וו.

---

1 לינצבאכ האָט אינ זײַנ בוכ „Принципы философского языка" שוינ פונ לאַנג אָנגעוויזנ, אז עס איז מעגלעכ אינ רוסיש צו שרײַבנ אונ לייענענ א טעקסט אָנ קיינ שום וואָקאַלנ.

פאר גרופּעס ווערטער, וועלכע ווערן באנוצט אָפט אין שרײַבן, ווערט געגעבן צוויי אָדער דרײַ צייכנס, צ. ב. אזעלכע ווערטער, ווי „פּראָלעטארישע דיקטאטור", „פאר דער לעצטער צײַט", אפּ אזא אויפן", „ארבעטער און פּויערים". „אָקטיאבער-רעוואָליוציע" און אנדערע, שרײַבן זיך בלויז מיט עט־לעכע צייכנס.

4) פאר גרופּעס קאָנסאָנאנטן, וועלכע טרעפן זיך אמאָפטסטן באם שרײַבן, צ. ב. „טר", „סטר". „שר". „שפּר" א. אז. וו. ווערט געגעבן בלויז איין צייכן.

5) עס ווערן אויך אויסגענוצט פאָנעטישע פארקירצונגען. עס ווערן ארויס־געלאָזט אזעלכע קלאנגען באם שרײַבן, וועלכע ווערן באם גיכן ריידן ניט דערהערט. דערשלונגען אָדער צונויפגעגאָסן מיט אנדערע קלאנגען.

6) לאָגישע פארקירצונגען.

אָט די אלע פארקירצונגען, וואָס ווערן דורכגעפירט אין דער דאָזיקער סיסטעם, דארף מען זאָגן, האָבן אין דער פּראקטיק דערוויזן, אז זיי פאר־שווערן אבסאָליוט ניט דאָס לייענען. די סטענאָגראמע פון אזא שרײַבן לייענט זיך בא א גאָר קורצן פּראקטיקירן זייער שנעל.

פאָרלויפיק קען מען אָנווײַזן אפּ פאָלגנדיקע מײַלעס פונעם דאָזיקן שריפט לעגאבע סטענאָגראפיע מיט דער פען:

1) די סיסטעם קען מען אויסלערנען אין אסאך א קירצערער צײַט, ווי סטענאָגראפיע.

2) ווי עס איז באוווסט, מוז דער סטענאָגראף פאנאנדערשיפרירן זײַן סטענאָגראמע אליין. א צווייטן גיט זיך עס שווער. אפּ וויפל די צייכנס אין דער סיסטעם זײַנען סטאנדארטע, איינמאָל פאר אלעמאָל פעסטגעשטעלטע, וועט עס קענען טאָן יעדערער, וואָס איז נאָר באקאנט מיט דער סיסטעם. אויסלערנען דעם טיפּ שרײַבן איז ניט שווער, ווײַל די טעאָריע איז ביז גאָר אן איינפאכע.

3) דער סטענאָגראף ווערט באם סטענאָגראפירן גיך אײַנגעמאטערט. ער קען מער ניט שרײַבן ווי צען מינוט, און ווען עס איז דאָ א גרויסע פאר־אנטוואָרטלעכקײַט, סטענאָגראפירט ער בלויז 5 מינוט און גלײַך קומט א צוויי־טער און פארבײַט אים. דערבײַ דארף מען אָנווײַזן, אז דאָס ראָוו פעלערן אין דער סטענאָגראמע באקומט זיך פון דער צו אָפטער בײַטעניש פון די סטע־נאָגראפן, ווײַל דעם סטענאָגראף קומט ניט אויס צו בײַזײַן בא דער גאנצער רעדע און אים איז אָפט גאנץ שווער צונויפבינדן די פראזעס.

לויט אונדזער סיסטעם וועט די אָנגעשטרענגטקײַט ניט זײַן אזוי גרויס. די סטענאָגראפיסטקע וועט קענען אסאך מער צײַט סטענאָגראפירן, ווײַל א מאשינקע פארמאטערט ניט אזוי דעם דענקען, ווי דאָס שרײַבן מיט דער האנט. פארשטייט זיך, אז דאָ וועט דארפן געמאכט ווערן אן אויספאָרשונג מיט די מעטאָדן פון פּסיכאָטעכניק, קעדיי צו זען, אפּ וויפל ווערט די סטע־נאָגראפיסטקע מער אײַנגעמאטערט, ווי די סטענאָטיפּיסטקע.

עס פארשטייט זיך, אז מע קאָן אָנווענדן די סיסטעם ניט נאָר אין יידיש, נאָר אויך אין רוסיש און אין אנדערע שפּראכן און עס וועט געבן די זעלבע רעזולטאטן.

איצטער וועל איך געבנ צוויי סטענאָגראמעס—א יידישע אונ א רוסישע, געדרוקט אפ א מאשינקע מיט א בייגעלייגטער דעשיפרירונג.

לעניניזמ — איז מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאליזמ אונ פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. ריכטיקער: לעניניזמ — דאָס איז די טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ אלגעמיינ, טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער דיקטאטור פונמ פּראָלעטאריאט באזונדער. מארקס אונ ענגעלס האָבנ געהאנדלט אינמ פּארעוואָליוציאָנערנ פּעריאָד (מיר האָבנ אינ זינענ די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע), ווענ עס איז נאָכ ניט געווענ קיינ אנטוויקלטער אימפּעריאליזמ, אינמ פּעריאָד, ווענ די פּראָלעטאריער האָבנ זיכ געגרייט צו דער רעוואָליוציע, אינ דעמ פּעריאָד, ווענ די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע איז נאָכ ניט געווענ קיינ דירעקטע פּראקטישע אומפּארמיידלעכקייט. לענינ, א טאלמיד פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ, האָט געהאנדלט אינ דעמ פּעריאָד, ווענ די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע האָט זיכ פּאנאנדערגעוויקלט, ווענ די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע האָט שוינ געזיגט אינ איינ לאנד, האָט צעקלאפּט די בורזשואזע דעמאָקראטיע אונ האָט געעפנט די ערע פונ פּראָלעטארישער דעמאָקראטיע, די ערע פונ סאָוועטנ.

אָט פּארוואָס דער לעניניזמ איז די ווייטערדיקע אנטוויקלונג פונמ מארקסיזמ.

מע פּארצייכנט געוויינלעכ דעמ אויסערגעוויינלעכנ שלאכט־כאראקטער אונ אויסערגעוויינלעכנ רעוואָליוציאָנערנ כאראקטער פונמ לעניניזמ. דאָס איז פול-

קאָמ ריכטיק. אָבער די דאָזיקע אייגנשאפט פונמ לעניניזמ דערקלערט זיכ מיט צוויי סיבעס: ערשטנס, דערמיט, וואָס דער לעניניזמ איז ארויסגעקומענ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, וועמעס שטעמפל ער קאָנ ניט ניט טראָגנ אפ זיכ; צווייטנס, דערמיט, וואָס ער איז אויסגעוואָקסנ אונ האָט זיכ פארפעסטיקט אינ געראנגלענ מיטנ אָפּאָרטוניזמ פונ 2־טנ אינטערנאציאָנאל, וואָס דער קאמפ מיט אימ איז געווענ אונ איז א נויטווענדיקע פאָרבאדינגונג פארנ ערפאָלגרייכנ קאמפ מיטנ קאפיטאליזמ. מע דארפ ניט פארגעסנ, אז צווישנ מארקסנ אונ ענגעלסנ, פונ איינ זייט, אונ לענינענ, פונ דער אנדערער, ליגט א גאנצע עפאָכע פונ אליינהערשאפט פונמ אָפּאָרטוניזמ פונ 2־טנ אינטערנאציאָנאל, וואָס דער אומראכמאָנעסדיקער קאמפ מיט אימ האָט ניט געקאָנט ניט זייַנ איינע פונ די וויכטיקסטע אויפגאבנ פונ לעניניזמ.

Лз ё Мз эпх і и%р тчН Лз ё Тя иткя
%р вбщ Тя итка д% восС МиЭ £-Л в:д
(мимв %р) кг нбл .вт і в:д £гтв % к р в
п:д кг %р н яўл щ %мй %ЧК нзбжС Л же
учн МиЭ£-Л в:д .вт і в:д .врТЩ %р кг
%р уж пбд вIС .бл бу дм иокрл эру %дм
эру с

втпч Лз яўц длнШ .вт Мз

омчў обчн хч£ бевй и хч£ р х Лз эсвшн
%влн но э осбС Лз обснц 2 :чн вI тм ч
Лз вшл з%р опчт кт он н мж н нС на сб в2
тмч он врс и окрп в схвтк з оо 2И бр зкт
яўл и яўц нохдм ;вр£ услвм успшн бр зкап
н Лдў збвт ч мж МиЭ сIС имж Л с2 лжт цл
плс,.£н г/ оо 2И ,пщН бр зкт н мгл н сС
I звжнШ 3 Лз

Ленинизм есть марксизм эпохи империализма и пролетарской революции. Точнее: ленинизм есть теория и тактика пролетарской революции вообще, теория и тактика пролетарской революции в особенности. Маркс и Энгельс подвизались в период предреволюционный (мы имеем в виду пролетарскую революцию), когда не было еще развитого империализма, в период подготовки пролетариев к революции, в тот период, когда пролетарская революция не являлась еще прямой практической неизбежностью. Ленин же, ученик Маркса и Энгельса, подвизался в период развитого империализма, в период развертывающейся пролетарской революции, когда пролетарская революция уже победила в одной стране,

разбила буржуазную демократию и открыла эру пролетарской демократии, эру советов.

Вот почему леиннизм является дальнейшим развитием марксизма.

Отмечают обычно исключительно боевой и исключительно революционный характер ленинизма. Это совершенно правильно. Но эта особенность ленинизма обясняется двумя причинами: во-первых тем, что ленинизм вышел из пролетарской революции, отпечаток которой он не может не носить на себе; во-вторых тем, что он вырос и окреп в схватках с оппортунизмом II Интернационала, борьба с которым являлась и является необходимым предварительным условием успешной борьбы с капитализмом. Не следует забывать, что между Марксом и Энгельсом, с одной стороны, и между Лениным, с другой, лежит целая полоса безраздельного господства оппортунизма II Интернационала, беспощадная борьба с которым не могла не составить одной из важнейших задач ленинизма.

דעמ גערויש, וואָס איז דאָ בא דער מאשינקע, קענ מענ לײַכט אויסמײַדנ מיט דער הילפ פונ א ספּעציעלנ צודעק, ווי עס ווערט שוינ געטאָנ אינ אנדערע ערטער. ווידער, עס ווערנ שוינ אויסגעארבעט שרײַבמאשינקעס אָנ א גערויש. מע וועט אויכ מוזנ נוצנ באמ סטענאָגראפירנ אפנ מאשינקע וואליק-פּאפּיר.

*
* *

דעמ זעלבנ מעטאָד קענ מענ אויכ אָנווענדנ באמ געוויינטלעכנ שרײַבנ מיט דער פּענ. נאָר דערבײַ דארפ געמאכט ווערנ פאָלגנדיקע באמערקונג. אויב די סטענאָטיפּיסטקע וועט דערגרייכנ דורכ דעמ מעטאָד צו א שנעלקײַט, מיט וועלכער זי וועט קענענ סטענאָגראפירנ א רעדע, ווײַל אזוי אויכ שרײַבט זי בא א 60 ווערטער א מינוט, אונ עס פּאָדערט זיכ בלויז אפּ א העלפט פארקירצנ די ווערטער, איז מיטנ געוויינטלעכנ שרײַבנ וועלנ מיר דערגרייכנ בא 40‑60 ווערטער א מינוט, ווײַל מיט אונדזער געוויינטלעכנ צעצויגענעמ שריפט קענענ מיר פארשרײַבנ אינ א מינוט בלויז 15—20 ווערטער.

ס'פארשטייט זיכ, אז פארנ קורצשרײַבנ, וואָס ווערט צוגעפּאסט צו אונדזער געוויינטלעכנ שרײַבנ, וועלנ ניט גענומענ ווערנ פּינקטלעכ פאר די פארקירצונגענ די זעלביקע צייכנס, וואָס עס ווערנ אָנגעווענדט אפּ דער שרײַבמאשיקע. אינ דער מאשינקע איז מענ מער געצאמט, מיר קענענ זיכ ניט צעלאָזנ אונ נעמענ אלצ, וואָס אונדז גלוסט זיכ. באמ שרײַבנ מיט דער האנט איז פאראנ א מעגלעכקײַט צו בארײַכערנ די צייכנס. אָט, צומ בײַשפּיל: דער פּרעפיקס „פאר" שרײַבט זיכ מיט א גרעסערנ „פ", ווי מע איז געוווינט שטענדיק צו שרײַבנ. פארנ פּרעפיקס „קאָנטר", ווערט צוגעשריבנ צומ „ק" דער קאָמעצ. דער קאָמעצ האקט איבער דעמ שטריכ. וואָס גייט פונ „ק" אראָפּ. דער סופיקס „קײַט" שרײַבט זיכ מיט דער אויבערשטער היטעלע פונ „ק". דער סופיקס „דיק", „טיק" ווערט געשריבנ מיטנ אונטערשטנ שטריכ פונ „ק".

אונדזערנ א מענטשנ קומט אויס זייער פיל צו ארבעטנ איבער זיכ. דעמ ארבפאקאָוועצ, סטודענט קומט אויס זייער א גרויסע צאָל שאָענ אָפּגעבנ

אפ פארשרײַבן לעקציעס, דיספוטן, איבערשרײַבן פארשײדענע ציטאטעס פונ די ווערק, וואָס זײ לײענען. דאָס פרעסט בא זײ אופ זײער פיל צײַט.

ווענ מיר וועלנ נעמענ מיטארבעטער פונ א רעדאקציע, קאנצעליאריסטנ, וועלכע האָבנ שטענדיק צו טאָנ מיטנ פענ, איז, פארשטײט זיך, יעדע פאר-לײכטערונג פונ שרײַבנ ברענגט א גרויסע עקאָנאָמיע אינ צײַט.

מיר פירנ א קאמפ אינ אלע געביטנ פאר שפּאָרנ די צײַט אפ וויפל עס איז פּראָצענט. באמ אויסנוצנ אָט די סיסטעמ פונ פארקירצונגענ וועלנ מיר דערגרײכנ אנ עקאָנאָמיע בא 200—300 פּראָצ. אונ די פארבליבענע צײַט וועט מענ קענענ אויסנוצנ אפ א מער פּראָדוקטיווער ארבעט, ווי טינטלענ בוכשטאבנ.

אָט וועלנ מיר נעמענ, צ. ב. א רעדאקציע אונ זענ, ווי אזוי קענ זי, לויט אונדזער מײנונג, אויסנוצנ די דאָזיקע סיסטעמ פאר איר ארבעט.

דער רעפּאָרטיאָר, זשורנאליסט וועלנ קענענ שרײַבנ זײערע נאָטיצנ לויט דעמ קורצשריפט. די מאשיניסטקע, פונ דער צווײטער זײַט, קאָנ עס גלײַך נעמענ איבערדרוקנ אפ א שרײַבמאשינקע אויך פארקירצט. אפ דעמ וועט זי דארפנ פאטערנ אסאך ווײניקער צײַט, ווי ווענ זי וואָלט געשריבנ ווי געוויינטלעך.

דאָס זעלבע איז אויך מיטנ זעצער — אזוי ווי די סטענאָטיפּיע איז זײער א צוגעגנגלעכע, די טעאָריע איז א גאנצ אײנפאכע, אונ עס איז מעגלעך אויסצולערנענ זי אינ א גאָר קורצער צײַט, איז דאָ פאר זײ א מעגלעכקײַט צו נעמענ זעצנ גלײַך פונ אזא אָריגינאל.

דערבײַ דארפ מענ ניט מײנענ, אז דאָס איז א צו גרויסער פלי פונ מײַנ געדאנק. מע דארפ פארשטײנ, אז אונדזער איצטיקער זעצער איז שוינ ניט יענער, וועלכער ארבעט, ווי אנ אווטאָמאט, אונ טראכט זיך ניט אַרײַנ אינ דעמ, וואָס ער זעצט. אונדזער זעצער קומט צו דער קאסע, צומ לינאָטיפּ מיט א געהעריקער קולטורעלער צוגרײטונג. מיר ווײסנ פונ זײער פיל פאלנ, ווענ דער זעצער האָט אופגעדעקט קלאסנפײַנטלעכע ארויסטרעטונגענ, וואָס די רעדאקציע האָט עס פארזענ. ווידער וויל איך אָנווײַזנ אפ דעמ, אז שוינ פונ גאָר לאנג זעצט מענ אינ דער דרוקערײַ פונ דער ענגלישער צײַטונג „טײַמס" גלײַך פונ דער סטענאָגראמע, געשריבנ מיט דער פענ. אָט וואָס עס שרײַבט א סטענאָגראפ:

„מײַנ פּראקטיק האָט באוויזנ, אז די קאָרעקטור פונ דער סטענאָגראמע, וואָס דער זעצער שיפרירט פאנאנדער, אנטהאלט אינ זיך ניט מער פעלערנ, ווי אינ א געווײנטלעכער קאָרעקטור" (זע זשורנאל „Вопросы стенографии" № 2-4, стр. 24, 1924).

עס פארשטײט זיך, אז מע קאָנ שרײַבנ פארקירצט מיטנ פענ אויך א רוסישנ טעקסט אונ אויך טעקסטנ פונ אנדערע שפּראכנ. אָט וועלנ מיר עס דאָ באַ-ווײַזנ, ווי אזוי עס באקומט זיך:

לעניניזמ — איז מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאליזמ אונ פּראָ-לעטארישער רעוואָליוציע. ריכטיקער: לעניניזמ — דאָס איז די טעאָריע אונ

טאקטיק פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ אלגעמיינ, טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט באזונדער.

Ленинизм есть марксизм эпохи империализма и пролетарской революции. Точнее: ленинизм есть теория и тактика пролетарской революции вообще, теория и тактика диктатуры пролетариата в особенности.

פונ דעמ אלעמענ, וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרנ, איז צו זענ, אז מע קענ פארגיכערנ אונדזער געוויינטלעכנ שרײַבנ. אָנווענדנדיק גאנצ אײַנפאכע פארקירצונגענ אפ דער שרײַבמאשינקע, וועט מענ קענענ לויט דער סיסטעמ ארײַנכאפנ א רעדע, ווי עס ווערט געטאָנ מיט סטענאָגראפיע. מיט דער פענ קאָנ מענ פארגיכערנ דעמ שריפט אינ 3—4 מאָל. עס פארשטייט זיכ, אז דאָס ווערט ניט דערגרייכט מיטאמאָל. ערשטנס, פאָדערט זיכ אויסלערנענ די קלאָלימ פונ די פארקירצונגענ אונ, צווייטנס, פאָדערט זיכ, אז די פארקירצונגענ זאָלנ ווערנ אָנגעווענדט אפ דער פראקטיק. די ערשטע צײַט וועט עס גיינ לאנגזאמ, נאָר וואָס ווײַטער, וועט דער שריפט גיינ גיכער ביז ער וועט ווערנ אווטאָמאטיש אונ מע וועט זיכ שוינ ניט דארפנ פארטראכטנ ווי אָנצושרײַבנ דעמ אָדער יענעמ וואָרט.

צומ סאָפ דארפ מענ אויכ אָנווײַזנ, אז אָט די סיסטעמ וועט ארײַנטראָגנ א געוויסנ סיידער בא יעדנ איינעמ אינ זײַנע פארקירצונגענ, אונ עס וועט ניט גייג סטיכייִש. אזעלכע טעקסטנ וועלנ זײַנ צוטריטלעכ ניט נאָר פאר דעמ שרײַבער אליינ, נאָר יעדער איינער וועט עס קענענ איבערלייענענ.

---

ה. שקליאר

# וועגנ די יידישע איבערזעצונגענ פונ די קלאסיקער פונ מארקסיזמ־לעניניזמ

(די איבערזעצונגענ פונ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט“ אינ יידיש)

1

פאר דער לעצטער צייט האָבנ זיכ אפ די שפאלטנ פונ אונדזער צענטרא־לער אָנפירנדיקער פרעסע („פראוודא“, זשורנאל „באָלשעוויק“ אונ אנד.) געמענ באוויזנ ארטיקלענ וועגנ דעמ, ווי אזוי עס ווערנ בא אונדז איבערגעזעצט אפ פארשיידענע אָרטיקע נאציאָנאלע שפראכנ די ווערק פונ די גרונטלייגער פונ מארקסיזמ-לעניניזמ—מארקס־ענגעלס-לענינ־סטאלינ. די ארטיקלענ ווייזנ אָנ אפ א ריי פארקריפלונגענ אונ פעלערנ אינ די איבערזעצונגענ; זיי אלע שטרייכנ אונטער, אז איבערזעצנ די ווערק פונ די קלאסיקער פונ מארקסיזמ־לעניניזמ איז אנ אופגאבע זייער א שווערע אונ פאראנטוואָרטלעכע.

אונ ווירקלעכ, איבערזעצנ די ווערק פונ די קלא יקער פונ מארקסיזמ־לע־ניניזמ איז א זאכ ניט קיינ גרינגע. די קלאסיקער פונ מארקסיזמ־לעניניזמ האָבנ זיכ באצויגנ מיט דער גרעסטער אופמערקזאמקייט צו דער שפראכ אונ סטיל פונ זייערע ווערק.

„מארקס,—שרייבט וו. ליבקנעכט אינ זיינע זיכרוינעס,—האָט אויסער־געוויינלעכ געשעצט די קלאָרקייט אונ דייטלעכקייט פונ אויסדריק. אינ בא־ציונג צו דער ריינקייט אונ ריכטיקייט פונ דער שפראכ איז ער געווענ סקרו־פולעז־געוויסנהאפטיק... ניט זעלטנ פלעגט ער פלייסיק אונ לאנג זוכנ דעמ נויי־טיקנ אויסדרוק“.

פונקט דאָס זעלבע ווייזנ אָנ א ריי כאוויירימ אינ זייערע זיכרוינעס וועגנ לענינענ.

די דאָזיקע אופמערקזאמקייט צו דער שפראכ פונ זייערע ווערק בא די גרונטלייגער פונ מארקסיזמ־לעניניזמ האָט, פארשטייט זיכ, קיינ שייכעס ניט צו וואָסערנ עס איז פוריזמ אָדער שפראכלעכנ פעדאנטיזמ. זי דרינגט ארויס פונעמ עצעמ צוגאנג זייערנ צו דער שפראכ, ווי צו א סאָציאלנ פאק־טער, ווי צו א געווער פונ קלאסנקאמפ.

באטראכטנדיק די שפראך, ווי א מעכטיקן קאמף־געווער אין די הענט פון די ארבעטנדיקע, האָבן די גרונטלייגער פון מארקסיזם-לעניניזם נאטירלעך געשטרעבט, אז דאָס דאָזיקע געווער זאָל זײַן וואָס שארפער, וואָס ווירקזאמער.

האלטנדיק, אז די שפראך שפיגלט אָפּ די רעאלע ווירקלעכקייט, האָבן זיי, נאטירלעך, געפאָדערט, אז זי זאָל די דאָזיקע ווירקלעכקייט אָפּשפּיגלען וואָס פולער, וואָס אדעקוואטער.

איינזעענדיק אין דער שפראך א מיטל אָפּ צו פאררייניקן די מאסן ארבעטנדיקע אין זייער קאמף, האָבן די קלאסיקער פון מארקסיזם-לעניניזם נאטירלעך געפאָדערט, אז די שפראך זאָל זײַן וואָס איינפאכער, וואָס צוגענגלעכער, וואָס פארשטענדלעכער פאר די ברייטע פּראָלעטארישע מאסן.

פּינקטלעכקייט און קלאָרקייט פון אויסדרוק, פּאָליטישע פארשארפטקייט און צילגעווענדטקייט, קורצקייט און איינפאכקייט — אָט וואָס די קלאסיקער פון מארקסיזם־לעניניזם האָבן געפאָדערט פון דער שפראך.

אין זייערע אייגענע ווערק האָבן זיך די קלאסיקער פון מארקסיזם־לעניניזם פולשטענדיק געהאלטן בא די דאָזיקע איינשטעלונגען. פּינקטלעכקייט און קלאָרקייט, פעסטקייט און זיכערקייט, קורצקייט און צילגעווענדטקייט — דאָס כאַראקטעריזירט די שפראך פון די גרונטלייגער פון מארקסיזם־לעניניזם, דאָס טיילט אָפּ די שפראך זייערע פון דער שפראך פון די פארשיידנארטיקע בורזשואזע און קליינבירגערלעכע סטיליסטן, דאָס מאכט זייער שפראך און סטיל פאר א מוסטער פון פּראָלעטארישער שפראך און סטיל.

אויב וו. ליבקנעכט האָט אָנגעוויזן, אז מארקס סטיל, דאָס איז מארקס אליין, קאָנען מיר איבערפראזירן זײַנע ווערטער און זאָגן, אז מארקס סטיל, מארקס שפראך, דאָס איז מארקסיזם אין שפראך און סטיל, פּונקט ווי לענינס סטיל און לענינס שפראך איז לעניניזם אין שפראך און סטיל. ווײַל אין זייער שפראך און סטיל שפיגלט זיך אמבוילעטסטן אָפּ דער דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישער ארט דענקען.

די דאָזיקע מאָמענטן מאכן באזונדערס שווער און קאָמפּליצירט די ארבעט פון דעם איבערזעצער. יעדע ניט־פּינקטלעכקייט אין דער איבערזעצונג קען דאָ ברענגען צו גרויסע פּאָליטישע פארקריפלונגען. ניט אומזיסט האָבן די קלאסיקער פון מארקסיזם־לעניניזם אזוי ערנסט באצויגן זיך צו די איבערזעצונגען פון זייערע ווערק, ווי עס איז צו זען פון זייערע פּאָרעדעס צו די פארשיידנארטיקע איבערזעצונגען פון זייערע ווערק און אויך פון דער קאָרעספּאָנדענץ זייערע. טאקע דורך ניטריכטיקע איבערזעצונגען האָבן פארשיידענע פארקריפלער און וולגאריזאטערס פון מארקסיזם געפרווט דורכשלעפּן זייערע מיינונגען און איינשטעלונגען.

דאָ, אין ארטיקל, וועלן מיר באטראכטן אייניקע איבערזעצונגען פון „קאָמוניסטישן מאניפעסט" אין יידיש. אָפּ דעם דאָזיקן מאטעריאל וועלן מיר א קוק טאָן ווי אזוי איז מען אין יידיש צוגעגאנגען צו דער שווערער אויפגאבע פון איבערזעצן מארקס־ענגעלס ווערק.

אינ 1897 יאָר האָט זיכ אינ אַנ אמעריקאנער זשורנאל „צוקונפט“ אָנגעהויבנ דרוקנ אב. קאהאנס אנ איבערזעצונג פונ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט“ דאָס איז, דאכט זיכ, די ערשטע איבערזעצונג פונ מארקס־ענגעלס ווערק אינ ייִדיש.

די איבערזעצונג טראָגט דאָס קעפּל „מאניפעסט פונ דער קאָמוניסטישער פּארטיי פונ קארל מארקס אונ פרידריכ ענגעלס, פרײַ איבערזעצט אונ ערקלערט פונ אב. קאהאנ“.

אינ ארײַנפיר שרײַבט אב. קאהאנ: „דער מאניפעסט פונ דער קאָמוניסטישער פּארטיי איז איינע פונ די וויכטיקסטע ביכלעכ, וועלכע זײַנענ ווענ עס איז געשריבנ געוואָרנ זינט די מענטשהײַט וויס איבערהויפּט פונ שרײַבנ אונ פונ ביכלעכ“.

„אינ דער געשיכטע פונ דער ארבעטער־באוועגונג פאנגט דיזעס ביכעלע אָנ א נײַע צײַט, א צײַט פונ וויסנשאפטלעכנ טאָלק אונ א קלאָרע וועג, אָנשטאָט טומלעניש אינ די קעפּ, פארווירונג אונ מישעניניעס“:

צוגעבנדיק ווײַטער, אז דער „מאניפעסט“ איז „ווי א קוואל, קליינ אינ אָנזענ, אָבער פונ וועלכנ עס גיסנ זיכ טײַכנ מיט קלאָרנ סייכל איבער די ארבעטער־קרײַזנ“, ווײַזט ער אָנ:

„וועגנ א ווערטלעכער איבערזעצונג קענ קיינ רייד דאָ ניט זײַנ. די ווערטער „איבערזעצנ אפּ ייִדיש“ זאנענ באדײַטנ שוינ א קלאָרע פּארטײַטשונג, א פּאָפּוליאריזאציאָנ“.

„ווו עס וועט אויסקומענ נייטיק, — שרײַבט ער ווײַטער, — וועלנ מיר געבנ באזונדערע ערקלערונגענ אונטער די שורעס; אָבער אזוי ווי דאָס אונטערברעכט דאָס לעזנ אונ שטערט, וועלנ מיר פיל עפּטער די ערקלערונגענ געבנ ארײַנגערינגלט אינ דעמ טעקסט גופע“.

עס איז ניט נייטיק געני אָפּצושטעלנ זיכ אפּ דער דאָזיקער „איבערזעצונג“, וועלכע איז, אגעוו, געבליבנ ניט פארענדיקט אונ וועלכע שטעלט מיט זיכ פּאָר א בארג אב. קאהאנס אייגענע כקירעס, וועלכע האָבנ צומ עמעסנ טעקסט פונ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט“ א גאנצ קנאפּע שײַכעס. א פּאָרשטעלונג וועגנ דער שפּראכ אונ סטיל פונ דער דאָזיקער „איבערזעצונג“ גיבנ שוינ די עטלעכע געבראכטע אויסצוגנ פונ ארײַנפיר. מיר האָבנ דערמאָנט אָט די „איבערזעצונג“ אונ געבראכט לענגערע אויסצוגנ פונ ארײַנפיר צו איר נאָר דערפאר, וואָס די פּראקטיק פונ אונטערצוטראָגנ מארקסנ אינ ייִדיש „פרײַ איבערזעצט אונ ערקלערט“, צו געבנ אָנשטאָט א פּינקטלעכע איבערזעצונג „א קלאָרע פּארטײַטשונג אונ פּאָפּוליאריזאציאָנ“, צונ „ארײַנרינגלענ אינ טעקסט“ אייגענע „ערקלערונגענ“ אונ ענדערונגענ איז געוואָרנ א טראדיציע בא די אזוי גערופענע ייִדישע קליינבירגערלעכע פּארטייענ, בייס זיי פלעגנ פרווונ ארויסגעבנ מארקס־ענגעלס ווערק אינ ייִדיש. אונ עס איז קײַנ ווונדער ניט. באגייענדיק זיכ גאנצ „פרײַ“ מיט מארקס לערע, האָבנ זיי זיכ, נאטירלעכ, גאנצ „פרײַ“ געדארפט באגיינ מיט די ווערק זײַנע. צערעמאָנענדיק זיכ ווינציק מיט מארקס פּרינציפּנ, דערלויבנדיק זיכ ארײַנטראָגנ אינ זיי אייגענע „ערקלערונגענ“ אונ דערגענצונגענ, האָבנ זיי, נאטירלעכ, די זעלבע זאכ געטאָנ מיט מארקס טעקסטנ. דער-

בײַ האָבנ זיי זיכ גאַנצ ווינציק גערעכנט מיט דעמ, וואָס מיט זייער „פרײַ
איבערזעצנ" ווידערשפּרעכנ זיי פולשטענדיק די פאָדערונגענ פונ די קלאַסיקער
פונ מאַרקסיזמ בענעגייע איבערזעצונגענ, וואָס זייער „קלאָרע פאַרטײַטשונג אונ
פאָפּולאַריזאַציאָנ" שטייט אינ פולשטענדיקנ ווידערשפּרוכ צו דעמ קאַמפּ פונ
די קלאַסיקער פונ מאַרקסיזמ קעגנ וווּלגאַריזאַציע אונ טעאָרעטישער אראָפּנידע-
רונג. בײַסנ איבערזעצנ מאַרקס ווערק האָבנ זיי פאַר זיכ געהאַט גאָר אַנדערע
טענדענצנ: דאָס איז „פאַריידישלעכנ" די שפּראַכ, צוגעבנ איר א „פאָלקסטימ-
לעכנ" פּאָנעמ. אונ דאָס איז פולשטענדיק פאַרשטענדלעכ. אינ די איבערזעצונ-
גענ פונ מאַרקס-ענגעלס האָבנ די פאָרשטייער פונ די קלייַנבירגערלעכע פּאַרטייענ
געזענ א פאָרזעצונג פונ דער גאָלדענער קייט פונ דער יידישער ליטעראַטור
פונ טײַטשכומעש אָנגעהויבנ. באַל דימיענ האָט געשריבנ, ריידנדיק וועגנ ייכעס
פונ יידיש:

„דאָס דאָזיקע איוורעטײַטש איז איצט אויסגעוואָקסנ צו בערגעלסאָנ־אַפּאַ-
טאָשוס ראָמאַנענ, צו האָפּשטיינס ליריק, צו ד"ר זשיטלאָווסקיס פילאָזאָפיע,
צו באָראָכאָווס פילאָלאָגישע שטודיעס, צו מאַרקסנ אָפ יידיש". ציענדיק די
גאָלדענע קייט פונ טײַטשכומעש ביז מאַרקסנ, האָבנ זיכ די פאָרשטייער פונ
די יידישע קלייַנבירגערלעכע פּאַרטייענ באַמיט פאַרטײַטשכומעשנ מאַרקס
טעקסטנ גופע.

אָט האָבנ מיר פאַר זיכ צוויי איבערזעצונגענ פונ „קאָמוניסטישנ מאַניפעסט":
איינע א בונדיסטישע אונטער קעפּל „קאַפּיטאַליזמ אונ קאָמוניזמ", פאַרלאַג „די
וועלט", א צווייטע פונ אַנ אַנדער קלייַנבירגערלעכער פּאַרטיי, ס. ס., פאַרלאַג
„צוקונפט". [1]

שוינ באַ דער ערשטער באַטראַכטונג פונ די דאָזיקע איבערזעצונגענ באַ-
מערקנ מיר גלײַכ די טענדענצ צו פאַריידישלעכנ די שפּראַכ, צו אַרײַנעמענ
„עכט יידישע" ווערטער אונ אויסדרוקנ, צו ציענ די גאָלדענע קייט פונ טײַטש-
כומעש אונ צענעורענע. לאָמיר נעמענ די טערמינאָלאָגיע גופע.

אינ דער בונדיסטישער אויסגאַבע, צ. ב., האָבנ מיר אַזעלכע איבערזע-
צונגענ: Lohn—לוינ, ווערט איבערגעזעצט סכירעס. Lohnarbeiter—לוינאַרבע-
טער, ווערט איבערגעזעצט — סכירעס-מענטש. Vorstellungen — פאָרשטעלונגענ,
ווערט איבערגעזעצט—האַסאָגעס. Geschicklichkeit—געשיקטקײַט, ווערט אי-
בערגעזעצט — אומנעס. Pauper — אָרעמאַנ, ווערט איבערגעזעצט — עווייענ.
Eigentum gemeinschaftliches — געמיינשאַפטלעכער אייגנטומ, ווערט איבערגע-
זעצט—קאָהאָלשער אייגנטומ. Stellung—שטעלונג, ווערט איבערגעזעצט—מײַ-
מעד. Totengräber—באַגראָבער, ווערט איבערגעזעצט—קוואָרעס-לײַט. Empor-
kömmling — אויפגעקומענער, ווערט איבערגעזעצט—מעיוכעס. Vertreter—פאַרטרע-
טער, ווערט איבערגעזעצט—מייליצ-יוישער. Humanitare—הומאַניטאַריסטנ,
ווערט איבערגעזעצט—באַלראַכמאָנעס א. א. וו.

פונ דעמ שטייט ניט אָפּ אויכ די עסעסישע אויסגאַבע. אויכ דאָרטנ גע-
פינענ מיר אַזעלכע איבערזעצונגענ, ווי „קלאַסנ־היפוכימ" פאַר Klassengegen-

[1] די ס. ס.־אויסגאַבע איז פונ 1906 י., די בונדיסטישע איז פונ 1918 י. זי איז אָבער אַנ
איבערדרוק מיט קלייַנע ענדערונגענ פונ די פריערדיקע בונדיסטישע אויסגאַבעס, וועלכע עס איז
אונדז, ליידער, ניט געלונגענ צו קריגנ.

sätze, קלאַסנ-קעגנזאַצנ, „מאַסיי האַצלאָוו" פאַר Kreuzzuge קרייצ־צוגנ, „כילעק" פאַר Unterschiede, אונטערשייד, „מיעט" פאַר Minderheit, מינדערהײַט, „שלע־ פּער" פאַר Pauper, אָרעמאַנ, „דאָרפ-קעהילע" פאַר Kommune, קאָמונע א. א. וו.

וועגנ וואָס ריידנ די דאָזיקע בײַשפּילנ? זיי ריידנ וועגנ א בוילעטער טענ־ דענצ ארײַנשלעפּנ אינ מארקס טעקסטנ דעמ גײַסט פונ קאָהאָל-שטיבל (דאָרפ-קעהילע, קאָהאָלשער אייגנטומ, מעיוכעס), פונ סאָכרישנ שטייגער (סכירעס, סכירעס-מענטש, מײַמעד), פונ דער לאָמדישער וועלט (האַסאָגעס, כילעק).

אינ דער פריִערדיקער רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור, סײַ קינסטלערישער, סײַ פובליציסטישער, געפינענ מיר גאָר אנדערע ווערטער פאַר די דאָזיקע באַגריפנ, אזוי אז דאָס ארײַנפירנ די דאָזיקע אויסדרוקנ דארפ דערקלערט ווערנ ניט מיטנ פעלנ פונ אנטשפּרעכיקע ווערטער אינ יידיש, נאָר אויסשליס־ לעכ מיט די רעאַקציאָנער-נאַציאָנאַליסטישע טענדענצנ בא די איבערזעצער. די זעלביקע טענדענצנ זעענ מיר אויכ אינ דער פראַזעאָלאָגיע. אָט נעמענ מיר די שאַרפע אָפּגעהאַקטע ווערטער פונ „קאָמוניסטישנ מאַניפעסט": א „גע־ שפּענסט גייט אומ איבער אייראָפּע, דער געשפּענסט פונ קאָמוניזמ"— (Ein Gespenst geht um über Europa—das Gespenst des Kemmunismus) וויאַזוי ווערט עס איבערגעזעצט אינ דער בונדישער איבערזעצונג? דאָרטנ לייענענ מיר: „א רועכ א סאָטנ גייט אומ איבער אייראָפּע, דער סאָטנ פונ קאָמוניזמ".

מיט עטלעכע שורעס שפּעטער לייענענ מיר: „אַלע מאַכטנ פונ דער אַלטער אייראָפּע האָבנ זיכ פאַראייניקט צו א הייליקער העצע קעגנ אָט דעמ געשפּענסט Alle Mächte des alten Europa haben sich zu einer heiligen Hetzjagd gegen dieses Gespenst verbündet). אונ אינ דער בונדיסטישער איבערזעצונג: „אַלע קויכעס פונ דער אַלטער אייראָפּע האָבנ אָפּגעמאַכט איינ האַנט צו דער הייליקער מיצווע, ריידעפ צו זײַנ דעמ סאָטנ אונ צו פאַרטרײַבנ אימ פונ דער וועלט".

אינ די דאָזיקע פּאָר שורעס האָט זיכ דער בונדיסטישער איבערזעצער גע־ קליגט ארײַנשלעפּנ א מענגע מוסטערנ פונ קלעריקאַל-פּאַטריאַרכאַלער (א רועכ, א סאָטנ, הייליקע מיצווע, ריידעפ זײַנ אונ פאַרטרײַבנ פונ דער וועלט) אונ סאָכרישער (אָפּגעמאַכט איינ האַנט) פראַזעאָלאָגיע.

אונ אזוי אפ יעדער טראָט. Streitet nicht mit uns, ד. ה. שטרײַטעט ניט מיט אונדז, ווערט איבערגעזעצט — „פירט מיט אונדז ניט קיינ וויקוכימ", selbst erarbeiteter ד. ה. זעלבסט־דעראָרבעטע, ווערט איבערגעזעצט—„קאָשער־ פאַרדינטע", am leben zu erhalten, ד. ה. אופהאַלטנ דעמ לעבנ", ווערט אי־ בערגעזעצט — „אונטערהאַלטנ די נעשאָמע", nach ihrem eigenem Bilde, ד. ה. „נאָכ איר אייגענעמ בילד", ווערט איבערגעזעצט—„נאָכ איר געשטאַלט, בע־ צאַלמוי אודמוסוי", zwischen Mensch und Mensch, ד. ה, צווישנ מענטש אונ מענטש, ווערט איבערגעזעצט—„ביינ אָדאָמ לעכאַווײרוי", der gemeinschaft- liche Geschäfte der ganzen Bourgoisklasse verwalten, ווערט איבערגעזעצט— „איז זיכ מיסאַסעק מיט די געזעלשאַפטלעכע איניאָנימ פונ גאַנצנ בורזשואַזנ קלאַס", fremde Arbeit zu unterjochen, ד. ה. אונטערדריקנ פרעמדע ארבעט, ווערט איבערגעזעצט—„זײַנ א באַלעבאָס אַפ פרעמדע ארבעט", alles ständische verdampft, ווערט איבערגעזעצט—„דער ייִכעס וועבט זיכ אויס", marktschreie-

risch ausposaunte, ווערט איבערגעזעצט—„פּאַנאַנדערקלינגענ איבער אַלע גאסנ,
ווי א מארק־קרעמערקע איבער אירע סכוירעס״, nicht von Weltverbesserer er-
funden, ווערט איבערגעזעצט—„די פּרינציפּנ, וואָס זײַנענ אנטדעקט אָדער דער-
פונדנ פונ וועלכנ ניט איז באלכאלוימעס, וואָס וויל אראָפּברענגענ דעמ גאנײדנ
אפּ דער וועלט״, zellenleben, ווערט איבערגעזעצט—„לעבנ ווי א פּאָרעש׳ אינ
בעסמעדרעש״ אונ אז. וו. א. וו.

ווי מיר זעענ, האָבנ זיכ די בונדיסטישע אונ עסעסישע איבערזעצער ווײַ-
ניק צערעמאָניעט מיט מארקס טעקסטנ דאָרטנ, ווו זיי האָבנ געדארפט צוגעבנ
דער איבערזעצונג א „יִדישלעכנ״ פּאָנעמ, אָבער צי קענענ דענ שטימענ
אזעלכע ווערטער אונ אויסדריקנ מיטנ אינהאלט פונ מארקס טעקסטנ, צי שטעלנ
זיי זיכ ניט פּאָר דעמ שארפסטנ קאָנטראסט מיט מארקס שארפער, פונ שטאָל-
אויסגעטאָקטער שפּראכ?

אָבער די זאכ גייט דאָ ניט נאָר אינ סטיל, אינ פּרוּווּנ אָנטאָנ מארקסנ
אינ א טראדיציאָנעל-יִדישלעכנ לעוווש. סטיל איז ענג פארבונדנ מיטנ אינ-
האלט אונ פּונקט ווי די בונדיסטיש-עסעסישע איבערזעצער זײַנענ זיכ „פרײַ״
באגאנגענ מיט דער פאָרמע פונ מארקס-ענגעלס ווערק, מיט דער שפּראכ,
פּונקט אזוי „פרײַ״ זײַנענ זיי זיכ באגאנגענ מיטנ אינהאלט גופע, דערלויבנ-
דיק זיכ דאָרטנ אונטערנ אויסרייד פונ „פארטײַטשונג אונ פּאָפּוליאריזאציאָנ״
צו ארײַנטראָגנ אינ זיי אייגענע ענדערונגענ אונ דערגענצונגענ, פארקריפּלענ-
דיק פולשטענדיק די טעקסטנ. אָט האָבנ מיר אייניקע בײַשפּילנ באזונדערס
בוילעטע.

אינ דײַטשישנ אָריגינאל ווערט אָנגעוויזנ, אז די בורזשואזיע האָט אלע
מיטלאלטערלעכע פרײַהײַטנ פארביטנ אפּ איינ „געוויסנלאָזער האנדל-פרײַהײַט״
(gewissenlose Handelsfreiheit). דער בונדיסטישער איבערזעצער שרײַבט אָנ-
שטאָט דעמ: „פארביטנ... מיט פרײַהײַט צו האנדלענ פאלש, אָנ יוישער״. עס
באקומט זיכ, אז דער אומגליק פונ קאפּיטאליזמ באשטייט אינ דעמ, וואָס מע
האנדלט פאלש, אָנ יוישער. ווענ מע וואָלט געהאנדלט יוישערדיק, וואָלט גאָר-
ניט אזוי שלעכט געווענ. אינ אָריגינאל לייענענ מיר, אז די בורזשואזיע באמיט
זיכ בײַצוקומענ די קריזיסנ „דורכ א מער גרינטלעכער עקספּלואטאציע פונ די
אלטע מערק״. דער איבערזעצער גיט עס איבער אזוי: „זי (די בורזשואזיע)
סטארעט זי גרינטלעכ אויסנוצנ די אלטע (מערק)״. דאָס וואָרט ausbeuten—
עקספּלואטאציע, ווערט דאָ פארביטנ מיט א פּאָליטיש-פארעווונ וואָרט „אויס-
נוצנ״. אינ דעמ אָריגינאל ווערט ווײַטער אָנגעוויזנ, אז די הערשנדיקע קלאסנ
באמיִענ זיכ צו זיכערנ זייער לאגע דורכ דעמ, וואָס זיי ווארפנ אונטער די
גאנצע געזעלשאפט די באדינגונגענ פונ זייער דערווערבנ—die ganze Gesell-
schaft den Bedingungen ihres Erwerbes unterwarfen. דער בונדיסטישער אי-
בערזעצער פארווייכט אָט דעמ אויסדרוק אונ ער שרײַבט: „זיי פלעגנ די גאנצע
געזעלשאפט צופּאסנ צו די באדינגונגענ פונ זייער פּארנאָסע״. אינ אָריגינאל
פונ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט״ לייענענ מיר, אז די בורזשואזיע האָט „אָפּ-
העניק געמאכט די בארבארישע אונ האלב-בארבארישע לענדער פונ די ציַ-
וויליזירטע, די פּויערימ־פעלקער פונ די בורזשואזע פעלקער, דעמ מיזרעכ פונ
דעמ מײַרעוו״—die barbarischen und halbbarbarischen Länder von den zivili-

sierten, die Bauervölker von den Bourgeoisvölkern, den Orient vom Okzident abhängig gemacht.

דער עסעסישער איבערזעצער װארפט אָפּ דאָס װאָרט „אָפּהענגיק געמאכט“ אונ ער שרײַבט: „זי האָט פארבונדנ די בארבארישע אונ האלב-בארבארישע לענדער מיט די ציװיליזירטע, די ערדארבעטערישע פעלקער מיט די בורזשואזע, די מיזרעכ־לענדער מיט דעמ מײַרעװ“.

עס װערט אינגאנצנ פארװישט די קאָלאָניאַלע עקספּלואטאציע, די קאָלאָניאַלע אונטערדריקונג מיצאד דער בורזשואזיע.

אונ אָט לײענענ מיר אינעמ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט“: „זינט צענדליקער יאָרנ איז די געשיכטע פונ דער אינדוסטריע אונ האנדל נאָר די געשיכטע פונ אופשטאנד פונ די מאָדערנע פראָדוציר־קרעפטנ קעגנ די מאָדערנע פראָדוציר־פארהעלטענישנ, קעגנ די אײגנטומ-פארהעלטענישנ“—seit dezennien ist die Geschichte der Industrie und des Handels nur die Geschichte der Empörung der modernen Produktivkräfte gegen die modernen Produktivverhältnisse, gegen die Eigentumverhältnisse.

דער עסעסישער איבערזעצער זעצט עס איבער אזױ: „די געשיכטע פונ אינדוסטריע אונ האנדל אינ פארלויפ פונ צענדליקער יאָר איז נאָר א געשיכטע פונ א בונט פונ הײַנטיקע טנאָימ פונ פראָדוקציאָנ קעגנ די באציונגענ פונ אײגנטומ“. אָנשטאָט דעמ קעגנזאץ צװישנ דער אנטװיקלונג פונ די פראָדוציר־קרעפטנ אונ צװישנ די פראָדוציר־פארהעלטענישנ, װי דער טרײַבקראפט פונ דער געזעלשאפטלעכער אנטװיקלונג, װערט דאָ ארויסגערוקט אנ אײגנארטיקע טעאָריע װעגנ קאָנפליקט צװישנ די פראָדוציר־באדינגונגענ אונ צװישנ די אײגנטומ־פארהעלטענישנ.

מיר רײדנ שױנ דאָ ניט װעגנ אזעלכע פריקײַטנ אינ די איבערזעצונגענ, װי שרײַבנ „װילדע פעלקער“ אנשטאָט „בארבארישע“, „ניצאָכנ איבער די קויכעס פונ דער נאטור“ אָנשטאָט „באהערשנ די קויכעס פונ די נאטור“ אונ אז. װ. אינ דער בונדיסטישער איבערזעצונג, אָדער „פארקער מיט די קאָלאָניעס“ אָנשטאָט „אױסטױש מיט די קאָלאָניעס“ אונ פיל אנדערע אינ דער עסעסישער איבערזעצונג, כאָטש פאר זיכ גענומענ, זײַנענ דאָס אלצ גראָבע פארקריפלונגענ. קעדײ צו ברענגענ זײ אלע, װאָלט נײטיק געװענ אױסצושרײַבנ די גאנצע איבערזעצונגענ. מיר האלטנ דאָס אָבער פאר איבעריק. מיר האלטנ, אז די שױנ געבראכטע בײַשפּילנ גיבנ אונדז א פאָרשטעלונג װעגנ כאראקטער פונ די מארקס־אויסגאבנ פונ די ייִדישע קלײנבירגערלעכע פארטײענ. שפּראכלעכ װולגאריזירט, פארפלאכט אונ „פארייִדישט“ אינהאלטלעכ פארקריפלט אונ פאלסיפיצירט — אָט אינ װאָס פאר א פאָרמע די ייִדישע קלײנבירגערלעכע פארטײענ האָבנ אונטערגעטראָגנ מארקס־ענגעלס טעקסטנ די ייִדישע ארבעטנדיקע לײענער.

3

אויב ניט רעכענענ די אויסגאבע פונ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט“, װאָס איז ארויס אינ פּעטראָגראד אינ 1919 יאָר אונ װעלכע האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט אנ איבערדרוק פונ א פריערדיקער פארעװאָליוציאָנערער אויסגאבע, זײַנענ בא אונדז אינ סאָװעטנפארבאנד ארויס צװײ אויסגאבעס פונ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט“: אײנע אינ 1924 י., איבערגעזעצט פונ כ. האָלמשטאָק אונטער

דער רעדאקציע פונ מ. לעוויטאנ, צענטרפארלאג פסםר מאָסקווע, א צווייטע איז ארויס אינ 1932 יאָר אינ כארקאָוו אינ אוקרנאצמינדפארלאג, איבערגעזעצט פונ מ. לעוויטאנ אונטער דער רעדאקציע פונ מ. קאמענשטיינ אונ מ. עריק.

עס פארשטייט זיכ, אז בא אונדז אינ סאָוועטנפארבאנד, דאָרטנ, ווו די מארקסיסטישע טעאָריע איז געוואָרנ די הערשנדיקע אינ לאנד, האָבנ ניט געקענט האָבנ קיינ אָרט פרווונ פונ „פרייע" איבערזעצונגענ, פונ פארפלאכערישער פּאָפּוליאריזאציע פונ מארקס-ענגעלס טעקסטנ. אונ ווירקלעכ, די סאָוועטישע ארויסגאבעס שטעלנ מיט זיכ פאָר די ערשטע אונ אייגציקע פינקטלעכע אונ אויסגעהאלטענע איבערזעצונגענ פונ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט" אינ יידיש.

דער כ׳ וו. אדאָראטסקי שרייבט אינ זיינ פאָרוואָרט צו דער לעצטער רוסישער אויסגאבע פונ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט":

„איבערזעצנ דעמ מאניפעסט איז זייער א שווערע זאכ: יעדער ניואנס פונעמ געדאנק, יעדעס וואָרט דארפ איבערגעגעבנ ווערנ אומגעהייער פינקטלעכ. די קלענסטע אומפינקטלעכקייט קענ ברענגענ צו אנ ערנסטער פארקריפלונג אונ צו אנ אָפּאָרטוניסטישער פארדרייונג פונ אָט דעמ וויכטיקסטנ דאָקומענט, איינס פונ די גרונט-ווערק פונעמ וויסנשאפטלעכנ קאָמוניזמ".

פארנ איבערזעצער שטייט אנ אויפגאבע: וואָס פינקטלעכער אונ וואָס אדעקוואטער איבערגעבנ דעמ אינהאלט פונ טעקסט אונ גלייכצייטיק אייגהאלטנ די קלאָרקייט, שארפקייט אונ ציל-געוועגדטקייט פונעמ אָריגינאל, אויסמיידנדיק פארעלטערטע „עכט-יידישע" ווערטער אונ אויסדרוקנ, פונ איינ זייט, אונ מעכאנישע קאָפּירונג פונעמ דייטשישנ אָריגינאל, דאָס ארייגברענגענ רייג דייטשישע ווערטער, פאָרמעס אונ קאָנסטרוקציעס, וואָס זיינענ ניט איינגעבירערט אינ יידיש, פונ דער צווייטער זייט.

ווי האלט עס אינ דעמ זינענ מיט די איבערזעצונגענ, וואָס מיר באטראכטנ איצטער? מיר הייבנ אָנ פונ דער ערשטער אויבנאָנגעוויזענער איבערזעצונג.

וואָס איז שייכ דער געטרייקייט צומ טעקסט, דארפ מענ אנערקענענ, אז די איבערזעצונג איז דאָ, אָנ צווייפל, א באפרידנדיקע. דער איבערזעצער האָט זיכ שטרענג געהאלטנ באמ טעקסט פונ אָריגינאל, ניט דערלויבנדיק זיכ ארייננטראָגנ קיינ אייגענע אויסטייטשונגענ אונ איבערפראזירונגענ. עמעס, גאָר פריי פונ דעמ איז די איבערזעצונג ניט. ערטערווייז באמערקנ מיר נאָכ פרווונ פונ „פרייער" איבערזעצונג, וואָס פארקריפלט דעמ טעקסט. צ. ב. אפ ז. 28 לייענענ מיר, אז וואָס מער עס אנטוויקלט זיכ די מאשינעריע, די צעטיילונג פונ דער ארבעט, אלצ מער וואקסט די שווערקייט פונ דער ארבעט. אינ דעמ דייטשישנ טעקסט רעדט זיכ ניט וועגנ דער שווערקייט, נאָר וועגנ דער „מאסע פונ דער ארבעט" (Masse der Arbeit) דאָס איז ניט איינ אונ די זעלבע זאכ.

אנ אנדער מאָל באמערקנ מיר פּאָשעט אנ איבערפראזירטנ טעקסט. אפ ז. 39 לייענענ מיר. „אז דער פאבריקאנט האָט שוינ אויסגעזויגנ דעם ארבעטער ביז גאָר, אונ האָט אויסגעצאָלט זיינ ארבעטלוינ..." אינ אָריגינאל לייענענ מיר: Ist die Aausbeutung des Arbeiters durch den Fabrikanten so weit beendigt, dass er sein Arbeitlohn bar ausgezahlt erhält. ד. ה., ווענ די עקספּלואטאציע פונעמ ארבעטער דורכנ פאבריקאנט ווערט געענדיקט, ווענ ער

צאָלט אים אויס זײַן ארבעטלוין". עס איז ניט פארשטענדלעך, צוליב וואָס האָט מען אין דער איבערזעצונג געדארפט געבן אָנשטאָט דעם טעקסט פונעם אָריגינאל אזא „בילדערישע" אויסטײַטשונג.

דאָס זעלביקע קאָן מען זאָגן אויך וועגן דער שפּראך פון דער איבער־זעצונג. אין אלגעמיין איז די שפּראך דאָ א באפרידנדיקע, אָבער אויך דאָ פילט זיך נאָך ערטערווײַז די פריערדיקע טראדיציעס פון איבערזעצן מארקס-ענגעלס ווערק. מיר באגעגענען זיך דאָ גאנץ אָפט מיט ארכאישע, פארעלטערטע ווער־טער און אויסדרוקן, וועלכע פּאסן זיך אבסאָליוט ניט איין אין מארקס טעקסט. צוליב וואָס האָט מען געדארפט, צ. ב., איבערזעצן דאָס וואָרט Gegensatz מיט „סטירע", Bedingungen—„טנאָים", Bedauern—„אגמעסנעפעש", Reichtum—„אשירעס", Waffen—„קליי־זיין", namentlich—„דעהיינו", Verbrechen—„כעט", Sitten—„מידעס" א. אז. וו. מיר האָבן דאָ אויסגעקליבן דאפקע אזעלכע ווער־טער, וואָס דער דײַטשישער עקוויוואלענט זייערער געפינט זיך אויך אין יידיש. אזעלכע ווערטער, ווי „קעגנזאץ", „באדינגונגען", „באדויערן", „רײַכטום", „וואָפן", „נאָמענטלעך", „פארברעכן", „זיטן" זײַנען אלע מאָל געווען פארשפרייט אין יידיש. און אויב דער איבערזעצער האָט געהאלטן פאר נייטיק אָנשטאָט די דאָזיקע ווערטער און אויסדרוקן ברענגען די פריערגעבראכטע, קען מען דאָס דערקלערן אויסשליסלעך מיט דער שטרעבונג צוגעבן דעם טעקסט א מער „יידישלעכן" פּאָנעם.

דאָס זעלביקע אויך מיט גאנצע אויסדרוקן און פראזעס. צוליב וואָס, אשטייגער, איז נייטיק געווען איבערצוזעצן Lebenslage, ד. ה. לעבנלאגע—מיט „מײַמעד אין לעבן", Kauf und Verkauf, ד. ה. קויף און פארקויף—מיט „מעקעך און מעמקער", Hetzjagd gegen dies Gespenst, ד. ה. העצע קעגן געשפּענסט—מיט „העצן און רוידעפן דעם דאָזיקן רועך", förmlich entmannt, ד. ה. פול־שטענדיק אויסגעליידיקט—„בעפּויעל מאמעש מעסארעס געווען" און אנד.

מיר באמערקן אויך א טענדענץ אויסמײַדן אינטערנאציאָנאלע ווערטער און שרײַבן אָנשטאָט זיי „ריין יידישע". דאָס וואָרט Zellibat ווערט איבער־געזעצט „פּרישעס און סיגופים", Individuum—„יאָכיד", Speculativer—„כקירעס־דיקער", Anathemen—„כראָמעס", כאָטש אזעלכע ווערטער, ווי „צעליבאט", „אינ־דיווידוום", „ספּעקוליאטיווער", „אנאטעמיע" זײַנען פארשפרייט אין אלע שפּראכן און פארבײַטן זיי מיט די אויבנגעבראכטע ווערטער איז ניט נייטיק.

די לעצטע איבערזעצונג פונעם „קאָמוניסטישן מאניפעסט", וואָס איז גע־מאכט געוואָרן פונעם כ' לעוויטאן אונטער דער רעדאקציע פון מ. קאמענ־שטיינער און מ. עריק, באזירט זיך אין גרונט אף דער איבערזעצונג פונעם כ. האָלמשטאָק.

די איבערזעצער האָבן דאָ אויסגעמיטן א ריי פארעלטערטע פאָרמעס און אויסדרוקן, א ריי ניטגעלונגענע ווערטער און פראזעס און זיי פארביטן מיט אנדערע. עמעס, גאָר קאָנסעקווענט איז דאָס ניט דורכגעפירט געוואָרן, און אין דער איבערזעצונג זײַנען פארבליבן אזעלכע אויסדרוקן, קעגן וועלכע מע קאָן דערווידערן, ווי, צ. ב., דאָס שרײַבן „קאפּצאָנישער כאראקטער" פאר elender, „אָנדערעכערעצדיקער" פאר unehrebutiger, „מעגושעמדיקער" פאר roher און אנד.

דערפאר אָבער זײַנען די איבערזעצער אַרײַנגעפאַלן אין א צווייטן עקסטרעם — אין מעכאַניש קאָפּירן דעם דײַטשישן טעקסט, אין מעכאַניש אַריבערטראָגן פון דײַטש ווערטער און אויסדרוקן, וועלכע זײַנען ניט אײַנגעבירגערט אין דער יידישער שפּראַך. אָט לייענען מיר, צ. ב., ז. 22: „אפן אָרט פון דער מאַנופאַקטור-פּראָדוקציע איז אַרײַנגעטראָטן די הײַנטצײַטיקע גרויסע אינדוסטריע". „אַרײַנגעטראָטן" ווערט דאָ געבראַכט פאַרן דײַטשישן tratt. אין יידיש וואָלט, דאַכט זיך, פיל בעסער געווען צו שרײַבן „איז געקומען" אָדער „דעם אָרט האָט פאַרנומען".

אפ דער זעלביקער זײַט געפינען מיר ווײַטער: „עס האָבן זיך אויסגעשפרייט דער האַנדל, די שיפפאַרערײַ". „אויסגעשפרייט" ווערט דאָ געבראַכט פאַרן דײַטשישן ausdehnen. אזא באַדײַטונג האָט דאָס יידישע „אויסשפרייטן זיך" ניט. אין יידיש וואָלט אסאַך בעסער געווען צו זאָגן „עס האָט זיך פאַרברייטערט דער האַנדל, עס האָט זיך אַנטוויקלט דער האַנדל".

אפ ז. 23 לייענען מיר, אז „זי (די בורזשואַזיע) האָט צעריסן די בונטפאַרביקע פעאָדאַלע בענדער, וואָס פלעגן צוקניפּן דעם מענטשן צו זײַנע נאַטירלעכע באַפעלערס". „צוקניפּן" ווערט דאָ געבראַכט פאַרן דײַטשישן knüpfen, אָבער דאָס יידישע „קנײַפּן" האָט ניט דאָ דעם באַטײַט, וואָס אין געגעבענעם פאַל האָט דער דײַטשישער knüpfen. אין יידיש וואָלט בעסער געווען צו שרײַבן „פאַרבינדן".

אפ ז. 24 לייענען מיר: „זי (די בורזשואַזיע) האָט דורכגעפירט אזוינע צוגן, וועלכע האָבן געלאָזט אין שאָטן די פעלקער-וואַנדערונגען אָדער קרייצצוגן". מיטן וואָרט „צוגן" ווערט איבערגעזעצט דאָס דײַטשישע Züge, אָבער אין יידיש האָט ניט דאָס וואָרט „צוג" יענע באַדײַטונג, וואָס דאָס דײַטשישע Zug אין געגעבענעם פאַל. אין יידיש וואָלט מען געדאַרפט זאָגן „מאַרשן", „רײַזעס", „וואַנדערונגען", אָבער פאַר קיין פאַל ניט צוגן.

ווײַטער. אפ ז. 32 לייענען מיר: „פון צײַט צו צײַט זיגן די אַרבעטער, אָבער נאָר אַריבערגייענדיק". געמיינט ווערט דאָ נאָר צײַטווייליק, נאָר אפ א צײַט. דער „אַריבערגייענדיק" איז דאָ נאָכגעמאַכט דעם דײַטשישן vorübergehend, אָבער די באַדײַטונג פון דעם דאָזיקן דײַטשישן וואָרט גיט „אַריבערגייענדיק", פאַרשטייט זיך, ניט איבער.

אפ ז. 33 לייענען מיר: „גאַנצע שיכטן פון הערשנדיקן קלאַס ווערן אַראָפּגעוואָרפן צו דעם פּראָלעטאַריאַט". דאָס וואָרט „אַראָפּגעוואָרפן" אַנטשפּרעכט דאָ דעם דײַטשישן hinabgeworfen. אין יידיש וואָלט אָבער ריכטיקער געווען צו זאָגן „אַראָפּגעזעצט".

אפ ז. 55 לייענען מיר: „די ערשטע פּרווון פון פּראָלעטאַריאַט דורכצוזעצן דירעקט זײַנע אייגענע קלאַסן-אינטערעסן". „דורכצוזעצן" ווערט דאָ געבראַכט פאַרן דײַטשישן durchzusetzen. אין יידיש אָבער האָט דאָס וואָרט ניט אזא באַדײַטונג. עס וואָלט געווען בעסער דאָ צו זאָגן „דערשלאָגן זיך", „דעראָבערן".

ענלעכע בײַשפּילן האָט מען געקאָנט ברענגען נאָך.

די זעלביקע מעכאַנישע קאָפּירונג פון דײַטשישן טעקסט האָט געבראַכט צו אויסבילדן אין יידיש אזעלכע ווערטער, ווי „אַרויסגעצויבערט", פאַר hervorgezaubert, „זעלבסטגענוגנדיקײַט" פאַר selbstgenügsamkeit, און אנד., וועלכע קלינגען גאַנץ שווער אין יידיש.

מיר זעען דאָ, ווי דער איבערזעצער, אויסמײַדנדיק מיט רעכט די ספּעציפישע ייִדישלעכע פאַראַכאַיִזירטע ווערטער און פאָרמעס, איז אַרײַנגעפאַלן אין א צווייטן עקסטרעם און גענומען אריבערטראָגן פון דײַטש ווערטער און אויסדריקן, ניט רעכענענדיק זיך מיט די ספּעציפישע אייגנשאפטן פון דער ייִדישער שפּראַך. אין לעצטן סאַכאַקל מוז אַזאַ צוגאַנג ברענגען צו אומפאַרשטענדלעכקײַט. און ווירקלעך, אייניקע ערטער פון דער דאָזיקער איבערזעצונג איז שווער צו פאַרשטיין אָן א פאַרגלײַכונג מיטן אָריגינאַל אָדער מיט דער רוסישער איבערזעצונג.

*
* *

דער וווּקס פון דער קולטור-רעוואָליוציע צווישן די ייִדישע ארבעטנדיקע מאַסן, דאָס אַלץ וואַקסנדיקע דערלערנען די מאַרקסיסטיש-לענינישער טעאָריע, — שטעלט פאַר אונדז אַן אויפגאַבע פאַרשטאַרקן דאָס ארויסגעבן אין ייִדיש די ווערק פון די קלאַסיקער פון מאַרקסיזם-לענעניזם. שוין איצט שטעלט זיך פאַר אונדז אַן אויפגאַבע ארויסגעבן אין ייִדיש די גרונט-ווערק פון מאַרקס און ענגעלס, ווי אויך פון לענינען און סטאַלינען. צו דער דאָזיקער ארבעט מוז מען זײַן צוגעגרייט.

מע דאַרף געדענקען, אַז איבערזעצן די ווערק פון די קלאַסיקער פון מאַרקסיזם-לענעניזם איז ניט קיין פּאָשעטע איבערזעצערישע ארבעט. דאָס איז, ווי עס ווײַזט אָן די „פּראַוודאַ”, „א גרויסע וויסנשאַפטלעכע ארבעט און דערצו אַן ארבעט פּאָליטיש זייער א פאַראַנטוואָרטלעכע”.

אין דער דאָזיקער ארבעט איז ווייניקער פון אַלץ דערלאָזבאַר זעלבסט-פלוס און קוסטאַרעריי. אונדזערע ליגגוויסטישע קויכעס דאַרפן זיך מאָביליזירן אַפּ צו לייזן די פּראַגעס, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיטן איבערזעצן אַפּ ייִדיש די ווערק פון מאַרקסיסטיש-לענינישע קלאַסיקער.

---

ד. קורלאנד

# צו דער פּראָבלעם וועגן די ערשטע ייִדישע פּראָלעטארישע דיכטער

(קריטיש-ביבליָאָגראפישער איבערזיכט)

אין דער דאָזיקער ארבעט ווילן מיר פארסאכאקלענ אייניקע גרונט-ליניִעס פון דער דיסקוסיע, וואָס איז אָנגעגאנגען אין אונדזער קריטיק וועגן דעם כאראקטער, דער באדײַטונג און דער ראָליע פון די ערשטע ייִדישע ארבע-טער-דיכטער—ווינטשעווסקי, באָוושאָווער, עדלשטאט. קעדייִ אויסמײַדן איבער-כאזערונגען, שטעלן מיר זיך דאָ ניט אָפּ אפ א גאנצער ריי גרעסערע און קלענערע ארטיקלען ארום דער דאָזיקער פראגע, אפ וועלכע עס איז אונדז שוין איינמאָל אויסגעקומען אין קורצן זיך אָפּצושטעלן.[1] דאָ וועלן מיר דעריקער זיך אָפּשטעלן בלויז אפ יענע ארבעטן און באזונדערע ארויסזאָגונגען וועלכע זײַנען, לויט אונדזער מיינונג, נאָך ביז איצט געבליבן ניט פארסא-כאקלט און אפילע ניט ווי געהעריק קריטיש אָפּגעשאצט. מיר גלויבן, אז די דאָזיקע פראגע האָט א באדײַטנדיקן אינטערעס גראָד איצט, ווען אונדזער ליט.-קענטעניש טרעט שוין צו באלײַכטן מער סינטעטיש-פארגאנצט און קרי-טיש-פארטיפערט די שאפונג פון די ערשטע ייִדישע פּראָלעטארישע דיכטער.

* * *

1. קעגן קרומע שפּיגלען.

כ׳ נוסינאָווס נאָטיצן אין דער „ליטעראטורנאיא ענציקלאָפּעדיא״[2] זײַנען מוסטערן פון ניט-דערלאָזבארער פארקריפּלטער אינפאָרמאציע וועגן די דאָזיקע ארבעטער-דיכטער. שרײַבנדיק פאר אן ענציקלאָפּעדיע, האָט זיך כ׳ נוסינאָוו ניט געגעבן די מי כאָטש עטוואָס גענויער זיך באקאנען מיט ווינטשעווסקיס

---

1 זע די ביבליָאָגראפישע אנאָטאציעס צו אונדזער שול-ביכל „די ערשטע ייִדישע ארבעטער-דיכטער״, צענטרפארלאג, מינסק, 1931.

2 י. נוסינאָוו—„ווינטשעווסקי מאָריס״ („ליטעראטורנאיא ענציקלאָפּעדיא״, ב. 2. שפּ. 242—244. אויסג. קאָמ. אקאדעמיע, 1929;

י. נוסינאָוו—„באָוושאָווער יויסעף״—דאָרטן, ב. 1, שפּ. 225—226.

שאפונג, דורכקאָנטראָלירנ די פאראנענעיעדיִעס וועגנ די עלטערע פראָלעטאַרישע דיכטער. אדאנק דעמ באקומט דער לייענער א רייִ דורכויס פאלשע באהויפּטונגענ און פאָרמולירונגענ. אזוי, לעמאָשל, אינפאָרמירט כ׳ נוסינאָוו דעמ רוסישנ לייענער, אז „ווינטשעווסקיס פּאָעזיִע איז פרעמד נאציִאָנאליסטישע לאמענטאציִע (דאָס באדויערנ, באקלאָגנ זיכ — ד. ק.), וואָס איז געווענ אזוי כאראקטעריסטיש אפילע פאר אסאכ פונ די ראדיקאלע יִידישע פּאָעטנ פונ זייַנ צייַט“. די דאָזיקע צייַט איז א גאנצ היפּשע... זי כאפּט ארומ א פעריִאָד, אָנהייבנדיק פונ סאָפ 70-ער יאָרנ פאָריקנ י. ה. ביז אנערעכ 1920—1924. קלאָר, אז דער כאראקטער פונ ווינטשעווסקיס שאפנ איז פארשיידנ אינ באזונדערע פעריִאָדנ. כ׳ נוסינאָוו אָבער טראקטירט ווינטשעווסקיס ליטעראריש-געזעלשאפטלעכע טעטיקייַט ווי אנ אויסגעהאלטנ-סאָציִאליסטישע פונ אָנהייב ביזנ סאָפ, ווי פונ איינ גוס. ער פארזעט א רייִ אידעאָלאָגישע דורכוייַסנ אינ ווינטשעווסקיס שאפנ, די היפּשע יאָרנ פונ ווינטשעווסקיס נאציִאָנאליסטישער יערידע.

ווינטשעווסקיס קאמפ מיט דער דעליאָנישער ריכטונג אינ דער אמעריקאנער סאָציִאליסטישער פּארטיי ווערט דאָ כאראקטעריזירט פּאָזיטיוו. און פארקערט, — די דעליאָנישע ריכטונג אינ דער אמעריקאנער ארבעטער־באוועגונג קוואליפיצירט כ׳ נוסינאָוו ווי א רעפאָרמיסטישע (?!!), די גרינדונג פונ „פאָרווערטס“ (1897) און „צוקונפט“ — ווי א געווונטשענע דערשייַנונג, ווי ווינטשעווסקיס א פארדינסט פאר דער סאָציִאליסטישער באוועגונג. דאָ האָבנ מיר באמ כ׳ נוסינאָוו א שרייַענדיקע פאלסיפיקאציִע פונ דער געשיכטע פונ דער אמעריקאנער ארבעטער־באוועגונג. אזא אינפאָרמאציִע האָט דער כ׳ נוסינאָוו געקענט שעפנ נאָר פונ מענשעוויסטישע קוואלנ. אינ דער ווירקלעכקייַט האָט ווינטשעווסקיס פראקציִאָנעלער קאמפ קעגנ דע־ליאָנענ פאָרגעשטעלט מיט זיכ איינעמ פונ די פילצאָליקע אָפּאָרטוניסטישע גליטשנ אינ ווינטשעווסקיס שאפנ און אינ זייַנ געזעלשאפטלעכער טעטיקייַט.

ווינטשעווסקיס פעליעטאָנענ האָט דער כ׳ נוסינאָוו אינ די אויגנ ניט געזענ, ווענ ער האָט געשריבנ זייַנ נאָטיצ. אינ קעגנפאל, ווי וואָלט עס אימ גאָר אייַנגעפאלנ שרייַבנ, אז די פעליעטאָנענ זייַנענ... איבערגעזעצט אפ יִידיש פונ העברייִש ?!! כ׳ נוסינאָוו האָט געהערט ערגעצ קלינגענ און ניט געפּרוווט זיכ פאנאנדערקלייַבנ ווו און וואָס. צוליב עטלעכע העברייִשע פעליעטאָנענ פונ „אסיפאס כאכאָמימ“ (זיי זייַנענ, עמעס, ארייַנ אינ די יִידישע פעליעטאָנ־זאמלונגענ) האָט ער אָנגענומענ די אָנצאָליקע גלענצנדיקע אָריגינעלע יִידישע פעליעטאָנענ ווינטשעווסקיס פאר איבערגעזעצטע...

לאכלוטנ פאלש איז די אָפּשאצונג פונ ווינטשעווסקיס קינסטלערישע שאפונג. „ווינטשעווסקי, — לייענענ מיר אינ דער דאָזיקער נאָטיצ, — איז זייער עלעמענטאר אינ פאָרמ“. אזוי שרייַבט מענ וועגנ א קינסטלער, וואָס האָט אזויפיל אויפגעטאָנ אינ אויסבילדנ און אנטוויקלענ אפ דער יִידישער שפּראכ די סאמע פארשיידנסטע קינסטלערישע זשאנרענ (ליריק, דראמע, פעליעטאָנ, סאטירע, פאבול, פּאראָדיע, אפאָריזמ, מעמוארנ א. אז. וו.), וואָס האָט אינ אסאכ פונ זיי געגעבנ גלענצנדיקע מוסטערנ, וואָס זייַנענ נאָכ טיילווייַז ביז איצט פאָרמעל ניט איבערגעשטיגנ געוואָרנ (צ. ב. אינ פעליעטאָנ, עפּיגראמ־אפאָריזמ).

די סאָציאַלע באזע פאר ווינטשעווסקיס שאפן איז לויטן כ׳ נוסינאָוו געווען ניט דער שוין מער רייַפער, מער באוווסטזיניקער ארבעטער, נאָר דער גרינער לאָנדאָנער און ניו־יאָרקער עמיגראנט, „די נעכטיקע באַלעבאָטים, קליינע קרעמער, שטעטלדיקע אָרעמקייַט פון צארישן רוסלאַנד“. און ווייַטער — „דאָס פעלן פון קולטור־טראדיציעס, פרעסע, ליטעראטור... האָט זיך געלאָזט פילן אף די שעפערישע מעגלעכקייַטן“ פון... דעם ווינטשעווסקין, וואָס איז געווען אזוי רייַך אָנגעזאפט סייַ מיט אַלטע טראדיציאָנעלער קולטור, סייַ מיט דער אופקומענדיקער סאָציאַליסטישער. גראָד פאר ווינטשעווסקין איז דאָך אזוי כאראקטעריסטיש די גרויסע געניטקייַט זייַנע אויסצונוצן די אלטע קולטור אין קאמף קעגן דער דאָזיקער קולטור גופע, אויסנוצן זי פאר קינסטלערישע פראָפאגאנדע פון סאָציאַליזם. דאָס לעצטע איז, אגעוו, איינע פון די וויכטיקסטע באשטאנד־טיילן פון דער יערושע, וואָס מיר קאָנען און דארפן יארשענען פון ווינטשעווסקין.

וועגן ווינטשעווסקין, דעם גרויסן וואָרט־מייַסטער, אין וועמעס ווערק עס ליגן מאמעש אויצרעס פון וואָרט־שאפונג, נאָך ביז הייַנט ניט דערלערנטע, וואָרט־שפיל — נאָך ביז איצטער ניט איבערגעשטיגענעם, שעמט זיך ניט כ׳ נוסינאָוו צו שרייַבן, אז „זייַן לעקסיק איז א באגרענעצטע“... ד. ה. אפילע פאר זייַן צייַט א באגרענעצטע.

נאָך אזא אמעראציש־פייַנשמעקערישער אָפשאצונג פון ווינטשעווסקין איז שוין קיין וווּנדער ניט, וואָס באָושאָווער ווערט קעגנגעשטעלט עדלשטאטן און אפילע ווינטשעווסקין: „די פאָעזיע פון באָושאָווערן דערהייבט זיך הויך איבער דער שאפונג פון די אָנהייבער פון דער ייִדישער רעוואָליוציאָנערער פאָעזיע — ווינטשעווסקי־עדלשטאט“. און אז. וו. אזוי קאטעגאָריש פאָרמולירט — איז די דאָזיקע באהויפטונג ניט ריכטיק. ווען מיר וועלן אפילע נעמען נאָר די פאָעזיע פון יעדן איינציקן פון דעם דאָזיקן דרייַלינג, איז אפילע דאָ האָט אויך יעדער פון זיי זייַנע שטארקע און שוואכע זייַטן. אין עדלשטאטס דיכטונג, צ. ב., קויפט אונטער דער הארציק אופריכטיקער טאָן, דער ווייכער, צארטער געפיל, די לירישע שטימונג, די מער אנטפלעקטע לייַדנשאפט א. אז. וו., אדאנק וואָס „עדלשטאטס ליד האָט געמאכט ציטערן פראָלעטארישע הערצער און געשטארקט די האנט פון קלאסן־קעמפער“ (ק. מארמאָר), בייס פאר ס׳ראָוו באָושאָווערס לידער איז כאראקטעריסטיש דער מער אויסגעשפראָכענער רעוואָליוציאָנערער פאטאָס, די מער רייַכערע שפראך, דער בעסער געשליפענער ריטם און אז. וו. אזוי אָפרייַסן באָושאָווערן פון דער גאנצער גרופע — איז באזונדערס ניט ריכטיק דאן, ווען מע נעמט אין באטראכט ניט נאָר די פאָעזיע זייערע, נאָר אויך זייער פראָזע. דאָ איז שוין ניטאָ קיין גרויסער אונטערשייד צווישן באָושאָווערן און עדלשטאטן, און ווינטשעווסקי פארנעמט שוין דאָ זיכער דעם כאָשעווון אויבנאָן.

כ׳ נוסינאָוו קייַט דאָ פאָשעט איבער דעם כ׳ פינינבערג, וואָס האָט ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער געפרוווט אפן זעלבן אויפן קעגנשטעלן באָושאָווערן קעגן די אנדערע ארבעטער־דיכטער פון דער פלעיאדע און דערמיט אליין אומדירעקט געפרוווט פארמינערן דעם ווערט פון די לעצטע. צוליב דעם פרוווט שוין נוסינאָוו אָפלייקענען זאכן, וואָס זייַנען אלגעמיין באוווסט. ער שרייַבט: „דער פאָעזיע פון באָושאָווערן איז פרעמד די ראציאָנאליסטישע

ריטאָריק״. ס׳איז געווען צו דערמאָנען זיך אָן באָוושאָווערס „צום פֿאָלק״, „די דומהייט״ און צענדליקער אנדערע לידער, קעדיי זען, ווי פאלש עס איז די דאָזיקע באהויפטונג. פאָלגנדיקע עטלעכע שורעס וועלן עס דורכויס באשטעטיקן:

דו לעבסט און ווייסט ניט, וואָס דאָס לעבן איז,
דו שטארבסט און ווייסט ניט, וואָס דאָס שטארבן איז,
דו גלויבסט און ווייסט ניט, וואָס דאָס גלויבן איז,
דו האָפסט און ווייסט ניט, וואָס דאָס האָפן איז;
וואָלסטו פארשטאנען, וואָס דאָס לעבן איז,
און אויך פארשטאנען, וואָס דאָס שטארבן איז,
וואָלסטו פארשטאנען, וואָס דאָס לעבן איז,
און אויך פארשטאנען וואָס דאָס האָפן איז —
דאן וואָלסטו ניט געלעבט אין שווערער נויט,
און ניט געשטאָרבן אָפט, ניט לעבנדיק.
דאן וואָלסטו ניט געגלויבט אין ווינט און שטויב,
און ניט געהאָפט אף דאָס, וואָס ס׳קען ניט זיין. (י. באָוושאָווער „צום פֿאָלק״)

נאָר אנשטאָט צו דערקלערן דעם כאראקטער פון דער דאָזיקער רעוואָליוציאָנערער ריטאָריק, איר סאָציאַלע ראָליע און באדייטונג, לייקנט זי כ׳ נוסינאָוו פּאָשעט אָפּ.

וויכטיקער איז אָבער דאָס, וואָס אף באָוושאָווערס זון באמערקט ניט כ׳ נוסינאָוו קיין שום פלעקן. מיט קיין איין וואָרט ווערט ניט דערמאָנט, וויאזוי אין זיינע ווערק איז געקומען צום אויסדרוק אנארכיזם, אינטעליגענטישער קליינבירגערלעכער אינדיווידואליזם, געוויסע אָפּנייגן אין דער זייט פון עסטעטיזם און אז. וו.

* * *

קרומע שפּיגלען גיבן א פּאָרטרעט אָדער הויך, לאנג, אויסגעצויגן און מאָגער... אז ניט — איז קליין, ווי א קארליק מיט א גרויסן קאָפּ און קורצע פיס. ענלעך אפן ערשטן איז דאָ ארויס באָוושאָווער; ענלעך צום צווייטן — ווינטשעווסקי... אזוינע שפּיגלען קענען עפּשער האָבן אן אָרט אף א פּארוויילונג־פּלאץ. אָבער ניט אין אזא ערנסטן געביט, ווי עס איז אונדזער מארקסיסטיש־לענינישע ליטעראטור־קריטיק.

* * *

2. וועגן איינער א קאָנצעפּציע.[1]

קיין שום ארבעט, צי אפילע א וועלכן עס איז ארטיקל, ספּעציעל וועגן די עלטערע פּראָלעטארישע שרייבער האָט דער כ׳ ליטוואקאָוו דערווייל נאָך ניט געשריבן. וועגן זיי ווערט נאָר בא אים דערמאָנט פארבייגייענדיק, אין צוזאמענהאנג מיט א וועלכער עס איז ליטעראטור־היסטאָרישער סכעמע, אָדער

1 מ. ליטוואקאָוו א) „אין אומרוו״, ב. 2, פארלאג „שול און בוך״ מאָסקווע, 1926 — זז 9, 84, 122, 210; ב) „אף 2 פראָנטן״, „צענטערפארלאג״, מאָסקווע, 1931, זז. 5, 10, 49, 60, 62, 63, 172—174; ג) פאָרוואָרט צו א. רייזענס „דערציילונגען״, „ביבליאָטעק יידישע שרייבער״, פארלאג „קולטור־ליגע״, קיעוו. 1929. זז. 5—10.

געבנדיק אַן איבערזיכט איבער דעם צי יענעם קאָמפלעקס ליטעראַרישע דערשיַינונגען.

אינעם אַרטיקל „ירושע און העגעמאָניע", פּאָלעמיזירנדיק מיט ליוויקן, ריידנדיק וועגן דעם אונטערשייד צווישן דער רוסישער פּראָקטיאַבערדיקער ליטעראַטור און דער ייִדישער, אָנווייַזנדיק, אַז די לעצטע האָט מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן „אידעאָלאָגיש און קינסטלעריש" זייער ווייניק מיטגעאַרבעט אין זייער רעוואָליוציאָנערן קאַמף פאַר באַפרייַונג (ז. 7), אַז זי איז געווען געשאַפן אַף אַן אַפּאָליטישן פּאָן,[1] אין טעמפּ און ריטם פון קליינבירגערלעכער שטעטל-קולטור (ז. 9), און אַז דעריבער „האָט טאַקע די ייִדישע ליטעראַטור געהאַט נאָר אַ באַדייַטונג פאַרן נאַציאָנאַלן קולטור-קאַמף" און ניט מער. „עמעס, — גיט צו דער כ' ליטוואַקאָוו, — אונדזער דיכטונג איז אין דעם פּראַט (אין פּראַט פון שאַפן אַ לעקסיקאָן, וואָס זאָל אַרייַן אין געברויך פון פּאָליטישן קאַמף — ד. ק.) געווען גליקלעכער. אָנגעהויבן האָט זי זיך אין געשטאַלט פון מאָריס ווינטשעווסקי, מ. ראָזנפעלד, עדלשטאַט, באָוושאָווער, אַווראָם רייזען, אַלס דירעקטע אָפּשפּיגלונג פונעם אַרבעטער-קאַמף און אין ענגער פאַרבינדונג מיט אים. אָבער אויסער מ. ראָזנפעלד און אַ. רייזען איז זי געווען גיכער אַ געמאַכטע, איידער אַן אָרגאַנישע דיכטונג, — און אַף וויפל ראָזנפעלד און רייזען זייַנען טאַקע געווען עמעסע דיכטער, האָבן זיי טאַקע געלאָזט עכט ליטעראַרישע ירושע. און ניט אומזיסט פילט מען אין איזי כאַריק אַ נייַע דערהייבונג פונעם רייזענישן עלעמענט אין אונדזער סאָוועטישער דיכטונג"... (ז. 9)

דער „רייזען-עלעמענט" באַ כאַריקן איז איינע פון כ' ליטוואַקאָווס פיקס-אידייעס, וועלכע ער כאַזערט איבער באַ אַסאַך אַנדערע געלעגנהייַטן („אומרו" II, ז. 210, 212; „אַף צוויי פראָנטן", ז. 45—46; 172 א. אַז. וו.). וועגן דעם וועט אונדז נאָך אויסקומען ריידן שפּעטער. דאָ וועלן מיר דערווייַל פאַרצייכענען, ערשטנס, ווען דער כ' ליטוואַקאָוו פלעגט באַ אַ געלעגנהייַט, דאָ צי דאָרט, דערמאָנען די עו'שטע אַרבעטער-דיכטער, פלעגט ער זיי שטענדיק צונויפפאָרן מיט רייזענען, ווייַסנבערגן, פּינסקין א. ד. גל. צווייטנס — צונויפפאָרנדיק זיי אַלע צוזאַמען, אידענטיפיצירט זיי ניט פונדעסטוועגן דער כ' ליטוואַקאָוו אין קינסטלערישן זין: פאַר „עמעסע דיכטער" פאַררעכנט ליטוואַקאָוו נאָר ראָזנפעלדן מיט רייזענען, ד. ה. דאַפקע די קליינבירגערלעכע שרייַבער, בייס די דיכטונג פון די פּראָלעטאַרישע שרייַבער ווערט געשטעמפּלט אַלס „גיכער אַ געמאַכטע, איידער אַן אָרגאַנישע". אַפן גרונט פון אַזאַ אייַנשטעלונג קומט דאָרטן דער כ' ליטוואַקאָוו צום אויספיר, אַז די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט „אין דער פּאָריקער ייִדישער ליטעראַטור ניט געפונען קיין סימען, קיין צייכער פון צוגרייטונג. צווישן דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור און דער נייַער, דער סאָוועטישער, וועלכע האָט געדאַרפט געשאַפן ווערן, האָט זיך אויסגעבילדעט אַ פּוסטער כאָלעל, אַ צווישן-רוים, וואָס דער נייַער ליטעראַטור איז פאָרגעשטאַנען, און עס קומט נאָך אויס אַדהאַיאָם אַריבערצושפּאַנען מיט אייגענע קויכעס, — אין דעם הינזיכט האָט די באַקומענע ירושע פון דער ייִדישער ליטעראַטור (אינגאַנצן גענומען — ד. ק.) מיט גאָרנישט ניט געקענט

[1] דאָ און ווייַטער — אונדזער שטריך. ד. ק.

פּאַרלײַכטערן די אױפֿגאַבע. די סאָװעטישע ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך דער־פֿילט „אָפּן ראַנד פֿון אָנהײב". די ייִדישע פּראָזע מער, די ייִדישע דיכטונג — צוליב די אױבנאַנגעװיזענע סיבות — װײניקער".

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אין דער דיסקוסיע מיטן כ׳ נוסינאָװ („אױף צװײ פֿראָנטן", ז. 61), האָט דער כ׳ ליטװאַקאָװ דערקלערט, אַז מיט די דאָזיקע באַ־הױפּטונגען זײַנע האָט ער עס געמײנט נאָר די שפּראַך, די „פּאָליטישע רײד־קולטור". הײסט עס — נאָר די פּובליציסטיק אונדזערע האָט ניט געפֿונען קײן סימנים פֿון צוגרײטונג, אָבער ניט די קינסטלערישע ליטעראַטור... כאָטש אינעם טעקסט פֿון דעם ציטירטן אַרטיקל גײט אַ רײד אױך װעגן לעקסיקאָן, איז אָבער צו זען, אַז די דאָזיקע באַהױפּטונגען זײַנען שײַער ניט נאָר צו הױלער לעקסיק, נאָר צו סטיל, צו ליטעראַרישער ירושה אין ברײטן זין פֿון װאָרט. װען ניט, װאָלט כ׳ ליטװאַקאָװ ניט אױסגעטײלט די פּאָעזיע פֿון דער פּראָזע: גראָד אין רײנער לעקסישן זין איז ניטאָ קײן גרױסער אונטערשײד צװישן די צװײ מינים דיכטונג. דאַן, װידער, װאָלט לאַכלוטן איבעריק גע־װען די כקירע װעגן „געמאַכטער דיכטונג" און „אָרגאַנישער". װען כ׳ נוסינאָװ האָט אין זײַן ענטפֿער דעם כ׳ ליטװאַקאָװן („עמעס", פֿעװראַל 1927) באַ־הױפּטעט, אַז די באַשולדיקונג, װאָס דער לעצטער װאַרפֿט אים פֿאָר (פֿאַר־לײקענונג פֿון דער רעװאָליוציאָנערער ליטעראַטור־ירושה), פֿאַלט אױך אָפּן כ׳ ליטװאַקאָװ גופֿע, איז ער אין דעם פּראַט געװען גערעכט. אָבער װאָלט זיך אַפֿילו בעמעס געהאַנדלט נאָר אין שפּראַך־ירושה, זײַנען די דערמאָנטע באַהױפּטונגען ליטװאַקאָװס ערשט געװען ניט קײן ריכטיקע. װאָרעם די מײַסע איז, פֿאַרשטײט זיך, פּונקט קאַפּױר, אין געביט פֿון שפּראַך. װער רעדט „פּאָליטישער רײד־קולטור" ביפֿראַט, זײַנען די אױפֿטוען פֿון די פּראָלעטאַרישע דיכטער געװען ביז גאָר באַדײַטנדיק. האָבנדיק פֿאַר זיך אַ גאַנץ רײַכע סאָ־ציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע ליטעראַטור און פּרעסע און רײדן װעגן אַ „פּוסטן כאָלעל", װעגן „קײן זײכער פֿון צוגרײטונג" — אין ש פּ ר אַ כ־ל ע כ ב ז י ן, איז, װײך גערעדט, אַן אומזין.

אינדערעמעסן, װי געזאָגט, איז דאָ געגאַנגען אַ רײד ניט נאָר װעגן שפּראַך־קולטור. דאָס איז צו זען פֿון נאָך אַנדערע שטעלן אינעם זעלבן באַנד „אין אומרו". אינעם קאַפּיטל װעגן „יונגע אַרבעטער" (שױן בעפֿירעש רײדנ־דיק װעגן אַ סכעמע פֿון אַ (נײַעם) סטיל, װאָס ס׳שאַפֿט פֿאַר זיך דער נײַער אַרבעטער־דאָר) װערט פֿאַרבײַגײענדיק געזאָגט: „מיר, דער עלטערער דאָר אַרבעטער־רעװאָליוציאָנערן, האָבן זיך דערצױגן אױף דער אָרעמער, ניט אַזױ סאָציאַלער (?), װי קאַפּצאָנישער פּאָעזיע פֿון מאָריס ראָזנפֿעלד, אװראָם רײזען און אַז. װ." (ז. 122). דאָ װערן דערמאָנט נאָר די „עמעסע דיכטער". די אַרבעטער־דיכטער גײען מיסטאָמע אַרײַן אין דעם „און אַזױ װײַטער", אָבער אױך די דערמאָנטע װערן געקרױנט אַלס „קאַפּצאָנישע" דיכטער. אַרט אונדז דאָ ניט אַזױ דער „קאָװעד" פֿון רײזענען צי אַפֿילו ראָזנפֿעלדן, װי דער מאָקער, פֿון װאַנען עס שטאַמט דער עפּיטעט „קאַפּצאָנישע", און קעגן װעמען ער איז ד ע ר י ק ע ר געװען געװענדט. מיט דעם טיטל פֿלעגט מען נאָך ביז ניט לאַנג באַשענקען גראָד די שױן װײַט ניט „קאַפּצאָנישע" דיכטער — װינטשעװסקי, עדלשטאַט, און באָװשאָװער, און שטאַמען שטאַמט ער פֿון דער בורזשואַזער, ייִדישיסטישער קריטיק.

איך א צווייטן אָרט (ז. 161) קומט שוין אָנשטאָט „קאפּצאָנישע" — „האמוינישע" (ווינטשעווסקי ווערט דאָרט ווידער אמאָל גענומען אין איין קאָמפּאניע מיט רייזענען). דעם נאָמען פּראָלעטארישע אָדער ארבעטער-דיכטער מייַדט אויס דער כ׳ ליטוואקאָוו גאנצ אקשאָנעסדיק, און קלאָר פּארוואָס: דער כ׳ ליטוואקאָוו האָט נאָך דאן ווינטשעווסקין, עדלשטאטן און באָוושאָווערן ניט אנערקענט פאר קיין פּראָלעטארישע דיכטער, ניט אָפּגעטיילט זיי פון די קליינבירגערלעכע רייזענס, ווייַסנבערגס, פּינסקיס א. אז. וו. די דיכטונג פון די אלע צוזאמען ווערט דעריבער כאראקטעריזירט ווי א מין „באשיידענע אויסטייַטשערן פון פּרימיטיווע מאסן-שטימונגען", א מין „גאם אני באָסי אל האכאָסום" (ז. 84).[1] אין בעסטן פאַל — אלס א „דירעקטע אָפּשפּיגלונג פונעם ארבעטער-קאמף", וואָס שטייט „אין ענגער פארבינדונג" מיטן קאמף פון ארבעטער-קלאס (דאָרטן ז. 9), אָבער ניט, ווי די דיכטונג פון ארבעטער-קלאס גופע אף א באשטימטן עטאַפּ פון זייַן אנטוויקלונג. די לעצטע פאָרמולירונג איז ניט ריכטיק באזונדערס דאן, ווען די אלע אויבנאויסגערעכנטע שרייַבער ווערן צונויפגעמישט איינעם: בענעגייע ווינטשעווסקי-באָוושאָווער איז די פאָרמולע ניט קיין גענונגדיקע, בענעגייע רייזענען — אן איבערגעטריבן-גודמעדיקע. „אווראָם רייזען, — לייענען מיר אין אן אנדער ארט, — איז געווען א ווירקלעכער (דער שטריך אונדזערער — ד. ק.) דיכטער און האָט אמאָל געשאפן לידער פון ארבעטער-נויט. דאָס איז געווען אין יענער עפּאָכע, ווען דער ייִדישער פּויעל, דער ארבעטער-געזעל האָט ערשט אָנגעהויבן דערוואכן צום קאמף, אבער ער האָט זיך נאָך ניט געשפּירט, ווי א קלאסן-באוווּסטזיניקער פּראָלעטאריער (שוין אין 20-טן יאָרהונדערט? — ד. ק.) — אלנפּאלס(!) איז נאָך די דאָזיקע אנערקענונג ניט דערגאנגען צום באוווסטזייַן פון קליינבירגערלעכן דיכטער, — קונסט פּארשפּעקטיקט אָפּט". „רייזען האָט געדיכטעט מאָטיוון פון קאפּצאָנים-פּראָטעסט, אָבער ניט פון קלאסן-פּראָטעסט... האָט דעמלט די דיכטונג אויסגעדריקט דעם אָ ר ג א נ י ש ן, אָבער נאָך פּרימיטיוון צוזאמענשלוס, וואָס עקזיסטירט פון שטענדיק אָן צווישן דעם פּראָלעטאריאט, וואָס הייבט זיך אוף צו זייַן באפרייַונג (פון וואנען האָט ער זיך גענומען פּלוצים? — ד. ק.), און די געיאָגטע און געפּלאָגטע פאָלקס-מאסן" (דאָרטן, ז. 210).

פון דער דאָזיקער כאראקטעריסטיק איז שווער צו דערגיין עפּעס א טאָלק. עס איז אבסאָליוט ניט קלאָר, צי איז רייזען דערפאר א קליינבירגערלעכער שרייַבער, ווייַל ער האָט אויסגעדריקט די אידייען, דעם געמיט-צושטאנד און אז. וו. פון דעם נאָך אין קלאסאָוון זין אומבאוווסטזיניקן „פּויעל" און דעמלט געהערט רייזען פון יענער עפּאָכע צו די „ערעוו-פּראָלעטארישע" שרייַבער — לויט ליטוואקאָווס א שפּעטערדיקע פאָרמולע, אָדער א קליינבירגערלעכער שרייַבער איז רייזען דערפאר... וואָס ער איז טאקע א קליינבירגער אין טאָכ — א שרייַבער פון „געיאָגטן און געפּלאָגטן" קליינבירגערטום, פון דער „האָרעפּאשנער" אָרעמקייַט, צי פון דעם געמיינעם הענדלער-שיכט, ווער ווייס אים...

[1] אין קאָנטעקסט מיטן פּארשפּעקטיקטן לויב-געזאנג אפן אדרעס פון די רעאקציאָנערע „ליטערארישע מאָנאטשריפטן" באקומט די דאָזיקע עסטעטיש-פייַנשמעקערישע איראָניע א באזונדער כיין זע „אין אומרו" II, ז. 84).

אויב אזוי, שטעלט זיכ א פראגע: ווי אזוי ארומ נעמט זיכ ליטוואקאָוו דערקלערנ דאָס קליינבירגערלעכע בא רייזענענ מיט דער „אָפּגעשטאנענקייט" פונ פראָלעטאריאט"? מאשמאָעס, ליטוואקאָוו האלט זיכ באמ ערשטנ, אז ניט, וואָלט ניט נייטיק געווענ דערציילנ אונדז וועגנ נאָכ „ניטדערוואכטע" יידישע פויעלימ אונ „פארשפעטיקטער" קונסט. אזוי צי אזוי איז דאָ די לאגע א פארפלאָנטערטע. ווענ אזוי באשטייט די לאגע מיט רייזענענ, וועגנ וועמענ ליטוואקאָוו שרייבט שוינ אָנ אנבערעכ אויספירלעכער, איז שוינ קיינ וווּנדער ניט, וואָס די ארבעטער־שרייבער ליגנ נאָכ דאָרט איינגעהילט אינ טונקעלנ נעפל, אונ טרעפנ וואָס ליטוואקאָוו האָט געמיינט וועגנ זיי צו זאָגנ—איז אנ ארויסגעוואָרפענע ארבעט. פונ דעמ שטיקל פּיעטעט (מ'שטיינס געזאָגט) פאר ראָזנפעלד-רייזענ אונ ביטל צו ווינטשעווסקי-באָוושאָווער איז קלאָר נאָר איינס, אז די לעצטע האָט דער כ' ליטוואקאָוו ביקלאל ניט געהאלטנ פאר קיינ שרייבער אונ דעריבער געפונענ פאר איבעריק געבנ זיי א וועלכע עס איז מער דורכזיכטיקערע קלאסעווע 'כאראקטעריסטיק.

אויב מיר וועלנ נאָכ צוגעבנ א פאָר שורעס פונ ארטיקל „די שפראכ פונ אונדזערע צייטונגענ", ווו דער כ' ליטוואקאָוו דערקלערט זייער קאטעגאָריש, אז — „די אָפּשפּיגלונג פונ דער פראָלעטארישער וואָרט-שאפונג, די ווירקונג פונ דער גאנצער וואָרט-קולטור, וואָס איז באשאפנ געוואָרנ דורכ דער ארבעטער־באוועגונג אונ ארומ איר, הייבנ מיר אָנ ערשט געפינענ אינ דער נייער דיכטונג" (די דיכטונג פונ די נאָכאָקטיאבערדיקע מיטלויפער-שרייבער — ד. ק.); ווענ מיר וועלנ נאָכ צוגעבנ די דערקלערונג, אז „זי (די שפראכ פונ שווארצמאנ, מארקיש, קוויטקאָ, האָפשטיינ, קושניראָוו, רעזניק, פעפער א. אנד.) רעאליזירט ע ר ש ט א י צ ט די שפראכ-ענערגיע, וועלכע איז אָנגעזאמלט געוואָרנ דורכ די דוירעס פונ ארבעטער־קאמפ", אונ אז דעריבער איז די אומצופרידנקייט פונ געוויסע פארטיי-כאווייריפ (אונ ברייטערע מאסנ ארבעטער-לייענער — ד. ק.) מיט די פאָרמאליסטישע קונצ-שטיק פונ „שטראָמ"-גלייכ... צומ „אָפּלייקענענ אונדזער אייגענער ארבעטער יערושע" (דאָרטנ ז. 152) — נעמענ מיר דאָס אלצ צוזאמענ אונ אויכ דאָס פריער ארויסגעזאָגטע, וועט שוינ אונדז ווערנ קלאָר, אז פאקטיש האָבנ מיר באמ כאווער ליטוואקאָוו געהאט אנ אויסגעשפראָכענעמ פאָרמאליסטישנ, נאצאפּאָרטוניסטישנ צוגאנג צו ליטעראטור ביקלאל, צו די ערשטע ארבעטער־דיכטער ביפראט. די לעצטע האָבנ אימ דאנ ביקלאל ניט אינטערעסירט, זיי פאלנ ארויס פונ זיינ ליטערארישנ זע-פעלד, פונ די פילצאָליקע ליטערארישע סכעמעס זיינע אונ ווערנ זיי שוינ יאָ ד ע ר מ אָ נ ט ערגעצווו, איז עס נאָר דערעכאגעוו אונ ניט אנדערש ווי אינ קאָמפאניע מיט רייזענענ, וויסנבערגנ אָדער פינסקינ. דאָ קענ מענ נאָכ אפילע ניט דיסקוסירנ וועגנ כ' ליטוואקאָווס (זאָל זיינ פאלשער) אָפּשאצונג פונ די דאָזיקע דיכטער, ווייל אינ יענעמ פּעריאָד האָט דער כ' ליטוואקאָוו פאקטיש אָפּגעלייקנט זיי אלס דיכטער. אינ אלגעמיינ גענומענ, האָבנ די דאָזיקע איינשטעלונגענ ליטוואקאָווס שוינ געקראָגנ אינ אונדזער מארקסיסטישער קריטיק זייער געהעריקע אָפּשאצונג, באזונדערס אינ דער לעצטער (1930—31) דיסקוסיע מיטנ כ' ליטוואקאָוו,[1] זיי זיינענ אָבער

---

1 זע, לעמאָשל, כ. דונעצ „די איבערדיכטונג-טעאָריע פונ כ. ליטוואקאָוו", זז. 60, 78.

נאָך ניט געוואָרן אופגעדעקט ביזן סאָף, און די קריטיק איז אין דעם געגע־בענעם פאַל געווען ווייניק ארגומענטירט.

* * *

אין זײַן צווייטן בוך „אפ צוויי פראָנטן" רעוויִדירט שוין דער כ׳ ליט־וואקאָוו זײַן פריִערדיקע באצִיונג צו די עלטערע פראָלעטארישע שרײַבער. לעכאטכילע טוט ער עס אָבער אומדירעקט. שוין אינעם ערשטן פאָרטראָג אפ דער אלוקראַיִנישער באראטונג פון די יִדישע פראָלעטארישע שרײַבער (סאָפּ. 1927), קריטיקירנדיק נוסינאָווס באוווּסטע האנאָכע וועגן דעם דורכויס קליינבירגערלעכן כאראקטער פון דער יִדישער ליטעראטור און די פער־ספּעקטיוון, וואָס שטייען איר פאָר, לויט נוסינאָוון, מאכט דער כ׳ ליטוואקאָוו אופמערקזאם, אז „דאָס איז געווען א פּרווו אָפּצולייקענען סײַ די צוקונפט פון דער יִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור, סײַ, אז זי האָט איר אייגענע מעסוירע אין דער פארגאנגענהײַט" (ז. 5). כ׳ ליטוואקאָוו שטעלט שוין דאָ די אופגאבע — „קלאָר צו מאכן, אז אין דער יִדישער ליטעראטור איז געווען א פּ ר אָ ל ע ט א ר י ש ע ר ש ט ר אָ ם, אז די פראָלעטארישע ליטעראטור האָט געהאט איר אייגענע מעסוירע אין דער פאָרם פון פּ אֶ ל ק ס ט י מ ל עכ ע ר, ע ר ע וו - פ ר אָ ל ע ט א ר י ש ע ר א ו ן פ ר אָ ל ע ט א ר י ש ע ר ל י ט ע ר א ט ו ר" (דאָרטן). ער שטעלט די אופגאבע „צו פארצײַכענען עדלשטאטס יובילײַ, די יובילייען פון באָוושאָווער, מאָריס ווינטשעווסקי און אנדערע — ד. ה. פעסט־צושטעלן און רעאביליטירן די פראָלעטארישע מעסוירע אין דער יִדישער ליטעראטור" (דאָרטן ז. 5—6, דאָס זעלבע אין די אויספירן — ז. 10). אין אלגעמיין איז ליטוואקאָווס באלויכטונג פון דער יערושע־פראָבלעם געווען אויך אין דעם פאָרטראָג ניט קיין לעניניִשע, לויט אים נאָך קומט אויס, אז ערשט ווען „די סאָוועטישע יִדישע ליטעראטור איז אויסגעבילדעט, זי איז אויסגעוואקסן, האָט זיך פאר איר די יערושע־פראָבלעם געשטעלט אין צוויי פלאכן: „באהערשן (קריטיש — ד. ק.) די קולטור, וואָס עס האָט גע־שאפן די בורזשואזיע", און „פעסטשטעלן די פראָלעטארישע מעסוירע", אָדער טראדיציע, אין דער פריִערדיקער ליטעראטור. לויט אים נאָך קומט אויס, אז ערשט דאן (אין 1927־טן יאָר) האָט זיך די יערושע־פראָבלעם געשטעלט אין א „נײַער פאָרם", אין „נאָך א פלאכ" — פעסטשטעלן און רעאביליטירן די פארעוואָלוציִאָנערע פראָלעטארישע ליטעראטור. פריִער, הייסט עס, איז דידאָזיקע אופגאבע ניט געשטאנען. פריִער האָט מען זיך געקענט באנוגענען מיט די יובילייען פון פּערעצ, שאָלעם־אלייכעם, גאָלדפאדען און ד. גל. איי־גענע אָפּאָרטוניסטישע פאָרמאליסטישע כאטאָיִם שרײַבט צו דער כ׳ ליטוואקאָוו דעם פריִערדיקן סאָוועטישן פעריאָד. מיר האָבן דאָ, אלזאָ, ניט קיין באָלשע־וויסטישע זעלבסטקריטישע אנערקענונג פון פריִער באגאנגענע פעלערן, נאָר אן אומדירעקטע רעוויזיע, אן אָפּטרעטן מיט טערוצים.

די פראגע פון קוואליפיקאציע פארבינדט דער כ׳ ליטוואקאָוו אויסשליס־לעך מיט דער קלאסישער ליטעראטור. בא די פראָלעטארישע שרײַבער איז מאשמאָעס לערבען זיך גיטאָ וואָס. דאָ דארף מען נאָר „פעסטשטעלן און רעאביליטירן". וועגן איבערנעמען, קריטיש יארשענען אין אייגנטלעכן זינען

פונ וואָרט, רעדט ניט דער כ׳ ליטוואקאָוו אויכ דאָ. ווידער, הערנ מיר דאָ אנ אָפּקלאנג פונ דער טעאָריע וועגנ „צוויי שטראָמענ״. די „שטראָמענ״ ווערנ באטאָנט אויכ ווײַטער אינ דאָזיקנ בוכ. עס ווערט נאָר דערמאָנט וועגנ קלאסנ־כאראקטער פונ די דאָזיקע שטראָמענ, אָבער ניט וועגנ קלאסנ־קאמפּ, ניט וועגנ דער אָפּשפּיגלונג פונ קלאסנ־קאמפּ אינ דער ליטעראטור.

גענויער אָפּשטעלנ זיכ אפ דער יערושע־פּראָבלעם באמ כ׳ ליטוואקאָוו גייט ניט ארײַנ אינ אונדזער אופגאבע. וועלנ מיר דאָ נאָר פארצייכענענ, אז אינ צוזאמענהאנג מיט דער פּאָזיטיווער ענדערונג אינ דער באציִונג צו דער פּראָלעטארישער ליטעראטור אינ אלגעמײנ, האָט דער כ׳ ליטוואקאָוו געענדערט זײַנ באציִונג אויכ צו די עלטערע פּראָלעטארישע שרײַבער.

אביסל ווײַטער, אינ דער דערמאָנטער פּאָלעמיק מיטנ כ׳ נוסינאָוו, שטרײַכט נאָכאמאָל אונטער דער כ׳ ליטוואקאָוו, אז „אָפּלייקענענ דעמ ווערט פונ די פּאָרגייער, וועלכע האָבנ די ערשטע געשאפנ די מעסוירע פונ פּראָלעטארישער ליטעראטור, קאָנ מענ ניט אונ מע טאָר ניט״ (ז. 49). ער האלט אָבער פאר נייטיק אונטערצושטרײַכנ, אז יענע, די גרינדער פונ דער „מעסוירע״, האָבנ „ניט געהאט די מעגלעכקײַט פונ פּאָרמעלער פארפולקאָמונג, ניט דעמ כיישעק צו זאָרגנ וועגנ דער קוואליטעט פונ דער פּראָדוקציע״. דאָס טוט ער קעדיי... „אונטערשמײַסנ די מאָדערנע פּראָלעטארישע דיכטער פונ דער אָקטיאבער־עפּאָכע״. די פראגע גייט ניט, הייסט עס, אינ קוואליטעט. ליטוואקאָוו פּרווט אפילע ניט רעאביליטירנ אונדזערע ערשטע פּראָלעטארישע דיכטער אינ קינסטלערישנ זינ. פארקערט, יענע קענענ דינענ נאָר פאר א בײַטש־שטעקל אונטערצושמײַסנ די הײַנטיקע פּראָלעטארישע שרײַבער. דעריקער איז נאָר די „מעסוירע״, וואָרעמ — „נו, אז מענ פירט דעמ ייִכעס פונ דער רוסישער פּראָלעטארישער ליטעראטור פונ אזעלכע דיכטער, ווי שקוליעוו אונ נעטשאיעוו, טאראסאָוו אונ באָגדאנאָוו, ביז סעראפימאָוויטשנ פונ הײַנטיקע טעג, — איז אלצ אָנגעצײלט אפ פּאָרמעלער קוואליטעט?...״ (דאָרטנ) די פינטעלעכ זײַנענ ליטוואקאָווס, מאשמאָעס, אז אויכ אינ 1927־טנ יאָר, צי אפילע אינ 1931־טנ (ווענ דער ארטיקל איז איבערגעדרוקט געוואָרנ אינעמ בוכ „אפ צוויי פראָנטנ״, האָט ליטוואקאָוונ נאָכ אלצ ניט געשמעקט די נעטשאיעווס אינ ווינטשעווסקיס, סעראפימאָוויטשעס אונ אנד.

נוסינאָוונ שלאָגט ער דעריבער ניט מיט ווינטשעווסקינ אונ באָוושאָווערנ נאָר מיטנ „רייזענ־עלעמענט״ (ז. 45—46). רעאביליטירנ רעאביליטירט ער פּאקטיש נאָר רייזענענ, וואָס האָט אויסגעדריקט „די נאָענטע צומ פּראָלעטאריאט שיכטנ קליינבירגערטומ, וועלכע ווילנ (?) אונ קאָנענ נאָר צוזאמענ מיט אימ (דעמ פּראָלעטאריאט — ד. ק.) געהאָלפנ ווערנ״.

דער „רייזענ־עלעמענט״, „רייזעניזמ״ פּאסנ זיכ, לויט כ׳ ליטוואקאָוונ, ניט אינגאנצנ ארײַנ אינ די ראמענ פונ דער קליינבירגערלעכער ליטעראטור. דאָס איז שוינ א ליטעראטור פונ „צוזאמענשלוס מיטנ פּראָלעטאריאט״, אנ „ערעוו־פּראָלעטארישע״, שיר ניט א פּראָלעטארישע, יעדנפאלס — אנ אנדער „צוגווינט״. דעמדאָזיקנ טעזיס קאָנ מענ באשטרײַטנ אָדער אָנעמענ. אונדז שײַנענ די דאָזיקע פּאָרמולירונגענ אלס צו קאטעגאָרישע, בפּראט ווענ עס איז ניט אונטערגעשטראָכנ דער זייער קורצער טערמינ פונ רייזענס מיטלויפערישע שטימונגענ.

ניט דאָס אינטערעסירט אונדז איצט. וויכטיק איז, וואָס די פּראָלעטאַרישע דיכ־טער ווערן דאָ ווידעראַמאָל דערטרונקען אינעם זעלבן „רייזען־עלעמענט" און „רייזעניזם": „צי דאַרפֿן מיר זוכן אַ מעסוירע, אַ פֿאָרגעשיכטע פֿון דער שפּראַכ־דיקער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין יידיש?" — שטעלט כ׳ ליטוואַקאָוו די פֿראַגע. און ער ענטפֿערט — „מיר דאַרפֿן, מיר מוזן. זוכן מיר און געפֿינען די דאָזיקע פֿאָרגעשיכטע באַ ווינטשעווסקין, באָוושאָווערן, ראָזנפֿעלדן, באַ רייזענען און באַ פֿיל אַנדערע. עס איז געווען אַ זעלבשטענדיק שטרעמל (אונדזער שטריך — ד. ק.), וואָס האָט געריזלט אונטער די שטיינער פֿון „דערי־קער קליינבירגערלעכקייט" (דאָרטן, ז. 62).

קלאָר, לויט כ׳ ליטוואַקאָוון, זײַנען די אַלע און די „פֿיל אַנדערע" איין שטרעמל. זיי אַלע בילדן „די פּראָלעטאַרישע אָדער די ערעוו־פּראָלעטאַרישע, מעסוירע" (ז. 63). און ווען כ׳ נוסינאָוו טײַנעט: „סטײַטש, וואָס האָט איר צו מיר, איר אַליין, האָט דאָך אויך געשריבן וועגן „געמאַכטער דיכטונג" און אַז. וו. איר אַליין האָט דאָך סאַכאַקל מיט אַ יאָר פֿריִער אָפּגעלייקנט דעם קינסטלע־רישן ווערט פֿון ווינטשעווסקי, באָוושאָווער, עדלשטאַט? ענטפֿערט דער כ׳ ליט־וואַקאָוו מיט קאַעס: „עס איז ניט ריכטיק. עס איז פֿאַלש. איך האָב דער ער־שטער זיך גענומען רעאַבילִיטירן דעם „רייזען־עלעמענט" אין אונדזער דיכטונג. דאָס האָב איך, ריידנדיק וועגן דער „סאַלאָן"־ליטעראַטור" (?), וואָס איר יע־רושע וואַרפֿ איך אָפּ ביז „די נײַע ליטעראַטור וועט האָבן אָפּגעטאָן איר פּיאָנערישע אַרבעט", אַרויסגעשטעלט אַלס אַן אונדזעריקן עלעמענט ווינטשעוו־סקין, ראָזנפֿעלדן, ווײַסנבערגן אַ. אַ". (דאָרטן ז. 63). מאָלט אײַך, אַז וועגן „סאַלאָן"־ליטעראַטור האָט זיך גאָר דאַן ניט גערעדט און בעמייליע האָט ליט־וואַקאָוו זי ניט אָפּגעוואָרפֿן (און אויב אָפּגעוואָרפֿן — איז פֿאַרוואָס עפּעס „ביז" און אַזוי ווײַטער?) גערעדט האָט זיך, וועגן דער האַסקאָלע־ליטעראַטור, די קלאַסיקער, רייזען און די אַרבעטער־דיכטער. די ערשטע האָט ער טאַקע גע־האַט אָפּגעוואָרפֿן ביז אַ צײַט — און פֿאַלש געטאָן. און די לעצטע — סטאַם אַזוי אַ בריקע געטאָן, אָדער „אומגערן" פֿאַרטשעפּעט. מוידע זײַן זיך — דאָס איז ליטוואַקאָווס ניט אָנגעשטאַנען, פֿאַרענטפֿערט ער זיך מיט דעם „רייזען־עלע־מענט".

* * *

די רייזען־קאַשע, וואָס דער כ׳ ליטוואַקאָוו האָט געהאַט פֿאַרקאָכט, האָט ער נאָכדעם צוגעבראָטן אין זײַן פֿאָרוואָרט צו רייזענס „דערציילונגען" (1929), די גרויפּן האָבן זיך גענומען צעשיטן...

כאַראַקטעריסטיש איז שוין דאָס, וואָס גראָד אין פֿאַרבינדונג מיט רייזענען שטעלט ער זיך אָפּ צום ערשטן מאָל עטוואָס גענויער אויף די ערשטע פּראָלע־טאַרישע שרײַבער. דער פֿאָרוואָרט הייבט זיך אָן מיט אַ ליד פֿון ווינטשעוו־סקין — „מײַנע פֿאָלק־לידער". „די דאָזיקע ליד אַנטהאַלט אין — זיך, לויט דער מיינונג פֿון כ׳ ליטוואַקאָוו, — אַ מין כאַראַקטעריסטיק פֿון דער נײַער ווענדונג, וואָס די יידישע דיכטונג (וועלכע? — ד.ק.) האָט דאַן, אין די 90־ער יאָרן, באַזונדערס וואָס נעענטער צו דער צווייטער העלפֿט זייערער, אָנגענומען". די נײַע ווענ־דונג באַשטייט אין דעם, וואָס „פֿון יידישע ווערטער אַלטמאָדישע", וואָס „זײַנען

דער אָפּקלאנג פונ טעגלעכע פארשטיקטע געשרייענ פונ פאָלק", האָט די דיכטונג גענומענ שאפנ „טעקסט פאר א זיפצ אָנ א טאָלק", וועלכנ דער כ' ליטוואקאָוו פארטײַטשט דיכטונג — אָנ א באשטימטער, בוילעטער, אידעאָלאָגישער אָריִענטאציע". אָט דאָס הייסט פארשטאנענ טעקסט...

כ' ליטוואקאָווס קאָנצעפּציע איז דאָ אזא: ביז דאנ (90-ער יאָרנ) האָבנ מיר געהאט, אכוצ די „פאָלק-לידערישע דיכטונג", ערשטנס, פרוגס „באלעבאטיש-נאציִאָנאליסטישנ קוואטש", „נאציִאָנאליסטיש-קאָנפעסיִאָנעלנ באנעמענ די נאטור", „באלעבאטישע לעכטשענישנ נאָכ לאָשנקוידעש" אונ אז. וו.

„אפנ צווייטנ דיִאמעטראל-קעגנזועצלעכנ (?) פלאנג פונ דעמזועלבנ קלאס, האָט אָנגעהויבנ אופגיינ פערעצעס שטערנ. דאָס איז געווענ די מאָדערנע בורזשואזע פערזענלעכקײַט, וועלכע האָט געזוכט א הייבער, קעדיי איבערצוקערנ (?) דאפקע „די וועלט פונעמ יִידישלעכ-קאָנפעסיִאָנעלנ מיטלאלטער". בא פערעצנ האָבנ מיר „די אומצופרידנקײַט מיט דער סטיל-באגרענעצטקײַט פונ ווערטער אלטמאָדישע, דעמ בונט קעגנ איר". אָט דאָס האָט פערעצנ געמאכט „פאר א שוטעפ מיט די ארבעטער-מאסנ אינ זייער אומוואנדלענ דעמ „זשארגאָנ" אינ דער נאציִאָנאלער שפראכ פונעמ יִידישנ ארבעטער-פאָלק, כאָטש „דער סאָציִאלער קוואל פונ דער דאָזיקער אומצופרידנקײַט (פערעצעס—ד. ק.) איז געווענ א פרעמד-קלאסעווער".

„גאָר אנ אנדער כאראקטער האָט געהאט די פּראָלעטארישע דיכטונג, וועלכע האָט אויכ דאנ, אינ די 80-ער יאָרנ, גענומענ אופגיינ". דאָרטנ האָבנ מיר שוינ ניט קיינ „אלטמאָדישע יִידישע ווערטער", ניט קיינ „איינפאכע רייד אָנ א קלאנג". זיי האָבנ באשאפנ נײַע מאָדערנע ווערטער, דעמ „לעקסיקאָנ פונ רעוואָליוציִאָנערנ ארבעטער-קאמפ" אונ די רייד זייערע זײַנענ געווענ „דערהייבענע, וועלכע האָבנ זיכ אָפּט געבעטנ גלײַכ איבערגעגאָסנ צו ווערנ אינ קלינגעוודיקע, זינגעוודיקע שלאכט-לידער".

אָבער „אינ די 90-ער יאָרנ איז געקומענ דער איבערבראָכ. די סאָציִאליסטישע באוועגונג איז אריבער פונ פּראָפּאגאנדע צו אגיטאציע; פונ א קרײַזל-פארנעמ צו א מאסנ-מאסשטאב". ווײַטער כאזערט איבער דער כ' ליטוואקאָוו כ' ראפּעסעס טעאָריע וועגנ דער יִידישער ארבעטער-באוועגונג אָנהייב 20-טנ יאָרהונדערט. די לעצטע איז געוואָרנ „שלאכטפייִקער, לעבנהאפטער, זי האָט אָבער פארלאָרנ איר פריִערדיקע קרײַזל-„אומשולד": זי האָט זיכ ניט נאָר דורכגעדרונגענ מיט דער קראפט פונ די מאסנ, נאָר אויכ מיט זייערע שוואכקײַטנ, ניט נאָר זי האָט געהאט געווירקט אפ זיי מיט איר רעוואָליוציִאָנערישקײַט, נאָר אויכ זיי (די מאסנ—ד. ק.) האָבנ געווירקט אפ איר מיט איר אָפּגעשטאנענקײַט" (דער שטריכ איז דאָ אומעטומ ליטוואקאָווס).

ווי באקאנט, האָט דאָס זעלבע, אָדער קימאט דאָס זעלבע, געשריבנ כ' ראפּעס אינ זײַנע עטיודנ צו דער געשיכטע פונ „בונד" מיט דעמ איינ אויסנאמ, וואָס יענער האָט מיט דעמ דאָזיקנ טעזיס כאראקטעריזירט די יִידישע ארבעטער-באוועגונג אויכ פונ פאר די 90-ער יאָרנ. די דאָזי ע טעאָריע האָט שוינ אינ אונדזער היסטאָרישער ליטעראטור געקראָגנ איר געהעריקע אָפּשאצונג. זי איז קוואליפיציִרט געוואָרנ ווי א היסטאָריש-פאלשע אונ ווי א שעדלעכ-אָפּאָרטוניסטישע: ביט דער איבערגאנג צו אגיטאציע האָט געמוזט „דיִאלעקטיש"

ברענגען צום „נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם", און ניט די מאסן זײַנען שולדיק גע-וועזן אין דעם „בונדס" מענשעוויזם און נאַציאָנאַליזם. שולדיק איז געווען די מענשעוויסטישע בונדישע אָנפירונג, וואָס האָט פאַראַטן די ארבעטער-מאַסן, פאַרפירט זיי א. אז. וו. דער „בונד", ווידער, איז ניט געווען די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ארומגעכאַפּט ברייטערע מאַסן ייִדישע ארבעטער, און ניט מיטן „בונד", צי אַנדערע קליינבירגערלעכע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך, ווערט כאַראַקטעריזירט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן די ייִדישע אר-בעטער אין 20-טן יאָרהונדערט. די שלאַכט-פייִקייט און לעבנהאַפטיקייט פון די רעוואָלוציאָנערע ייִדישע ארבעטער האָט געהאַט אַן אָרט טראָץ דעם בונ-דישן אויבערשטן הײַפל, אדאַנק דער ווירקונג און אָנפירונג פון די באָלשע-וויסטישע פּאַרטיי-קאָמיטעטן. דער „בונד", ווי דער „נאַציאָנאַל-סאָציאַליזם" אין אַלגעמיין, האָט נאָר עקספּלואַטירט די פּאָרורטיילן פון די מער אָפּגע-שטאַנענע מאַסן ארבעטנדיקע. אָבער ניט מיט די דאָזיקע פּאָרורטיילן אַליין קאָן און דאַרף כאַראַקטעריזירט ווערן די ארבעטער-באַוועגונג צווישן די ייִדישע מאַסן אין דער עפּאָכע פון דער ערשטער רעוואָלוציע און אז. וו.

ניט קלאָר איז אויך, וואָס עס מיינט כ׳ ליטוואַקאָוו צו זאָגן מיט דעם, אַז די אַנטוויקלונג פון דער ארבעטער-באַוועגונג האָט געמוזט ברענגען צו א „נאַטירלעכן צוזאַמענשטויס (?) פון דער ארבעטער-מאַסע מיט די ניט-פּראָ-לעטאַרישע האָרעפּאַשנע שיכטן. וואָס זײַנען מיט זיי אָרגאַניש פאַרבונדן אין שטייגער, אין לעבעדיקן לעבן". אויב „צוזאַמענשטויס" באַטײַט קאָנפליקט, איז עס לאַכלוטן ניט ריכטיק. אויב דאָס מיינט צונויפטרעפונג, באַרירונג און קעגנזײַטיקע באַווירקונג, — איז מיטן וווּקס פון דער באַוועגונג, אין פעריאָד פון רעוואָלוציאָנערן אופשטײַג, די ווירקונג פון קליינבירגערטום אפן רעוואָ-לוציאָנערן ארבעטער-קלאַס געוואָרן ניט שטאַרקער, נאָר שוואַכער.

אין געגעבענעם פאַל אינטערעסירט אונדז אָבער ניט דער געשיכטלעכער טייל פון דאָזיקן פּאָרוואָרט, נאָר דער ליטעראַטור-געשיכטלעכער, די ליטעראַ-רישע קאָנסעקווענצן, וואָס דער כ׳ ליטוואַקאָוו ציט פון דער אויבנדערמאָנטער קאָנצעפּציע. „די דיכטונג,—פירט אויס דער כ׳ ליטוואַקאָוו,—איז געוואָרן פיל-טאָניקער, פילאַרטיקער, בילדערישער בייגעוודיקער, ארומגעוואָקסן מיט מאַסן-שטייגער, מיט פאָלקסטימלעכער קולטור. זי האָט אָבער צוזאַמען דערמיט פאַרלאָרן אין אידעאָלאָגישער בוילעטקײַט, אין קלאָרער קלאַסאָוער ציל-געווענדט-קײַט". זי איז געוואָרן „טעקסט פאַר א זיפץ אָן א טאָלק", „דער זיפץ פון געיאָגטע און געפּלאָגטע" ביקלאַל, דער פּראָטעסט פון אניִים וויעוויונים". ניט לידער פון קאַמף, נאָר לידער פון בויט. „ייִדישע ווערטער אַלטמאָדישע"— אין דעם באַשטייט די נײַע ווענדונג פון דער ליטעראַטור צו דער העלפט 90-ער יאָרן.

ניט וויכטיק, וואָס די דאַטע פון דעם דאָזיקן ליד ווינטשעווסקיס איז ניט 1895, ווי ליטוואַקאָוו גיט אָן, נאָר 1891 [1]. אונדז איז אויך ניט אַזוי וויכטיק דאָס, וואָס די „נײַע ווענדונג", די רייזענישע, וויל ליטוואַקאָוו דורכויס פאַרבינדן מיט איינעם פון ווינטשעווסקיס רעוואָלוציאָנערע פעריאָדן. כ׳ ליטוואַקאָוו האָט פּאָשעט זיך צוגעטשעפּעט צו אָט דעם ליד, ארײַנגע-

---

1 ווינטשעווסקיס „געזאַמלטע ווערק", ב. II, זײַט 9. פּ״ג. „פרײַהײַט" נ. 1. 1927.

טײַטשט אינ אים אזוינס, וואָס דאָרטנ איז ניטאָ. עס איז שוינ אנ אלגעמיינ באוווּסטער עמעס, אז אונטערנ וואָרט „פאָלק“ האָבנ אונדזערע ערשטע פראָלעטארישע דיכטער פארשטאנענ דעמ „ארבעטער-פאָלק“, דעמ ארבעטער אונ האָרעפּאשניק, אָבער ניט „אניִימ ווייעווויִנימ. וואָס איז שייַעכ דאָס באקלאָגנ זיכ אפ „ווייניק מעלאָדישע טענער“, אפנ „זיפצ אָנ א טאָלק“, איז עס אויכ געווענ ניט מער, ווי א רעשט פונ אסאכ א פריִערדיקנ פאָלקיסטישנ פעריִאָד אינ ווינטשעווסקיס שאפונג. אינ דעמ זעלבנ ליד איז פאראנ א פערז:

די לידער פארפאס איכ, ניט מיינענדיק
אפילע ניט איינ אויגנבליק,
אז כוצ ווער עס קענ זינגענ וויינענדיק
זאָל אופאסנ זייער מוזיק.

אפ א זייַטל וויַיטער, אינ א ליד פונ זעלביקנ 1891-טנ יאָר, דערקלערט ווינטשעווסקי גאנצ בוילעט דעמ זינ פונ די דאָזיקע וויינענדיקע לידער:

לידער געזונגענע מיט א געוויינ,
לידער געיאָמערטע מיט א געזאנג,
לידער פונ פאָלקס-לייַדנ—נאָר די אליינ
האָבנ א זינ פאר מיר, האָבנ א קלאנג.
נעמענ געפאנגענ מייַנ אויער, מייַנ ברוסט,
דרינגענ ארייַנ אינ מיינ הארצ, מייַנ נעשאָמע;
אונ איכ אליינ זינג מיט ליבע, מיט לוסט
לידער פונ קאמפ, פונ טריִומפ, פונ נעקאָמע.
(„געזאמלטע ווערק, ב. 2, ז, 10).

אָפּרייַסנדיק דעמ ערשטנ פערז פונעמ לעצטנ, קענ זיכ בעעמעס דוכטנ, אז ווינטשעווסקי (אינ די 90-ער יאָרנ) איז דער זינגער פונ נויט, פונ פאָלק-לייַדנ, אינ דער ווירקלעכקייַט, אָבער, רעדט זיכ דאָ וועגנ די לייַדנ פונ פאָלק, נאָר אלס א קוואל פונ דיכטערס אָנרעגונג אונ אופרעגונג, אלס גרונט פונ וואנענ עס קומענ אופ דעמ דיכטערס רעוואָליוציאָנערע אידייענ אונ געפילנ. דאָס האָט אָבער ניט צו טאָנ מיט דעמ כאראקטער פונ דער עצעמ דיכטונג, מיט דער אידייִשער צילגעווענדטקייַט אירער.

אייגנטלעכ ווייס דאָס אלצ זייער וווּל כ׳ ליטוואקאָוו אליינ, שרייַבט ער דאָכ אליינ אינ דעמ זעלביקנ פאָרוואָרט, אז די „דאָזיקע פראָלעטארישע דיכטונג האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט א גרויסנ סאָציִאלנ אופרייַס-מאטעריִאל, זי האָט אָפּגעשפּילט (?) א קאָלאָסאלע ראָליע אינ אונדזער ליטעראטור“ א. א. וו.

האָבנ מיר דאָכ שוינ אויבנ ציטירט זייַנע אייגענע ווערטער וועגנ „גאָר אנדערנ כאראקטער פונ פראָלעטארישער דיכטונג, אז ניט פונ אלטמאָדישע יִדישע ווערטער האָבנ די דאָזיקע דיכטער פארפאסט זייער געזאנג“ א. א. וו.

איז וואָס ווילנ מיר האָבנ? טשעפּענ מיר זיכ גלאט אזוי?

ניינ, ניט גלאט אזוי. כ׳ ליטוואקאָווס קאָנצעפּציע איז דאָ א דורכויס א פאלשע. אינ גרונט פונ דער דאָזיקער קאָנצעפּציע ליגט דער געדאנק, אז די יִדישע ליטעראטור איז באשטאנענ, אויב ניט פונ איינ גוס, איז פונ „צוויי שטראָמענ“: איינ שטראָמ—דער קלאסישער: מענדעלע מויכער ספאָרימ, שאָלעמ-אליִיכעמ, פערעצ, בערגעלסאָנ, ניסטער, פונ וואנענ עס ציִענ זיכ

פעדעם ביז צו די מער באדײַטנדיקע, אָנערקענטע סאָוועטישע דיכטער. דער צווייטער שטראָם איז דער גרעער, וואָכעדיקער „פאָלקסטימלעך-קאפּצאָני-שער"—דער „רייזנ-עלעמענט" אין אונדזער ליטעראַטור, צו וועלכן עס געהערן אי די פּראָלעטאַרישע שרײַבער ווינטשעװסקי, באָװשאָװער א. א. װ. אי אזעלכע ווי ווײַסנבערג, פּינסקי און אַנדערע, און וועלכער איז נאָך כאַראַקטעריסטיש פאַר אזא סאָוועטישן שרײַבער, ווי לעמאָשל, כאַריק. צו דעמדאָזיקן „שטראָם" איז ליטוואַקאָוו באַציִונג געווען אַן ערעך ביזן 1927-טן יאָר, א נעגאַטיווע, א ביטלדיקע, פאַראַכטלעכע, וועגן וועלכער עס לוינט גאָר ניט צו ריידן. פון 1927 י. האָט ער בעהאַדראָגעדיק געגומענ ענדערן די דאָזיקע באַציִונג, גענומען אָנערקענען דעם דאָזיקן שטראָם, ווי א „גלײַכבאַרעכטיקטן עלעמענט" פון דער ייִדישער ליטעראַטור. עס איז אָבער נאָך אלץ פאַרבליבן דאָס אויסמישן די פּראָלעטאַרישע שרײַבער מיט די „ערעוו-פּראָלעטאַרישע", דאָס דערטרינקען זיי אלעמען אין איין גרויען „רייזנ-שטראָם". שוין ניט רײדנדיק וועגן עצעם מעכאַניסטישן כאַראַקטער פון די דאָזיקע צוויי שטראָמען, האָט דער דאָזיקער גרונט-גײַדאַנק פּאַקטיש אויך שפּעטער באַטײַט איגנאָרירונג און גרינגשעצונג צו דער ירושע פון די פּראָלעטאַרישע דיכטער.

אין דעם דערמאָנטן פאָרוואָרט צו רייזנס דערציילונגען האָבן מיר שוין באַ ליטוואַקאָוון א פּרווו פון דיפערענצירונג צווישן די פּראָלעטאַרישע שרײַבער און רייזענען. אָבער אויך דאָ דערלאָזט כ׳ ליטוואַקאָוו א ריי פעלערן:

ערשטנס, פאַרפלאָנטערט דאָ דער כ׳ ליטוואַקאָוו די כראָנאָלאָגיע. לויט אים פאַלט אויס דער פּראָלעטאַרישער „פּעריאָד" אין דער פּראַקטיאַבערדי-קער ייִדישער דיכטונג דעריקער אף די 80-ער יאָרן. אין די 90-ער יאָרן קומט שוין דער איבערבראָך. די דיכטונג פאַרלירט איר קלאָרע קלאַסאָווע צילגעווענדטקײַט, פאַרלירט איר באַשטימטע אידעאָלאָגישע אָריִענטאַציע. דאָס אלץ ווערט דערקלערט מיט דעם מאַסן-כאַראַקטער, וואָס די אַרבעטער-באַווע-גונג האָט אָנגענומען, מיטן איבערגאַנג פון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע, און אין די עמיגראַציע-צענטערן—מיטן אַרויסבאַפרײַען זיך אפילו פון דער „אייגנאַרטיק-געמישטער ווירקונג פון דעם רוסישן רעוואָליוציאָנער־פאָלקס-טישן „ראַזנאָטשינעצ" און דעם קלייַנבירגערלעך-אַנאַרכיסטישן כאַראַקטער פון דעם ייִדישן אַרבעטער-עמיגראַנט פון לאָנדאָן, ניו-יאָרק און אז. וו. אין דער עמעסן איז די מײַסע געווען פונקט פאַרקערט: די בלי־צײַט פון דער עלטע-רער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור איז אויסגעפאַלן גראָד אין די 90-ער יאָרן און געוואָקסן איז די פּראָלעטאַרישע דיכטונג מיטן וווּקס פון דער פּראָלע-טאַרישער אַרבעטער-באַוועגונג, מיט איר רעוואָליוציאָנער־פּראָלעטאַרישער אויסקריסטאַליזירונג און ניט פאַרקערט. גראָד אין די 80-ער יאָרן איז אין ווינטשעווסקיס שאַפן געווען גאָר היפּשע רעשטן פון „ווערטער אלטמאָדישע", פון זיפצן איבערן גורל פון דער „יעסוימעלע", צי „מיידעלע פון סיטי" און אז. וו., בייס אין די 90־ער יאָרן הערן מיר שוין פון אים „לידער פון קאַמף, פון טריִומף, פון נעקאָמע". דער אָרגאַניזאַציאָנעל-אידייישער וווּקס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג צווישן די ייִדישע מאַסן האָט ניט אין א קלײנער מאָס געווירקט אויך אף עדלשטאַטן און באָװשאָװערן (צײַטנווײַז אפילו אף ראָזנפעלדן), אז זיי זאָלן אָפּטאָן אַרויס פון די ראַמען פון דער דורכשניטלע-

כער אנארכיסטיש-קלייגבירגערלעכער באגרענעצטקייַט, זיי זאָלנ זיכ אופהייבנ העכער פונ קליינבירגערלעכנ וועלט-באנעמ, — דאָס, וואָס עס גיט אונדז דעמ גרונט זיי צו פארעכענענ דעריקער פאר פּראָלעטארישע שרייַבער פונ יענעמ פּעריאָד. אינ רוסלאנד, ווידער, האָט די דאָזיקע דיכטונג געפונענ איר שטארקסטנ אָפּקלאנג אונ געהאט די גרעסטע אופווירקונג גראָד אינ די יאָרנ פונ רעוואָליוציאָנערנ אופשטייַג, פונ ברייטע רעוואָליוציאָנערע מאסנ-באוועגונגענ (1902—1907) אונ אינ די ערשטע יאָרנ פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע). ערשט דאנ איז זי דאָ בא אונדז אריַינ אינ ארסענאל פונ דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראטור. דאָס גופע לייקנט שוינ אָפּ כ׳ ליטוואקאָווס טעזיס וועגנ „אבסטראקט-סעקטאנטישנ כאראקטער" פונ דער דאָזיקער פּאָעזיע, דעמ טעזיס, אז רעוואָליוציאָנער-אויסגעהאלטנ איז די ליטעראטור נאָר דאנ, ווענ זי איז אָפּגעריסנ פונ די רעוואָליוציאָנערע מאסנ, ווענ די באוועגונג פונ ארבעטער-קלאס, וועמענס אידעאָלאָגיע זי דריקט אויס, טראָגט ערשט א קרייַזל-כאראקטער.

צווייטנס, איז ניט ריכטיק, אז „עס פּאסירט אויכ, אז די ניט-פּראָלעטארישע האָרעפּאשנע מאסנ ד ע ר פ י ל נ א ל י י נ א דראנג צו גיינ מיטנ ארבעטער-קלאס", אז „רייזענס דיכטונג, זייַנ גאנצע (?) שאפונג איז דער אויסדרוק פונ אזא צוזאמענשלוס, וואָס די איניציאטיוו גייט פונ צווייטנ צאד — פונ די שטאָטישע אונ שטעטלשע געיאָגטע אונ געפּלאָגטע, אָרעמע אונ לייַדנדע". געוויס האָט רייזענ אינ א געוויסנ פּעריאָד אויסגעדריקט די אידייעס, שטימונגענ אונ געפילנ פונ אָרעמע אונ לייַדנדיקע שיכטנ אונ אפּ אזוי פיל קאָנ זייַנ דעמלטיק שאפנ כאראקטעריזירט ווערנ ווי „צוזאמענשלוס-דיכטונג", אָדער די דיכטונג פונ א מיטלויפער, וואָס איז נאָענט צומ פּראָלעטאריאט. אָבער געקומענ איז די דאָזיקע דיכטונג ניט „אליינ פונ זיכ", נאָר אדאנק דעמ פּראָלעטארישנ כאראקטער פונ דער ערשטער רעוואָליוציע, אדאנק דער קאָלאָסאלער ווירקונג פונ רעוואָליוציאָנערנ ארבעטער-קלאס אפּ די ניט-פּראָלעטארישע האָרעפּאשנע שיכטנ. מיטלויפערישע דיכטונג איז געוויס מעגלעכ אונ איז זיכער אויכ געווענ פאר אָקטיאבער. אָבער ניט אינ רעזולטאט פונ דעמ, וואָס די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער-דיכטונג האָט געהאט פארלאָרנ איר אידעאָלאָגישע בוילעטקייַט, וואָס די ארבעטער-באוועגונג איז געוואָרנ נאציאָנאליסטיש-אָפּאָרטוניסטיש, נאָר פארקערט: דער צוזאמענשלוס איז שטארק נאָר דאנ, ווענ די ארבעטער-מאסנ פירנ א בעעמעס רעוואָליוציאָנערנ קאמפּ, ווענ דער ארבעטער-קלאס איז דער העגעמאָנ פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אונ פירט נאָכ זיכ אלע האָרעפּאשניקעס. רייזענס געוועזענע מיטלויפערייַ איז, אלזאָ, אויכ געווענ א רעזולטאט פונ דער רעוואָליוציע אונ ניט פונ דער אָפּגעשטאנענקייַט פונ די מאסנ. אינ דעמ פּראט האָט די פּראָלעטארישע דיכטונג געוויס געהאט דאנ א גרויסע ווירקונג אפּ זייַנ שאפנ.[1] דער דאָזיקער צוזאמענשלוס האָט טאקע דעריבער אָנגעהאלטנ אזוי לאנג, קאָלזמאנ די רעוואָליוציע איז געגאנגענ בארג ארופּ. נאָכדעמ איז דער פּראָגרעסיוו-דעמאָקראטישער עלעמענט פונ רייזענס דיכטונג געוואָרנ וואָס וויַיטער, אלצ אומבאדייַטנדיקער, אונ געשטארקט האָט זיכ, פארקערט, דער רעאקציאָנער-בורזשואזער. לויטנ כ׳ ליט-

1 זע י. בראָנשטיינס „אטאקע", ז. 40.

וואקאָוו, אָבער, קומט אויס, אז „רייזענס דיכטונג (אינגאנצנ גענומענ—ד. ק.) איז אינ אידעאָלאָגישנ זינ געווענ א „טעקסט פאר א זיפצ אָנ א טאָלק", ווײַל די ארבעטערשאפט אינ איר גרעסטנ מאסיוו האָט געבלאָנדזשעט—ד. ה., אז אויכ רייזענס זיפצנ, זײַנ מיטגעפיל צו די נויטנ פונ די אָרעמע מאסנ, די מיט־לויפערישע שטימונגענ זײַנע, זײַנענ א רעזולטאט פונ די ארבעטערס בלאָנ-דזשענישנ. לויט אימ נאָכ קומט אויס, אז ניט די רעוו. מאסנ האָבנ א געוויסע צײַט אָריענטירט רייזענענ, נאָר, פארקערט, „אווראָמ רייזענ האָט די מאסנ... אָריענטירט אפ דער ייִדישער ארבעטערשאפט". אזא באלויכטונג איז מינדסטנס אנ אײנזײַטיקע.

דריטנס—אומקערנדיק זיכ צו די עלטערע פראָלעטארישע שרײַבער—זעענ מיר, אז, סאָפקאָלסאָפ, אפילע דאנ, אינ די 80־ער יאָרנ, איז די פראָלעטא־רישע דיכטונג, נאָכ ליטוואקאָוונ, געווענ „לויט איר אינערלעכ-סאָציאַלנ טאָכ... דער אויסדרוק פונעמ געפילנ- אונ געדאנקענ-גאנג *בא ניט אופוואכנ-דיקע* (אופגעוואכטע?—ד. ק.) *אינ קלאסנ-זינ ארבעטער-געזעלנ*, וועלכע זײַנענ נאָכ ניט דערוואקסנ צומ באוווסטזײַנ פונעמ קלאס־העגעמאָנ, וועלכער פירט נאָכ זיכ אלע געיאָגטע אונ געפלאָגטע, אלע אונטערדריקטע מאסנ". פריִער באגרענעצט כ' ליטוואקאָוו די דאָזיקע דיכטונג דעריקער מיט די 80-ער יאָרנ, נאָכדעמ קומט שוינ בא אימ אויס, אז „הינטער דער דאָזיקער דיכטונג האָט זיכ ניט געפילט לעבעדיקער מאסנ-שטייגער, קיינ בלוט אונ פלייש פונ צאפלדיקע מאסנ,—עס איז געווענ א דיכטונג, וועלכע צילט ניט צו קיינ צוזאמענשטויס („צוזאמענשלוס", אפאָנעמ—ד. ק.) מיט קיינעמ, אויסער דעמ „שאפ". א כעסאָרנ—„די קאלע איז צו שיינ". די פראָלעטארישע ליטע-ראטור האָט געצילט אינ „שאפ", קעדיי קריגנ בלוט אונ פלייש פונ צאפלדיקע מאסנ, האָט די דיכטונג, לויט ליטוואקאָוונ, געמוזט דאפקע ווערנ פארקליינ-בירגערלעכט, פארלירנ איר אידעאָלאָגישע בוילעטקײַט אונ אז. וו., וואָרעמ ערשט דאנ, אינ די 90-ער יאָרנ, איז מעגלעכ געוואָרנ, אז די ייִדישע דיכטונג זאָל ווערנ „פילטאָניקער, פילארטיקער, בילדערישער, בייגעוודיקער" אונ אז. וו.

עס בלײַבט נאָר איינ קאשע: ווענ־זשע האָבנ מיר דאָכ געהאט א רעוואָ־ליוציאָנערנ ייִדישנ פראָלעטאריאט, אז אינ די 80-ער יאָרנ איז ער נאָכ געווענ א „ניט-אופוואכנדיקער" אונ אינ די 90-ער איז שוינ געקומענ דער איבער-בראָכ? אונ ווידער, צי האָבנ מיר פאָרט געהאט פראָלעטארישע ייִדישע דיכ-טער,—וויבאלד די דאָזיקע האָבנ אויסגעדריקט בלויז „דעמ געפילנ- אונ געדאנקענ־גאנג פונ די ניט-אופוואכנדיקע ארבעטער־געזעלנ"? מיר ווייסנ אָבער גאנצ גוט, אז די ארבעטער־דיכטער ווינטשעווסקי, עדלשטאט, באָווזשאָווער האָבנ געוועקט דעמ באוויסטזײַנ, די דרעמלענדיקע קלאסנ־געפילנ פונ די, עמעס, נאָכ ניט גענוג רײַפע ארבעטער־מאסנ. מיר האָבנ אופגענומענ זייערע לידער, ווי א רופ, אנ אופמונטערונג צומ קאמפ מיטנ קאפיטאליזמ, קלעריקא-ליזמ, פאר סאָציאַלער רעוואָליוציע.

דער כ' ליטוואקאָוו גיט דאָ א פאלשע פאָרשטעלונג וועגנ די ארבעטער-דיכטער. עס איז ניט מער, ווי א „רעאבילטאציע" לעשעמ רעאבילטאציע. ער ווײַזט אונדז ניט, ניט די ווירקונג פונ דער דאָזיקער דיכטונג אינ זייער צײַט אונ ניט ער פארבינדט זי מיט דער פאָרזעצונג אירער שפעטער, אונ דער רעוואָליוציאָנערער טאָכ אירער ווערט אויסגעלײדיקט אונ פארקריפלט.

* * *

ווו איז דער גרונט-טאָכ, איבער וועלכנ כ׳ ליטוואקאָוו איז געשטרויכלט געוואָרנ אינ דער פראגע פונ דער פאראָקטיאבערדיקער פראָלעטארישער ליטעראטור? (אינ געגעבענעמ פאל, ווי געזאָגט, אינטערעסירט אונדז נאָר די איינ פראגע) אויבנ האָבנ מיר שוינ אָנגעוויזנ, אז אינ גרונט פונ דער דאָזיקער קאָנצעפציע ליטוואקאָווס ליגט די מעכאניסטישע סכעמע וועגנ „צוויי שטראָמענ" אינ דער יִדישער ליטעראטור. די דאָזיקע סכעמע האָט נאָכ אָבער א פאָרמאליסטישנ, נאציאָנאליסטיש-עסטעטישנ אונטערשלאק.

אלס גרונט פאר זײַנע ליטערארישע אָפשאצונגענ נעמט דער כ׳ ליטוואקאָוו ניט דעמ סכומ אידייעס פונ דעמ אָדער יענעמ שרײַבער, אָדער גרופע שרײַבער, ניט די אנטשפרעכונג צווישנ פאָרמע אונ אינהאלט. אלס קריטעריִ פונ קינסטלערישקײַט דינט אימ דאָ דעריקער די שפראכ אינ אלגעמיינ, דעמ שרײַבערס באציִונג צו יִדיש—באזונדערס.

די שפראכ, דאָס איז די אקס, ארומ וועלכער עס וויקלט זיכ (עס פלאָנטערט זיכ) די דאָזיקע קאָנצעפציע.

„אלטמאָדישע ווערטער", אָדער „מאָדערנע"—אָט דאָס איז די צענטראלע פראָבלעמ פונ דער קאָנצעפציע. פערעצ איז גרויס מיט זײַנ „אומצופרידנקײַט מיט דער סטיל-באגרענעצטקײַט פונ די יִדישע ווערטער אלטמאָדישע". ער איז דער שעפער פונ א „נײַעמ סטיל אינ יִדיש" (סטיל ווערט דאָ בענוצט אינ ענגנ זינ פונ וואָרט), ער האָט באַרײַכערט די שפראכ „מיט אָנ א שיר נײַע מאָדערנע באגריפנ". דאָס אליינ האָט אימ געמאכט „פאר א שוטעפ מיט די ארבעטער־מאסנ אינ זייער אומוואנדלענ דעמ „זשארגאָנ" אינ דער נאציאָנאלער שפראכ פונ יִדישנ ארבעטער־פאָלק". דער איינציקער כעסאָרנ איז נאָר דער, וואָס ער האָט געהאט אינ זינענ ניט די „סאָציאלע שלאכט-פײיִקײַט" פונ אָט דער שפראכ, נאָר איר „ווײַטשלאָגעוודיקײַט". די פעגימע פונ דעמ „אויפגייענדיקנ שטערנ", „וועלט־איבערקערער" באשטייט דעריקער אינ דעמ, וואָס זײַנ באציִונג צומ זשארגאָנ איז א סטירעסדיקע („אנדערש וואָלט מײַנ ליד געקלונגענ, איכ זאָל פאר גאָיִמ גאָיִש זינגענ"...).

פרוג איז באלעבאטיש־ציִעניסטיש, ניט ווײַל ער האָט געזונגענ הימנענ „גאָט", „ציִענ", „דעמ אייביקנ פאָלק יִסראָל" אונ אז. וו. נאָר דעריקער פאר זײַנע „באלעבאטישע לעכצענישנ נאָכ דעמ טוירע־לאָשנ, נאָכ לאָשנ-קוידעש",— וואָס „צומ גאנצנ יִדיש האָט ער זיכ באצויגנ פונ אויבנ אראָפ" אונ אז. וו.

פערעצ אונ פרוג זײַנענ דעריבער „דיִאמעטראל־קעגנזעצלעכע" דיכטער, עמעס, פונ איינ בורזשואזנ קלאס. עפעס האָבנ מיר אינערגעצ ניט געהערט, אז צוויי אידעאָלאָגנ פונ איינ קלאס זאָלנ שטיינ אפ דיִאמעטראל-קעגנזעצלעכע פאָזיציעס, צי פלאנגענ. סאָפקאָלסאָפ איז פערעצ, בא זײַנ גאנצער ראדיקאלקײַט (אינ די 90-ער יאָרנ) ווײַט ניט געווענ קיינ קעגנער פונ טוירע-לאָשנ[1] אונ

1 „העברייִש מוזנ מיר קענענ אלס יִדנ אונ אלס געבילדעטע מענטשנ, אלס לעבעדיקע מענטשנ מוזנ מיר קענענ די לאנד־שפראכע. אינ לאָשנ-קוידעש שטעקט אונדזער רעליגיִאָנ, אונדזער נאציאָנאליטעט, אינ דער לאנד־שפראכע—אונדזער בילדונג, אונדזער געוויינלעכ לעבנ"...

„זשארגאָנ האָט קיינ פרעטענזיע צו פארטרעטנ די מוטער־שטעלע אינ א יִדיש הויז; דעמ פלאצ פארנעמט אונ דארפ פארנעמענ לאָשנ־האקוידעש; זשארגאָנ האָט קיינ פרעטענזיע צו דער

אפילע ניט פון „כיבאס ציִנע". זײַנע ווערק (אפילע די נאָוועלן פון „אָדאָמ וועכאווע", ווער רעדט די פעליעטאָנען) שווידלען און גריבלען מיט גאנצע און שטיקלעך פסוקים. יעדנפאלס, ארויסשטעלן אימ פאר א „וועלט-איבער-קערער" איז מער ווי לעכערלעך.[1]

די „רעאביליטאציע" פון די ארבעטער-דיכטער באשטייט דורכויס אין דעמ קאָנסטאטירן, אז זיי האָבן פארפאסט זייער געזאנג ניט פון „אלטמאָדישע יִדישע ווערטער", נאָר זיי האָבן באשאפן „נײַע מאָדערנע ווערטער", אין דעמ, וואָס זיי האָבן ארײַנגעפירט אין דער יִדישער שפּראך אזעלכע ווערטער, ווי „קאמפ", „באוווסטזײַן", „רויטע פאָנענ" און אז. וו. דאָך האָבן מיר אין זייער שפּראך געהאט „צײַטמעטיקײַט" אָנשטאָט „פאָלקלידערישע יאָדערדיקײַט" אין דער פאָרמ, אָנשטאָט בילדערישקײַט — פובליציסטיק". וויבאלד אזוי, איז דאָך קלאָר, אז דאָס אלץ איז אויסגערעכנט נאָר אפן „שאפ", און איז דעריבער „אבסטראקט-סעקטאנטיש", אז צו קיינ צוזאמענשלוס-דיכטונג האָט עס ניט קיינ שײַכעס (אונטער „צוזאמענשלוס" פארשטייט ליטוואקאָוו נאָר איינ צאד — דעמ קליינבירגערלעכן).

„די ניט-פּראָלעטארישע שיכטן זײַנען פיל אָרעמער אינ שפּראך, אינ אויסדרוקן און באגריפן, ווי די פּראָלעטארישע מאסן — אָבער אפ יעדן וואָרט און באגריפ פאלט א גרויסע שטייגער-אָנלאָדונג... זייער שפּראך איז שטארק אָרעמ אינ מאָדערנע קאמפ-ווערטער, אינ שלאכט-אויסדרוקן — דערפאר (?) האָבן זיי זיך אויסגעארבעט א סטיל פון א מינ אופרײַסנדיקער, אָפּלייקענענ-דיקער רעזינאציע, קלוימערשטער האכנאָע, בײַסנדיקער און שמײַסנדיקער „א בריירע האָב איך"(?)

אינ סאכאקל איז אווראָמ רייזענס שפּראך אָנ אנ ערעך „צאפלדיקער", „לעבעדיקער", בלוטפולער, איידער ווינטשעווסקיס צי באָוושאָווערס, ניט גע-קוקט אפ די „אלטמאָדישע ווערטער".

אָנשטאָט צו אָפּערירן מיט קאָנקרעטן אלזײַטיקן ליטערארישן מאטעריִאל, אָפּערירט דאָ דער כ' ליטוואקאָוו מיט „וואָרט", מיט דער שפּראך פונעמ שרײַ-בער, ווי מיט דעמ איינציקן עלעמענט פון שאפן. דאָס בילד, די געשטאלט,

---

לערער-שטעלע, דעמ פלאצ מוז לעסאטע פארנעמענ א לאנד-שפּראכע. זשארגאָנ איז נאָר א ניאנקע, זי וויל נאָר אויסלערנען גיינ, זיצנ, אָנהייבנ ריידנ... דערנאָך מעגט איר די ניאנקע ארויסווארפנ, אָדער, אויס דאנקבארקײַט, איר איבערלאָזנ אנ אָרט באמ טיש" (י. ל. פערעצ — „בילדונג"). שפּע-טער האָט פערעצ געענדערט זײַנ באציִונג צו יִדיש, ארויסגייענדיק פונ נאָך מער אויסגעשפּראָ-כענע בורזשואז-נאציִאָנאליסטישע טענדענצנ. צו העברייִש אָבער איז די באציִונג געבליבנ א פּאָ-זיטיווע. די נאציאָנאלע מיסיע פונ העברייִש האָט ער ניט גערירט.

[1] „איר מוזט וויסנ, אז די היינטיקע אישע צנוע מאָראַס מי'יאָמ דוואָשע (מרים דבשה) איז דעמלט נאָך קיינ גאַבעטע ניט געווענ... און עס איז, בעאוויינויסיינו האָראבימ, געווענ א גרויס ליב-שאפט צווישנ אונדז, און קוימ האָט זי דערהערט דעמ „מײַמער האמוסגאָר" — אז מיך דאָרשט, האָט זי מיר באלד דערלאנגט, אביסל ווײַנשל-שנאפס! שנאפּס האָט א גרויסע פולע אפנ קויעך האדאַמ" — אזוי רעדט בא פערעצנ א קוסטאר, אנ אפיקוירעס (בערל קאָלבאס אינ „שטרײַמל"). און אָט איז פערעצעס אייגנ לאָשנ — „אינ דערהיימ שארפט ער זיך די בריטווע צומ גאָלנ די באָרד אינ די רעצוע שעל טפילינ, בא זיך אינ „רעדל" איז ער יויצע דערמיט, וואָס ער איז א גרויסער אויהעוו-יִסראָעל, דעריקער מיינט ער די בנויס יִסראָעל... אינ א מײַמער שרײַבט ער: כאסווע-שאָלעמ, רירט ניט! צווינ קאָדאָשימ, בניי נעוויִמ, מינהאָגימ קעדוישימ — מאמעש עס ברענט... און גיי ווייס!" (י. ל. פערעצ — „איקוועסאָ דימשיכאָ").

דער טיפּאַזש, די אידיי, די טעמע, דער סיוזשעט — דאָס אַלצ איז אַ קלייניקײַט. דעריקער איז דאָס הוילע וואָרט.

דעמ כ׳ ליטוואַקאָוונ אימפּאָנירנ, פאַרשטייט זיכ, מער די מאָדערנע ווערטער, איידער די אַלטמאָדישע. אָבער צוליב מאָדערניזמ איז ער געווענ גרייט מויכל צו זײַנ, פאַרבײַגייענ אָדער פאַרשווײַגנ נאַציאָנאַליסטישנ אינהאַלט, וואָס באַהאַלט זיכ אָפט אונטער מאָדערנ מאָדערניזמ. אָפּגרירנדיק מיט באַגריפנ פונ וואָרט אונ שפּראַכ, אָפּגעריסנ דאָסראָוו פונ אַלע איבעריקע סטיל־עלעמענטנ, מוז סאָפּקאָלסאָפּ דאָס וואָרט גופא אויסגעליידיקט ווערנ פונ קאָנקרעטנ קלאַסנ-אינהאַלט. דאָס באַהאַנדלענ די שפּראַכ, דער צוגאַנג צומ וואָרט-מאַטעריאַל ווערט שוינ אַ באַצ־עסטעטישער, אַ פאָרמאַליסטישער.

אַדאַנק אַזאַ מאָדערניסטיש־פאָרמאַליסטישנ צוגאַנג צו ליטעראַרישע דער־שײַנונגענ, באַקומט זיכ באַמ כ׳ ליטוואַקאָוו, אַז מאַרקיש, קוויטקאָ, האָפשטיינ, רעזניק אונ אַז. וו. (אינ 1924־טנ יאָר) — אַלזאָ, די דיכטער פונ „שטראָמ — זײַנענ עס די יאָרשימ פונ „אונדזער אייגענער אַרבעטער־יערושע", זיי זײַנענ עס די, וואָס „רעאַליזירנ די שפּראַכ־ענערגיע פונעמ אַרבעטער-קאַמפ", אומאָפּהענגיק פונ די שטימונגענ פונ דער נײַסטער יידישער ליטעראַטור, וועלכע זײַנענ נאָכ עפּשער אַמאָל פרעמד דעמ געדאַנקענ-גאַנג פונעמ יידישנ אַרבעטער" („אומרו", ז. 152).

אַדאַנק דעמ פעלט דאָ יעטווידער פּרווו פונ דיפערענציאַציע צווישנ, לעמאָשל, אָשער שוואַרצמאַנ אונ ל. רעזניקנ, צווישנ האָפשטיינענ אונ פעפערנ: — ריינ־שפּראַכלעכ (אַבסטראַקט־סכעמאַטיש גענומענ) זײַנענ זיי אַלע „מאָדערניסטנ", יעטווידער פונ זיי האָט עפּעס אויפגעטאָנ אינ ראַפינירנ אונ אויסלײַטערנ דאָס וואָרט, אינ באַרײַכערנ אונדזער „נאַציאָנאַלע שפּראַכ"[1]

---

1 קיינ וווּנדער ניט, וואָס דאָ אונ אינ אַסאַכ אַנדערע ערטער פעלט באַ ליטוואַקאָוונ אַ וועלכע עס איז דיפערענציאַציע, ווײַל אַפילע, ווענ ער פאַרבינדט די שפּראַכ מיט דער קולטור אינ אַלגעמיינ גענומענ, גייט דאָרט אויכ אַ רייד וועגנ „יידישער קולטור" סטאַמ, אינ בעסטנ פאַל — וועגנ „מאַסנ-קולטור", נאָכ זעלטענער — וועגנ עפּעס אַנ „אָפּגעזונדערטער", „איזאָלירטער," „קולטור-סוויווע פונ יידישנ אַרבעטער." — „דער צאַריזמ — לייענענ מיר דאָרטנ אָפּ אַ זײַטל ווײַטער — האָט שטאַרק מיטגעהאָלפנ דעמ קאָנסערווירנ די נאַציאָנאַלע אייגנטימלעכקײַטנ פונ יעדנ געגעבענעמ פאָלק. פונ דער אַנדער זײַט, איז ער געווענ אַ געוואַלטיקע שטערונג פאַר דעמ, אַז דידאָזיקע אייגנטימלעכקײַטנ זאָלנ אינ זייער סטיכישנ שטרעבנ צו אַנ אַלגעמיינעמ סאַכאַקל זיכ אַנטוויקלענ אונ דערהייבנ ווערנ צו דער מאַדרייגע פונ סינטעטישער איינהײַטלעכער, נאַציאָנאַלער קולטור, אַלס אָרגאַנישער גליד פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער קולטור" („אומרו", ז. 153). כ׳ ליטוואַקאָוו שטרײַכט דאָ אונטער דאָס וואָרט „אינטערנאַציאָנאַלער". דאָס דאַרפ, אַפּאָנעמ, פאַרדעקנ די אַנטילעניניסטישע פאָרמולירונג פונ אַ „סינטעטישער איינהײַטלעכער נאַציאָנאַלער קולטור". פונ די ווײַטערדיקע פאָר שורעס ווערט אָבער קלאָר, אַז „אינטערנאַציאָנאַלע קולטור" מיינט דאָ ניט דאַפקע „עלעמענטנ פונ דעמאָקראַטישער סאָציאַליסטישער קולטור", וואָס געפינט זיכ, לויט לענינענ, אינ יעדער נאַציאָנאַלער קולטור (לענינ, ב. 19, ז. 43). עס גייט נאָר אַ רייד וועגנ דער „יידישער מאַסנ-קולטור", וואָס האָט „נאָכ פאַר דער רעוואָליוציע אָנגעהויבנ ווערנ אַ נאַציאָנאַלע קולטור, מיט צוזאָגנ אונ פּערספּעקטיוונ צו באַקומענ אַנ אינטערנאַציאָנאַלנ (שוינ אָנ אַנ שטריכ — ד. ק.) ווערט אונ אינהאַלט". די גראָע ניט־אַנטוויקלטע מאַסנ-קולטור האָט אָנגעהויבנ ווערנ אַ כאָשעווע „נאַציאָנאַלע קולטור" מיט „פּערספּעקטיוונ". „אינטערנאַציאָנאַל" דאַרפ דאָ, אַזוי אַרומ, פאַרשטאַנענ ווערנ ווי זינ פונ וועלטלעכקײַט, מענטשלעכקײַט, אַלגעמיינער אָנגענומענקײַט אונ אָנערקענונג. פאַרשטייט זיכ, אַז אינ די באַדינגונגענ פונ צאַריזמ האָט יעדערע, אַפילע בורזשואַזע נאַציאָנאַלע קולטור פונ אַנ אונטערדריקטער נאַציאָנאַלער מינדערהײַט, אויכ געמוזט פירנ אַ קאַמפ פאַר איר עקזיסטענצ אונ אַנטוויקלונג. אַזאַ מינ „אינטערנאַציאָנאַליזמ" האָט מיט לעניניזמ קיינ שומ געמיינזאַמעס ניט.

אדאנק דעמ און נאָר אדאנק דעמ, ווערט כאריקס דיכטונג צוגערעכנט צומ „רייזענ-עלעמענט". דערווייזנ די דאָזיקע באהויפּטונג—האלט דער כ׳ ליטוואקאָוו פאר איבעריק. גענוג, מאשמאָעס, דער פאקט אליינ, וואָס כאריק אינ יענע יאָרנ איז ניט געווענ קיינ איבעריקס גרויסער שפּראכ־דערפינדער. ניט ער האָט געפינטלט מיט „סאמעט פונ וויִעס" צו „גנעדיקער צניִעס", ניט ער האָט געפּייניקט זיכ (אונ דעמ... לייענער) מיט „הונ־דערט טויזנט אומעטנ" אונ האָט אפילע ניט „צעשאָסנ קיינ אָנפלי פארוואָסנ",[1] פארעכענענ אימ צווישנ די מאָדערניסטנ איז ניטאָ קיינ גרונט, בלייבט איינ ברירע: אינ „רייזענ־עלע־מענט".

ווענ עס האנדלט זיכ אָבער וועגנ די ארבעטער-דיכטער, איז „מאָדער-ניזמ", שפּראכ־שעפערישקייט אליינ נאָכ ניט גענוג. עס פאָדערט זיכ נאָכ „פאָלקלידערישע יאָדערדיקייט" אונ דאָס גלייכנ. אינ פארגלייכ מיט די דאָזיקע שרייבער שטייענ שוינ רייזענס אלטמאָדישע ווערטער אסאכ העכער, ניט גע־קוקט אפ דעמ, וואָס „פאָלקסטימלעכקייט אינ דער שפּראכ" געפינט דער כ׳ ליטוואקאָוו אויכ בא ווינטשעווסקינ.

אָט דער דאָזיקער פאָרמאליזמ אונ „שפּראכ-נאציאָנאליזמ" באמ כ׳ ליט-וואקאָוו, זיינ קוק אפ יידיש, ווי אפ דער „נאציאָנאלער שפּראכ פונעמ יידישנ ארבעטער־פאָלק",[2] ליגט אינ גרונט אויכ אינ דער קאָנצעפּציע וועגנ אזוי אָנגערופענעמ „רייזענ־עלעמענט".

* * *

אינעמ „נאָכוואָרט" צו זיינ בוכ „אפ צוויי פראָנטנ", וואָס האָט, ווי בא-קאַנט, געזאָלט זיינ א מער אָדער וויניקער פאנאנדערגעוויקלטע זעלבסט־קריטיק פונ פריִערדיקע פעלערהאפטע אונ פאלשע האנאָכעס, איז פאראנ א קא-פּיטעלע (זייטנ 172—174) „וועגנ די ערשטע פּראָלעטארישע שרייבער". כ׳ ליט-וואקאָוו האלט דאָ, אז מיט דער פראגע וועגנ די ערשטע פּראָלעטארישע שרייבער דעקט ער דאָ די אלע פראגנ פונ דער יערושע־פּראָבלעמ, וועלכע עס איז אימ פונ צייט צו צייט אויסגעקומענ צו באהאנדלענ. וועגנ דערדאָזיקער פּראָבלעמ, אינ אלגעמיינ גענומענ, דערקלערט ער קאטעגאָריש, אז ער האָט זי געשטעלט אונ פארענטפערט „מארקסיסטיש־ריכטיק — אינ גרונט", אז „אינ דעמ פּראט" (פונ שטעלנ אונ לייזנ דידאָזיקע פּראָבלעמ) איז ער געווענ אפילע „דער ערשטער". ער מוז אָבער מוידע זיינ. אז „דערביי זיינענ בא מיר גע־ווענ איינצלנע פעלערהאפטע פאָרמולירונגענ". ווייזט אויס, אז דידאָזיקע פעלער־האפטע פאָרמוליִרונגענ געהערנ נאָר דעמ טייל פונ דער פּראָבלעמ, וואָס איז שייעכ דער באציִונג צו די ערשטע פּראָלעטארישע שרייבער: אפ קיינ אנדערע ווערט דאָרט ניט אָנגעוויזנ.

---

1 אויכ איציק פעפער איז שיר ניט ארייננעפאלנ אינ איינעמ פונ דער „געזינד זאלבע אכט" („אינ אומרו" ז. 182), אויכ ער ווערט לעכאטכילע פארעכנט בא ליטוואקאָוונ צו די „ערעוו-פּראָ־לעטארישע" (דאָרטנ ז. 184). אינ אלגעמיינ אָבער האָט פעפערנ אָפּגעגליקט. ער האָט באקומענ פונ ליטוואקאָווג א פארדיגטנ ווארעמענ אופנאמ.

2 גענויער וועגנ דאָזיקנ „שפּראכ־נאציאָנאליזמ"—זע כ׳ דונעצס „די איבערדיכטונג־טעאָריע פונ כ׳ ליטוואקאָוו", זייטנ 82—84.

לאָזט זיכ אָבער אויס, אז אויכ אינ דעמ טייל פונ דער פראגע איז „די ליניע געווענ א ריכטיקע“ (דאָרט, 173). שוינ אויס פעלערהאפטע פאָרמולירונגענ. „עס זייַנענ דאָ געווענ א ריי מיספארשטייענישנ, וועלכע האָבנ זיכ, עמעס, באגרינדעט אפ איינ ניט־ריכטיקנ אויסדרוק מייַנעמ“. — ניט מער. „אינ דעמ פראט“, אנערקענט ער, אז דער אויסדרוק וועגנ דעמ, אז די פראָלעטארישע דיכטונג איז געווענ „גיכער א געמאכטע, איידער אנ אָרגאנישע“, איז געווענ ניט קיינ ריכטיקער. אזוי אָבער, ווי ער האָט פאקטיש דעמ דאָזיקנ אויסדרוק שפעטער געהאט אראָפגענומענ — ער האָט אימ מער ניט איבערגעכאזערט — איז די גאנצע מייַסע ניט ווערט קיינ ציבעלע; אָט די ווערטער וועגנ „גיכער געמאכטער איידער אָרגאנישער דיכטונג“ — ווערנ אפ פארשיידענע אויפאנימ אויסגעטייַטשט, אויסגענוצט אונ אופגעבלאָזנ אינ א גאנצנ „אָפנייג“... (דאָרטנ).

מע מוז מודיע זייַנ: אינ דער דיסקוסיע מיט ליטוואקאָוונ איז — וואָס עס איז שייַעכ דער פראגע ארומ די ערשטע פראָלעטארישע דיכטער — טאקע אויסגענוצט געוואָרנ בלויז דערדאָזיקער (אָדער דעריקער דער דאָזיקער) אויס־דרוק. דאָס הייסט אָבער ניט, אז די כאווײרימ, וואָס האָבנ אופגעהויבנ די דיסקוסיע ארומ דער פראגע, האָבנ געהאט „אופגעבלאָזנ אנ אָפנייג“. פארקערט, אויב זיי האָבנ גענומענ בלויז (צי דעריקער) דעמדאָזיקנ אויסדרוק, הייסט עס נאָר, אז דידאָזיקע קאָנצעפציע איז נאָכ דאנ ניט געווענ גענוג אופגעדעקט, אז אינ אייַלעניש פונ פאָלעמיק האָבנ ליטוואקאָווס קריטיקער נאָכ ניט געהאט גענוג אריינגעדרונגענ אויכ אינ דערדאָזיקער ספעציעלער פראגע. עפשער טאקע דערפאר, וואָס זיי האָבנ זיכ מער פארינטערעסירט מיט מער נעענטערע (אינ צייַט) פראגנ (ניסטער, „מאספּ“, א. א.). אָנשטאָט מיטצוהעלפנ דער קרי־טיק אופצודעקנ גענויער דידאָזיקע פראגע, נוצט גאָר אויס דער כ׳ ליטוואַ־קאָוו די שוואכע זייַטנ פונ דער קריטיק, איר „אומבאהאָלפנקייַט“ אונ פרווט פאָרשטעלנ די זאכ אזוי, אז „די ליניע איז א ריכטיקע“ אונ עס איז גאָר אבסאָליוט ניטאָ וועגנ וואָס צו ריידנ. אומזיסט גאָר האָט מענ געהאט אופגע־הויבנ א „טומל“.

נאָכ מער. אנערקענענדיק אליינ, אז „אונטערשטרייַכנדיק אינ א געוויסנ מאָמענט, צוליב געוויסע אקטועלע צוועקנ (?), די קינסטלערישע שוואכקייַטנ בא אייניקע פונ זיי (פונ די עלטערע פראָלעטארישע שרייַבער), האָב איכ אינ דערזעלבער צייַט ניט אָנגעוויזנ אפ זייערע שטארקע זייַטנ אונ אפנ קינסט־לערישנ ווערט אינ אלגעמיינ פונ זייערע אלעמענס ווערק“ (ז. 174), פאלט גלייַכצייַטיק אָנ דער כ׳ ליטוואקאָוו אפ זייַנע קריטיקער מיט טײַנעס, אז יענע פאָדערנ „דערלאנג מיר הונדערט פראָצענטיקע קונסט אונ אויב ניט, ווארפ איכ אָפ די ווערטפולע אידעאָלאָגישע יערושע!“ אונ באשולדיקט זיי אפ דעמ גרונט אינ „לינקנ“ קנייטש, וואָס גייט איבער אינ רעכטנ אָפּאָרטוניזמ...

אָט דאָס הייסט „געשלאָגנ זיכ אלכעט אפ א פרעמדער ברוסט...“

קיינ וווּנדער ניט, וואָס נאָכ אזא „זעלבסטקריטיק“ האָבנ מיר דאָ ווידער א פרווו רעכטפארטיקנ זיכ מיט דעמ, וואָס אימ איז „דעמ ערשטנ אויסגע־קומענ צו רעאביליטירנ דעמ רייזענ-עלעמענט אינ אונדזער ליטעראטור“. (ז. 172). דאָ ציטירט ער די זעלבע פאָרמולירונג פונ „אינ אומרו“, ווו די ארבע־טער־דיכטער ווערנ אויסגעמישט מיטנ רייזענ-עלעמענט אונ דערקלערט. אז

דאָס, וואָס ער האָט פריִער געהאט פארזוענ, האָט ער אויסגעפאריכט אינ זײַנ דערמאָנטנ פאָרוואָרט צו רייזענס באנד דערציילונגענ. דער דאָזיקער פאָרוואָרט שטייט שוינ, אלזאָ, לויט ליטוואקאָוונ אויסער קריטיק. דאָרט איז אלצ שוינ „קאָשער וועיאָשער״.

ווי עס איז צו זענ, איז אפילע אינ 1931-טנ יאָר דער כ׳ ליטוואקאָוו פאקטיש באשטאנענ אפ דער זעלבער פעלערהאפטער פאלשער קאָנצעפּציע וועגנ די ערשטע ארבעטער-דיכטער אונ רייזענ־עלעמענט. די „דינאמיק״, פונ דער קאָנצעפּציע איז דאָ באשטאנענ בלויז אינ דעמ, וואָס פונ פולשטענדיקער אָפּלייקענונג אינ די ערשטע יאָרנ נאָכ אָקטיאבער, דורכ איגנאָרירנ זיי, איז דער כ׳ ליטוואקאָוו געקומענ ביז צו פוסטע רעאביליטאציע לעשעמ רעאביליטאציע. אינ גרונט גענומענ, איז אָבער די קאָנצעפּציע געבליבנ א פאָרמאליסטישע, נאצ-עסטעטישע, ווי געווענ.

* * *

### 3. אינ קלעמ פונ וווּלגארנ מעכאניציזמ.[1]

אינעמ ערשטנ טייל פונ דעמ דאָזיקנ בוכ, ווו דער אווטער גיט א געשיכטלעכנ איבערבליק איבער דער ייִדישער פּאָעזיע (רעוואָליוציאָנערער, סאָוועטישער אונ קליינבירגערלעכער־רעאַקציאָנערער) פונ בירגער־קריג אונ ווידערופשטעלונג־פעריאָד — ווידמעט דער אווטער א ספּעציעלנ קאפּיטל דער עלטערער פּראָלעטארישער ייִדישער פּאָעזיע. די דאָזיקע דיכטונג באטראכט דער כ׳ אָרשאנסקי, ווי דעמ „עצעמ מאָקער״ פונ דער „איצטערדיקער פּראָלעטארישער פּאָעזיע״ (47). כ׳ אָרשאנסקי ווייס, אז „די אומשטאנדנ האָבנ זיכ גרינטלעכ געביטנ״ (60), „דער צאָרנ איבערנ דאלעס (?) איז שוינ איצטער ניט קײַנ דירעקטע טעמע. דער עצעמ קאמפ איז אויכ אנ אנדערער״, — אונ דאָכ מיינט ער, אז „די עפּאָכע פונ דער בליִענדיקער רעוואָליוציאָנערער פּאָעזיע״ (ווינטשעווסקי, עדלשטאט, באָוושאָווער, ראָזנפעלד) לערנט אונדז ניט נאָר פונוואנענ עס שטאמט אונדזער הײַנטצײַטיקע פּראָלעטארישע ליטעראטור, נאָר אויכ „ווו עס געפינט זיכ דער באָדנ, פונ וועלכנ די וואָרצלענ פונ דער איצטערדיקער פּראָלעטארישער פּאָעזיע האָבנ געצויגנ זייער יעניקע״ (47). דער כ׳ אָרשאנסקי האָט דעמ דאָזיקנ טעזיס ניט דערוויזנ אונ, פארשטייט זיכ, ניט געקענט אימ דערווײַזנ. מענ קענ ריידנ נאָר וועגנ ווירקונג פונ דער ערשטער אפ דער לעצטער. די דאָזיקע ווירקונג איז געווענ גאנצ בוילעט אינ דער נאָכאָקטיאבערדיקער פּראָלעטארישע דיכטונג, דעריקער אינ פעריאָד פונ בירגער־קריג. אָרשאנסקי אָבער רעדט ניט וועגנ ווירקונגענ, נאָר וועגנ „דעמ מאָקער״. ער פירט דורכ אנ „אנאלאָגיע״ אונ האלט, אז „די אנאלאָגיע פונ (צווישנ — ד. ק.) דער פּאָעזיע פונ דער ערשטער אונ צווייטער רעוואָליוציאָנערע עפּאָכעס איז... א בעפּירעשער פאקט״ (62). דאָס איז, פארשטייט זיכ, גאָר ניט קיינ פאקט.

ווי עס איז צו זענ, פארעכנט דאָ דער אווטער אונדזערע ערשטע פּראָלעטארישע דיכטער צו דער עפּאָכע פונ דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליו-

1. ב. אָרשאנסקי — די ייִדישע ליטעראטור אינ ווײַסרוסלאנד נאָכ דער „אָקט. רעוואָליוציע״ מינסק. צענטרפארלאג, 1931, זײַטנ: 37, 62—74, 66, 142.

ציע. די דאָזיקע „עפּאָכע" איז, לויט אָרשאנסקין, א גאנצ לאנגדויערנדיקע: זי ציט זיכ „אָנהייבנדיק אומגעפער פונ די 80־ער יאָרנ פונ פאָריקנ יאָר־הונדערט אונ ענדיקנדיק מיט דעמ 1905 יאָר" (47). דער דאָזיקער כעזשבנ באקומט זיכ ניט נאָר פונ דעמ, וואָס דער כ' אָרשאנסקי באטראכט דאָ די דיכ־טונג פונ ווינטשעווסקי, עדלשטאט אונ אז. וו., בלויז ווי א רוסלענדישע, וואָס ער איגנאָרירט דעמ ענגליש־אמעריקאנישנ באָדנ, אפ וועלכער זי איז אויסגע־וואָקסנ, נאָר דעריקער אדאנק דעמ, וואָס דער אווטער האָט ביקלאַל צעמישט די יאָצרעס: צו דער פּלעיאדע „פּראָלעטארישע אונ רעוואָליוציאָנערע דיכטער" ווערט נאָר פארעכנט אויכ א. רייזענ אונ „פיל, פיל אנדערע גרעסערע אונ קלענערע פּאָעטנ" (47). (אונטער די „פיל, פיל אנדערע" דארפ מענ, מינאסטאמ, פארשטיינ אזוינע ווי, — לעכינ (א. וואלט), ש. גורעוויטש (א. ליטווינ), ש. אנ־סקי אונ נאָכ אזוינע „רעוואָליוציאָנערנ"). כ' אָרשאנסקי מאכט טאקע ניט קיינ שומ אונטערשייד צווישנ רייזענענ אונ ווינטשעווסקינ, לעמאָשל. בא די פּראָלעטא־רישע שרייבער גופע פארזעט ער די קלייננבירגערלעכע איינפלוסנ, נאציאָנא־ליסטישע אונ אנארכיסטישע אָפּנויגונגענ אונ ד. גל. וועגנ דעמ אלעמענ ווערט ניט דערמאָנט מיט קיינ איינ וואָרט. די דאָזיקע גאנצע דיכטונג (רייזענענ איינגעשלאָסנ) שטעלט מיט זיכ פאָר א דורכויסיקע רעוואָליוציאָנערע עפּאָכע, א קעגנגעשטעלטע צו דער „צווייטער עפּאָכע פונ דער יידישער פּאָעזיע, צו דער פּאָעזיע פונ דער רעאקציע־עפּאָכע" (52) — וואָס איז אויכ א דורכויסיקע.

דער דאָזיקער „עפּאָכע־סטיל" — הערשט איינעמ גאנצנ בוכ אונ ברענגט דערצו, וואָס אָנשטאָט צו אָפּערירנ מיט קלאסנ, קלאסנ־סטילנ, אָפּערירט דער כ' אָרשאנסקי די גאנצע צייט מיט „מאסנ". די פּאָעזיע פונ דער ערשטער עפּאָכע איז געוועזנ דער „מאסע" נאָענט אונ אייגנ. אפ איר (דער פּאָעזיע) האָבנ זיכ דערצויגנ מאסנ אינ די הונדערטער אונ די טויזנטער „אונ ווי נאָר די מאסנ זיינענ געקומענ צומ וואָרט... האָבנ זיי ווידעראמאָל אופגע־לעבט די „אלטע" פּאָעטישע שול" (55), בייס די פּאָעזיע פונ דער „צווייטער עפּאָכע" איז דער מאסע געוועזנ פרעמד. „די גאנצע „וועלט־שמערצנ" זייערע (אירע — ד. ק.) האָבנ צו דער מאסע קיינ שייכעס ניט געהאט. זייער לירי־זמ האָט ניט אויסגעדריקט די טיפע איבערלעבונגענ פונ די יידישע מאסנ" (54) אונ אז. וו. אינ דעמ זעלבנ טאָנ אונ גוסעכ. די רעאקציאָנערע בורזשואז־קלייננ־בירגערלעכע ליטעראטור פונ נאָכ 1905, וואָס האָט געוויס געהאט א גרויסע ווירקונג אויכ אפ די אָפּגעשטאנענע ארבעטער־שיכטנ, כאראקטעריזירט אָרשאנ־סקי, ווי „א פּאָעזיע, וואָס האָט אויסגעדריקט די שטימונג פונ א הייפל (?) צעיאכמערטע קלייננבירגער". דער דאָזיקער טיפ קלייננבירגער האָט עס „באשאפנ אזא מינ נעשאָמע־יעסוירעדיקע פּאָעזיע, וועלכע קיינער, אויסער אימ, האָט ניט געלייענט אונ ניט געדארפט" (דאָרטנ) — פּונקט, ווי די רעאקציאָנערע ליטע־ראטור צווישנ די צוויי רעוואָליוציעס וואָלט ניט אָפּגעשפּיגלט די אידעאלנ פונ גרויסע שיכטנ פונ דעמ רעאקציאָנערנ קלייננבירגערטומ, פּונקט ווי מיר וואָלטנ האָבנ אבסאָלוט איזאָלירטע מאסנ, אָדער קלאסנ, פּונקט, ווי אינ בא־דינגונגענ פונ קאפּיטאליזמ ווערנ די ארבעטנדיקע ניט באווירקט פונ דער בור־זשואזער אידעאָלאָגיע.

אָט דער מעכאניציזמ איז דער גרונט־פעלער פונ אָרשאנסקיס דאָזיקער אר־בעט.

זײַענדיק טרײַ דעם עפּאָכע־מעטאָד, באַטראַכט דער כ׳ אָרשאַנסקי אונדזער הײַנטצײַטיקע סאָוועטישע פּאָעזיע בלויז ווי א צווייטן פּעריאָד אין דער רע־וואָליוציאָנערער פּאָעזיע. עס ווערט פאַרשמירט דאָס קוואַליטאַטיוו־אַנדערשדיקע פון אונדזער איצטערדיקער רעוואָליוציאָנערער פּאָעזיע, — דער אונטערשייד צווישן די ערשטע קערנדלעך פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין קאַפּיטאַ־ליסטישע באַדינגונגען, נאָך ניט גענוג אויסגעשיילטע פון דער אַלגעמיין־הערשנ־דיקער בורזשואַז־קלייַנבירגערלעכער ליטעראַטור און קולטור, און צווישן דער פּאַ־באַנדערגעבליטער פּראָלעטאַרישער קולטור אין די באַדינגונגען פון דער פּראָלעטאַ־רישער דיקטאַטור. ערשט צום סאָף קאַפּיטל גיט צו אָרשאַנסקי א פּאָר גאַרנישט זאָגנדיקע פראַזעס, אַז „די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור האָט שוין באַוויזן אויפ־הייבן זיך אויף א גאָר הויכן שטאַפּל אין דער פּאָרמעלער זײַט״ (גאָר פּאָרמעלער?), אָדער „אַז די יונגע פּראָלעטאַרישע פּאָעזיע אין ווײַסרוסלאַנד „האָט זיך אופגעהויבן פון איר פּאָעטישן פּרימיטיוו״ (62) און ד. גל.

דער קאַפּיטל „דער מאָקער פון דער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע״ איז, אדאנק דעם אויבנדערמאָנטן מעטאָד, קימאַט ווי אָפּגעריסן פון די פריערדיקע און שפּעטערדיקע קאַפּיטלען, ווו עס גייט א רייד וועגן דער ליטעראַטור פון דער קאָמוניסטישער פּרעסע און אַנדערע. דאָ רעדט זיך מער וועגן די ערשטע פּראָ־לעטאַרישע דיכטער, אַלס אַזעלכע, איידער וועגן די ווירקונגען פון די לעצטע אויף אונדזער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. די ווירקונגען גופא זײַנען ניט גענוג אָנשוילעך און איבערצײַגנדיק באַוויזן. ניט געקוקט אויף די גאַנצע לאַנגע ציטאַטעס, וואָס דער כ׳ אָרשאַנסקי ברענגט פון באָוושאָווער, ווינטשעווסקי און אַנדערע.

דאָס „געמײַנזאַמע צווישן די צוויי פּלעיאַדעס אַרבעטער־דיכטער באַשטייט, לויט כ׳ אָרשאַנסקי: 1) אין דער „רעאַלקײַט און קאָנקרעטקײַט פון דער טעמע״, אין איר „וואָכעדיקײַט״ (אָרעמקײַט, נויט, דאַלעס א. אז. וו.) (57); 2) אין דער ענלעכקײַט פון די טעמעס גופא (קאַמף, רוף צום קאַמף און אז. וו.) 3) אין דעם „גוואַלטיקן מוט, גלויבן אין ניצאָכן פון פּראָלעטאַרישן קאַמף... לעבן־לוסטיקײַט און קאַמף־לוסטיקײַט״, נאָר דער הויפּט־אינטערעס באַ־שטייט 4) „דערין, וואָס אין א גאַנצער ריי לידער פאַלט צונויף דער וואָרט־מאַטעריאַל, די לעקסיק און דערהויפּט (!), וואָס מיר באַגעגענען אַמאָל איינעם און דעמזעלבן, אָדער ענלעכן ריטם... (61).

ענלעכקײַט אין ריטם קען מען, פאַרשטייט זיך, געפינען בא שרײַבער, פּאָר־שטייער פון דיאַמעטראַל־קעגנזעצלעכע קלאַסן. יעדנפאַלס איז ניט אין דעם „דער הויפּט־אינטערעס״. וואָס איז שײַעך די „וואָכעדיקײַט״ און „קאָנקרעט־קײַט״ פון די טעמעס, וואָס אָרשאַנסקי שטעלט אין ערשטן פּלאַן („רעאַל״ איז יעדע טעמע, אַפילע א מיסטישע, אויף וויפל אויך די לעצטע שפּיגלט אָפּ כאָטש אין דער מינדסטער מאָס די רעאַלע קלאַסן־פאַרהעלטענישן), איז גראָד אין דעם זין האָבן „געזינדיקט״ סײַ אונדזערע ערשטע אַרבעטער־דיכטער, סײַ די פון פּעריאָד פון בירגער־קריג (געזינדיקט נעמענ מיר אין לאַפּקעס, ווײַל גע־וויס איז אויך דער סכעמאַטיזם זייערער, די אַבסטראַקטקײַט, געוויינע סאָציאַל באַדינגט). אויך ניט מיט קיין איבעריקער „וואָכעדיקײַט״ אין דעם זין, וואָס כ׳ אָרשאַנסקי לייגט אין דעם אַרײַן, האָבן זיך אויסגעצייכנט די דאָזיקע דיכ־טער. מאָטיוון פון דאַלעס, גראָע נויט, סאָציאַלן עלנט א. א. וו. זײַנען אַסאַך

מער כאַראַקטעריסטיש טאַקע פאַר ראָזנפעלדן, רייזענען און אַנדערע ראַדיקאַל-געווענע קלייןבירגערלעכע שרײַבער, איידער פאַר ווינטשעווסקין, עדלשטאַטן, באָווושאָווערן. בא די לעצטע זײַנען „קאַפּצאָנישע“ מאָטיוון און ד. גל. גיכער אַן אויסנאַם, ווי אַ קלאַל. אין דער מאַסעווער אַרבעטער-דיכטונג פון די ערשטע נאָכאָקטיאַבערדיקע יאָרן זײַנען זיי שוין גאָר בלאַס פאַרגעשטעלט, ווי עס איז צו זען כאָטש פון די מוסטערן, וועלכע עס ברענגט דער כ׳ אָרשאַנסקי גופא.

וויכטיק איז געווען אָפּצוצייכענען די פּונקטן 2 און 3 און אויך געוויסע פאָרמעלע ענלעכקײַטן (ניט גאָר לעקסישע), נאָר גראָד אָפּ דעם שטעלט זיך דער כ׳ אָרשאַנסקי, ליידער, זייער ווייניק אָפּ.

קעדײַ נאָך צו באַמערקן, אַז אויך דער כ׳ אָרשאַנסקי רעדט וועגן אונדזערע ערשטע פּראָלעטאַרישע שרײַבער אויסשליסלעך נאָר ווי וועגן דיכטער פּאָעטן און פאַרשווײַגט אינגאַנצן די פּראָזע זייערע. דערפאַר קומט בא אים אויס, אַז אין געביט פון פּראָזע האָט אונדזער נאָכאָקטיאַבערדיקע סאָוועטישע ליטעראַטור גאָרניט געהאַט צו יאַרשענען: „די ייִדישע פּראָזע האָט קיין שום רעוואָליוציאָנערע טראַדיציעס ניט געהאַט. אין די ערשטע שאָען, אָפּ דער הייסער ווײַלע, אַזוי צו זאָגן, האָט מען וועלנדיק, ניט וועלנדיק געמוזט נוצן די אַלטע פאָרמעס“ (37). בלויז „די אַלטע ייִדישע רעוואָליוציאָנערע פּאָעזיע האָט געהאַט איר שפּראַך, איר פאָרמע, וואָס איז גלײַך אויפגענומען געוואָרן פון די מאַסן“ (66). „מיט דער פּראָזע (אָבער) האָט געטראָפן אַ היסטאָרישער „אומגליק“, ניטאָ דאָ קיין שום רעוואָליוציאָנערע טראַדיציעס“ (142). „שוין אפילע אין די יאָרן 1922—1924 איז נאָך קיין פּראָזע קימאַט ווי ניט געווען“ (184). „און ה. מײַזל... האָט געמוזט אָפּ זײַנע יונגע פּלייצעס, קימאַט אַ ײ נ ע ר אַ ל ײ נ, אויסטראָגן די שווערקײַט פון שאַפן אַן אָ נ ה ײ ב אין פּראָזע“ (185).

אַזעלכע באַהויפּטונגען זײַנען, ווייך גערעדט, צו קאַטעגאָרישע. קיינער וועט געוויס ניט קומען לייקענען, אַז די ייִדישע סאָוועטישע פּראָזע אין די די ערשטע נאָכאָקטיאַבערדיקע יאָרן איז געווען ביז גאָר אַ שוואַכע. אָפּ דעם זײַנען געווען באַזונדערע סיבעס. אין אונדזער פּראָזע איז דאַן דער פּראָלעטאַרישער יאָדער געווען גאָר אַ קליינער. אָבער זיכער איז, אַז ניט איין ה. מײַזל האָט געמאַכט דעם אָנהייב פון ייִדישער פּראָלעטאַרישער פּראָזע און אַז אין דעם געביט זײַנען ניט געווען קיינע שום טראַדיציעס. ווען דער כ׳ אָרשאַנסקי וואָלט מער ערנסט אויסגעפאָרשט די ליטעראַטור פון בירגערקריג, וואָלט ער אפילע אין מײַזלס „אַביסל פעליעטאָנאַרטיקן הומאָר“, לעמאָשל, עפשער אויך געפונען געוויסע ווירקונג-שפּורן פון דער עלטערער רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור. ווידער איז ביקלאַל ניט פאַרשטענדלעך: אויב אַ. רייזענען און די „פיל, פיל אַנדערע“ געהערן, לויט אָרשאַנסקין, צו דער פּלעיאַדע דיכטער פון „דער ערשטער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע“, איז מיט וואָס זײַנען פּאַסל רייזענס פילצאָליקע נאָוועלן, דערציילונגען, הומאָרעסקעס און אַז. וו. מיט דער זעלבער רעכט וואָלט ער אַהערצו געקענט פאַררעכענען אַלס רעוואָליוציאָנערע די פּראָזע פון ליבין, קאָברין, עלבע, קאַסעל און „פיל, פיל אַנדערע“... באַם כ׳ אָרשאַנסקי איז אָבער ביקלאַל פאַראַן אַ מעכאַניסטישער אײַנרײַס צווישן פּראָזע און פּאָעזיע.

פאראנ אָבער אינ דעמ דערמאָנטנ קאפיטל א גאנצע ריי וויכטיקע (אונ ריכטיקע) שטעלנ וועגנ דער ראָליע פונ די ערשטע פראָלעטארישע דיכטער, וועגנ זייער גרויסער ווירקונג אפ די ארבעטער־מאסנ פונ זייער צײַט אונ אויכ שפעטער, וועגנ דעמ ביטל, דער פאראכטונג פונ דער בורזשואזער קלײנבירגערלעכער קריטיק אינ באצוג צו די דאָזיקע שרײַבער אונ אז. וו. דעמ כ' אָרשאנסקי געהערט דער פארדינסט, וואָס ער האָט, דוכט זיכ, דער ערשטער אָנגעוויזנ אפ דער ווירקונג פונ די ערשטע פראָלעטארישע דיכטער אפ דער סאָוועטישער ליטעראטור אינ פעריאָד פונ בירגער־קריג (זאָל זײַנ, אז ער האָט דאָס געטאָנ ניט גרינטלעכ אונ ניט גאָר געלונגענ) אונ איז ביקלאָל געווענ איינער פונ די ערשטע, וואָס האָבנ אופגעהויבנ א קאמפ פאר רעאביליטירנ די פיאָנערנ פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור, א קאמפ קעגנ די פרעמד-קלאסעווע אונ היימיש־אָפאָרטוניסטישע, עסטעטיש-פײַנשמעקערישע ליטעראטור-קריטיק.

* * *

### 4. פרינציפיעלע נײַס.[1]

קיינ ספעציעלע ארבעט וועגנ אונדזערע ערשטע פראָלעטארישע דיכטער האָט כ' בראָנשטיינ ניט געגעבנ, נאָר זײַנ ארבעט — „דער סטילנ־קאמפ אינ פעריאָד פונ מיליטערישנ קאָמוניזמ" אונ אייניקע אנדערע ערטער פונ בוכ אנטהאלטנ אינ זיכ א ריי וויכטיקע קאָנסטאטירונגענ, באהויפטונגענ אונ קריטישע באמערקונגענ וועגנ די דאָזיקע דיכטער, כ' בראָנשטיינ רעדט וועגנ ווינטשעווסקי, באָוושאָווער, עדלשטאט אינ קאָנטעקסט פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור אינ פעריאָד פונ בירגער־קריג. ער ווײַזט קוידעמקאָל אָנ, אז דער קאמפ פונ דער „אייגנס־דינאסטיע" (בורזשואזע אונ קלײנבירגערלעכע שרײַבער פונ יענעמ פעריאָד — ד. ק.) קעגנ דער „נאקעטער", „ליניייִש-סילועטישער" קונסט איז ניט אזוי געווענ געווענדעט קעגנ די איינצלנע פארטרעטער פונ דער דאָזיקער קונסט צווישנ די ראדיקאל-קלײנבירגערלעכע סאָוועטישע שרײַבער (מארקיש אונ אנדערע) ווי קעגנ „די טראדיציעס פונ באָוושאָווער, עדלשטאט אונ ווינטשעווסקי אינ דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראטור" (19). ווײַל יענער פעריאָד „איז אויכ געווענ אזא „אומגליקלעכע" טקופע, ווענ „נאקעטע ליניעס גייענ א גאנג" (בערגעלסאָנס אויסדרוק — ד. ק.), ווענ דער פלאקאטיש-רעוואָליוציאָנערער פראָפיל האָט איגנאָרירט די אלטע שטייגערדיקע בילדערלעכקײַט" (דאָרטנ).

דער אווטער ברענגט אנ אויסצוג פונ א רעצענזיע איבער באָוושאָווערס א ביכל לידער („געקליבענע ווערק". פעטראָגראד, 1918) אינ „ביכער-וועלט", נומ. 2—3, 1919, אינ וועלכער דער רעצענזענט (נ. מ.) דערקלערט באָוושאָווערס לידער פאר „פאָשעטע טענדענציעזע רעוואָליוציאָנערע אויסרופנ", פאר לידער „באגרענעצטע", אָנ „ניואנסנ, בייגיקײַט, אינדיווידואליזירטער שטימונג", אדאנק וואָס זיי פארבלײַבנ ניט מער, ווי א „מענטשלעכער דאָקומענט". ער ברענגט אויכ אנ ענלעכע כאראקטעריסטיק פונ דער דאָזיקער פלעיאדע דיכטער פונ י. דאָברושינ (פונ „עמעס" נומ. 15, 1920) אונ קומט צומ, אינ אלגע-

1 י. בראָנשטיינ — „אטאקע", צענטרפארלאג. מינסק. 1930 זז. 19—20; 30—31; 35—36; 38—40; 42, 43, 49, 52, 54—60; 62, 63, 65, 67, 69.

מיינ ריכטיקנ, אויספיר, אז דאָ האָט זיכ ניט געהאַנדלט אינ ריינער „פּאַכמעווינעס", נאָר אינ „קלאַסנ-עסטעטיק" (20), אז מיצאַד די אויבנדערמאָנטע טעאָרעטיקער, רעצענזענטנ, קריטיקער אונ שרײַבער, איז עס דאַנ געווענ א קלאַסנ־באַזינטער אַרויסטריט קעגנ „אָט די אַלע קאָמוניסטנ אונ יעווסעקנ, אַרבעטער אונ האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבנ א שפּאַר געטאָנ פּאָרויס אונ א זונג געטאָנ אַפּ זייער לאָשנ, נאַקעט, אָנ „ניואַנסנ אונ בייגיקײַט", אָנ אָפּגעזועצטער שטייגערדיקער בילדערלעכקײַט, אָנ טראַדיציאָנעלנ לעקסיקאָנ". „דער פּראַכטעטער באָוושאָווער־ווינטשעווסקי־שטאַמפּ איז ווידעראַמאָל טכיעס־האַמייסימ אויפגעשטאַנענ" (21—22). דאָס אַלצ איז גוט, אָבער די באַהויפּטונג וועגנ דורכויסיקער נאַקעטקײַט, שטייגערלאָזיקײַט אונ ד. גל. איז ניט קיינ ריכטיקע.

אינ דער צײַט, וואָס אָרשאַנסקי (זע אויבנ) האַלט די „רעאַלקײַט", „קאָנקרעטקײַט", „וואָכעדיקײַט" אונ „אַלטעגלעכקײַט" — פאַר דעמ ערשטנ גרונט-סימענ סײַ פונ דער דיכטונג פונ די עלטערע פּראָלעטאַרישע שרײַבער, סײַ פונ דער נאָכאָקטיאַבערדיקער, געפינט אויס כ' בראָנשטיינ פּונקט דעמ הייפּעכ, — אז דאַפּקע דער ליניייִש-סילועטישער סטיל איז געווענ רעוואָליוציאָנער, אז די אַבסטראַקטע ליניע איז שיר ניט א גרונט-געזעצ פאַר דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור פונ שטורמישע רעוואָליוציאָנערע פּעריאָדנ. „די נאַקעטע עפּאָכע האָט געפאָדערט איר נאַקעטע ליניע; דער מיטינגנ־דאָר האָט געפאָדערט זײַנ ריטאָריש-עסטראַדישנ סטיל, זײַנ נײַע לעקסיק. דער שאַרפּ־טענדענציעזער כאַראַקטער פונ דער עפּאָכע האָט געפאָדערט אָטאָ די „געגראַמטע געדאַנקענ" אונ אומפאַרגעסלעכנ „שטאַמפּ" פונ „אַפּ (אינ — ד. ק.) די גאַסנ צו די מאַסנ".

כאָטש די אויסדרוקנ „שטאַמפּ", „געגראַמטע געדאַנקענ" אונ אַז. וו. שטאַמענ פונ די קעגנער פונ דער דאָזיקער פּאָעזיע אונ זײַנענ דעריבער גענומענ אינ פּרעמדצייכנס (אָפּט קומענ די זעלבע טערמינענ אויכ אָנ פּרעמדצייכנס, ז. 32 אונ אַנד), באַקומט זיכ דאָכ, לויטנ כ' בראָנשטיינ, אז די רעוואָליוציאָנערע דיכטונג איז אומפאַרמײַדלעכ פאַרורטיילט געווענ, לעכאָלעפּאָכעס, אינ די ערשטע יאָרנ פונ בירגער-קריג, אַפּ דורכויסיקער נאַקעטקײַט, לינייִשקײַט אונ ד. גל. מערניט, וואָס דער כ' בראָנשטיינ באַרעכטיקט עס, דערקלערט עס פאַר געזעצמעסיק, אינ דער צײַט, ווענ די ייִדישיסטישע קריטיק האָט זי אָפּגעוואָרפנ, ניט אָנערקענט. אינ טאָכ גענומענ, באַשטרײַט ניט דער כ' בראָנשטיינ די פאָרמול פונ דער „אייגנס-קריטיק" וועגנ דער אַהולנער נאַקעטקײַט, טרוקנקײַט פונ דער רעוואָליוציאָנערער דיכטונג. פאַרקערט, ער באַשטעטיקט עס. ער באַהויפּטעט נאָר, אז גראָד אָטאָ די „וואָכעדיקע צײַטונג־שפּראַכ", גראָד אָטאָ דער „פּראָקלאַמאַציע-סטיל" איז אייגנטימלעכ געוויסע היסטאָרישע פּעריאָדנ (32).

די זאַכ אָבער באַשטייט אינ דעמ, וואָס סײַ דער כ' בראָנשטיינ, סײַ דער כ' אָרשאַנסקי האָבנ אַבסאָליוטיזירט צוויי באַזונדערע זײַטנ פונ איינער אונ דערזעלבער דערשײַנונג. געוויס איז פאַר יענער פּאָעזיע מער כאַראַקטעריסטיש געווענ דער פּלאַקאַט, די ריטאָריק, א. א. וו. — צוגלײַכ מיט דער אויסגעשפּראָכענער סאָציאַלער פאַרשאַרפטקײַט — איידער וואָכעדיקײַט אונ אַלטעגלעכקײַט. געוויס האָט זיכ די אַבסטראַקטקײַט, דער סכעמאַטיזמ געלאָזט פילנ דאַנ אינ א סאַכ א גרעסערער מאָס, איידער אינ דער איצטערדיקער סאָוועטישער ליטע־

ראטור. אָבער אויך די עלטערע פראָל. ליטעראטור (ווער רעדט די ליטעראטור אין פעריאָד פון בירגער־קריג) איז ניט געווען איננאנצן שטייגערלאָז, ניט דור־כויס ריטאָריש־דעקלאמאטעריש; און „אינדיווידועלע שטורעם־ליידן" איז זיי שוין אוודאי ניט פרעמד געווען. שטייגער געפינען מיר סיי בא ווינטשעווסקין, סיי בא עדלשטאטן און אפילו בא באָוושאָווערן (פון ראָזנפעלדן שוין אָפּגע־רעדט). וואָס איז שייך די „אינדיווידועלע שטורעם-ליידן" (ניט זעלטן אפילע אינדיווידואליסטישע), וועט גענוג זיין צו דערמאָנען עדלשטאטס „דער אָוונט-גלאָק", „פארוואונדעטער אָדלער", „מיין לעצטע האָפענונג"; באָוושאָווערס — „מיין לעצטער ווונטש", „שטיל איין אָ נאטור", „אומרו"; ווינטשעווסקיס — „פארנאָסע און פארנאס", „מיין איינציקער פארלאנג", „וועגן ק. גאלאָפּ", „מיר קומען צום כאָלעם" און צענדליקער אנדערע. דאָסזעלבע וואָלט מען געקענט זאָגן אויך וועגן דער מאסעווער פראָלעטארישער ליטעראטור אין פעריאָד פון בירגער-קריג. די לעצטע אָבער האָבן ניט קיין דירעקטע שייכעס צו אונדזער טעמע.

ווייטער אביסל (38—40) ווערט דער כ' בראָנשטיין שוין ווייניקער קאטע־גאָריש. ער אליין דערזעט שוין דעם דיאלעקטישן איבערפלעכט פון „גרויס־שטאָטישן אורבאניזם און ראָמאנטישן „שויס פון דער נאטור"; וויכטיקע קאָסמיזם און טרערן־געזאנג פון „צאָרעס און פלאָגן", רעוואָליוציאָנערן פלא-קאט און שטייגערדיקן (דאָס ראָוו סענטימענטאלן) זשאנער-געמעל" (38). דער כ' בראָנשטיין מאכט נאָך א וויכטיקן טריט פאָרויס: דעמדאָזיקן „סטיליסטישן וויניגרעט" פרווט ער דערקלערן מיט דעם „אידעאָלאָגישן ווי-ניגרעט", וואָס האָט געהערשט סיי בא די עלטערע פראָלעטארישע שרייבער: באָוושאָווער, עדלשטאט (אנארכאָ-אינדיווידואליזם, „ראָמאנטישע באָהעמיש-קייט" א. א. וו.), סיי בא די ערשטע נאָכאָקטיאַבערדיקע פראָלעטארישע שרייבער (ווירקונגען פון שטעטלשער באלעמלאָכישער ארומרינגלונג, רעשטלעך פון פּאָלקיסטישן ליבעראליזם, נאציאָנאלן „רעוואָליוציאָניזם" א. א. וו.)

שפּעטער, אָבער, קריכט ער שוין אראָפּ פון דאָזיקן ריכטיקן וועג, אף וועלכן ער איז נאָר וואָס ארופ. די דאָזיקע נאָך ניט־אויסגעלעבטע רעשטלעך פון פרעמדקלאסעווע איינפלוסן און ווירקונגען ווערן אריבערגעטראָגן פון די שרייבער גופע אף דער „אָביעקטיווער ווירקלעכקייט" (71—72). די נאקעט־קייט, סכעמאטישע ליניע א. ד. גל. ווערט ווידעראמאָל אבסאָליוטיזירט, און די שולד ווערט ארופגעוואָרפן אף דער „שטייגערלאָזער טקופע":

„אין טאָך איז דאָך די נאקעטע סכעמאטישע ליניע געווען די צענטראלע דיקטערישע ליניע פון אָט דער רעוואָליוציאָנערער ניט ווייניקער נאקעטער שטייגערלאָזער טקופע" (50). (די דאָזיקע ציטאטע איז שייך צו דער נאָכאָקטיאבערדיקער ליטעראטור. דער כ' בראָנשטיין פירט אָבער דורך א פּא-ראלעל צווישן די צוויי פעריאָדן, גרענעצט זיי אין דעם פּראט ניט פאנאנ־דער). אָדער נאָך מער קאטעגאָריש: „מיר קאָנען קימאט ווי קאָנסטאטירן: רע-וואָליוציאָנערע לידער זיינען אין די יאָרן פון דירעקטן קאמף שטייגערלאָז־ליניייש און קימאט אלע סענטימענטאלע לידער זיינען שטייגערדיק אָנגעזע-טיקטע זשאנער־בילדלעך". די ערשטע ווערן דאָ דעקרעטירט פאר רעוואָליו-

ציִאָנער; פּארקערט — שטייגערישקייַט, קאָלאָריסטיק, פּאָלקלאָריסטיק—פאר פּא-סיוו און קאָנסערוואטיוו (61).

דער פּעלער פון כ׳ בראָנשטיין באשטייט דאָ דעריקער אין דעם, וואָס זעענדיק בוילעט די סטירעסדיקע סטיל־עלעמענטן פון דער דאָזיקער דיכטונג, פארזעט ער אָפּט די דיאַלעקטישע איינהייַט זייערע. ער דערקלערט עס מערסטנ־טייל, ווי „לאַטעס״, „פלעקן״, „סטיל־אויסגעמיש״ א. ד. גל., בייס אין גרונט געגומען, זייַנען סייַ די ריטאָרישע פאטעטיק, סייַ דער לירישער סענטימענטא-ליזם צוויי עקסטרעמען, אָפּ וועלכע עס לייַדט די נאָך ניט גענוג רייַפע, יונגע פּראָלעטארישע ליטעראטור. שטייגער, פּאָלקלאָר, סענטימענטאליזם, קאָלאָריס-טיק זייַנען ניט קיין קלייניבירגערלעכע פלעקן אָפּ דער „ריינער״, „עכט-רעוואָליוציאָנערער״ ליניישער ליטעראטור — נאָר דאָס אלץ זייַנען צוויי זייַטן פון איין מעדאל. ריכטיק איז, אז דאָס פּאָרויספירנדיקע, די גרונט־ליניע איז דאַן געווען ניט די „זיסע בעשאָמעדיקייַט״, ניט דער „סאָציאַלער סענטימענ-טאליזם״, נאָר טאַקע די רעוואָליוציאָנערע פאטעטיק, דער „וויכרישער טיטא-ניזם״ און אז. וו. אָבער דאָס איז געווען אזוי, ניט דערפאר, וואָס די עפּאָכע איז געווען, קלוימערשט, שטייגערלאָז, נאָר דערפאר, וואָס יענע רעוואָליוציאָ-נערע שרייַבער זייַנען דאַן נאָך ניט געשטאַנען אָפּ דער הייך פון דער עפּאָכע, אָפּ דער הייך פון רעוואָליוציאָנערן קלאַסן-באוווסטזייַן, וואָס זיי האָבן נאָך ניט גענוג טיף אריינגעדרונגען אין טאָך פון די נייַע שפּראָצן, וואָס האָבן שוין גענומען אופגיין און וואקסן. דערפון שטאמט אי דאָס, וואָס דאָס רעוואָליו-ציאָנערע און פּראָגרעסיווע ווערט נאָך געגעבן אין א גרויסער מאָס אבסטראקט און סכעמאטיש, אי דאָס, וואָס עדלשטאט, אשטייגער, בייס ער וויל אונדז געבן קאָנקרעטע שילדערונגען פון עקספּלואטאציע, עלנט און נויט, נעמט ער פאר העלדן א פּאָשעטן מערדער, א פּראָסטיטוטקע, א שקלאַפ, א הינטיש־איבערגעגעבענעם צום באלעבאָס, אָבער ניט פון די, וואָס האָבן געשטופּט פּאָרויס „די פרייַהייַט-רעדער״.

פארשטייט זיך, אז אויך די קלייניבירגערלעכע ווירקונגען און אייַנפלוסן זייַנען געווען סאָציאַל-דעטערמינירט, אז די וואָרצלען פון די פארשיידענע אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע אָפּנייגן בא אונדזערע ערשטע פּראָלעטארישע שרייַבער, ווי בא די אונדזערע איצטערדיקע, דארפ מען זוכן אין די סאָציאַל-עקאָנאָמישע באדינגונגען פון זייער צייַט, אין יענער אָביעקטיווער ווירקלעכ־קייַט, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט און געקעמפט (גראָד וועגן דעם איז באם כ׳ בראָנשטיין קימאט גאָרנישט פאראן). דאָס טאָר אונדז אָבער אָפּ קיין איין מינוט ניט אָפּהאלטן פון אופדעקן דעם עצעם כאראקטער פון די אָפּנייגן גופע, בוילעט ווייַזן, וויאזוי די אָדער יענע אידעאָלאָגישע אייַנשטעלונגען, פּאָליטישע אָנשויונגען, שטרעבונגען און אידעאלן האָבן געקראָגן זייער קינ־סטלערישע פארקערפּערונג אין די ווערק פון די דאָזיקע שרייַבער. אָט דאָס איז די איקער-אופגאבע פון אונדזער קריטיק. דער כ׳ בראָנשטיין אָבער רעדט וועגן דעם זייער ווייניק און ניט גענוג קלאָר. דער גרונט־געדאנק פון אר-טיקל איז, אז עס זייַנען פאראן זשאנרען, רעוואָליוציאָנערע פאָרמעס און קאָנסערוואטיווע, בייס אינדערעמעסן איז דאָס פירנדיקע און באשליסנדיקע ניט די פאָרמע, נאָר דער אינהאלט, און דעריבער טרעפט זייער אָפּט, אז דער

ביַיער אינהאלט שלאָגט זיך דורך א וועג אויך דורך מער אָדער ווייניקער פארעלטערטע פאָרמעס, אָפּגעלעבטע זשאנרען א. א. וו.[1]

אין פארגליַיך מיט דעם, וואָס מיר האָבן ביז דאן געהאט אין אונדזער קריטיק וועגן דער דאָזיקער פלעיאדע דיכטער, האָט דעם כ׳ בראָנשטיינס דאָזיקע ארבעט אסאך גרויסע פּליוסן. זיַין פארדינסט באשטייט ניט נאָר אין דעם, וואָס ער האָט רעאביליטירט דעם קינסטלערישן ווערט פון די דאָזיקע שריַיבער, ניט נאָר, וואָס ער האָט דאָ (ניט דער ערשטער, אָבער דעם ערשטן מאָל אזוי געלונגען) אָפּגעשלאָגן די אטאקעס פון דער יִדישיסטישער און נאצ-אָפּאָרטוניסטישער קריטיק אַף די בעסטע טראדיציעס פון ווינטשעווסקין, באָוושאָווער און עדלשטאט, נאָר אויך (און באזונדערס) אין דעם, וואָס —

1) ער באוויַיזט קאָנקרעט, וויאזוי די דיכטונג פון די פּאָרגייער פון דער יִדישער פּראָלעטארישער ליטעראטור האָט באווירקט און באיַינפלוסט די ליטעראטור פון די ערשטע יאָרן אָקטיאבער־רעוואָליוציע, ער באוויַיזט אונדז, אין וואָס די דאָזיקע ווירקונג האָט זיך קאָנקרעט אויסגעדריקט (זיַיטן 42—45; 63—65 א. אנד.).

2) אונטערשטריַיכנדיק יענע „סאָציאַל־דינאמישע קרויוועשאפט צווישן אָט די דאָזיקע צוויי טקופעס... וואָס האָט געגעבן דעם באָלשעוויסטישן ארבעטער-דאָר די מעגלעכקיַיט אויסצונוצן אין די יאָרן פון בירגער-קריג די סטיל-דערגרייכונגען פון דער אנארכיסטישער מאסקיליש-אוטאָפּיסטישער יִדישער ארבעטער־פּאָעזיע אין אמעריקע״ — צייכנט ער אָבער גליַיכציַיטיק אָפּ דעם פּרינציפּיעלן אונטערשייד צווישן דער דיכטונג פון די דאָזיקע צוויי באזונדערע „טקופעס״ (36). דער כעסאָרן איז נאָר, וואָס ער פאראלגעמיינערט דאָ צופיל דעם אידעאָלאָגישן טאָך פון די ערשטע יִדישע ארבעטער-דיכטער. אפילע בא באָוושאָווערן און עדלשטאטן (פון ווינטשעווסקין אָפּגערעדט) זיַינען פאראן היפּשע עלעמענטן, וואָס גייען ארויס פון די ראמען פון דער דאָזיקער פאָרמולע.

3) דער כ׳ בראָנשטיין פארשטייט אונטערצושיידן צווישן דעם קלאסן-כאראקטער פון געוויסע סטיל-עלעמענטן בא די דאָזיקע ארבעטער-דיכטער (קאָסמיזם, אורבאניזם, פאטעטישע ריטאָריק, ביבליש-פּראָפעטישער „הויכער סטיל״ א. אז. וו.) און קלאסן־כאראקטער פון אזוינע און ענלעכע עלעמענטן בא די ראדיקאל־געשטימטע קליינבירגערלעכע מיטלויפער-שריַיבער אין אונדזער נאָכאָקטיאבערדיקער ליטעראטור (46—48) און אויך צווישן די זעלבע עלעמענטן בא די ערשטע און ענלעכע אזוינע עלעמענטן בא די קליינבירגערלעכע שריַיבער פון נאָך פאר דער רעוואָליוציע, אשטייגער, אין אייניקע ערטער בא רייזענען (ז. 40).

1 אָט וואָס לעונין שריַיבט וועגן דער פראגע פון אלטע און נייַע פאָרמעס: „די רעכטע דאָקטרינעריַי האָט זיך אָנגעשפארט אַף אָנערקענען נאָר די איינע אלטע פאָרמעס און האָט באנקראָטירט ביזן סאָף, ניט באמערקנדיק דעם נייַעם אינהאלט; די לינקע דאָקטרינעריַי שפּארט זיך אָן אפּן אומבאדינגטן אָפּלייקענען באשטימטע אלטע פאָרמעס, ניט זעענדיק, אז דער נייַער אינהאלט שלאָגט זיך דורך א וועג דורך אלע און קאָלערליי פאָרמעס. אונדזער פליכט, אלס קאָמוניסטן, איז צו באהערשן די אלע פאָרמעס, אויסצולערנען זיך מיט דער מאקסימאלער גיכקייַט צו דערגענצן איין פאָרמע מיט דער צווייטער. פארבייַטן איינער מיט א צווייטער, צופּאסן די גאנצע טאקטיק צו יעדער אזא אומבייַט, וואָס ווערט ארויסגערופן ניט דורך אונדזער קלאס אָדער ניט דורך אונדזערע באדינגונגען״ (לענין, ב. XXV, ז. 238).

4) דער כ׳ בראָנשטיינ האָט, דוכט זיכ, דער ערשטער בא אונדז אופֿמערק־
זאמ געמאכט אפֿ דער פּראָזע פֿונ אונדזערע ערשטע פּראָלעטארישע שרײַבער
(56—58). דאָס איז באזונדערס וויכטיק אָפּצומערקנ, ווײַל נאָכ איצטער אפֿילע
רעדט מענ איבערהויפּט נאָר וועגנ זייער דיכטונג, פֿארשווײַגנדיק דאָסראָוו
די ניט ווייניקער באדײַטנדיקע פּראָזע זייערע. ער דעקט אופֿ א גאנצע רײ
כאראקטעריסטישע שטריכנ פֿונ אָט דער פּראָזע (איבערפֿלעכט פֿונ ליריש-פּא-
טעטישנ עטיוד אונ סענטימענטאלער שטייגער-נאָוועלע א. אז. וו.). לאָזט זיכ
אויס, אז ניט נאָר די פּאָעזיע, נאָר אויכ זייער פּראָזע האָט געלאָזנ קענטיקע
שפּורנ אפֿ אונדזער נאָכאָקטיאבערדיקער פּראָלעטארישער ליטעראטור (69—70).

דאָס אלצ טראָגט ארײַנ אסאכ נײַס אינ דערלערנענ די שאפֿונג פֿונ אונ־
דזערע ערשטע ארבעטער־דיכטער. כ׳ בראָנשטיינ האָט אָבער ווײַט ניט אויס-
געשעפּט די דאָזיקע וויכטיקע טעמע אונ, דעריקער, דערלאָזנ א רײ אומפּינקט-
לעכקײַטנ אונ פֿעלערנ. כוצ די שוינ אויבנדערמאָנטע, איז קעדײַ נאָכ צו דער־
מאָנענ אויכ פֿאָלגנדיקע:

1) ריידנדיק וועגנ די ערשטע פּראָלעטארישע שרײַבער, האָט ער ניט אָנ-
געוויזנ אפֿ דער אייגנארטיקײַט אונ באזונדערקײַט בא יעדנ פֿונ די דאָזיקע שרײַ-
בער. כ׳ בראָנשטיינ נעמט אָפּט איינעמ א כאראקטעריסטישנ שטריכ פֿונ דעמ
אָדער יענעמ, ער ווײַזט אָבער ניט אָנ, אז, לעמאָשל, דאָס פֿעלנ פֿונ „שטאָלצנ
באוווסטזײַנ פֿאר א נײַער מאשינענ־קראפֿט״ (49), וואָס איז כאראקטעריסטיש
פֿאר עדלשטאטנ, ראָזנפֿעלדנ, איז שוינ גאָרניט כאראקטעריסטיש פֿאר באָוו-
שאָווערנ, ווינטשעווסקינ א. ד. גל.

2) די ארבעט איז געבויט אזוי, אז די דאָזיקע גרופּע ווערט ניט גע-
נוג אויסגעטײלט אונ אָפּגעגרענעצט ניט פֿונ די פּראָלעטארישע שרײַבער
אינ פּעריאָד פֿונ בירגער-קריג אונ ניט פֿונ די געוועזענע מיטלויפֿער. דאָס
פֿעלנ פֿונ א געוויסער סיסטעמאטישקײַט אינ אויסלייג, די זייער אָפּטע שפּרונ-
גענ אונ איבערפֿלעכטנ שאפֿנ א פּלאָנטער באמ לייענער אונ מאכנ שווער זיכ
צו פֿאנאנדערקלײַבנ אינ קלאסנ-מעהוס פֿונ יעדער גרופּע שרײַבער באזונדער.

3) דער כ׳ בראָנשטיינ אָפּערירט דאָרטנ נאָכ אָפּט מיט פֿארעלטערטע טער-
מינענ אונ באגריפֿנ, ווי „טקופֿע״, „עפּאָכע״, „ראדיקאלע אינטעליגענצ״, „סאָ-
ציִאל-סענטימענטאליזמ״ (סאָציִאל איז יעדער מינ סענטימענטאליזמ) א. אז. וו.
אויכ דאָס טראָגט ארײַנ א היפּשע אומקלאָרקײַט באמ פֿאנאנדערקלײַבנ זיכ
אינ קלאסנ-כאראקטער פֿונ דעמ אָדער יענעמ שרײַבער, אָדער גרופּע שרײַבער.

4) דער אווטער לאָזט איינגאנצנ דורכ איינעמ פֿונ די וויכטיקסטע עלע־
מענטנ אינ דער שאפֿונג פֿונ די ערשטע פּראָלעטארישע שרײַבער — די סא-
טירע. די פּראָזע זייערע ווערט דעריבער כאראקטעריזירט דעריקער, ווי א ווײַ-
נענדיקע „סאָציִאל-סענטימענטאלע״, אנ „אָנגעזועטיקטע מיט זשאנער־שטייגע-
רישקײַט״ (56). דאָס איז אינ גרונט ריכטיק בענוגע דער פּראָזע פֿונ עדל־
שטאט, באָוושאָווער. דער אווטער פֿארגעסט אָבער אָנ דער פּראָזע פֿונ ווינ־
טשעווסקינ, ראָזנפֿעלדנ (גענוג אָנצווײַזנ אפֿ ווינטשעווסקיס פֿעליעטאָנענ, פֿא-
ראָדיעס, פֿאבולעס, צי אפֿ ראָזנפֿעלדס סקיצנ, עטיודנ, פֿאמפֿלעטנ אונ אז. וו.).
דאָס איז ניט קיינ פֿאָשעטער בלויז, דאָס דרינגט ארויס פֿונ דער ניט ריכטי־
קער האנאָכע וועגנ דער „קאָנסערוואטיווקײַט״ פֿונ שטייגער-זשאנרענ, וואָס
האָט געצווונגענ דעמ אווטער צו זוכנ מוסטערנ בלויז פֿונ ערשטנ מינ.

5) די פארהעלטענישמעסיקע אָרעמקייט אין רעוואָליוציאָנערער פּראָזע (ביזן אופשטעלונג־פּעריאָד) ווי אויך דער כאראקטער פון דער פּראָזע, וואָס איז שוין יאָ געווען (איר סטיל, זשאנער א. אז. וו.) ווערט ווידעראמאָל באשטימט, לויט דעם כ׳ בראָנשטיין, ניט דורכ דעם ביוואָ פון קינסטלערס קלאסנ־באַוווסטזיין, דורכ זיין קלאסעווער ציל-איינשטעלונג, נאָר דורכ „דעמ אייגנאר־טיקנ כאראקטער פון דער עפּאָכע, וואָס שאפט א מינ „אייגנארטיקע פּראָזע פון שטורעמ־יאָרנ" (ז. 59), ווידעראמאָל, הייסט עס, מיט דער „אָביעקטיווער ווירקלעכקייט גופע" (71). אָדער מיט דעם, וואָס דער, צי יענער סטיל־עלע־מענט („פאָלקסטימלעכער סענטימענטאליזמ", לעמאָשל) האָט נאָכ פארמאָגט אינ זיכ „א געהעריקע אָנלאָדונג פון רעוואָליוציאָנערער אופרייס-קראפט" (72), צי אפילע מיט דעמ, וואָס „ער (דער „פראָפעטישער טאָנ") האָט זייער אויס-גענומענ בא דער יידישער ארבעטערישער לייענער-מאסע" (56). דעמ דאָזיקנ פעלער האָט דער כ׳ בראָנשטיינ שפעטער ועלבסטקריטיש פאריכט אינ זיינ ארבעט „סאכאקלענ פון 15 יאָר קאמפ פאר מארקסיזמ-לעניניזמ אינ ליטערא־טור-קענטעניש" (זע דעמ „ליטעראריש־לינגוויסטישנ זאמלבוכ" פון יידסעק-טאָר, וואק, „15־טנ יאָרטאָג אָקטיאבער־רעוואָליוציע", זייט 28).

טיילווייז לאָזנ זיכ די בלויזנ (אויב ניט ריידנ וועגנ די פעלערנ) פארענט־פערנ דערמיט, וואָס דער כ׳ בראָנשטיינ האָט זיכ דאָ ניט געשטעלט פאר קיינ ציל געבנ א ספּעציעלע אָפּהאנדלונג וועגנ די דאָזיקע דיכטער. אונדז אָבער איז נאָר וויכטיק געווענ אויסצוטיילנ דאָס פעלערהאפטע פונעמ ריכטיקנ אונ פרינציפּיעל-נייעמ, וואָס דער כ׳ בראָנשטיינ האָט אריינגעטראָגנ אינ דער קרי־טיק וועגנ אונדזערע ערשטע פראָלעטארישע שרייבער.

* * *

אינ זיינע „ביבליאָגראפישע נאָטיצנ" [1] הייבט אופ דער כ׳ עריק א גאנצע ריי זייער וויכטיקע פּראָבלעמעס, וואָס שטעלנ זיכ פאר אונדזער ליטעראטור־פאָרשונג אינ פארבינדונג מיטנ אָפּשאצנ די ירושע פונ אונדזערע עלטערע פּראָלעטארישע שרייבער. דאָס ערשטע קאפּיטעלע שטעלט מיט זיכ פאָר א מינ סאכאקל פונ דעמ דורכגעמאכטנ עטאפּ אינ דער דיסקוסיע, וואָס עס איז געפירט געוואָרנ אינ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור־קריטיק ארומ די דאָזיקע שרייבער. דער אווטער קומט צומ אויספיר, אז אסאך וויכטיקע פראגעס (ספּע-ציפישע וואָג פונ דער עלטערער פּראָלעטארישער ליטעראטור; די עווענטועלע ספּעציפישע פאָרמעס פונ דער יונגער אינטערנאציאָנאלער פּראָלעטארישער ליטעראטור אינ דער יידישער סוויווע; קאָנקרעטע קריטיק פונ ווינטשעווסקי־עדלשטאט־באָווּשאָווערס ירושע אונ אז. וו.) „זיינענ אינ דער ביז איצטער-דיקער דיסקוסיע קוימ בארירט אונ אָפּט אינגאנצנ ניט דיסקאָנטירט געוואָרנ". פארבייגייענדיק ווערט דאָ געשטעלט די פראגע וועגנ דער מעגלעכקייט פונ מיטלויפעריי אינ דער פאראָקטיאבערדיקער יידישער ליטעראטור, וועלכע דער כ׳ עריק פרוווט לייזנ פּאָזיטיוו.

[1] מאקס עריק — „וועגנ דעמ טעקסט פונ אונדזערע עלטערע פּראָלעטארישע שרייבער" — זשור-נאל „שטערנ" נ. 4—5 מינסק, 1931.

דאָ האָט דער כ׳ עריק לויט אונדזער מיינונג, צו אײַליק געלייזט די דאָזיקע וויכטיקע פראגע. ער ברענגט ניט קיינ שום ארגומענטאציע, פונקט ווי די פּאָזיטיווע לייזונג פונ דער פראגע איז א זעלבסטפארשטענדלעכע זאכ. ביפראט שײַנט אונדז פאר ניט ריכטיק דאָס אויסברייטערנ דעמ באגריפ „מיטלויפערײַ" שיר ניט אפ דער גאנצער קליינבירגערלעכער יידישער ליטעראטור, זינט דער אנטשטייונג פונ דער מאסעווער ארבעטער־באוועגונג (90־ער יאָרנ פונ פאָריקנ י. ה.) אונ ביזנ הײַנטיקנ טאָג. אונדז דאכט זיכ, אז ריידנ וועגנ מיטלויפערײַ פונ דער פאראָקטיאבערדיקער ליטעראטור קענ מענ נאָר בענעגייע איינצלנע שרײַבער, אונ דאָס אויכ אינ יאָרנ פונ גאָר גרויסנ אופשווונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער פראָלעטארישער באוועגונג.

אינ די ווײַטערדיקער צוויי קאפיטלענ גיט דער כ׳ עריק א קריטישנ איבערבליק איבער די טעקסט־אויסגאבעס פונ די עלטערע פראָלעטארישער שרײַבער. באזונדערס געגוי שטעלט ער זיכ אָפּ אפ דער צענבענדיקער אויסגאבע פונ וויגטשעווסקיס ווערק, וואָס איז דערשינענ אינ פארלאג "פרײַהײַט" (ניו־יאָרק). צוזאמענ מיט א ריי פּאָזיטיווע מאָמענטנ ווײַזט אָנ דער כ׳ עריק אויכ אפ א ריי כעסרוינעס אינ דער דאָזיקער אויסגאבע. דער גרעסטער כעסאָרנ „איז די ניט היסטאָרישע פאָרמע פונעמ טעקסט". כ׳ עריק געפינט אויס אסאכ וויכטיקע פעלערנ אינ דעמ ערשטנ באנד פונ דער דאָזיקער אויסגאבע, וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר א מאָנאָגראפישע ארבעט פונ דעמ כ׳ קאלמענ מארמאָר (ביאָגראפישער מעטאָד, אפּאָלאָגעטיק פונ אָפּאָרטוניסטישנ פעריאָד בא ווינטשעווסקינ, אומפארטייישע באלויכטונג פונ א ריי פּאָליטישע מאָמענטנ, פארבונדענע מיט ווינטשעווסקיס געזעלשאפטלעכער טעטיקײַט אונ אז. וו.). ער שטרײַכט אָבער אונטער, אז דער כ׳ מארמאָר האָט „אָנגעזאמלט א וויכטיקנ ביאָגראפישנ מאטעריאל אונ קימאט אלע מאָל פונ דער ערשטער האנט" אונ אז „אקאדעמישע אויסגאבעס פונ אונדזערע עלטערע פראָלעטארישע שרײַבער זײַנענ אומעגלעכ אָנ דער אקטיווסטער מיטארבעטערשאפט פונ אונדזערע אמעריקאנער כאווירימ, אינ דער ערשטער ריי—פונ כ׳ מארמאָר".

געבנדיק אנ איבערזיכט איבער די טעקסטנ גופע פונ דער דאָזיקער אויסגאבע, גיט דער כ׳ עריק א ריי וויכטיקע אָנמערקונגענ וועגנ זיי, באזונדערס ווערטפול זײַנענ די באמערקונגענ וועגנ ווינטשעווסקיס דראמעס אונ פעליעטאָנענ.

סומירנדיק זײַנ איבערבליק איבער די פאראנענע טעקסטנ, קומט דער כ׳ עריק צומ אויספיר, אז „בעסער האלטנ מיר מיט עדלשטאטס אונ באָוושאָווערס ליטערארישע יערושע", כאָטש אויכ דאָ האָבנ מיר ניט קײַנ פולע אויסגאבעס פונ זייערע ווערק. ערגער איז די לאגע מיט דער ליטערארישער יערושע פונ מאָריס ווינטשעווסקי, ווײַל אפילע די „פרײַהײַט"־אויסגאבע אנטהאלט בלויז בא א העלפט פונ ווינטשעווסקיס שאפנ. אינ סאָוועטנפארבאנד האָבנ מיר דערווײַל נאָר דאָס אויכ ניט. צומ שלוס קומענ אייגיקע פראקטישע פאָרשלאגנ, וויאזוי צו פארפילנ דעמ דאָזיקנ בלויז.[1]

1 לעצטנס זײַנענ אונדזערע צוויי וויסנשאפטלעכע אינסטיטוטנ פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור אינ קיעוו אונ אינ מינסק צוגעטראָטנ צו א גרויסער ארבעט אפ ארויסגעבנ די ווערק פונ די דאָזיקע שרײַבער. די דאָזיקע אויסגאבנ וועלנ דערשײַנענ אינ דער געהעריקער מארקסיסטישער באלויכטונג.

# װעגן סאָװעטישן, ייִדישן ליטעראַרישן לעקסיקאָן

די אידײ װעגן שאַפֿן א סאָװעטישן ייִדישן ליטעראַרישן לעקסיקאָן איז אופֿגעקומען נאָך מיט א פּאָר יאָר צוריק. אינ אינסטיטוט פֿאַר ייִדישע פּראָלעטאַרישע קולטור באַ דער װײַס. װיסנש. אקאַד. האָט די דאָזיקע פֿראַגע אופֿגעהױבן אינ 1931 יאָר דער כ׳ ערִיק. צוליב א רײ שװעריקײַטן, דעריקער צוליבן מאַנגל אינ װיסנשאַפֿטלעכע קאַדרן, איז די דאָזיקע פֿראַגע דאַן אראָפּגענומען געװאָרן פֿונ טאָגסאָרדער. שפּעטער האָט מיט דער דאָזיקער פֿראַגע זיך פֿאַרנומען דער קיִעװער אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור. עס איז צונױפֿגעשטעלט געװאָרן א גענױע אנקעטע, װעלכע מע האָט צעשיקט צװישן א טײל אונדזערע סאָװעטישע שרײַבער, קריטיקער אונ ליטעראַטורטוער. ס׳איז צונױפֿגעזאַמלט געװאָרן א גרױסער ביבליאָגראַפֿישער מאַטעריִאַל. א. א. װ. אױך דער מינסקער אינסטיטוט האָט ביבליִאָגראַפֿירט די ליטעראַריש-קריטישע מאַטעריִאַלן פֿונ דער סאָװעטישער ייִדישער פּרעסע פֿאַר די לעצטע 10 יאָר. פֿאַראַנען, הײסט עס, שױן א היפּשער הילף-מאַטעריִאַל פֿאַר אָנהײבן די אַרבעט איבערן לעקסיקאָן. פֿאַר דער צײַט איז אױך אונטערגעװאַקסן א באַדײַטנדיקע צאָל ייִנגערע ליטעראַטור-קריטיקער אינ מינסק, קיִעװ, מאָסקװע אונ אנד. איצטער איז לױט דער איניציִאַטיװ פֿונעם כ׳ אגורסקי (דירעקטער פֿונעם אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור באַ דער װײַסרוסישער װיסנשאַפֿט-אקאַדעמיִע), װידעראַמאָל אופֿגעהױבן געװאָרן די דאָזיקע פֿראַגע. דאָס אַלץ זאָגט אײדעס, אַז אַזא לעקסיקאָן שטעלט מיט זיך פֿאָר צום הײַנטיקן טאָג א גרױסע נױטװענדיקײַט, אַז די דאָזיקע פֿראַגע װערט װאָס װײַטער אַלץ רײַפֿער.

װאָס רופֿט אַרױס די נױטװענדיקײַט פֿונ אַזא לעקסיקאָן, אונ װאָס זײַנען זײַנע צילן? די סאָװעטישע ליטעראַטור פֿאַרנעמט װאָס װײַטער אַלץ א מער קענטיקן אונ בעקאָװעדיקן אָרט אינ אונדזער גאַנצער קולטור-בױונג. די קינסטלערישע ליטעראַטור איז א װיכטיקער אינסטרומענט אינ די הענט פֿונעם רעװאָליוציִאָנערן אַרבעטער-קלאַס, װאָס בױט די אָנקלאַסאָװע געזעלשאַפֿט. די ליטעראַטור איז א מעכטיקער געװער אינעם קאַמף פֿאַר אױסלעבן די לעצטע רעשטלעך פֿונ קאַפּיטאַליזם אינ דער עקאָנאָמיק אונ באַװוסטזײַן פֿונעם מענטשן. דער װוקס פֿונ אונדזער סאָװעטישער ליטעראַטור, די גרױסע דערגרײכונגען, װעלכע זי האָט צו באַװײַזן, באַזונדערס פֿאַר די לעצטע יאָרן, נאָך דער באַשטימונג פֿונ צק אַלקפּ(ב) פֿונ 23 אַפּרעל 1932 (ניט געקוקט, אַפּ איר

היפשנ אָפשטייַנ אינעמ אָפשפיגלענ אונדזער גראנדיעזע סאָציאַליסטישע בויונג
אונ קולטורעלנ אופשטייַג פונ די מאסנ ארבעטער אונ קאָלווירטניקעס); דער
גרויסער צופלוס פונ נייַע, יונגע שעפערישע קויכעס, וואָס קומענ דאָסראָוו
אינ דער ליטעראטור פונ פאבריק, קאָלווירט, רויטער־ארמיי א. א. וו.;
דער גרויסער אידייִש־שעפערישער איבערבויונג־פּראָצעס, וואָס איז פאָרגע-
קומענ אונ קומט נאָכ פאָר צווישנ די מאסנ רעוואָליוציאָנערע קלייַנבירגער-
לעכע שרייַבער (געוועזענע מיטלויפער); זייער בעהאדראָגעדיקער, אָבער שויג
זיכערער אונ פעסטער גאנג פאָרויס צומ פּראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאַליזמ;
דאָס אַלצ טיפערע אריינדרינגענ אינ דער זייער קאָמפליצירטערווירקלעכקייַט
אונדזערער, דאָס באנעמענ זי פונעמ שטאנדפונקט פונ מארקסיסטיש-לעניני-
שער וועלט-אָנשויונג, אונ אינעמ רעזולטאט פונ דעמ אלעמענ — די באדייַטנ-
דיקע פרווונ, וואָס מיר האָבנ אינ געביט פונ אָפשפיגלענ די דאָזיקע ווירק-
לעכקייַט קינסטלעריש מיטנ מעטאָד פונ סאָציאַליסטישנ רעאליזמ; ענדלעכ, דער
קאָלאָסאַלער קוואַליטאטיווער אונ קוואנטיאטיווער וווּקס פונעמ פּראָלעטארישנ
פליגל אינ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור — דאָס אלצ שטעלט מיט זיכ פאָר איי-
נעמ פונ די פילצאָליקע אויסדרוקנ פונ דער גרויסער קולטור-רעוואָליוציע, וועלכע
קומט פאָר בא אונדז אינ סאָוועטנלאנד אפ דער באזע פונ פּראָלעטארישער דיקטא־
טור, גראנדיעזער סאָציאַליסטישער בויונג אונ קאָנסעקווענטער לענינישער נאצ-
פּאָליטיק. דאָס אלצ איז אנ אויסדרוק פונ דעמ קאָלאָסאַלנ שעפערישנ ענטוזיאזמ,
וואָס האָט ארומגעכאפט די ברייטע פּראָלעטארישע אונ קאָלווירטישע מאסנ —
אנ אויסדרוק פונ די דעצידירנדיקע זיגנ, וואָס די באָלשעוויסטישע פארטיי
האָט אָפגעהאלטנ אפ אלע פראָנטנ פונ אונדזער סאָצ־בויונג אינ קאמפ מיט
די פארשיידענערליי אָפענע אונ פארבאהאלטענע קלאסנ־סאָנימ, אינ קאמפ מיט
די אָפּאָרטוניסטנ אונ ניט־גלויבער פונ קאָלערליי פארבנ אונ סאָרטנ.

וואָס מער מיר דערנעענטערנ זיכ צו דער פולער פארווירקלעכונג פונ
לענינס לאָזונג — „די ליטעראטור דארפ ווערנ די זאכ פונעמ גאנצנ ארבע-
טער־קלאס“,—וואָס מער אונדזער סאָוועטישע ליטעראטור ווערט שוינ אזא, אלצ
מער פילט זיכ די נייטיקייַט צו פּאָפּוליאריזירנ צווישנ די מאסנ ארבעטנדיקע
די באדייַטנדיקע דערגרייכונגענ פונ דער ליטעראטור אונדזערער. די נייטיקייַט
פונ געבנ דעמ ארבעטער-לייענער אזא בוכ, וואָס זאָל מיט זיכ פאָרשטעלנ
א מינ סאכאקל פונ די שטרייַטנ, וואָס די פארטיי האָט געפירט פאר א ריכ־
טיקער באָלשעוויסטישער ליטעראטור-פּאָליטיק, פאר אריבערציענ אונ איבער־
דערציענ אינ אונדזער גייַסט די ברייטע קאדרענ סאָוועטישע שרייַבער, א סא-
כאקל פונ דעמ אקשאָנעסדיקנ קאמפ, וואָס אונדזער מארקסיסטישע ליטעראטור־
קריטיק האָט געפירט מיט די קאָלעהליי בורזשואזע טעאָריעס אונ אייַנפלוסנ
אפ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור א. א. וו. דער ארבעטער־לייענער דארפ
האָבנ א בוכ, אינ וועלכנ ער זאָל געפינענ קאָנצענטרירטע, אָבער פּאָשעטע
אונ קלאָרע פאָרמולירונגענ וועגנ דעמ ווערט אונ דער באדייַטונג פונ דעמ
אָדער יענעמ בוכ, וואָס ער לייענט, וועגנ די דערפּאָלגנ אָדער פעלערנ בא
דעמ אָדער יענעמ שרייַבער אונדזערנ; א בוכ, וואָס זאָל מיטהעלפנ דעמ
ארבעטער-לייענער פאנאנדערקלייַבנ זיכ אינ דעמ קאָמפליצירטנ, אָפטמאָל זיג־
זאגארטיקנ וועג, וואָס עס האָט דורכגעמאכט אונדזער ליטעראטור פאר די
16 יאָר פונ איר עקזיסטענצ; א בוכ וואָס זאָל וויַיזנ אָט דעמ וועג, וועלכער

שטעלט מיט זיך פֿאָר אײנ דורכויסיקע ליניע פֿונ אומופהערלעכנ שטײַגנ בארג־ארופ, צו די הייכנ פֿונ קונסט פֿונ באַלשעוויזם. אזא בוך דארפ געבנ א קלאָרע פֿאָרשטעלונג וועגנ דעמ, אינ וואָס עס באשטייענ די פֿאראנענע שווערקײַטנ פֿונ וווּקס, וואָס די ליטעראטור אונדזערע האָט גויוועלט צו זײַנ, ווי זײַנענ די סיבעס פֿונ איר צײַטווײַליקנ אָפּשטיינ (באזונדערס אינ געביט פֿונ קריטיק, דראמאטורגיע, קינדער־ליטעראטור אונ אנד.) אונ וואָס עס דארפֿ ווערנ געטאָנ דאָס דאָזיקע אָפּשטיינ צו ליקווידירנ.

אזא בוך וועט דינענ אלס הילפֿ־בוך פֿאר אונדזער סטודענט, עלטערנ שי־לער אונ. אז. וו., וואָס איז צום הײַנטיקנ טאָג נאָך אלץ געצוווּנגענ בלאָנ־דזשענ אינ די לאַבירינטנ פֿונ שווערע, ווייניק צוגעגנלעכע פֿאר אימ אונ אָפֿטמאָל סטירעסדיקע, צי אפֿילע פֿעלערהאפֿטע ליטעראריש־קריטישע מאטע־ריאַלנ ביכדיי צו דערוויסנ זיך דאָס, וואָס אימ אינטערעסירט וועגנ דעמ צי יענעמ שרײַבער אָדער ווערק. אזא בוך וועט נאָך מוזנ דינענ אלס האנט־בוך (ספּרא־וואָטשניק) פֿאר דעמ לערער, שרײַבער, ליטעראטור אונ קולטור־טוער, פֿאר־גרינגערנדיק זיי די ארבעט מיט דעמ, וואָס מענ וועט לײַכט קאָנענ דאָרט געפֿינענ די געהעריקע דעפֿיניציעס, דאטעס, ביבליאָגראפֿיע אונ אנדערע נייטיקע ידיעס.

אפֿ דער בארשטונג, וואָס די ליט. קאָמיסיע פֿונ אינסטיטוט פֿאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור בא דער ווײַסרוסישער וויסנשאפֿט-אקאדעמיע האָט צונויפֿגערופֿנ דעמ 25־טנ מארט וועגנ דער דאָזיקער פֿראגע, איז קלאָר געוואָרנ, אז מיר נייטיקנ זיך אינ עטלעכע טיפּנ פֿונ אזעלכע האנט- אונ הילפֿ-ביכער. עס איז נייטיק, ערשטנס, א לעקסיקאָנ פֿונ דער סאָוועטישער ייִדישער ליטע־ראטור, וועגנ וועלכנ מיר האָבנ שוינ דאָ גערעדט. צווייטנס, איז נייטיק שאפֿנ א לעקסיקאָנ פֿונ דער ביזאָקטיאבערדיקער ייִדישער ליטעראטור, אינ וועלכנ עס זאָל אפּסנײַ גרינטלעכ רעווידירט ווערנ די גאנצע ליטערארישע ירושע פֿונ פֿאראָקטיאבער, ווו עס זאָל אונטערגעפֿירט ווערנ א שייד-ליניע צווישנ דעמ, וואָס קאָנ אונ דארפֿ פֿארייגנט ווערנ נאָך דער געהעריקער קריטישער דורכלײַכטערונג, אונ צווישנ דעמ, וואָס עס מוז ווערנ אָפּגעוואָרפֿנ אונ אנטשיידנ באקעמפֿט ווי א ירושע, וואָס איז רעאקציאָנער, פֿײַנטלעכ דעמ רעוואָליוציאָנערנ פּראָלעטאריאַט. די באדערפֿעניש אינ אזא לעקסיקאָנ איז באזונדערס גרויס שוינ דערפֿאר אליינ, וואָס אינ אָט דעמ געשיכטלעכנ געביט הערשט נאָך אסאך אומקלאָרקײַט. ניט דערעדטקײַט אונ אפֿילע לאַכלוטנ ווײַסע פֿלעקנ — פֿאקטנ, דערשײַנונגענ אונ פּראָצעסנ, אינגאנצנ נאָך ניט קיינ אויסגעפֿאָרשטע. דער דאָזיקער בוך וועט מוזנ געבנ א גענעראלע שלאכט דעמ „ייִדישיסטישנ קאָלבוי״ — דעמ לעקסיקאָנ פֿונ זאלמענ רייזינ, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר א „יאמ האגאָדל״, געשטיצט אפֿ דרײַ ליוויאָסנס: נאציאָנאליסטיש־פֿאשיסטישער רעאקציע, עקלעקטיק אונ טעמפּע באלעבעסלדיקײַט. פֿליוס צו די אלע „מײַלעס״ איז דאָרט אויכ דער ריינ-פֿאקטישער מאטעריאַל שוינ שטארק פֿארעלטערט אונ דערצו נאָך היפּש פֿארגרײַזט. (זע די רעצענזיע אפֿנ דאָזיקנ לעקסיקאָנ פֿונ ג. שייניג (פּסעוודאָנימ) — א „ייִדישיסטישער קאָלבוי״ אינעמ זאמלבוך „פֿאשיזירטער ייִדישיזמ״, מינסק 1931, זז. 113—121).

אפֿ דער זעלבער בארשטונג איז אויכ קלאָר געוואָרנ, אז מיר נייטיקנ זיך נאָך אינ א סאָוועטישער ייִדישער ליטערארישער ענציקלאָפּעדיע, מעג זײַנ דערווײַל א קליינע, וואָס זאָל אָבער ארומכאפּנ די וויכטיקסטע ליטע־

דאַרישע פיגורן פון דער אַלגעמיין־סאָוועטישער (ייִדישער אײַנגעשלאָסן) און וועלט-ליטעראַטור, א ריי וויכטיקסטע ליטעראַרישע טערמינען, באַגריפן, ריכ-טונגען א. אז. וו. — קורץ, א מין קליינע ליטעראַרישע ענציקלאָפּעדיע, וואָס זאָל באַפרידיקן די סאַמע נייטיקסטע באַדערפענישן פון דעם מאַסן-לייענער, ענטפערן אַף דעם קרײַז פראַגן, מיט וועלכע ער טרעפט זיך אָן טאָגטעגלעך, לייענענדיק די צײַטונג, הערנדיק א פאָרטראָג, זײַענדיק אַף א ליטעראַרישן אָוונט א. ד. גל.

ווי וויכטיק די אַלע דאָזיקע אויפגאַבעס זאָלן ניט זײַן, איז אָבער קלאָר, אַז אָנהייבן דאַרפן מיר פון אַזאַ אַרבעט, פאַר וועלכער עס איז שוין פאַראַן א מער-ווייניק וויסנשאַפטלעך־צוגעגרייטער באָדן און ערשט נאָכדעם, שוין האָבנדיק אויסגעפילט אײַנ אויפגאַבע, נעמען זיך פאַר די אַנדערע ניט וויינ־קער וויכטיקערע. אין קעגנפאַל וועט אויסקומען פאַטערן אַסאַך בײַ-הויצאָעס, אָרגאַניזאַציאָנעלע און שפּעריש. אָט פאַרוואָס מיר האָבן זיך קוידעמקאָל אָפּגעשטעלט אַפן לעקסיקאָן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. דאָס הייסט אַבסאָליוט ניט, אַז מיר גייען אַפן וועג פון קלענסטן ווידערשטאַנד. די פּראָבלעמעס, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דער הײַנטצײַטיקער, מיט דער אונדזעריקער ליטעראַטור, זײַנען ניט ווייניקער און עפּשער נאָך מער קאָמפּ-ליצירט, איידער די פּראָבלעמעס פון ירושה. וואָס איז שײַך שטרײַט־פראַגן, דיסקוסיאָנעלע-מאָמענטן, וועלכע דאָ וועט אויסקומען צו לייזן, וועלן זיי דאָ זיכער אויפקומען אַסאַך מער. דער עצם מאַטעריאַל איז דאָ אויך א פרישער, ברענענדיק־אַקטועלער, מער לײַדנשאַפטלעכער, מער פּאָליטיש-פאַרשאַרפטער. אָבער דאָס אַלץ, וואָס אונדזער מאַרקסיסטיש-לעניניש ליטעראַטור-קריטיק האָט שוין באַוויזן אָפּטאָן און אויפצוטאָן אין דעם געביט, גיט אונדז די פולע גאַראַנטיע, אַז מיט דער דאָזיקער אויפגאַבע וועלן מיר מיט געמיינזאַמע קויכעס זיך ספּראַווען, דערצו איז נאָר נייטיק ווירקלעך א פּרינציפּיעלע, באָלשעוויס-טישע קאָנסאָלידאַציע פון אַלע אידעאָלאָגיש-שטאַנדהאַפטיקע קריטישע קרעפטן, וועלכע מיר פאַרמאָגן, א ווילן גויווער צו זײַן די נאָך ניט אינגאַנצן אויסגע-לעבטע גרופּירערײַ און צוגיין צו דער דאָזיקער אַרבעט מיט דער גאַנצער שאַרפקײַט פון באָלשעוויסטישער קריטיק און זעלבסטקריטיק, ניט שוינענדיק קיין פּערזאָנען.

אין דער קריטיק אונדזערער ביקלאַל און לעקסיקאָגראַפישער אַרבעט ביפּ־ראַט קאָן ניט און טאָר ניט זײַן קיין אַנדער מאָס פאַר אָפּשאַצונגען, ווי די מאָס פון פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגישער שטאַנדהאַפטיקײַט, פּאַרטיייִשקײַט אין דער ליטעראַטור, קינסטלערישע קוואַליטעט. דער צוגאַנג צו דער אָדער יענער ליטעראַרישער פיגור א. אז. וו. מיצאַד דעם לעקסיקאָגראַף מוז זײַן פרײַ פון וועלכע עס איז פּערזענלעכע סימפּאַטיעס, צי אַנטיפּאַטיעס, פרײַ פון אָפּאָרטו-ניסטישן פוילן ליבעראַליזם, קליינבירגערלעכע סענטימענטן, פאַמיליאַרישקײַט. די פּראָדוקציע פונעם שרײַבער, איר אידייִש־קינסטלערישע קוואַליטעט — אָט וואָס עס דאַרף געלייגט ווערן אין גרונט פון דער קריטישער אָפּשאַצונג, וואָס ער באַקומט אין לעקסיקאָן, ניט פאַרמינערנדיק, פאַרשטייט זיך, די ראָליע פון קינסטלערישער און געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט.

עס איז קלאָר, אַז דער שרײַבער, וועלכער איז שפּעריש אַקטיווער, וועלכער גיט א גרעסערע פּראָדוקציע, וועלכער איז שפּעריש פאַרשיידנאַר־

טיקער, פילזײַטיקער, וועט בא אלע אַנדערע גלײַכע באדינגונגענ מוזנ פאַרגעשטעלט ווערנ ברייטער. פונקט אזוי ווי עס איז קיינ סאָפעק ניט, אז ביכדיי צו באלויכטנ א קאָמפּליצירטנ זיגזאגארטיקנ וועג פונ א שרײַבער פאָדערט זיכ אָפט מער פלאצ, איידער פאר כאראקטעריזירנ דעמ שרײַבער, וועמעס וועג ס'איז פונ אָנהייב אָנ געווענ א קלאָרער, א גראָדליניקער. דאָס זעלבע קענ מענ זאָגנ וועגנ שרײַבער, ליטעראטור־טוער מיט רײַכע ביאָגראפיעס אקטיווע אינ געזעלשאפטלעכ־פּאָליטישנ לעבנ א. אז. וו.

די פארטיי האָט ניט ווייניק מאָל אונדז אָנגעוויזנ אפ דעמ באזונדערס שטארקנ אָפּשטיינ פונ אזוינע ליטעראטור-געביטנ, ווי קריטיק, דראמאטורגיע, קינדער־ליטעראטור (באזונדערס פונ דער קריטיק), אונ געגעבנ אונדז דירעקטיוונ שענקענ מער אכט די דאָזיקע אָפּצווײַגנ ביכדיי אויסצוגלײַכנ דעמ פראָנט, ליקווידירנ זייער אָפּשטיינ, ווי דעמ אָפּשטיינ פונ דער ליטעראטור ביקלאל. די רעדאקציע פונ לעקסיקאָנ וועט עס מוזנ דיסקאָנטירנ אונ די דאָזיקע געביטנ שענקענ גרויסע אופמערקזאמקײַט.

דער לענינישער קלאל—בעסער ווייניקער, אָבער בעסער—דארפ זײַנ דער הערשנדיקער צווישנ די אווטערנ, צונויפשטעלער אונ רעדאקטאָרנ פונעמ לעקסיקאָנ. מאקסימאלע זאכלעכקײַט, געפרעסטקײַט פונ געדאנק, קלאָרקײַט פונ פאָרמולירונג, קאָנקרעטקײַט פונ באהויפטונג—אָט וואָס עס איז דאָס וויכטיקסטע פאר אָט דעמ, אזוי צו זאָגנ, ענציקלאָפעדישנ־לעקסיקאָגראפישנ נוסעכ. די ספּעציפיק פונ אָט דעמ נוסעכ באדיגנט גלײַכצײַטיק — מאקסימאלע זאָרגזאמקײַט אינעמ אָפּקלײַב פונעמ מאטעריאל (אויסמײַדנ אָפּצושטעלנ זיכ אפ צופעליקײַטנ, ווי אינ די ביאָגראפיש-ביבליאָגראפישע טיילנ, אזוי אויכ אינ דעמ אָפּשאצנדיקנ, אונ שטרעבנ ווי מעגלעכ פול ברענגענ אונ באלויכטנ דאָס טיפּישע, כאראקטעריסטישע פאר דעמ שרײַבער, ווער רעדט — פעריאָד, צי עטאפ), פולע באגרינדעטקײַט פונ דער כאראקטעריסטיק (דורכ פאקטנ, בײַשפּילנ א. ד. גל.), סיסטעמאטישקײַט (ניט נאָר כראָנאָלאָגישע) פונעמ אויסלייג אונ אז. וו.

יאָגנדיק פונ דעמ לעקסיקאָנ העפקערדיקע אימפּרעסיעס, קאָפּשווינדלדיקע מײַמעריסטיק, אויבנופיקײַט, בויכ-סוואָרעס, פאָרמאליסטישנ קוואטש, פונ איינ זײַט, אונ אקאדעמישע פעדאנטישקײַט, נאָרמאטיווע סכאָלאסטיק, דאָגמאטיזמ, פונ דער צווייטער, טאָרנ מיר אָבער אפ קיינ פאל ניט גרינגשעצנ דעמ מאָמענט פונ אינטערעסאנטקײַט: דער לעקסיקאָנ טאָר ניט זײַנ קיינ טרוקענער קאטאלאָג פונ נעמענ, דאטעס, פאָרמולירונגענ א. ד. גל. דער ערנסטער אינהאלט, די גענויקײַט אונ פינקטלעכקײַט פונעמ אויסדרוק, די וויסנשאפטלעכע סאָלידקײַט טאָר ניט גיינ אפנ כעזשבנ פונ פאָרמ. די ארטיקלענ, נאָטיצנ, ביאָגראפיעס, ביבליאָגראפישע נאָטאציעס א. אז. וו. דארפנ זײַנ געשריבנ אינ א שפּראכ א קלאָרער, א לעבעדיקער אפילע א שפּילעוודיקער. מע דארפ ניט נאָר אויסמײַדנ, נאָר אויכ באקעמפנ די פרווונ פונ וועלנ ניוועלירנ, שאבלאָניזירנ, צושנײַדנ אלצ לויט איינ פאסאָנ. פארקערט, אינ די ארטיקלענ, נאָטיצנ אונ אז. וו. מעגנ אונ דארפנ קומענ צומ אויסדרוק די סטיליסטישע אונ אנד. אייגנארטיקײַטנ פונ זייערע אווטערנ. דער לעקסיקאָנ דארפ זײַנ א בוכ, ניט נאָר א נוצלעכער, נאָר גלײַכצײַטיק אויכ אנ אינטערעסאנט בוכ צומ לייענענ.

פונ וואָס פאר א פארנעמ דארפ זײַנ דער לעקסיקאָנ, וואָס פאר א קאָנטיגענט שרײַבער דארפ ער ארומכאפנ? מיר מיינענ, אז קעדיי ז'ער לעקסיקאָנ זאָל

קאָנען געבן ניט נאָר בילדער פון באזונדערע שרייבער, נאָר זאָל אויך אָפּ-שפּיגלען אונדזער ליטעראַטור-באַוועגונג אינגאנצן גענומען, דאַרפן די צונויפ-שטעלער שטרעבן ארומצוכאַפּן ניט נאָר די יעניקע שרייבער, וואָס האָבן שוין א נאָמען, זיינען שוין געוואָרן פּאָפּולער און אז. וו., נאָר אויך די אונטער-וואַקסנדיקע יונגע ליטעראַטור-קאַדרען, געוויינטלעך אויסמיינדיק צופעליקע נעמען, אזעלכע, וואָס זאָגן גאַרנישט צו אין זייערע ערשטע טריט.

פעסט האַלטנדיק זיך באַם פּרינציפּ פון סאָוועטישע שרייבער, דאַרפן פון לעקסיקאָן ארויספאַלן אַלע די, וואָס האָבן א געוויסע צייט אזוי אָדער אנדערש מיטגעאַרבעט אין די צי יענע סאָוועטישע אָרגאַנען און וועלכע האָבן פריער צי שפּעטער ענדגילטיק דעזערטירט פון אונדזער לאַגער. אזעלכע נעמען קען מען אָנרעכענען גאַנצע היפש. פון דער אנדער זייט, דאַרף, לויט אונדזער מיינונג, דער לעקסיקאָן ניט פאַרבייגיין אזעלכע נעמען, וואָס זיינען אריינגעטראָטן אין דער ליטעראַטור נאָך פאַר דער רעוואָלוציע, האָבן אָבער שפּעטער ניט געפונען אין זיך גענוג שעפערישע קויכעס אפ מיטצוגיין אין טראָט מיט אונדזער לי-טעראַטור, אָבער וועלכע לעבן און אַרבעטן אין פאַרשיידענע געביטן דאָ בא אונדז, זיינען טריי און איבערגעגעבן אונדזער סאָצבויונג. אזעלכע שטעלן מיט זיך פאָר א גאַנצע קליינע גרופּקע, קיין באַלאַסט פאַרן לעקסיקאָן שטעלט זי מיט זיך ניט פאָר, איז ניטאָ, דוכט זיך, קיין גרונט זיי ארויסצוּוואַרפן פון א ליטעראַרישן לעקסיקאָן. פון אנדערע גרופּעס, האַלטן מיר, דאַרפן אין לעקסי-קאָן אריין אכוץ בעלעטריסטן און קריטיקער לויט זייער פאַך, נאָך א ריי אַנגעזעענע פּאַרטיי-כאַווערים, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער ליטעראַטור, האָבן פון צייט צו צייט געשריבן, צי ארויסגעזאָגט זיך אפ א ליטעראַריש-פּו-בליציסטישער טעמע, רעדאַקטאָרן פון צייטונגען און זשורנאַלן, מערער אַקטיווע אָטשערקיסטן. רעצענזענטן, ביבליאָגראַפן און אז. וו. מע דאַרף רעכענען, אז די צאָל פון אזעלכע וועט דערגיין ביז א 300.

אכוץ פּערזאָנען-נעמען וועט אין לעקסיקאָן דאַרפן אריין אויך נעמען פון ליטעראַרישע אָרגאַנען (זשורנאַלן, אַלמאַנאַכן), שרייבער-אָרגאַניזאַציעס און אויך אייניקע אַרטיקלען און איבערזיכטן איבער געוויסע ליטעראַרישע פּראָצעסן, צי דערשיינונגען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען, צי אופגעקומען אין אונדזער ליטע-ראַטור-באַוועגונג, צ. ב. „אַרבעטער-שלאָגלער אין דער ליטעראַטור", „לאַנדשוץ ליטעראַטור" און אנד. דער לעקסיקאָן וועט, אַלזאָ, ניט זיין „פון ליטעראַטור און פּרעסע", נאָר בלויז פון ליטעראַטור. א לעקסיקאָן פון דער גאַנצער סאָ-וועטישער ייִדישער פּרעסע איז א זייער וויכטיקע און נייטיקע אופגאַבע, וואָס קען און דאַרף געשטעלט ווערן צום לייזן פאַר אונדזערע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן, אָבער וואָס מוז ניט דאַפקע פאַרייניקט ווערן מיט דעם ליטעראַרישן לעקסיקאָן. א דיסקוסיע האָט ארויסגערופן (אין מינסק, ווי אויך אין קיִעוו) די פראַגע וועגן אריינעמען אנדערע ליטעראַטור-באַגריפן (אכוץ די אויבנדערמאָנטע זשורנאַלן, אָרגאַניזאַציעס) צ. ב. אזוינע באַגריפן, ווי סימ-וואָליזם, אימפּרעסיאָניזם, סאָציאַליסטישער רעאַליזם און אז. וו. מיר זיינען אָבער געקומען צום באַשלוס עס ניט איינצושליסן, צוליב דעם, ווייל דאָס וואָלט פאַרנעמען אסאַך אָרט, צייט און קויכעס. די ראַמען פון לעקסיקאָן וואָלטן דאַן געמוזט היפש פאַרברייטערט ווערן. סאָפּקאָלסאָפּ וועט דאָס אריינעמען א צווייַ צענדליק ליטעראַרישע באַגריפן ניט פאַרענטפערן די באַדערפענישן

אין א ליט. ענציקלאָפּעדיע, איז עפּשער טאקע קעדײַ אָפּוואַרטן מיט דעם אײדער אײַנגײן אפ א פּאַליאַטיוו, און דערווײַל טאקע ניט פאַרשווערן און אָפּציִען די ארבעט איבערן לעקסיקאָן.

לויטן פּאָרלויפיקן פּלאַן, וועלכן מיר האָבן צונויפגעשטעלט, וועט דער לעקסיקאָן האַלטן 50 דרוקבויגן און באַשטײן פון 2 אומגעפער גלײַכע בענדער. דער ערשטער באַנד דאַרף ווערן צוגעגרייט צום דרוק ניט שפּעטער ווי אין סאָף 1935 י.

מיר גלויבן, אז די מאַסע שרײַבער, אין דער ערשטער ריי, וועלן זיך הייס אָפּרופן אפ אונדזער איניציאַטיוו און מיטהעלפן אונדז ווי מעגלעך בעסער און אין א קורצן טערמין רעאַליזירן די דאָזיקע וויכטיקע ארבעט. זאָל דער לעקסיקאָן דינען אַלס אַן איבעריקן צייכן פונעם קולטורעלן שעפערישן אופשטײַג פון די ארבעטער און ארבעטנדיקע פון אונדזער פאַרבאַנד.

ד. ק.

———

# כראָניק וועגן לעקסיקאָן

דער אַרטיקל וועגן לעקסיקאָן איז אָנגעשריבן געוואָרן אין רעכטן אנהייב פון אונדזער ארבעט. איצט קענען מיר שוין באריכטן וועגן א געוויסער קאָנקרעטער ארבעט, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן פאר דער צייט.

ערשטנס, האָבן זיך שויןביידע אינסטיטוטן (די אינסטיטוטן פון ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור בא דער ווײַסרוסישער און אוקראַיִנישער וויסנשאפט־אקאדעמיעס) דערעדט ענדגילטיק וועגן דער געמיינזאמקייט פון דער אונטערנעמונג, אויסגעטיילט אפּגן 1935 י. א פאָנד פון 15 טויזנט רובל אפּ צוגרייטן צום דרוק דעם ערשטן באַנד פון לעקסיקאָן. אויסערדעם זײַנען אָנגעמערקט די דירעקטע פליכטן פארן לעקסיקאָן מיצאד יעדן אינסטיטוט באזונדער. עס איז באשטימט געוואָרן, אז דער קיִעווער אינסטיטוט וועט אונדז צושטעלן די גאנצע ביבליִאָגראפיע פון אלע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, אופזאמלען די אנקעטעס פון די אוקראַיִנישע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, און אָנשרײַבן די אנטשפּרעכנדיקע ארטיקלען וועגן זיי פארן לעקסיקאָן; די איבעריקע ארבעט פון צוגרייטן און ארויסגעבן דעם לעקסיקאָן בלײַבט פאר אונדזער אינסטיטוט אין מינסק. אין דער נאָענטסטער צײַט וועט שוין אויך אָנגעמערקט ווערן די אלגעמיינע רעדקאָלעגיע פארן לעקסיקאָן, און עס וועט אויסגעארבעט ווערן דער גענעריקער מאָדוס (נאָמען-צעטל, טערמינען, לימיט און אז. וו.) פון שרײַבן די ארטיקלען. אונדזער ליט. קאָמיסיע האָט זיך שוין אויך דערעדט מיט אייניקע שרײַבער (צווישן אנדערע מיט א גרופּע אָנגעזעענע ייִדישע מאָסקווער שרײַבער), וועלכע האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקײַט אקטיוו מיטצוהעלפן אונדזער ארבעט און שרײַבן ארטיקלען פארן לעקסיקאָן.

צווייטנס, בא הײַנטיקן טאָג האָבן מיר שוין אין אונדזערע פאפקעס א היפּשע צאָל אויסגעפילטע אנקעטעס, באארבעט אין פאָרם פון ביִאָגראפיעס. עס איז שוין אויך אופגעשטעלט א פּראָיעקטיר־צעטל ון יענע אוטערן, וועלכע וועלן דארפן זײַן פאָרגעשטעלט אין לעקסיקאָן (דערווײַל העכער 200 נעמען) אויסגעארבעט און צעשיקט געוואָרן אין די ־עדאקציעס פון אונדזער ייִדישע טעגלעכע צײַטונגען און קימאט יעדן שרײַבער באזונדער א גענעריקע אנקעטע. עס זײַנען דורכגעקוקט אייניקע לעקסיקאָנען און ענציקלאָפּעדיעס, וואָס נעמען אין זיך ארײַן פאָרשטייער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור (די רוסישע סאָוועטישע ליטערארישע ענציקלאָפּעדיע, די קליינע און גרויסע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיעס און אנד.), וועלכע וועלן קענען אפּ דעם אָדער יענעם אויפן אויסגענוצט ווערן און פארלײַכטערן אונדזער ארבעט.

---

# צו אלע ייִדישע שרײַבער!

כאוויירים!

ווי עס איז באקאנט, האָבנ מיר אָנגעהויבנ גרייטנ א לעקסיקאָנ פונ ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער (דער ערשטער באנד דארפ ארויס אינ 1935 יאָר). וועגנ דער וויכטיקײַט פונ דער אונטערנעמונג האָט מענ שוינ ניט איינמאָל געשריבנ. מיר קאָנסטאטירנ אָבער, אז נאָכ ניט אלע כאוויירים האָבנ באנומענ, ווי וויכטיק די זאכ איז, אונ האָבנ זיכ נאָכ ניט אָפּגערופנ ווי געהעריק אפ אונדזער ווענדונג, זיי זאָלנ אונדז צושיקנ מאטעריִאל (ביִאָגראפיעס, ביבליִאָגראפיע א. ד. גל.).

קעדיי ניט אָפּצורײַסנ די ארבעט ארומ לעקסיקאָנ, האָבנ מיר באשלאָסנ אליינ אופצושטעלנ די ביִאָגראפיעס פונ די כאוויירימ, וואָס וועלנ ניט צושיקנ קײַנ מאטעריִאלנ.

אומ אויסצומײַדנ פארשיידענע מיספארשטייעניש, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט אזא מעטאָד פונ ארבעט, ווענדנ מיר זיכ דעריבער נאָכאמאָל צו אלע כאוויירים-שרײַבער, זיי זאָלנ אונדז וואָס גיכער צושיקנ וועגנ זיכ יעדיִעס לויטנ אדרעס: מינסק, לענינסקע 29/35, ווײַסרוסישע וויסנשאפט־אקאדעמיע, אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור, פאר דער ליט. קאָמיסיע.

דירעקציע פונ אינסט. פאר ייִד. פּראָל. קולטור פונ דער ווײַסרוסישער וויסנ-שאפט־אקאדעמיע.

ליטעראטור קאָמיסיע.

---

## ЗМЕСТ

*стар.*



---

Фармат паперы 620×940 мм—12 друк. арк. Тыраж 1000 экз.

Упаўнаважаны Галоўлітбела № Д—1884. Заказ № 1245

Друкарня Беларускай Акадэміі Навук

# НА НАВУКОВЫМ ФРОНЦЕ

БЮЛЕТЭНЬ ІНСТЫТУТА ЯЎРЭЙСКАЙ ПРОЛЕТАРСКАЙ КУЛЬТУРЫ БЕЛАРУСКАЙ АКАДЭМІІ НАВУК

№ 5—6

1934

Цана 2 руб.